הערש פֿענסטער

# אונדזערע פֿאַרפּייניקטע קינסטלער

מיט אַ וואָרט פֿריער פֿון
מאַרק שאַגאַל

פּאַריז
תשי״א
1951

# געהײליקט דעם אָנדענק

פֿון אַלע מײַנע אויף קידוש-השם
אומגעקומענע משפּחה-מיטגלידער,
די ייִדן פֿון דער קהילה קדושה
פֿון מײַן גאַליציש געבוירן-שטעטל
באַרנעוו (באַראַנאָוו), די מיליאָנען
קדושים פֿון אַלע אָפּגעמעקטע
קהילות קדושות, יענעם
אומבאַקאַנטן ברודער ציגײַנער
און זײַנע שטאַמברידער, די
אומגעצײַמטע און פֿרײַע קינסטלער-
נאַטורן, וועלכער גײענדיק מיט זײ
צו די גאַזקאַמערן האָט זיך געווענדט
צו די ייִדישע קרבנות מיט די ווערטער:
„וועגן אײַך וועט מען שרײַבן, ווער וועט
אָבער אונדז דערמאָנען?", און אַלע
מענטשן-ברידער, קרבנות פֿון דער
קאַטאַסטראָפֿע.

יהי זכרם ברוך

# צו די לייענער

ווען דער בייזער שטורעם, וואָס האָט געבושעוועט איבער די פאַרשקלאַפטע וועלטטיילן, האָט זיך איינגעשטילט, און די על־פי־נס לעבן געבליבענע רעשטן פון אויסגעהרגעטן פאָלק זיינען אַרויס פון אַלע זייערע באַהעלטענישן און פאַרשפאַרטקייטן, האָבן זיי מיט אַ מאָל ערשט דערזען פאַר זיך דעם מוראדיקן סך־הכל, וואָס האָט זיי טיף דערשיטערט און אויפגעטרייסלט: זעקס מיליאָן יידן פון די סאַמע שאַפערישסטע יידישע ישובים, דאָס אייגענע פלייש און בלוט — פאַרגאַזט און פאַרברענט, אומגעקומען דורך כלערליי מיתות.

דורות אַלטע יידישע קהילות, ווו יידן האָבן געלעבט, געאַרבעט, געשאַפן און זייער חלום געחלומט, זיינען מיטן גאָרצל געוואָרן אַרויסגעריסן און צעטרעטן.

אין אָנבליק פון גרויסן יידישן בראָך, דעם טיפן צער און ווויי, האָט מען זיך געפילט שולדיק, וואָס אַליין איז מען געבליבן לעבן, און מען האָט געזוכט עס מיט כאָטש עפּעס צו באַרעכטיקן.

ווען איך האָב זיך צו מאָרגנס נאָכן גרויסן חורבן אומגעקערט קיין פּאַריז, איז די ערשטע זאַך געווען געוואָר צו ווערן, ווער איז געבליבן לעבן פונעם פייער.

איך בין געגאַנגען אויף מאָנפּאַרנאַס, ווו איך האָב געהאַט אַ סך פריינד, ווו פּאַריזער יידישע קינסטלער, געקומענע פון אַלע יידישע צענטרען, פלעגן זיך נאָך זייער אַרבעט אין זייערע אָרעמע אַטעליעס טרעפן אין די דאָרטיקע קאַפעס און האָבן ביי אַ גלעזל קאַווע גערעדט וועגן קונסט און קינסטלערישער יצירה.

זיי, די אייביקע טרוימער פון שיינקייט, וואָס האָבן אין אַ קינסטלערישער פורעם איבערגעגעבן זייער אינעווייניקסטן מהות, זייער באַפליגלטע וויזיע וועגן מענטש און וועלט, זיי, די גייסטיקע פאָרשטייער פון אונדזער פאָלק, האָבן געפעלט: זיי זיינען מיטגעריסן געוואָרן פונעם שטורעם.

אין גרויסן צער איז געבוירן ביי מיר דער געדאַנק זיי און זייער שאַפן צו דערמאָנען, זיי דערמאָנען פאַר די קומענדיקע דורות, זיי און זייער הייליקן קרבן. און איך האָב זיך מיט פיעטעט און הייליקן ציטער, וואָס מען האָט פאַר קדושים, גענומען צו דער אַרבעט זייער אָנדענק צו פאַראייביקן.

די אַרבעט איז נישט געווען קיין לייכטע: זוכן נאָך דער קאַטאַסטראָפע שפורן אין גרויסן פּאַריז נאָך זיי, ווו מ'האָט אָפט מאָל קיין זכר מער נישט געטראָפן.

ס'איז מיר אָפט מאָל אויסגעקומען זוכן חדשים גאַנצע אַ פאָטאָגראַפיע, אַ בילד, אַ רעפּראָדוקציע פון אַ ווערק פון איין קדוש אָדער דערגאַנצן די ידיעות וועגן די קדושים.

איך בין במשך פון דער גאַנצער צייט געווען אַרומגענומען מיט איין רצון: צו זיין ביכולת צו דערפירן ביזן סוף די אונטערגענומענע אַרבעט און צו לעבן, ביז זי וועט זיין געענדיקט.

איך פרעטענדיר נישט, אַז זי איז שלימותדיק, אָן בלויזן. איך קען אָבער — און דאָס מיט אַ רואיק געוויסן — זאָגן, אַז איך האָב געטאָן דאָס, וואָס איין מענטש אַליין, ביי נישט קיין לייכטע מאַטעריעלע און אַנדערע תנאים, איז בכוח צו טאָן.

איך האָב זיך באַמיט איבערצוגעבן, צו דערציילן דאָס אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צום לעבן, שאַפן און הייליקן קרבן פון אונדזערע קינסטלער־קדושים.

עס איז נישט קיין ווערק פון קונסטקריטיק, נייערט פון פיעטעט.

אויב אַ טייל פון די אַרבעטן וועגן די קדושים זיינען באַריכותדיקער, איז עס מחמת דעם, וואָס איך האָב געהאַט צו מיין רשות מער מאַטעריאַלן, מער ידיעות וועגן זיי אָדער זיי געקענט נענטער. וועגן די אַנדערע האָב איך בלויז איבערגעגעבן דאָס, וואָס איך האָב נאָר געקענט געוואָר ווערן, זיך דערוויסן וועגן זיי. זייער אַלעמענס אָנדענק איז ביי מיר אין דער זעלביקער מאָס הייליק און טייער און איך בייג טיף מיין קאָפּ פאַר די הייליקע שאָטנס זייערע.

אין דעם ווערק גייען אויך אַריין עטלעכע יידישע קינסטלער, וואָס כאָטש זיי זיינען געשטאָרבן מיט אַ „נאַטירלעכן טויט", זיינען זיי אָבער דירעקטע קרבנות פון דער מוראַדיקער צייט. אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך גענומען דאָס לעבן, נישט קענענדיק מער, מיט דער טיפער פילבאַרקייט זייערער, אויסהאַלטן זייער און זייער פאָלקס פיין — קדושים, וואָס האָבן געקעמפט אין ווידערשטאַנד.

איך האָב געהאַלטן פאַר אַ הייליקן חוב זיי אַלע דאָ צו דערמאָנען.

איך האָב נישט געזוכט צו שאַפן אַ ליטעראַריש־קינסטלעריש ווערק, מיט ליטעראַריש־קינסטלערישע עפעקטן, נייערט אַ ווערק, וואָס זאָל זיין אַזוי פשוט און אמתדיק, ווי טראַגיש פשוט און טראַגיש אמתדיק עס איז דער קרבן פון אַלע שאַפערישע יידישע מענטשן, וואָס ווערן דאָ דערמאָנט, ווי דער טויט פון זעקס מיליאָן קדושים.

■

איך האַלט פאַר מיין חוב אויסצודריקן מיין טיפסטן דאַנק מיינע אַלע פריינד, די פּאַריזער יידישע קינסטלער, פאַר זייער מאָראַלישער הילף און אַלע פריינד, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן סימפּאַטיע און האָבן פאַרשטאַנען אָפּצושאַצן די וויכטיקייט פון דער דאָזיקער אַרבעט.

אַ האַרציקן יישר־כוח די אַלע מיטגלידער פון קאָמיטעט אַרויסצוגעבן דאָס ווערק פאַר זייער וואַרעמער באַציונג, און דער גרויסער יידישער וועלט־אָרגאַניזאַציע „דזשאָינט" אין פראַנקרייך פאַר איר טייל הילף.

אַ באַזונדערן דאַנק דער טייערער באַגלייטערין פון מיין לעבן — לאה — פאַר איר איבערגעגעבענער, שטילער מיטהילף צום דאָזיקן ספר־הזכרון.

ה. פ ע נ ס ט ע ר

# פאר די קינסטלער-קדושים

צי האב איך זיי אלעמען געקענט? צי בין איך געווען
אין זייער אטעליער? צי האב איך געזען זייער קונסט
פון נאענט צי פון ווייטן?
און איצט גיי איך ארויס פון זיך, פון מיינע יארן
איך גיי צו זייער אומבאקאנטן קבר.
זיי רופן מיך. זיי שלעפן מיך אין זייער גרויס
ארײַן - מיך דעם אומשולדיקן - דעם שולדיקן.
זיי פרעגן מיך: וואו ביסטו געווען?
- איך בין אנטלאפן...
זיי האט מען געפירט צו די טויט בעדער
וואו זיי האבן פארזוכט דעם טעם פון זייער שווייס.
ירזאלט. האבן זיי דערזען די ליכט
פון זייערע ניט דערגאלטע בילדער.
זיי האבן געציילט די ניט דערלעבטע יארן
וועלכע זיי האבן אפגעהיט און אפגעווארט
כדי אויסצופירן די טרוימען זייערע -
ניט דערשלאפענע, פארשלאפענע.
זיי האבן אפגעזוכט אין זייער קאפ
דעם קינדער ווינקל, וואו די לבנה ארומגערינגלט
מיט שטערן, האט זיי אנגעזאגט א הערלע צוקונפט.

די יונגע ליבע אין פינסטערן ציגער, אין גרויע
אויף בערג און טאָלן, די אויסגעשניצטע פּראַכט,
פאַרגלאָזערנע מיט אײַז, פאַרשאָטענע מיט בלויען
האָט מײַ פאַרשפּראָכן צו גן עדן.
די הענט פון מײַנער מוטער, די אויגן אירע
האָבן מײַ באַגלייט צום באַן צום ווײַטן
רוים.
איך בין: אָט שלעפּן מײַ לײַב איצט אין שאַטערס,
באַרוועסער אויף שטיינער וועגן.
די ברידער פון איזראַעלס, פּיסאַרראָ און
מאָדיליאַני, ברידער אַנדערע — עס פירן מײַ
מיט שטריק די צין פון דירער, קראַנאַך
און האָלבײַן — צום טויט אין די קרעמאַטאָריעס.
ווי קען איך, ווי טאָר איך פאַרגיסן טרערן?
און האָט מײַ אויסגעוועקט שוין לאַנג מיט טאָלף - פון
מײַנע אויגן.
און האָט מײַ אויסגעטריקנט מיט שפּאָט, כּדי איך
טאָר פאַרלירן די לעצטע האָפענונג.
ווי טאָר איך וויינען.
און יעדן טאָג האָב איך געהערט:
און רייסט אַרויס פון מײַן דאַך די לעצטע ברעט,

ווען איך בין אויסגעמאטערט צו פירן א
גלאמה פארן שטיקל ערד אויף וועלכן
איך בין געבליבן שטיין, אין וועלכן מען
וועט מיך שפעטער לייגן שלאפן.
איך זע דעם פייער, דעם רויך און גאנץ
וואס הייבט זיך צום בלויען וואלקן און
מאכט אים שווארץ.
איך זע די אויסגעריסענע האר און ציינער.
זיי ווארפן אן אויף מיר מיין אויפגערייצטן
קאלאריט.
איך שטיי אין מדבר פאר קופעס שטיוול,
קליידער, אש און מיסט און מראל אויס מיין
קדיש.
און ווי איך שטיי אליין - גייען אראפ צו מיר
פון מיינע בילדער דער אויסגעמאלטער דוד מיט
זיין הארפע און זיין האנט. ער וויל מיר
העלפן וויינען און אויסשפילן קאפיטלעך
תהילים.
עס גייט נאך אים ארונטער משה אונזערער
ער זאגט: שרעקט זיך ניט פאר קיינעם,
ער הייסט אייך רואיק ליגן

ביז וואנען ער וועט נאך א מאל אויסקריצן
נייע לוחות פאר א נייער וועלט.
עס לעשט זיך דער לעצטער פונק
דער לעצטער גוף פארשווינדט.
יוועט שטיל ווי פאר א נייעם אגול
איך שטיי אליין און ערגער זיך מיט אייך
איך נעם דעם וועג צום נייעם בית המקדש
און צינד אן א ליכט דארטן
פאר אייער בילד.

מארק שאגאל

1950

# ארץ
# אל-תכסי דמי

איוב טז

# זשאַן אַדלער
# JEAN ADLER
1899-1942



זשאַן אַדלער איז געבוירן געוואָרן דעם 30טן סעפּטעמבער 1899 אין פּאַריז. ער האָט געשטאַמט פון אַ שטוב, וואָס איר שלשלת-היוחסין ציט זיך דורך פיל דורות יידן, וועלכע האָבן געלעבט אין פראַנקרייך און זיינען געווען פאַרבונדן אינטים מיט דעם דאָזיקן לאַנד און מיט זיין קולטור.

בעת דער ערשטער וועלט-שחיטה האָט זיך זשאַן אַדלער געפונען אין שטעטל קיסע, וואָס ליגט לעבן ווישי. ער האָט דאָרטן געענדיקט די מיטלשול.

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, איז ער געקומען קיין פּאַריז און אַריינגעטרעטן אין דער קונסט-אַקאַדעמיע. ער האָט אויך געמאָלט אונטער דער השגחה פון זיין פעטער, דעם באַרימטן יידיש-פראַנצויזישן מאָלער זשיל אַדלער.

ער האָט זיך אויסגעצייכנט ווי אַ פּייזאַזשיסט. ער האָט, אַחוץ פּייזאַזשן, אויך געמאָלט פּאָרטרעטן.

ער האָט צום ערשטן מאָל אויסגעשטעלט זיינע ווערק אין „סאַלאָן פון די פראַנצויזישע קינסטלער“ און איז געווען איינער פון די צען קינסטלערס, וועלכע האָבן געוווּנען דעם „פּרייז פון רוים“.

די פראַנצויזישע רעפּובליק האָט, אַחוץ דעם, צוגעטיילט דעם קינסטלער אַ סטיפּענדיע אויף צו פאָרן קיין צפון-אַפריקע.

ער האָט באַזוכט מאַראָקאָ און טוניס און איז צוריקגעקומען מיט בילדער, וואָס ער האָט דאָרטן געמאָלט.

בעת דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאַריזער אויסשטעלונג פון 1937 האָט זשאַן אַדלער אויסגעשטעלט זיינע געמעלן און איז געוואָרן באַשאָנקען מיטן „ערן-דיפּלאָם“.

ער פלעגט אויך אויסשטעלן אין „האַרבסט-סאַלאָן“ און אין „טיולערי-סאַלאָן“.



זשאַן אַדלער

אַ וואַנטגעמעל פון דער פאָלקשול אויף רי-קיס, פּאַריז

ער האָט דעקאָרירט איינעם פון די זאַלן פון דער פאָלקשול פון רי קים אין פאַריז, און איז שפּעטער געוואָרן פּראָפעסאָר פון צייכענען אין דער שול פון דער פּאַריזער פאָרשטאָט ווילזשוויוו (יידן־שטאָט).

זיין פעטער, דער אויבן דערמאָנטער מאָלער זשיל אַדלער, האָט כאַראַקטעריזירט די מאָלעריי פון זיין פלימעניק מיט אָט די ווערטער:

„אין זיין קונסט פילן מיר דעם אומרואיקן, וויטיקלעכן פאָרגעפיל פון אַן אומגליק, וואָס מוז און וועט קומען“.

זיינע בילדער אַנטפּלעקן די אומהיימלעכע וויזיע פון אַ טראַגישן גורל.

דעם 12טן דעצעמבער 1941 ווערט דער קינסטלער מיט זיין ברודער צוגענומען אין הויז פון זיינע עלטערן. מען פירט ביידע ברידער קיין קאָמפּיען אין לאַגער, אין דער שטאָט, וו די געשלאָגענע דייטשע אַרמיי איז, אין 1918, געקומען בעטן שלום ביי די אַליאירטע. פון דאָרטן פירט מען אים קיין דראַנסי און פון דראַנסי ווערט ער געשיקט צום אומקום.

אגב: אין לאַגער פון קאָמפּיען האָט זיך אויך געפונען דער קדוש רענע בלום, אַ ברודער פון לעאָן בלום. ער איז געווען דירעקטאָר פון באַלעט פון מאָנטע קאַרלאָ.

רענע בלום האָט געטיילט דעם גורל פון די מיליאַנען קדושים.

# זלמן אוטקעס

# ZELMAN UTKES

1892-1944



דעם 22סטן נאָוועמבער פון יאָר 1892 איז אין דער געגנט פון דער ביאַליסטאָקער יידישער אָרעמקייט, ערגעץ ווו אויף די „פּיאַסקעס“, געבוירן געוואָרן אַ יידיש קינד, אַ ייִנגל, וועלכן מ׳האָט אַ נאָמען געגעבן זלמן.

נישט דעם טאַטן, אַ ייד אַן אָרעמאַן, וואָס האָט זומער מפרנס געווען זיין הויזגעזינד פון שטובן-מאָלעריי און ווינטער פון אַריינשטעלן שויבן אין באַלעבאַטישע פענצטער, אויך נישט דער מאַמען, וואָס האָט קיין עין הרע געהאַט פינף „שוואַלבן“ מגדל צו זיין, אַ פשיטא שוין, אַז אויך נישט דער איבעריקער שכנישער אָרעמקייט האָט דעמאָלט געקענט איינפאַלן, אַז דער ניי-געבוירענער קבצן וועט ווען עס איז ווערן אַן אדם-השוב, און דערצו נאָך צוליב אַזאַ מאָדנע זאַך, ווי מאָלן מענטשעלעך..

דערווייל איז זיך זלמן געוואַקסן און, ווי דער שטייגער פון יידישע ייִנגלעך, גענומען גיין אין חדר און לערנען הומש מיט רש״י.

ס׳איז געקומען דאָס יאָר 1905 און אויף דער גאַס פון דער יידישער אָרעמקייט האָבן אַ בלאָז געטאָן נייע ווינטן און די דאָזיקע נייע ווינטן האָבן פאַרטראָגן דעם קליינעם, אָרעמען זלמן אין דער יידישער האַנטווערקער-שול, וואָס האָט זיך געעפנט אין ביאַליסטאָק. אין דער דאָזיקער שול האָט ער אָנגעהויבן אַרויסצווייזן די צייכנערישע פעיִקייט פון שפּעטערדיקן מאָלער און סקולפּטאָר זלמן אוטקעס. אַחוץ דעם האָט מען דעם יונגן שילער בכלל ליב געהאַט און מיט אים האָבן זיך געצאַצקעט סיי די אָנפירערשאַפט און סיי די לערער און די תלמידים.

***

זלמן האָט אַרום 1907-1908 געענדיקט מיט מזל די ביאַליסטאָקער האַנטווערקער-שול. צוליב זיין צייכנערישן טאַלאַנט האָט די שול אים געשיקט קיין ווילנע שטודירן מאָלעריי.

ס׳איז געווען גאָרנישט קיין לייכטער ענין. און אַחוץ דער סובסידיע, וואָס ער האָט באַקומען פון דער שול, האָט נאָך דער אייגענער טאַטע און זיין עלטערער ברודער געמוזט שווער אַרבעטן, כדי דער יונגער זלמן זאָל קענען לערנען אין ווילנע, לעבנדיק, פאַרשטייט זיך, מער ווי באַשיידן, כמעט אין נויט.

דער ווילנער פּעריאָד דוירערט אָבער נישט לאַנג: טאַקע צוליב דער אָרעמקייט מוז ער איבעררייסן דעם שטודיום. ער פאָרט קיין אָדעס, ווו עס וווינט זיינס אַ שוועסטער. אָבער אויך דאָרטן פאַרבלייבט ער נישט לאַנג און פאָרט דערנאָך קיין בערלין און שפּעטער לאָזט ער זיך פון דאָרטן קיין ירושלים, ווו ער קומט אָן לערנען אין „בצלאל“.

קיין גרונטלעכע סטודיע האָט ער אין די אַלע קונסט-אַקאַדעמיעס נישט אַדורכגעמאַכט, נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אויסצוזיצן די נאָרמאַלע לערנצייט. מען קען דעריבער זאָגן, אַז ער האָט אַלץ דערגרייכט אָן דער הילף פון וועלכע עס איז פּראָפעסאָרן. ער האָט געהערט צו דעם וווּנדערלעכן טיפּ פון אויטאָדידאַקטן, וואָס זיינען על פי רוב בנימצא ביי יידן. אַליין איז ער דערגאַנגען צו אַ מדרגה אין דער מאָלעריי און האָט זיך אפילו אַליין אויסגעלערנט שפּילן פידל און דערפון געצויגן חיונה, געבנדיק לעקציעס רייכע, באַלעבאַטישע קינדער.

ראַנגלענדיק זיך פאַרן נאַקעטן קיום איז זלמן אוטקעסן אויסגעקומען, ווי געזאָגט, פון די סאַמע פריסטע קינדעריאָרן. נאָר אין ביאַליסטאָק האָט ער געפּרוּווט מיט זיין צייכנערישן טאַלאַנט צו פאַרדינען אַ גראָשן. ער האָט געאַרבעט אין דער צייטונג „ביאַליסטאָקער שטימע“, געמאַכט פאַרגרעסערטע פּאָרטרעטן פון פאָטאָגראַפיעס, געמאָלט בילדער פון יידישע פערזענלעכקייטן, ווי: הערצל, נאָרדאָו און אַנדערע, און אויך געפּרוּווט זיין מזל מיט כלערליי באַפּוצונגען, געמאַכט אין מעטאַל.

אַ ריי פּאָרטרעטן, אויף מעטאַל, פון יידישע פערזענלעכקייטן זיינען דעמאָלט אויסגעשטעלט געווען אין אַ ביאַליסטאָקער יידישער בוכהאַנדלונג.

די ביאַליסטאָקער יידישע קהילה האָט אויך באַשטעלט ביי אים צוויי באַריעלעפן, אויסגעפירט אין זילבער, וואָס זיינען איבערגעגעבן געוואָרן ווי אַ מתנה דעם אַדוואָקאַט אָסקאַר גרוזענבערג, נאָך דער באַפרייאונג פון מענדל ביילים. די אַרבעטן שטעלן פאָר סצענעס פון דעם מאָטיוו: „דניאל אין לייבנגרוב“.

נאָך די וואַנדערונגען איבער די ווילנער, אָדעסער און בערלינער קונסט-אַקאַדעמיעס פאָרט זלמן אוטקעס אַוועק קיין ארץ-ישראל. ער קומט אָן אין „בצלאל“ און אַרבעט אויך ווי אַ פשוטער אַרבעטער ביים טרוקענען די מאַלאַריע-זומפּן, מיט וועלכע דאָס לאַנד איז דעמאָלט פול געווען. די מאַלאַריע, וואָס ער באַקומט דאָרטן, צווינגט אים צו פאַרלאָזן אויף אַ צייט דאָס לאַנד פון זיינע חלומות. ווען ס׳ברעכט אויס די ערשטע וועלט-מלחמה, אַנגאַזשירט ער זיך אין דער ענגלישער אַרמיי. דערנאָך אַרבעט ער ווי אַן אַרכיטעקטור-צייכענער אין דינסט פון דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע אין מצרים.

שפּעטער געפינט ער זיך אין אַן ענגלישער אַרכעאָלאָגי-
שער עקספּעדיציע און צייכנט די מאָזאַיקן פון דער קירך,
וואָס מ'האָט געפונען אין מידבר.
ער האָט אויך אַ געוויסע צייט געאַרבעט ווי אַ צייכע-
נער אויפן אַעראָדראָם אין אַבוקיר, מצרים, און שפּעטער
אַ שטיקל צייט אין ענגלאַנד.
קיין פּאַריז איז ער געקומען אַרום 1923, דאָ געמאָלט,
סקולפּטירט און אויסגעפירט אַ דענקמאָל פאַר די מלחמה-
געפאַלענע אין 1914-1918. דעם דענקמאָל האָט ביי אים
באַשטעלט די ענגלישע רעגירונג און ער דאַרף זיך געפי-
נען ערגעץ אין מצרים.
אין פּאַריז האָט דער קינסטלער אויסגעשטעלט עטלעכע
מאָל זיינע ווערק אין פאַרשיידענע קונסט-גאַלעריעס.

⁂

זלמן אוטקעס האָט זיך תמיד אינטערעסירט מיט יידיש
לעבן, מיט יידיש שאַפן. גערעדט מיט התפעלות וועגן
קינסטלערישן יידישן אויסדרוק.
זיין פרוי האָט זוי אַן אמתע אשת-חיל געזאָרגט, אַז דער מאַן
זאָל קענען זיך פאַרנעמען מיט זיין קינסטלערישער אַר-
בעט. זי האָט געאַרבעט ווי אַן אָנגעשטעלטע אין אַ גע-
שעפט לעבן „לוווּר".
ביים אָנהייב פון דער מלחמה איז דער קינסטלער געלעגן
קראַנק אין אַ פּאַריזער שפּיטאָל.
ווען די נאַצישע אַרמייען זיינען געשטאַנען פאַר די טויערן
פון פּאַריז און מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו אַנטרינען פאַר
דער היה-רעה, איז זלמן אוטקעס מיט זיין פרוי אַוועק
קיין טאַרב.
די געשטאַפּאָ האָט אים דאָרטן, אין דער כלומרשטער
„פרייער זאָנע", נישט געלאָזט צו רו. עטלעכע מאָל אים
גערופן אויף פאַרהערן. לסוף האָט מען אים און זיין פרוי
אַרעסטירט. מען האָט זיי פאַרשפּאַרט אין דער תפיסה פון
טולוז.
דעם 28טן יאַנואַר 1944 ווערן זיי פון דאָרטן געפירט קיין
דראַנסי, אין קאָנצענטראַציע-לאַגער.
דעם 10טן פעברואַר 1944 ווערט דער קינסטלער מיט זיין
פרוי בערטע, פון דער היים: שטיינבערג, געבוירן אין 12-12
1892 אין ביעלצי, אַוועקגעשיקט אין דער „אומבאַקאַנטער
ריכטונג", ווו זיי זיינען ביידע אומגעקומען על קידוש-השם.

## זלמן אוטקעס: וועגן „יידישער קונסט"

איר פרעגט: „צי עקזיסטירט אַ יידישע קונסט?"
אויף צו זיין זייער קורץ קען מען זאָגן:
— „אַז מען פרעגט אַ שאלה, איז די זאַך טריף..."




ז. אוטקעסעס וויזיט-קאַרטע מיט פאַקסימילע

אויב מען זאָל באַטראַכטן דאָס וואָרט „קונסט" אין ברייטן זין, ד. ה. ווען מען שליסט
איין אין דעם ליטעראַטור, מוזיק אאַז"וו, דאַן מוז מען זאָגן, אַז עס „עקזיסטירט אַ
יידישע קונסט, ווייל ריכטיקע „יידישע" קונסט שליסט נאָר איין די ערשטע צוויי
עלעמענטן"...
דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס ווי אָרעם אין קונסט אַ פאָלק זאָל נישט זיין,
איז איר שפּראַך (אָדער ריכטיקער דער וואָרט-אויסדרוק) און איר ניגון, שטענדיק
פאָלקסטימלעך און אייגנאַרטיק. די קונסט פון יעדן פאָלק אָדער ראַסע דערקענט זיך
נאָר דאַן, ווען זי פאַרמאָגט די צוויי עלעמענטן: פאָלקסטימלעכקייט און אייגנ-
אַרטיקייט.
אויב יידן פאַרמאָגן אַ יידישע ליטעראַטור און יידישע מוזיק, האָבן אָבער נישט די
יידן קיין יידישע מאָלעריי אָדער סקולפּטור, ווייל מאָלעריי און סקולפּטור, אַלס פּלאַס-
טישע קונסט, פאָדערן נישט נאָר אַ „נאַציאָנאַלע אַטמאָספערע", נאָר באַשטימטע
טאָפּאָגראַפישע און סאָציאַלע באַדינגונגען, וועלכע שאַפן די נייטיקע פּלאַסטישע
עלעמענטן... דערפאַר האָבן מיר פיל יידישע מאָלערס און סקולפּטאָרן, אָבער נישט
קיין יידישע קונסט... ווייל נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס פיל יידישע מאָלערס מאָלן
נאָר פון יידישן לעבן, איז נאָך נישט געדרונגען, אַז דאָס איז „יידישע" קונסט, ווייל
פיל נישט-יידן באַהאַנדלען ענלעכע סיוזשעטן מיט נישט ווייניקער דערפאָלג...
מיר דוכט זיך, אין אַלגעמיין, אַז „יידישקייט" איז נישט פילנד צו פּלאַסטישער קונסט
און אפשר טאַקע דעריבער זעען מיר אַזוי פיל יידישע קינסטלער פאַרטרעטן די
„סלאַוון" און לאַטיינער אין איראָפּע און אַמעריקע — און מיט גרויס דערפאָלג, צום
כבוד פון יידישן פאָלק...

(יידישער אַלמאַנאַך 1931, אַרויסגעגעבן פון „קינדער קאָלאָניע", פּאַריז).

# פּאָל אולמאַן

# PAUL ULMANN

## 1906-1944



פּאָל אולמאַנס לעבנס־געשיכטע איז לגמרי נישט ענלעך צו דעם רוב ביאָגראַפיעס פון יידישע מאָלער אין פראַנקרייך.

להיפוך צו די כלערליי „טרוימער פון געטאָ“, וואָס זיינען אין דער פּאַריזער קונסט־וועלט געקומען פון ערגעץ ווו, איז ער, אולמאַן, פון איר אַרויסגעוואַקסן.

ער האָט נישט אַדורכגעמאַכט דעם אומנאַטירלעכן איבערגאַנג פון פּוילישן, אוקראַינישן צי ליטווישן שטעטל אין דער וועלטשטאָט אַריין. ער איז אין דער דאָזיקער וועלטשטאָט געבוירן געוואָרן און האָט איר שטייגער לעבן אויפן נאַטירלעכן אופן אַריינגעזאַפּט אין זיך פון די יינגסטע יאָרן אָן. ער האָט אפשר נישט געקענט דעם לאַקנדיקן שימער, וואָס פּאַריז האָט געהאַט פאַר די יידישע קינסטלערישע נשמות. ער האָט אָבער נישט געדאַרפט פטרן קיין צייט, כדי צו אַסימילירן אין זיך די נייע פאַרביקע וועלט פון דער פראַנצויזישער הויפּטשטאָט.

געבוירן געוואָרן איז ער דעם 4טן יולי 1906 אין פּאַריז, אינעם הויז ווו עס געפינט זיך היינט דאָס קינסטלער־קאַפע „דאָם“.

זיין זיידע, וואָס האָט אַליין געשטאַמט פון דורות פראַנצויזישע יידן, האָט בשעתו עמיגרירט פון פראַנקרייך קיין אַמעריקע און איז דאָרטן זייער רייך געוואָרן.

זיינע עלטערן, אַמעריקאַנער בירגער, זיינען געקומען קיין פראַנקרייך ווי אומאָפּהענגיקע, מאַטעריעל באַזאָרגטע מענטשן. פּאָל אולמאַן האָט אין זיין יוגנט נישט געקענט די נויטן, וואָס זיינען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן רוב יידישע קינסטלער.

ער האָט אויך מיט קיינעם נישט געדאַרפט פירן קיין קאַמף, כדי צו ווערן אַ מאָלער, ווי דאָס איז געווען אין אַנדערע פאַלן, ווען מען האָט די יונגע טאַלאַנטן טייל מאָל געשטערט מיט גוטן און מיט בייזן „דאָס מאָלן מענטשעלער“, פון וועלכן עס זעט זיך נישט קיין שום תכלית. פאַרקערט, זיין פאָטער, ה׳ אויזשען פּאָל אולמאַן, (לעבט היינט אין אַמעריקע) איז אַליין אַ מאָלער, זיין מוטער, פרוי אַליס ווּד, איז אַ שרייבערין, און זיין ברודער, אַלען אולמאַן, איז אַ סקולפּטאָר.

זיין קינדהייט איז אָפּגעפלאָסן שיין און זאָרגלאָז צווישן דער גייסטיק־קינסטלערישער היים פון זיינע עלטערן, דעם שיינעם פּאַריזער לוקסעמבורג־גאָרטן, ווו ער פלעגט זיך שפּילן מיט זיין ברודער, און דעם „ליצעי מאָנטען“, ווו זיי האָבן ביידע געלערנט.

אין יאָר 1913 האָבן זיך די עלטערן באַזעצט אין אַ פּרעכטיק אָרט, נישט ווייט פון דער שיינער שטאָט שאַרטר, וואָס איז באַרימט מיט איר קאַטעדראַלע.

אין יענעם מקום מיט דער שיינער לאַנדשאַפט האָט פּאָל, אין עלטער פון זיבן יאָר, אָנגעהויבן צו צייכענען, בעטנדיק איין מאָל ביי זיין פאָטער אים צו דערלויבן צייכענען אין דער אַטעליע דעם פאָטערס מאָדעל.

דער פאָטער האָט נאַטירלעך מסכים געווען און דער קליינער פּאָל האָט זיך אַוועקגעשטעלט דאָרטן צייכענען, געמאַכט עטלעכע קליינע פּאָרטרעטן.

די קינסטלערישע משפחה האָט זיך געפרייט: עס קומט צו אַ נייער אַדעפּט פון דער קונסט.

***

ווען ס׳ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה, נעמט די מוטער ביידע קינדער און פאָרט מיט זיי צוריק קיין אַמעריקע.

די קינדער באַזוכן דאָרטן די שול. זומער פאַרברענגט די קינסטלער־משפּחה אין פּראָווינסטאַון, אַן אָרט, וואָס איז ענג פאַרבונדן מיט די נעמען פון באַרימטע מאָלער און שרייבער.

ווען פּאָל ווערט עלטער, חלומט ער צו ווערן אַ דאָקטער. אינטערעסירט האָט אים דעמאָלט כירורגיע און ווען ער האָט נאָר געקענט האָבן צוטריט, איז ער געגאַנגען זען ווי עס ווערן געמאַכט אָפּעראַציעס.

***

אין יאָר 1919, נאָך דער מלחמה, קומט ער מיט זיין ברודער צוריק קיין פּאַריז און הייבט אָן לערנען אין „ליצעי לואי דער גרויסער“. אין דעם ליצעי איז ער זייער באַליבט און ווערט אויסגעקליבן ווי אַ פאָרזיצער פון קלאַס.

אין פּאַריז האָט זיך ביי אים צוריק דערוועקט דער חשק צו צייכענען און צו מאָלן און ער גיט זיך אָפּ אין גאַנצן דער מאָלעריי. ער שטודירט, אַרבעט און וואַקסט שאַפעריש.

זיינע סוזשעטן צייכנט און מאָלט ער מיט אַ סך ליבשאַפט און פאַרשטענדעניש.

***

ער איז געווען אַ גרויסער פאַרערער פון די באַרימטע האָלענדישע מייסטער, וועמענס ווערק ער פלעגט באַוואונדערן בשעת זיינע נסיעות קיין האָלאַנד.

אין זיינע בילדער, באַזונדער אין די לאַנדשאַפטן, וואָס זיינען באַהויכט מיט עפּעס אַ זעלטענער שטילקייט און צניעותדיקייט, פילט מען די גרויסע השפעה, וואָס עס

האָבן אויף אים געהאַט די האָלענדישע מייסטערס. דערביי איז ער אָבער אייגנאַרטיק.

ער פאָרט צוריק קיין אַמעריקע.

ער האָט אין סטאַניגטאָן אַן אייגענע פאַרם, אין וועלכער ער פאַרברענגט מיט זיין פרוי און קינד. גיט זיך אָפּ מיט די אַרבעטן אַרום דער פאַרם און מאָלט. ער ווערט אינספּי־רירט פון דער שיינער לאַנדשאַפט.

***

דער אויסבראַך פון דער צווייטער וועלט־שחיטה צע־שטערט דאָס דאַזיקע אידילישע, שאַפערישע לעבן:

באַלד ווי ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה, ווענדט ער זיך צום אַמעריקאַנישן פעלדדינסט אין פראַנקרייך (Ame-rican Field Service), אַנפרעגנדיק, צי ס'וועט געשאַפן ווערן אַן אַמבולאַנץ־דינסט. באַקומענדיק די תשובה, אַז יאָ, פאַרשרייבט ער זיך פרייוויליק צום דאָזיקן דינסט און וואַרט אומגעדולדיק, מען זאָל אים רופן.

פּאָל אולמאַן, דער מענטש, דער קינסטלער, וואָס איז צוליב זיין אָפּנהאַרציקייט און גוט־פריינדשאַפט געווען שטאַרק באַליבט, האָט נישט געקענט בלייבן זיצן רואיק. עס האָט אים געצויגן קיין פראַנקרייך, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט. העלפן פראַנקרייך, קעמפן קעגן דער ברוינער מגפה, איז זיין איינציקער באַגער.

פרייוויליק נעמט ער אויף זיך, זינט 1943, אַ געהיימע שלי־חות, אַ שליחות, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער גרעסטער לעבנס־סכנה:

פּאָל אולמאַן האָט זיך אין געהיים אַראָפּגעלאָזט הינטער די ליניעס פון שונא. דאָרטן האָט ער געשאַפן און אָנגע־פירט מיט אַ קעמפער־גרופּע פון פראַנצויזישן ווידער־שטאַנד. מיט דער קענטשאַפט זיינער פון דער פראַנצויזי־שער שפּראַך און פון לאַנד האָט ער אויסגעפירט די סכנה־דיקסטע אויפגאַבן.

***

אין חודש אַפּריל 1944 האָט פּאָל אולמאַן אויסגעפירט זיין לעצטע שליחות, קומענדיק צוליב דעם פון ענגלאַנד קיין פראַנקרייך.

דעם 25טן אויגוסט 1944 פאַלט ער מיט זיינע חברים מיט־קעמפער אַריין אין די הענט פון שונא. די ווידערשטאַנד־לער זיינען תיכף דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן. אים, פּאָל אולמאַנען, האָט מען שפּעטער געפונען אַ פאַרוווּנ־דיקטן. מען האָט אים בסוד אַוועקגעפירט אין אַ שפּיטאָל פון אַ שטעטל לעבן דער שווייצער גרענעץ, ווו ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה.

געבליבן זיינען פון אים עטלעכע צענדליק בילדער. אַ טייל פון זיי געפינען זיך אין פאַריזער לוקסעמבורג־מוזיי, אין מוזיי פון אָראַן, צפון־אַפריקע, און ביי פּריוואַטע קאָלעק־ציאָנערן. זיין גרויס אייל־בילד „דער פּייזאַזש פון פּעמפּאָל" (Paimpol) געפינט זיך אין „מוזיי מעטראָפּאָליטען" פון ניו־יאָרק.

ער האָט אין פאַריז אויסגעשטעלט אין פאַרשיידענע קונסטסאַלאָנען און אין אַמעריקע אין „קאַרנעדזשי אינ־סטיטוט" און אין „מינעאַפּאָליס אַרט אינסטיטוט".



פּאָל אולמאַן

פּייזאַזש, אייל־בילד

# בערנאַרד אַלטשילער
## BERNARD ALTSCHULER
1895-1943

בערנאַרד אַלטשילער איז געבוירן געוואָרן אַרום 1895, אין עלזאַס. ער האָט געלעבט אין פּאַריז.

ער איז געווען אַ זייער מאָדערנער פּאָרטרעטיסט. ער האָט פאַרמאָגט אַ קראַפטיקן סטיל און אַ באַזונדערע טעכניק.

ער איז דעפּאָרטירט געוואָרן פון ניצע אין יאָר 1943.

# זשאַק אָסטראָווסקי
## JACQUES OSTROWSKY
1925-1942

זשאַק אָסטראָווסקי איז געבוירן געוואָרן אַרום 1925 (אין פראַנקרייך). אין 1942 האָט מען אים און זיין פאָטער צוגענומען און אַוועקגעפירט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער פון קאָמפּיען.

דאָרטן, אין לאַגער, האָט ער אָנגעהויבן צו צייכענען און האָט מיט זיינע אָנהייב־אַרבעטן אַרויסגערופן אַן אינטערעס ביי די קינסטלער, וואָס זיינען, ווי ער, געווען פאַרשפּאַרט. און ווען די קינסטלער האָבן דאָרטן געמאַכט אַן אויסשטעלונג פון זייערע אַרבעטן אין לאַגער, האָבן זיי אויך אויסגעשטעלט זיינע ערשטע קינסטלערישע שפּראָצונגען.

מען האָט אים מיטן פאָטער שפּעטער געשיקט קיין דראַנסי און פון דאָרט גלייך צום אומקום.

# זשאָרזש אַשער

# GEORGES ASCHER

1884-1943



ווען זשאָרזש אַשער איז געקומען צו דער מאָלערײַ, איז ער אין פּוילן שוין געווען באַוווסט ווי אַן אַרכיטעקט, וואָס האָט געבויט הײַזער אין וואַרשע, אין לעמבערג און אין אַנדערע פּוילישע שטעט.

זײַן גרויסע ליבשאַפֿט פֿאַר דער פּלאַסטישער קונסט, דער מאָלער־טאַלאַנט, וואָס ער האָט געטראָגן אין זיך, האָבן גורם געווען, אַז מיט אַ מאָל זאָל ער מוותר זײַן אין גאַנצן אויף אַן אײַנגעפֿונדעוועטער און סאָלידער פּאָזיציע פֿון אַן אָנגעזעענעם אַרכיטעקט און ער זאָל זיך אָפּגעבן אין גאַנצן מיט דער מאָלערײַ.
זײַן ביאָגראַפֿיע קען דערציילט ווערן בקיצור אַזוי :

געבוירן אַרום 1884 אין וואַרשע. געענדיקט די מיטלשול און שפּעטער דעם וואַרשעווער פּאָליטעכניקום, ווו ער האָט שטודירט אַרכיטעקטור.

באַקומען זײַן אַרכיטעקטן־דיפּלאָם, פֿאָרט ער קיין שאַר־לאָטנבורג, דײַטשלאַנד, כּדי זיך דאָרטן צו פֿאַרפֿולקומען אין דער בויקונסט.

ווען עס האָט זיך קוים געהאַט פֿאַרענדיקט די ערשטע וועלט־שחיטה, האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַע מלחמה צווישן פּאָליאַקן און אוקראַינער וועגן לעמבערג און אַנדערע מיזרח־גאַליציש מקומות.

זשאָרזש אַשער נעמט אָנטייל אין דער פּוילישער אַרמיי בײַ די קאַמפֿן פֿאַר לעמבערג און ווערט שווער פֿאַרוווּנ־דיקט.

ער האָט דערנאָך באַקומען אַן אויסצייכענונג פֿון דער פּוילישער רעגירונג.

ער פֿאַרבלײַבט שפּעטער אַ געוויסע צײַט אין לעמבערג. פֿון דאָרטן קומט ער צוריק קיין וואַרשע, האָט חתונה, ווערט אַן אָנגעזעענער אַרכיטעקט, בויט אַ סך.

מיט איין מאָל זאָגט ער זיך אָפּ פֿון דער אַרכיטעקטור און הייבט זיך אָן פֿאַרנעמען בלויז מיט מאָלערײַ : ער מאָלט בעיקר לאַנדשאַפֿטן, אַקטן, כאַראַקטער־פּאָרטרעטן און שטיללעבנס.

אַרום 1925 קומט ער קיין פּאַריז. ער באַזעצט זיך שוין דאָ אויף תּמיד. אַרבעט מיט גרויס התמדה.

זײַנע בילדער האָט ער געמאָלט אין זילבער־גרויע אָדער אַש־פֿערלדיקע האַרמאָניעס. זיי זײַנען אויסגעצייכנט קאָמ־פּאָנירט, מיט אַ זעלטענעם געפֿיל פֿאַר שטח־ווירקונג.

זשאָרזש אַשער האָט אויך געמאָלט ייִדישע סוזשעטן, ווי : „ייִדן בײַם אָרון־קודש“ (גואַש), אַ „ייִדישע יאַטקע“.

דאָס לעצטע ווערק האָט ער אויסגעשטעלט, אין יאָר 1933, אין פּאַריז, אין „האַרבסט־סאַלאָן“.

זשאָרזש אַשער, וואָס איז געווען פֿאַרליבט אין דער מאָ־לערײַ, האָט געאַרבעט אָן אויפֿהער, סײַ בײַ טאָג, סײַ בײַ נאַכט. בײַ נאַכט פֿלעגט ער אַרבעטן בײַ אַ בלויען ליכט. די מײַנסטע לאַנדשאַפֿטן זײַנע שטאַמען פֿון לאַ־סיאָטאַ און פֿון סען־ראַפֿאַעל, אין דרום־פֿראַנקרײַך.



זש. אַשער — ייִדן בײַם אָרון־קודש, גואַש

דער קינסטלער איז געווען אַ באַשיידענער, האַרציק־גוטער מענטש, האָט פאַרמאָגט אַ הויכע קולטור. געהאַט אַ רייכע ביבליאָטעק און געלייענט אַ סך. ער איז זייער באַוואוסט געווען אין דער געשיכטע פון קונסט בכלל און פון דער טאַלעריי בפרט.

אַשער איז געווען אַ קוזין פון אויסגעצייכנטן מאָלער ראָמאַן קראַמשטיק, וואָס די רוצחים האָבן דערשאָסן אין וואַרשעווער געטאָ.

סוף 1937 האָט ער פאַרלאָזט זיין מיט געשמאַק איינגעאָרדנטע פאַריזער דירה און זיך באַזעצט מיט זיין פרוי און טאָכטער אין לאַ־סיאָטאַ, אין מאָלערישן דרום־פראַנקרייך, וואָס ער האָט זייער ליב געהאַט.

אין יאָר 1943 ווערט דאָרטן אַשער מיט זיין פרוי אַרעסטירט. מען פירט ביידע אַוועק אין טרויעריק־באַרימטן לאַגער פון גירס.

פון גירס האָט מען זיי אַוועקגעפירט אין אַן „אומבאַקאַנטער ריכטונג“.

בעת מ׳האָט צוגענומען די עלטערן, האָט זיך זייער איינציקע טאָכטער, שושנה, געפונען ביי פריינד אין ליאָן. זי האָט אויסגעמיטן דעם גורל פון איר טאַטע־מאַמע, אָבער דער טויט האָט זי געטראָפן אויף אַן אַנדער אופן: זי איז איבערגעפאָרן געוואָרן פון אַן אויטאָ און איז אומגעקומען.

אַשער, זיין פרוי רייזל, פון דער היים ברוידאַ, זייער איינציק קינד, זיינען אומגעקומען.

און אַלע ווערק פון קינסטלער זיינען פאַרשוווּנדן.

## ארץ
## אל־תכסי דמי

# אהרן בזשעזינסקי

# ARON BRZEZINSKI

1890-1940



דעם 3טן יאַנואַר 1940, אין איינעם פון די טראַגישע מלחמה־יאָרן, האָט אין אַ סאַנאַ־טאָריום אין דערפל ריס־אָראַנזשיס, אין דער פּאַריזער אומגעגנט, אויסגעהויכט, אין עלטער פון פופציק יאָר, זיין נשמה דער סקולפּטאָר און שרייבער אהרן בזשעזינסקי. אַן אייגנאַרטיקער, טראַגישער יידישער מענטש.

אַז מ׳האָט געזען דעם דאָזיקן מענטש, בפרט אין מלחמה־צייט, גייענדיק תמיד איינ־געבויגן, איין זייט פּלייצע אַ ביסל העכער פון דער צווייטער, אין איין האַנט דעם שטעקן מיטן איינגעבויגענעם, קיילעכדיקן הענטל, וואָס האָט זיך אים נאָכלאָזיק נאָכגעשלעפּט, זיין טיף ערנסט פּנים, אויף וועלכן ס׳איז געווען אויסגעגאָסן אַ טיף־יידישער אומעט, האָט זיך געדאַכט, אַז ער טראָגט אויף זיינע פּלייצעס אָנגעזאַמלטן, דורותדיקן יידישן צער.

טייל מאָל האָט ער דערמאָנט אין טיף־רירנדיקן בילד „דער זון פון אַלטן פאָלק" פון באַרימטן האָלענדיש־יידישן מייסטער יוסף איזראַעלס (1824־1911).

דער מיטל־געוואַקסענער מענטש, מיטן שיינעם, הויכן שטערן, מיט די געדיכטע ברעמען איבער זיינע פייכטלעך־גלאַנציקע אויגן, דעליקאַטע פּנים־שטריכן און קאָפּ קרויזלנדיקע זיידן־דינע האָר, איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע, ביי פרומע יידישע עלטערן.

זיין פאָטער, ר׳ ישראל, אַ חסידישער ייד, וואָס האָט געהאַט אין וואַרשע אַ קלייטל פון פּאָדעם, האָט אים געגעבן אַ טראַדיציאָנעל־יידישע דערציִונג.

ער איז זייער פרי מיטגעריסן געוואָרן פונעם רעוואָלוציאָנערן שטראָם אין צאַרישן רוסלאַנד, ווערנדיק אין גאַנצן פאַרכאַפּט פון די פרייהייטלעכע סאָציאַליסטישע אידייען און געדאַנקען פון די אַנאַרכיסטישע דענקער און קעמפער מיכאַיל באַקונין און פּעטער קראָפּאָטקין און אַנדערע מע־נער פון געדאַנק און מעשים.

מיט חסידישער התלהבות האָט ער געקעמפט אין די אַנאַרכיסטישע רייען אין אַמאָליקן רוסלאַנד און באַצאָלט דערפאַר מיט תפיסות.

קיין פּאַריז איז ער געקומען נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און האָט דאָ שטודירט אין דער קונסט־אַקאַדעמיע סקולפּטור. ער האָט דערביי אָבער נישט אויפ־געהערט זיך צו אינטערעסירן מיט סאָציאַלע פּראָבלעמען, מיט דער פרייהייטלעכער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, מיט יידישע און אַלגעמיינע ענינים.

ווען עס צעפלאַקערט זיך די ערשטע וועלט־שחיטה, איז ער געפאָרן קיין לאָנדאָן, וו ס׳איז דערשינען „דער אַרבע־טער־פריינד", דער אָרגאַן פון די יידישע אַנאַרכיסטן.

ער איז אין לאָנדאָן געווען זייער טעטיק אין דער „יידישער אַנאַרכיסטישער פעדעראַציע", אין די יידישע אַנאַרכיס־טישע גרופּן „קעגנזייטיקע הילף", און „אַרבעטער־פריינד", גענומען דאָרטן אָנטייל ביי די דיסקוסיעס און אַרויסגע־טרעטן ביי זייערע ליטעראַריש־קינסטלערישע אונטערנע־מונגען מיט זיין פידלשפּילן.

און ווען ס׳איז, ווי אַ בליץ, אין מיטן דער וועלט־שחיטה, אָנגעקומען די בשורה פון אַ גרויסן רעוואָלוציאָנערן אויפ־ברויז, האָט ער נישט מער געקענט איינזיצן אין לאָנדאָן.

דאָס, נאָך וועלכן דורות האָבן געבענקט און מקריב געווען זייער לעבן, איז מיט אַ מאָל מקוים געוואָרן: דער צאַריזם איז געפאַלן. אַ זון מיט אַ האָפענונג האָט אויפגעשיינט אין אַ פאַרבלוטיקטער וועלט. אהרנען ציט צום אויפגע־ברויזטן לאַנד.

מיט די ערשטע פּאָליטישע עמיגראַנטן איז ער געפאָרן, בעת דער קערענסקי־רעוואָלוציע, קיין רוסלאַנד.

עטלעכע יאָר שפּעטער איז ער צוריקגעקומען קיין פּאַריז, פאַרברענגענדיק צוערשט אַ שטיקל צייט ביי זיינע עלטערן אין וואַרשע.

אין פּאַריז האָט ער זיך גענומען ווייטער שטודירן אין דער קונסט־אַקאַדעמיע סקולפּטור, פאַרקערט אין די פּאַריזער יידישע אַנאַרכיסטישע קרייזן, וואָס פלעגן זיך צונויפ־טרעפן אין אַ הינטערשטוב פון אַ יידישער קאַפע אויף רי באַפראָאַ, אַ שטוב, וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ קעלער.

ער האָט זיך אינטערעסירט מיט יידיש און אַלגעמיין לעבן. געווען סעקרעטאַר פון „פאַרבאַנד פון די יידישע קינסט־לער".

בכדי צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט, פלעגט ער אַרויסנעמען, אַ געוויסע צייט, פון אַ וועלכער פּאַריזער מעבל־פאַבריק, שניצעריי־אַרבעט. ביי דער דאָזיקער אַר־בעט האָט ער אַרויסגעוויזן אַ סך בקיאות און געשמאַק.

ער איז געווען זייער מוזיקאַליש און ער פלעגט אויך געבן לעקציעס פון פידלשפּילן. צו זיינע תלמידים האָט געהערט מאַרסעל שטערן, דער יונגער, טאַלאַנטירטער פידלער. ער האָט זייער ליב געהאַט יידישע ניגונים. אַ יידישער ניגון איז תמיד געווען מסוגל אים אַריינצוברענגען אין דער גרעסטער התפעלות, בפרט דער ניגון פון „דיבוק". דער כל־נדרי־ניגון האָט אים געקענט ביז גאָר רירן. אָפט מאָל פלעגט ער זיך אַוועקשטעלן שפּילן יידישע ניגונים אויף זיין פידל אָדער זיי זינגען אין מיטן דער אַרבעט ביי זיינע סקולפּטורן.

**

יארן לאנג האט ער געוווינט אין א ד׳אמות-שטיבעלע, וואס האט זיך געפונען אויף נומער 5 רי דע וואלאנס, אן גאז און אן עלעקטרישע ליכט.

דאס טישל מיטן נאפטלאמפ, לעבן אייזערנעם צוליגבעטל, איז געווען ביי אים תמיד באליגט מיט ביכער, צייטונ־גען... און א סך איבערגעבליבענע רעשטן פון אויסגערויי־כערטע ציגארעטן.

ער האט פארמאגט א גרויסע ביבליאטעק מיט ווערק וועגן סקולפטור, מאלעריי, געשיכטע, פילאזאפיע, יידישע און אלגעמיינע ליטעראטור אין יידיש, פראנצויזיש און ענגליש, א תנ״ך, וואס ער האט זיי געהאלטן אין פאליצעס אויף איין זייט וואנט, און ביים פענצטער אויף א לאנג ברעט, אונטערגעשטעלט מיט רויטע ציגל און קלעצלעך. ער האט זייער א סך געלייענט און נאך מער געטראכט. געלעבט האט ער תמיד אין דחקות און ארעמקייט. זיין גאנצע טעגלעכע דערנערונג איז כמעט שטענדיק באַ־שטאנען פון א גלעזל שווארצע קאווע און א פראנצויזיש בייגעלע, וואס ער פלעגט לרוב נעמען שטייענדיקערהייט צו זיך אין א קאפע.

אין זיין מאטעריעלער ארעמקייט איז ער געווען זייער שטאלץ. נישט גערעדט קיין מאל וועגן זיך און נישט וועגן זיין דלות. ער האט אים געהאלטן פארבארגן. אז ער איז געקומען צו פריינד, איז געווען אן אמתער נחת-רוח צו פארברענגען מיט אים. ער האט געשפרודלט מיט לע־בעדיקייט, מיט הומאר, מיט גלייכווערטלעך...

אין די לעצטע יארן פון זיין לעבן האט ער זיך אריבער־געקליבן אין א גרעסערער אטעליע. ער פלעגט ליב האבן אנצוצינדן דארטן די קאלירטע עלעקטרישע לעמפלעך, רויטע, בלויע, גרינע, געלע און ראזע, וואס האבן זיך גע־פונען אין כמעט איטלעכן ווינקל פון זיין אטעליע, אויף נומער 14, פאסאזש וויקטאר מארשאן, ווי ער וואלט זיך געוואלט מיט דעם אפנעמען די נעכט, וואס ער האט פאר־ברענגט, במשך פון לאנגע יארן, ביים קאפטשענדיקן נאפטלאמפ אין זיין ד׳אמות-שטיבעלע אויף רי דע וואַ־לאנס.

ער איז נישט תמיד געווען פון די לייכטע מענטשן. ער פלעגט זיך אפט מאל בשעת א וויכוח מיט עמיצן שטארק אויפקאכן, זיין בייסיק, גאליק, יענעם אריינזאגן.

ער איז געווען א זייער פיליקער מענטש. וועגן זיין מוטער פלעגט ער רעדן מיט זייער א סך צערטלעכקייט און קינ־דערשער ליבשאפט.

די עוולות, וואס דער פיליקער מענטש האט געזען, דאס שווערע לעבן, וואס איז אים אויסגעקומען צו פירן, האט דעם אין תוך אידעלן, גוטן און צארטן מענטש טייל מאל פארביטערט.

דער פון לעבן טייל מאל פארביטערטער האט דארטן, ווו ער האט דערפילט א ביסל וואַרעמקייט און פריינדלעכ־קייט, געקענט ווערן מיט איין מאל גאר אן אנדערער מענטש, דער מענטש, וואס ער איז געווען אין דער אמתן: ער האט געקענט ווערן א זייער ליבער, אנגענעמער, האר־ציקער מיטשמועסער. ווען ער האט זיך געפונען אין א



א. בזשעזינסקי ישראל-סקולפטארין ב. לושאנסקי, בראנדז
קאלעקציע י. רובמאן — פאריז

קרייז פון גוטע פריינד, ווען ער האט געהערט א גוט, פריינדלעך ווארט, באמערקט א מענטשישן זשעסט. ער איז געווען גייסטרייך, ער האט פארמאגט הומאר.

געפינענדיק זיך צווישן פריינד פלעגט ער שפאסן, ברומען א היימישן ניגון און ארויסזאגן אן אריגינעלן געדאנק.

ער איז געווען באפריינדט מיט דוד בן-גוריון. ער האט אויך געמאכט זיין ביוסט. איז בן-גוריון געקומען קיין פאריז, האבן זיי ביידע פארברענגט מיט אנאנד. און ס׳איז שוין ביי ביידע געווען א חזקה צו גיין טרינקען אין פאריז א גלעזל שאמפאניער.

מ׳האט אפט מאל געקענט זען זיצן אהרנען א פארטראכטן און א פארקלעמטן ביי א טישל אויף א טעראסע פון א קאפע אויף מאנפארנאס אדער פון קאפע „טענען“ אויפן רעפובליק-פלאץ, ווו יידן פלעגן זיך צונויפקומען, איינעם אליין, ביידע הענט אנגעשפארט אינעם קיילעכדיקן הענטל פון זיין שטעקן. ער האט פאררייכערט א ציגארעטל נאכן צווייטן. קנוילן רויך האבן זיך גענומען טראגן אין די לופטן.

איז עמעצער צוגעקומען צו זיין טישל, האט ער זיך באלד פריינדלעך צעשמועסט. ווען נישט, האט ער זיך, אפזיצנ־דיק א פארטראכטער און א פארקלעמטער, ביים קיילעכ־דיקן קאפעטישל, אויפגעהויבן און, מיט זיין נאגנדיקן גע־

מיט, זיך געלאָזט שטיל איבער די פּאַריזער גאַסן, נאָכ־שלעפּנדיק נאָכלאָזיק זיין שטעקן, זיין שטענדיקן באַגלייטער.

⁂

אין יאָר 1932 האָט אהרן בזשעזינסקי אויך אָנגעהויבן צו שרייבן: אין פּאַריז איז דעמאָלט דערשינען, אונטער דער רעדאַקציע פון נח פּרילוצקי ע״ה, די טעגלעכע צייטונג „דער טאָג“. אהרן פלעגט אָפט מאָל אַרויפקומען אין דער רעדאַקציע פון דער צייטונג, ווו ער האָט, אגב, פאַרעפנט־לעכט עטלעכע אינטערעסאַנטע עסייען וועגן קונסט: וועגן דער אַלטער מצרישער קונסט, וועגן האָנאָרע דאָמיע (1808-1879) און וועגן אַנדערע באַרימטע פראַנצויזישע מייסטערס.

געשריבן האָט ער אין אַ זייער אָנגענעמען, שפּילעוודיקן סטיל.

בעת מ׳האָט זיך דערלויבט אין אַ טייל יידישער פּרעסע אויסצולאַכן, אָפּצוחוזקן פון די כלערליי פּאַריזער לאַנדס־מאַנשאַפטן און פון זייערע מענטשן, וואָס מ׳האָט געזאָגט אויף זיי, אַז זייער עובדא באַשטייט בלויז, אַז זייערע מיט־גלידער זאָלן „איבער הונדערט און צוואָנציק יאָר“ קומען צו קבר־ישראל, איז ער, אהרן, דער אַנאַרכיסט, אַרויסגע־טרעטן אין „טאָג“ מיט אַ שאַרפן אַרטיקל, אין וועלכן ער האָט פאַרטיידיקט די דאָזיקע פּשוטע פאָלקסמענטשן מיט די פּרימיטיווע חברות זייערע.

ער האָט אויך שפּעטער מיטגעאַרבעט אין דער לאָנדאָנער יידישער וואָכנצייטונג „דאָס פרייע וואָרט“, אונטער דער רעדאַקציע פון ד״ר י. נ. שטיינבערג.

ער איז געוואָרן קראַנק און אָפּגעלעגן אַ לענגערע צייט אין שפּיטאָל פון דער פּאַריזער פאָרשטאָט ביסעטר.

אין חודש מערץ 1939 האָט אהרן מיט אַ גרופּע חברים לדעה אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אין פּאַריז אַ צייטונג „די פרייע טריבונע“, אַן אָרגאַן פאַר ליטעראַטור, קונסט און געזעלשאַפטלעכער קריטיק. אהרן איז געווען דער רעדאַק־טאָר. די אַרטיקלען פונעם ערשטן נומער פון דער צייטונג האָט ער אַליין געשריבן. ער האָט דאָרטן אָפּגעגעבן אַ זייער בכבודיקן פּלאַץ פאַר קונסט און ליטעראַטור. ער האָט פאַרעפנטלעכט אויף גאַנצע צוויי זייטן זיינס אַן אַרטיקל „דער אינטימער כאַראַקטער פון דער קונסט“.

ער איז זייער קעמפעריש, אַפילו אַגרעסיוו, אָבער זייער ווייט פון דעמאַגאָגיע. מיט אַ בייסיקער פעדער טרעט ער אַרויס קעגן דער דעמאָלטיקער פּאַריזער יידישער פּרעסע און קעגן פּאַרטייאישקייט.

— „אַ סך, זאָגט ער אין לייטאַרטיקל, קען זיך אויסדאַכטן, אַז אונדזער אָרגאַן איז, לויט זיין אינהאַלט און לויט זיין גייסט, נישט איצט אין צייט. וואָס? — וועלן מאַנכע נישט פעלן אויסשרייען — היינט אין אַזאַ שווערן מאָמענט, ווען די שווערד פון שונא — און אַזוי פיל שונאים — לויערט איבער אונדזערע קעפּ, ווען דער אָפּגרונט שניידט זיך אַזוי ווייט און אַזוי טיף, גרייט איינצושלינגען יעדן איינעם פון אונדז, איז היינט אַ צייט פאַר קריטיק?“

און זיין ענטפער איז „יאָ“.

— „יאָ, ליידער, היינט. היינט מער ווי אַן אַנדער מאָל. מיר ווערן פאַרפלייצט פון אַ ים מיט שינאה. פון די פאַר־שיידענע מיסטבערג, וואָס די ערד האָט אויף זיך אָנגע־זאַמלט, שאַרן זיך אַרויס שלאַנגען און עקדישן און צילן זיך אויף אונדז, ספּעציעל אויף אונדז. פון דער וועלט, פון דער שלעכטער וועלט, טראָגט זיך אַצינד אַ מיאוסער ריח און וויל אונדז דערשטיקן.“

און אהרן, דער עטיקער, רופט אויס: „אַכטונג אויף דער אייגענער היגיענע.“

— „דער ים מיט שינאה, שרייבט ער, וואָס האָט נישט געקענט אונדז גובר זיין, וועט אויך היינט אונדז נישט גובר זיין. די שלאַנגען און עקדישן וועלן פאַרשווינדן. אָבער זאָל זיך נאָר ביי אונדז, פון אונדז, קיין באַצילן נישט אָנקלייבן.“

ער האָט געהאַלטן, אַז כדי צו האָבן כוח גובר צו זיין די פאַר יידן שווערע, ביטערע צייט, איז ראשית כל נייטיק, אַז מיר אַליין זאָלן זיין מאָראַליש ריין און געלייטערט.

⁂



אַ. בזשעזינסקי   בראָנדז־ביוסט פון רוסיש־יידישן אַנאַרכיסט סאַשאַ פּיאָטר (סאַשאַ שאַפּיראַ), אומגעקומען אין דעפּאָרטאַציע קאָרעקציע י. רובמאַן — פּאַריז

דער קינסטלער און שרייבער, וואָס איז געווען פּאָפּולער אין יידישן פּאַריז, האָט אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן געליטן פון אַ שווערער האַרצקראַנקייט. ער האָט אויך אַ צייט געשפּיגן מיט בלוט. מיט דער דאָזיקער האַרצ־קראַנקייט, וואָס האָט זיך כסדר פאַרערגערט, האָט ער זיך בעת דעם ערשטן מלחמה־יאָר אַרומגעדרייט אין פּאַריז. אין די אָוונטן פלעגט ער נאָך טייל מאָל אַראָפּקומען אויף מאָנפּאַרנאַס אין אַ קאַפע. דער ליכטיקער מאָנפּאַר־נאַס־בולוואַר איז דענצמאָל געווען, ווי אַלע אַנדערע פּאַרי־זער גאַסן, איינגעהילט אין חשכות. ער איז אין זיין אַליינ־קייט אַראָפּגעקומען זען אַ פריינד, אַ באַקאַנטן, און ריידן מיט אים וועגן די מלחמה־געשעענישן, וועגן די אויסבליקן וואָס שייך דער צוקונפט. ער האָט נאָך גערעדט מיט אַ לעבעדיקער שפּראַך, און דערנאָך, אַ מידער און אַ שטי־לער, זיך גענומען צוריקגיין דורכן טונקעלן מאָנפּאַרנאַס־בולוואַר אין זיין אַטעליע. שפּעטער האָט ער שוין אין גאַנצן אויפגעהערט צו קומען. זיין געזונט־מצב האָט זיך געהאַלטן אין איין פאַרערגערן און ער איז געלעגן ביי זיך אַ שווער קראַנקער. גוטע פריינד האָבן אים אַריבערגע־פירט אין אַ סאַנאַטאָריע פון ריס־אָראַנזשיס.

ער האָט נישט געהאַט קיין חשק צו פאַרלאָזן זיין היימיש ווינקל, צו וועלכן ער איז געווען צוגעבונדן, ווו ער האָט געלעבט, געשאַפן און געוויטיקט זיין ווייטיק.

ער האָט דערפילט, אַז עס דערנענטערט זיך דער טראַגי־שער סוף. נישט געקוקט אויף די ביטערע פילן, וואָס דאָס לעבן האָט אים געגעבן צו שלינגען, האָט ער פאָרט ליב געהאַט דאָס לעבן און זיך נישט געוואָלט שיידן דערמיט. ער האָט זיך געקלאַמערט אין לעבן. ווען ער האָט דער־פילט, אַז ער וועט זיך סוף כל סוף מוזן שיידן דערמיט, אַז באַלד, באַלד וועט שלאָגן דער לעצטער, קוים דערהערלע־כער אַקאָרד פון זיין עקזיסטענץ, האָט ער געוואָלט אַהיים צו זיך.

עטלעכע טעג נאָך זיין אַריבערפירן אין דערפל ריס־אָראַנ־זשיס האָט דער יידישער סקולפּטאָר און שרייבער אהרן בזשעזינסקי אויסגעהויכט זיין נשמה.

ער איז געקומען צו קבר־ישראל דעם 7טן יאַנואַר 1940, אין ברידער־קבר פון דער חברה „חסד ואמת“ אין פּאַריז.
מיט אים איז אַוועק אין דער אייביקייט אַ זייער אָריגי־נעלע, איינגאַרטיקע און צוגלייך טראַגישע יידישע פיגור.

*
* *

פון אהרן בזשעזינסקיס אַלע קינסטלערישע אַרבעטן זיינען איבערגעבליבן די ביוסטן, וואָס ער האָט געמאַכט פון רו־סיש־יידישן אַנאַרכיסט סאַשאַ שאַפּיראָ, באַקאַנט אונטערן נאָמען סאַשאַ פּיאָטר, וואָס איז אומגעקומען אויף דער דעפּאָרטאַציע, פון דוד בן־גוריון און פון דער ישראל־סקולפּטאָרין בתיה לושאַנסקי.



א. בזשעזינסקי (רעכטס) ביי זאב באַומגאָלד און פרוי אין פּאַריז

# א. בזשעזינסקי

## וועגן עגיפּטישער סקולפּטור

מיט דער עגיפּטישער סקולפּטור האָבן זיך דערהויפּט פֿאַרנומען אַרכעאָלאָגן און היסטאָריקער; ווייניקער — די קונסט־פֿאָרשערס. אַ שאָד. וואָרן די עגיפּטישע סקולפּ־טאָרס זיינען די גרעסטע, און אפשר — מיר זאָלן נאָר האָבן גענוג מוט דאָס צו זאָגן — די איינציקע, פֿאַר וועמען עס איז געווען אַנטפּלעקט דער סוד פֿון סקולפּטור. אויב, נאַטירלעך, מיר נעמען אָן סקולפּטור אַלס סטאַטישע קונסט, און נישט אַלס עפּעס אַנדערש.

■■■■

שוין לאַנג, אַז ריידנדיק וועגן פּלאַסטישער קונסט, האָט מען אין זינען געהאַט אין איין צייט אי מאָלעריי, אי סקולפּטור. ווער שמועסט היינט, איז דאָס שוין געוואָרן אַזוי אויסגעמישט, אַז מען מאַכט בכלל מער קיין חילוק נישט פֿון איינעם ביז דעם צווייטן. מען רעדט מיט די זעלבע טערמינאָלאָגיעס וועגן איינעם ווי וועגן צווייטן. מען פֿאָדערט דאָס זעלבע ביים מאָלער ווי ביי דעם סקולפּטאָר. דערביי גיט מען זיך נישט אָפּ קיין רעכענונג, אַז דאָס, וואָס קען זיין גוט ביי דעם ערשטן, קען זיין שלעכט ביי דעם צווייטן, און אַז דער מהלך צווישן זיי איז אין אַלגעמיין אומגעהייער גרויס. שטעלט היינט אָפּ אַ גוטן קונסט־מבין אָדער אַפילו גאָר אַ קינסטלער אַליין, און גיט אים אַ פֿרעג: „וואָס איז דער אונטערשייד פֿון מאָלעריי און סקולפּטור?“ — איינער ווי דער צווייטער וועלן אייך ענטפֿערן: „מאָלעריי — פֿאַרבן, אַ שפּיל פֿון ליכט און שאָטן; סקולפּטור — פֿאָרמען, בולטקייטן“. און דערמיט איז מען פֿאַרטיק.
מאָלעריי און סקולפּטור אונטערשיידן זיך קודם כל, וואָס איינע איז אַ דינאַמישע קונסט (אפשר נאָך עפּעס מער), און די צווייטע אַ סטאַטישע קונסט (און בלויז אַ סטאַטישע).
יעדע פֿון די ביידע קונסטן גייט אויף אַ גאַנץ אַנדערן וועג, שטרעבט צו אַנדערע צילן. נאָך מער! די וועגן, אויף וועלכע זיי גייען, זיינען אַנטאַגאָניסטיש.

■■■■

דער מאָלער רייסט אייך אָפּ פֿון אייך זעלבסט און פֿירט אייך אין זיינע וועלטן. ער וויל, אַז איר זאָלט שעפּן פֿון זיינע עמאָציעס. ער פֿירט אייך צו האַרט צו דעם בילד, וועלכעס ער האָט פֿאַר אייך געשאַפֿן, און וויל, אַז אַלץ, וואָס אַרום אייך, זאָל ווי דורך אַ פּריזמע זיך ציען בלויז צו דעם דאָזיקן בילד. מאָלעריי איז דינאַמיש און קלאַפּט אויף דער עלעקטריציטעט פֿון אייער נשמה (אויב מען מעג זיך אַזוי אויס־דריקן). פֿאַרשטאַרקט דער מאָלער די פֿאַרבן, וועלכע מען זעט אין דער נאַטור, — דאָס רויט ווערט רויטער, דאָס גרין — גרינער, די באַוועגונג — באַוועגלעכער, און דער קאָנטראַסט צווישן ליכט און שאָטן שאַרפֿער. (דאָ האָבן מיר אין זין בלויז דעם עצם מאָלעריי).

■■■■

אַנדערש איז סקולפּטור. זי איז סטאַטיש, אין זיך צוריקגעצויגן, רייסט זיך נישט אין דרויסן. זי איז נישט ספּעקטאַקלמעסיק, זי נעמט נישט צו הילף דאָס אויסנווייניקסטע, זי שפּילט זיך נישט מיט ליכט, לופֿט, זי זאַפּט זיי איין אין זיך אַריין, זי פֿאַרצערט זיי. אירע באַוועגונגען ווערן שטילער, ווי אין דער נאַטור; דער קאָליר — שוואַכער. און להיפּוך צו מאָלעריי פֿירט זי אייך צוריק צו אייך, קייטלט צוריק אָן אייער געדאַנק, אויב ער איז געווען אָפּגעריסן.
אויב מאָלעריי האָט אַ באַגרענצטע פּעריפֿעריע, ווייל פּונקט אַזוי ווי די נאַטור פֿאַר־כאַפּט עס אייך און שמידט אייך צו צו דעם אָרט, — האָט שוין סקולפּטור, פֿאַרקערט, אירע הינטערטירלעך, פֿון וואַנען זי פֿירט אייך אויף אומענדלעכע שטעגן פֿון חלומות און בענקשאַפֿט, — אַ ווירקונג, וואָס האָט שוין אַפֿילו מער גאָרנישט צו טאָן מיט דער סטאַטוע, וועלכע שטייט פֿאַר אייערע אויגן.

סקולפּטור דאַרף דעריבער אויסמיידן צו שטאַרקע באַוועגונגען און צו פיל אָנגע־שטרענגטע זשעסטן.

דאָס האָט פאַרשטאַנען מער פון אַלע די עגיפּטישע סקולפּטור.
אין ערגעץ וועט איר ביי די עגיפּטער נישט זען אַ פאַרריסענע באַוועגונג, אַן אָנגע־שטרענגטע פּאָזע, אַ מוסקל־קראַמף אָדער עפּעס ענלעכס. אדרבא, אַלץ איז דאָרטן צוריקגעצויגן און איינגעשלאָסן אין זיך. נישטאָ קיין טענער, וואָס זאָלן אייך די אויערן פאַרהילכן...

אַז איר קוקט אויף אַ הערקולעס אָדער אַן אַנדערע פיגור, וועלכע האָט האַסטיק פאַר־ריסן די גלידער, פאַרצויגן די מוסקלען אַזש ביז קאָנוווּלסיע, — וואָס זעט איר דאַמאָלס? עפּעס מער ווי אַ זשעסט? אַ ספּעקטאַקל, וואָס פאַרשווינדט גלייך; אַ רגע, וואָס איז נאָר מאָמענטאַל (נישט מאָנומענטאַל).

ווער איז אָבער דער, וואָס איז געשטאַנען ביי אַן עגיפּטישן ספינקס און זיך נישט פאַרטראַכט אויף לאַנגע, לאַנגע מאָמענטן, אָפּגעריסן פון אַלץ אַרום און פאַרגאַנגען אין אַנדערע וועלטן?...

ווען איר זעט די צוויי זיצנדיקע פּרינצן־פיגורן אין „לוווּר" (איינע אין שוואַרצן גראַ־ניט, די צווייטע אין העלן קאַלקער־שטיין) — די קאָנטורן אויסגעלאָשן, די בולטקייט אין זיך פאַרהילט, קיין שום באַוועגונג, — קוקט זיך צו זיי צו: די גאַנצע וועלט זעט זיך איינגעשרומפּן אין זיי. קען דען זייער שמייכל נישט צעשניידן אויף פּיצלעך די אומענדלעכקייט אַליין?!

די גריכישע סקולפּטור איז אַן צווייפל גרויס, פון דעסט וועגן, ווען מיר זאָלן אויפ־רייצן אויף זיך דזשעזוועסן (זעוס) אַליין מיט זיינע בליצן, וואָלטן מיר אַנטלאָפן אין דער צווייטער גאַס און מער נישט מורא געהאַט; עפּעס גלייבט זיך נישט, אַז עס קען זיין מער געפאַר: נישטאָ אויף אים די מאַיעסטעט פון אַ גאָט איבער אַלע געטער.

ווען מיר נעמען אַן אַפּאָלאָ, מוזן מיר ביי זיך טראַכטן: „ביסט טאַקע אַ שיינער יונגער־מאַן, אפשר אַ פּאָעט אויך, אָבער אַז דו פירסט דעם ברענענדיקן וואָגן מיט דער זון איבער דער וועלט — דאָס זעט זיך אויף דיר נישט אָן". „און דו, קליינטשיק מזיקל, קופּידאָן, (דער גאָט פון ליבע ביי די גריכן), דו ביסט זיכער נישט אַזאַ צעלייגער, ווי דו ווילסט געבן אָנצוהערן..."



פאַקסימילע פון א. בזשעזינסקיס
אַ באַסטקאַרטל צו דער פאַמיליע ה. פענסטער

וואָס פאַר אַן איינדרוק מאַכט אָבער אויף אייך אַן עגיפּטישער גאָט? נישט, אַז די אייביקע פינצטערניש געהערט אים, אים אַליין (מיט אָדער מאָט, אַנדערש ווי פּטאָה). אין לוווּר געפינט זיך אַ קליין פרויענקעפּל (אַ געטין), קוקט אייך צו דערצו און איר זענט זיכער, אַז איידער די גאַנצע וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, איז זי — די וועלט — געווען פאַרשטעקט אין דעם דאָזיקן פרויען־פּנים און איצט זיינען דאָרטן פאַרשטעקט אַנדערע וועלטן...

ריידן מיר שוין נישט פון דער גרופּע „סעט און האַטאָר", וועלכע האָט זיכער נישט איר גלייכן אין דער גאַנצער קונסט, און „דער קניענדיקער שרייבער"... נאָך אַ סך גרויסע זאַכן לאָזן מיר דאָ אויס.

כמעט אַלע די, וואָס האָבן גערעדט וועגן דער עגיפּטישער סקולפּטור, האָבן איר פאָר־געוואָרפן, אַז זי איז קאַלט, אומבאַוועגלעך.

קאַלט זיכער נישט! אַן עגיפּטישע סקולפּטור אָטעמט און וויברירט. ווען איר שטייט פאַר אַן עגיפּטישער סטאַטוע, מוזט איר דערפילן דאָס קלאַפּן פון איר פולס, און אַז איר וועט זיך צו איר צוהערן, וועט זי אייך דערציילן מעשיות פון טויזנט און איין נאַכט, ווי אַזוי נשמות פלעכטן זיך בריקן, אַריבערצוגיין פון איין וועלט אין דער צווייטער...

אַן עגיפּטישע סקולפּטור וועט אייך דערציילן פון אַ פאַלק, וועמענס לעבן עס האָט פאַרצערט די שרעק פאַרן טויט; וועגן אַ פאָלק, וואָס האָט זיין גאַנצע ענערגיע אויס־געשעפּט אויף אָפּצומעקן די גרענעצן פון „דער" וועלט און „יענער" וועלט...

איז דאָס בולט?!

דאָס צווייטע: „אומבאַוועגלעך" — יאָ! זיכער! אָבער דאָס איז אפשר טאַקע דער סוד פון סקולפּטור!...

„דער טאָג", פּאַריז, דעם 25טן סעפּטעמבער 1932.

# וו. וועוויאָרקע

## צום טויט פון אהרן בזשעזינסקי

דער פּאַריזער יידישער שרייבער, דער קדוש וואָלף וועוויאָרקע, איז דערשאָסן געוואָרן פון די דייטשישע רוצחים, בעת זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן פון אָשפּיצין (אוישוויץ). אין איינעם מיט אים זיינען אומגעקומען זיין פרוי גיטעלע, די טעכטער חנה מיט איר מאַן, לוי קזשענטאָווסקי, אין טעמע מיט איר מאַן הײנך קאַלענשער.

נאַמבערג האָט אַ מאָל געזאָגט: די באַציונג פון די מענטשן צום אמת איז די זעלבע ווי צו אַ יוגנט־ליבע: יעדער איינער כמעט האָט אין זיין פריער יוגנט געליבט אַ ווייבלעך באַשעפעניש, וואָס איז געווען — ווי עס קען נאָר זיין אַ יוגנט־ליבע — די שענסטע, די בעסטע, די ליבסטע און די אינטערעסאַנטסטע. חתונה געהאַט האָט מען, צוליב דער האַרטער פּראָזאַאישער ווירקלעכקייט, מיט אַן אַנדערער, נאָר דאָס גאַנצע לעבן בענקט מען נאָך אָט יענער יוגנט־ליבע. דאָס איז דער נישט־רעאַליזירטער חלום, וואָס לייכט מאַנכע צו דעם גאַנצן לעבנסוועג זייערן.

אויך מיטן אמת האָבן זיך די מערסטע מענטשן געוואָלט פאַרקנסן אויפן גאַנצן לעבן. זיי האָבן געשטרעבט צו אים. אָבער די האַרטע ווירקלעכקייט לאָזט נישט לעבן בלויז מיטן אמת. זי צווינגט צו קאָמפּראָמיסן. דער אמת בלייבט ביי די מערסטע מענטשן דער נישט־רעאַליזירטער אידעאַל, די יוגנט־ליבע.

טרעפט אַ מאָל איינער, וואָס בלייבט אַן איינגעעקשנטער היטער פון אמת, ער וויל קיין קאָמפּראָמיסן נישט מאַכן, נישט פאַר זיך אַליין און נישט ער וויל שטום מאַכן מיט אָפּנייגן פון אמת ביי אַנדערע, דרייען זיי זיך אַרום, די דאָזיקע מענטשן, ווי דאָן־קישאָטן, ווי נאַיווע היטער, וואָס קעמפן קעגן ווינטמילן. די מילן מאָלן און צע־מאָלן אַלץ און זיי, די היטער פון אמת, ווערן אויך צעמאָלן, אָבער זיי געבן זיך נישט אונטער. זיי פאַרמעסטן זיך אויף ס׳ניי צום קאַמף ביז צום סאַמע לעצטן סוף.

**
*

אהרן בזשעזינסקי איז געווען איינער פון די איידלסטע היטער פאַרן אמת. ער האָט נישט אָקצעפּטירט קיין שום הנחות, קיין קאָמפּראָמיסן. סאַמע מידת־הדין איז ער געווען. ער איז געווען שטרענג צו מענטשן, אויך צו זיך.

אין משך פון זיין לאַנגיאָריקער קינסטלערישער טעטיקייט האָט ער זייער ווייניק ווערק געשאַפן. צום מאָדערנעם טעמפּאָ האָט ער נישט געוואָלט און זיך נישט געקענט צופּאַסן. האָט ער זיינע מאָדעלן אַזוי פאַרמאַטערט, אַז זיי זיינען סוף־כל־סוף מיד געוואָרן. ער האָט געקלעבט און פאַרשמירט, ווידער געקלעבט און ווידער פאַרשמירט. אַ ווערק האָט פון זיינע הענט געמוזט אַרויס פולקום. זיינען טאַקע די ווייניקע סקולפּטורן, וואָס ער האָט געשאַפן, ווערק פון אַ מייסטער, פון אַ קלאַסישן מייסטער.
מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ ביטערן מענטש, אַ פאַרביטערטן. ער איז עס טיילווייז געווען. אָבער עס איז נישט געווען קיין ביטערניש פון אַ בייזן און שלעכטן מענטש, נאָר פון איינעם, וואָס וויל זיך האַלטן שטרענג ביי מידת־הדין, פון אַ קאָמפּראָמיסלאָזן היטער פון אמת.
לגבי זיך איז ער געווען אויסגעהאַלטן ביז אַראָפּ: ער האָט זיך כמעט אין גאַנצן אָפּגעזאָגט פון פּערזענלעכן, בשר־ודמישן גליק. זיין „דירה" — אַ קליין נעבעכדיק חדרל מיט אַ האַרט אייזערן בעטל. צוגעדעקט האָט ער זיך מיט שמאַטעס.
זיין גאַנץ פאַרמעגן איז געווען אַ ביסל ביכער און אַ פידל.
זיינע מאָלצייטן זיינען געווען אַ סענדוויטש, אַריינגעכאַפּט שטייענדיקערהייט ביים קאָנטואַר פון קאַפע „טענען".
דאָס איז אגב געווען דער איינציקער קאָמפּראָמיס, וואָס ער האָט געמאַכט אָפּצונייגן פון זיין אמת.
יאָרן מיט יאָרן איז ער געווען אַ וועגעטאַריער. דעמאָלט האָט ער זיך דערנערט מיט אַ זופּ און אַ לעגים אין אַ וועגעטאַרישן רעסטאָראַן. נאָר, אַז מיט עטלעכע יאָר צוריק האָבן די דאָקטוירים אים געזאָגט, אַז ער מוז עסן פלייש, כדי צו ראַטעווען זיין לעבן, האָט ער זיי צו ליב געטאָן. דאָס לעבן האָט ער ליב געהאַט נישט ווייניקער פאַרן אמת, ווייל ער האָט כסדר געהאַלטן, אַז ער האָט נאָך נישט אָנגעהויבן. און ער האָט זיך ערשט געקליבן אָנצוהייבן.
צו פּובליציסטיק האָט ער זיך גענומען ערשט אין די לעצטע יאָרן. צופעליק האָט ער אין זיך אַנטדעקט אויך דעם טאַלענט. און באַלד איז ער געוואָרן אַ היטער פאַרן אמת אויך אין יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. זיינע אַרטיקלען איבער געזעלשאַפטלעכע פראַגן האָבן געצויגן צו זיך אויפמערקזאַמקייט. עס האָט זיך פון זיי אַרויסגעפילט אַן אינטימער טאָן, מען האָט דערפילט הינטער זיי אַ כאַראַקטער.
פאַר אַ יאָרן האָט ער געפּרוווט אַרויסצוגעבן אַן אייגענע טריבונע. דעם ערשטן נומער האָבן אַרויסגעגעבן זיינע אידייען־חברים, די אַנאַרכיסטן. אָבער נאָכן ערשטן נומער איז ער געווען פאַר זיי צו נאַציאָנאַליסטיש. *
און דער דאָזיקער מענטש, וואָס האָט קיין מאָל נישט פאַרמאָגט זיין אייגנס ווי צען פראַנק, האָט זיך געשאַפט געלט אויף אַ צווייטן נומער. ער האָט געדאַרפט קעמפן קעגן שקר. די דאָזיקע ליידנשאַפט האָט אים באַהערשט ווי אַ דיבוק.
דער דאָזיקער נאַיווער דאָן־קישאָט האָט נישט געשווינט קיינעם.
ער איז געווען צייטנווייז צו ביטער, צייטנווייז צו נאַיוו, דערפאַר — צייטנווייז אומגערעכט. אָבער שטענדיק איז ער געווען אַן ערלעכער, קאָמפּראָמיסלאָזער קעמפער פאַרן אמת.

(אַן אויסצוג פון „פּאַריזער היינט", יאַנואַר 1940).

* דער קדוש מאַכט דאָ אַ טעות. זיינע חברים לדעה האָבן וווייטער מיטגעאַרבעט ביים אַרויסגעבן די צייטונג.

# ערנעסט בירא
# ERNEST BIRO

(בירי-בירי)

1905-1943



דער שמייכל, דער גוטער, לעבעדיקער שמייכל, דאָס געלעכטער, די סאַטירע, דער הומאָר, די קאַריקאַטור, זיינען די שטאַרקסטע כלי-זין. מיט זיי קען מען מאַכן מיט איין מאָל צו נישט די גרעסטע בעלי-גאווה, די „מעכטיקע פֿון איין טאָג“, די איינגעפּונדע-וועטע, אָנגענומענע געזעצן, די שקרים און מיסברויכן אין קהלישן לעבן.

האָנאָרע דאָמיע, דער באַרימטער פראַנצויזישער קאַריקאַטוריסט (1808-1879), האָט מיט זיין „געריכטהויז“, מיט זיינע „די מעכטיקע פֿון טאָג“, מיט זיין „דער געזעצ-געבערישער בויך“ מער אויפגעטאָן און איז געווען מער סכנהדיק פאַר דער אַזוי גערופענער „עפנטלעכער מיינונג“ פֿון זיין צייט, איידער דער שטאַרקסטער פּאָלי-טישער רעדנער אָדער זשורנאַליסט פֿון דעמאָלט. און פאַר גאָרנישט ציטערן זיי אַזוי, „די מעכטיקע פֿון טאָג“, ווי פאַרן הומאָר, פאַר דער סאַטירע און פאַר דער קאַריקאַטור. פאַר זיי האָט מען מורא. זיי זיינען מסוגל צו מאַכן צו נישט די גאַנצע אויפגעבלאָזנקייט פֿון די „שטאַרקע“, וואָס זיי-נען אין דער אמתן אָפט שוואַכע באַשעפענישן, וואָס צי-טערן פאַרן מינדסטן ווינטל פֿון קריטיק, פאַרן אייגענעם שאָטן. זיי זיינען שקלאַפֿן פֿון שקלאַפֿן, להיפוך צום חכם, צום צדיק, צום גערעכטן מענטש, וואָס האָט נישט קיין מורא, וואָס פילט זיך פריי און איז פול מיט זיכערקייט און רואיקייט. נישט אומזיסט האָבן די נייע צעזאַרן, די דיקטאַטאָרן, די „מעכטיקע פֿון איין טאָג“, אַזוי געציטערט און זיינען געווען אַזוי דענערווירט פאַר טשאַרלי טשאַפּ-לינס „דיקטאַטאָר“.

אַ פיינע כאַראַקטעריסטיק ווענן זיי געפינען מיר ביים גרויסן פראַנצויזישן פּאָעט-דענקער אַלפרעד דע וויני (1797-1863) אין זיין „נאַפּאָלעאָן דער ערשטער“. אַן אַנ-דערער גרויסער פראַנצויזישער שרייבער, דער דענקער און הומאַניסט האַן רינער (1861-1938), פרעגט זיך, צי איז דער האַר, דער כלומרשטער גדול, פאַר זיך אַ מענטש. ער איז אָפּהענגיק פֿון דעם בילד, וואָס עס מאַכט זיך פֿון אים דער שקלאַף.

דער הומאָריסט-קאַריקאַטוריסט ערנעסט בירא האָט מיט עטלעכע בליישטריכן געוויזן אונדז איינעם פֿון די „מעכ-טיקע פֿון טאָג“: בעניטאָ מוסאָליני מיט זיין גאַנצער גאווה און לעבערלעכקייט. ער ברענגט אים פאַר אונדז מיט דער צעזאַרישער מאַסקע זיינער, אין אַ העלם פֿון אַ רוימישן לעגיאָנער. די ברוסט נאָר צום צעפּלאַצן.

מיט עטלעכע געציילטע שטריכן האָט דער הומאָריסט-קאַריקאַטוריסט געוויזן דעם גרויסן מענטש...

*
**

דער קדוש ערנעסט בירא, וואָס האָט געחתמעט זיינע קאַ-ריקאַטורן מיטן נאָמען „בירי-בירי“, איז געבוירן געוואָרן דעם 7טן מאַי 1905 אין אונגערן. זיין פאָטער, אַנדרעי בירא, וואָס איז אין יאָר 1944 געשטאָרבן אין געטאָ פֿון בודאַפּעשט, איז געווען אַן אַנגעשטעלטער אין אַן אַסעקו-ראַציע-געזעלשאַפט.

ערנעסט בירא איז, נאָכן ענדיקן די מיטלשול אין בודאַ-פּעשט, דאָרטן אַריינגעטרעטן אין דער קונסט-אַקאַדעמיע. ער איז געווען פאַר אַלעם אַ צייכענער-קאַריקאַטוריסט און האָט זיך ווי אַזעלכער אויסגעצייכנט.

אין יאָר 1932 פאַרלאָזט ער בודאַפּעשט און קומט קיין פראַנקרייך.

דער קינסטלער-קאַריקאַטוריסט האָט זייער ליב געהאַט אַרומצופאָרן. ער איז אויס געווען גאַנץ פראַנקרייך, באַ-זוכט גריכנלאַנד און אַלע לענדער פֿון באַלקאַן. ער איז גע-ווען אומעטום באַליבט. מ'האָט אים גערופן „דער חנווע-דיקער באַהעמיאַנער“.

ער פלעגט פאָרן צו זיצונגען פֿון דער „פעלקער-ליגע“ אין זשענעווע, ווו ער האָט געמאַכט סקיצן פֿון די דיפּלאָמאַטן און זיי שפּעטער פאַרעפנטלעכט אין דער פראַנצויזישער און אונגערישער פרעסע. ער האָט אין קורצע בליישטריכן איבערגעגעבן די דיפּלאָמאַטן, וואָס זיינען זיך צונויפגעקו-מען קיין זשענעווע.

ער האָט זיך גאָר באַזונדער אויסגעצייכנט אין זיין קאַרי-קאַטור „די לאַנגע שלום-ליולקע“, וואָס ער האָט געמאַכט, בעת די דיפּלאָמאַטן זיינען זיך צונויפגעקומען קיין סטרעזאַ.

ערנעסט בירא, אָדער, ווי ער פלעגט חתמענען זיינע קאַ-ריקאַטורן, בירי-בירי, איז געווען אַ קעמפער, אַ רעוואָלו-ציאָנער. ער האָט גענומען אָנטייל אינעם ווידערשטאַנד קעגן בלוטיקן אָקופּאַנט. פאַרן פראַנצויזישן נאַציאָנאַלן יום-טוב פֿון 14טן יולי 1940, ווען דאָס פאָלק פֿון פּאַריז האָט אַ מאָל געשטורעמט די באַסטיליע, האָט ער צוגעגרייט פליבלעטלעך קעגן אָקופּאַנט, מיט פרייהייטלעכע לאָזונ-גען, וואָס ער מיט זיינע חברים-מיטקעמפער האָבן דער-נאָך געוואָרפן אין די לופטן.

דעם 22טן נאָוועמבער 1943 ווערט ערנעסט בירא געכאַפּט פֿון דער געשטאַפּאָ. מען פירט אים קיין דראַנסי אין לאַ-גער און פֿון דאָרטן האָט מען אים דעפּאָרטירט.

# סאָפיע בלום-לאַזאַרוס

# SOPHIE BLUM-LAZARUS

1867-1944

אינעם קליינעם פּענסיאָנאַט « Les Maguelons » אין פּאַריזער פּאַסי-קוואַרטאַל, האָט געלעבט צוריקגעצויגן אַן אַלטע יידישע קינסטלערין, וואָס פלעגט מיט אַ נאָדל און מיט פּאַרביקע זיידענע פעדעם מאָלן פּייזאַזשן פון פראַנקרייך.

זי האָט געהייסן סאָפיע בלום-לאַזאַרוס און איז געבוירן געוואָרן דעם 16טן יולי 1867 אין שטוטגאַרט, דייטשלאַנד, אין הויז פון אַ גרויסער און רייכער יידישער משפחה, וואָס האָט זיך שפּעטער באַזעצט אין פראַנקפורט דמאַין, די עיר ואם בישראל.

■

סאָפיע בלום-לאַזאַרוס האָט שטודירט מאָלעריי אין דער פראַנקפורטער קונסט-אַקאַדעמיע. זי איז שפּעטער געפאָרן קיין מינכען און אַריינגעטרעטן אין דער אָרטיקער קונסט-אַקאַדעמיע.



ס. בלום-לאַזאַרוס — אויטאָ-פּאָרטרעט

ווען זי איז געווען אין מינכען, האָט זי אין דער „פּינאַקאָטעק“ קאָפּירט ווערק פון די גרויסע קלאַסישע מייסטערס. די קינסטלערין, וואָס האָט שפּעטער פאַרביטן די אייל-פאַרב אויף אירע זיידענע פּאַרביקע פעדעם, האָט פאַרלאָזט, אַרום 1900, דייטשלאַנד, וואָס זי האָט געקוקט דערויף ווי מען קוקט אויף אַ היימלאַנד און וואָס זי האָט עס געזען דורך געטע, שילער און דורך בעטהאָווען.

— „ס'איז דאָ — האָט זי אַ מאָל געשריבן צו איר פּאַריזער

יונגער פריינדין, מאַדאַם סימאָן סעלז, אַ פריייסיש דייטש־לאַנד, אָבער דאָס איז נישט דאָס געלערנטע, דאָס קולטו־רעלע דייטשלאַנד."

די יידישע טאָכטער פון דער פראַנקפורטער קהילה, וואָס איז געווען אַ קולטורעלע, אַ צאַרטע, האָט בכלל נישט געקענט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז ס'איז נישט פאַראַן קיין מענטשלעך דייטשלאַנד, אַ דייטשלאַנד, וואָס טראַכט און פילט מענטשלעך.

זי האָט אין איר געבוירן־לאַנד חתונה געהאַט מיטן עלזאַסישן ייד דניאל בלום, וואָס איז געווען אַן אינדוסטריעלער, און האָט געוווינט מיט אים אין פּאַריז, וווּ זי האָט פאַר־קערט אין די בעסטע פראַנצויזישע ליטעראַריש־קינסטלע־רישע קרייזן.

מאַן און פרוי זיינען געווען איינס: צוויי צונויפגעהאָפטענע נשמות, וואָס איינע האָט נישט געקענט לעבן אָן דער אַנדערער.

ווען דער געליבטער מאַן שטאַרבט, אין יאָר 1937, פאַר־לאָזט זי דעם פּאַריזער רחבותדיקן האָטעל „לוטעסיאַ" און ציט זיך צוריק אין קליינעם, באַשיידענעם פּענסיאָנאַט „לע מאַגלאָן".

זי באַזוכט ביי טאָג זיין קבר, וואָס אויפן בית־עלמין פון מאָנפּאַרנאַס.

⁂

זי איז געווען אַ מיטגליד פון „סאַלאָן פון די אייבער־אומ־אָפּהענגיקע" און האָט דאָרטן אויסגעשטעלט אירע קינסט־לערישע אַרבעטן. דאָס לעצטע מאָל אין 1937.

זי איז געווען פאַרליבט אין דער זוניקייט און פאַרבן־רחבות פון פראַנצויזישן דרום און פון איטאַליע און וואָס זי פלעגט זיי אָפט באַזוכן.

אין איינעם פון אירע בריוו, געשריבן אויפן וועג קיין אי־טאַליע צו מאַדאַם סעלז, באַדויערט די קינסטלערין דעם טראַגישן גורל פון איר געפּלאָגט פאָלק, „וואָס איז צע־שפּרייט איבער אַלע שבעה ימים און וואָס שינאה באַגלייט זיין לעבן".

מלחמה־צייט האָט סאָפיע בלום־לאַזאַרוס, וואָס איז געווען אַ פראַנצויזישע בירגערין, נישט געוואָלט פאַרלאָזן פּאַריז. אויך נישט דעמאָלט, ווען די חיילות פון דריטן רייך זיינען שוין געשטאַנען פאַר די טויערן פון דער שטאָט.

זי האָט זיך נישט געוואָלט שיידן מיט דער שטאָט, וווּ עס



ס. בלום־לאַזאַרוס — פּייזאַזש, זיידן־שטיקעריי

ביי טאָג גיט זי זיך נאָך אָפּ מיט איר קינסטלערישער אַר־בעט און ביי נאַכט זיצט זי אין איר שטיבל אין קליינעם פּענסיאָנאַט און... שרייבט בריוו צו איר געליבטן פאַר־שטאָרבענעם מאַן. זי דערציילט אים אירע פּיינען, איר צער און איר רצון, און פון די אויגן פליסן, אָן אָפּהאַלט, הייסע טרערן.

געפינט זיך דער קבר פון איר מאַן. זי האָט געוואָלט רוען לעבן אים, זיין מיט אים פאַראייניקט נאָכן טויט, ווי זיי זיינען געווען ביידע פאַראייניקט ביים לעבן.

דעם 8טן יולי 1944, צוויי אַ זייגער ביי נאַכט, זיינען די מענטשן פון קליינעם, שטילן פּענסיאָנאַט, וווּ די קינסט־לערין האָט זיך צוריקגעצויגן, פּלוצעם אויפגעוועקט גע־

וואָרן דורך אַ וואָס אַ מאָל שטאַרקער קלינגען און קלאַפּן אין די טירן פון הויז.

מען איז צוגעגאַנגען און געעפנט:

— „דויטשע פּאָליציי“ — האָט זיך געהערט אַ דייטשישע שטים.

די געשטאַפּאָ, די פאַרשטייערין פון דריטן רייך, איז געקומען נאָך איר קרבן: די אַלטע יידישע קינסטלערין, סאָפיע בלום־לאַזאַרוס, וואָס האָט געגלייבט אַזוי שטאַרק אין אַ דייטשלאַנד פון געטע און שילער.

זיי זיינען אַריין אין איר שטוב מיט די ווערטער:

— „נעמט תיכף צונויף אייערע זאַכן!“

זי האָט גענומען אירע פאַרביקע, מיט זיידענע פעדעם געמאָלטע בילדער און צייכענונגען און זיי אַריינגעלייגט אין אַ רענצל. זי האָט זיך נישט געוואָלט שיידן פון זיי.

און ווען איינער פון די געשטאַפּאָ־לייט האָט צו איר געזאָגט:

— „וואָצו“, צו וואָס? —

האָט די זקנה געענטפערט:

— דאָס איז מיין לעבן, דאָס איז מיין בלוט.“

מ׳האָט זי אַוועקגעפירט אין פינצטערער נאַכט קיין דראַנסי און זי פון דאָרטן דעפּאָרטירט דעם 31טן יולי 1944, נישט קיין גאַנצע צוויי וואָכן נאָך איר אַרעסט. זי איז דעמאָלס אַלט געווען 77 יאָר...

■

## אויסצוגן פון סאָפיע בלום־לאַזאַרוס׳ בריוו

צו איר פריינדין מאַדאַם סימאָן סעלז

פראַנקפורט, דעם 1טן יוני 1938.

איך בין זייער טרויעריק פון דעם, וואָס אייך איז אַצינד געשען. איך נעם אייך אַרום במחשבה, בעת איך טראַכט וועגן אייער אָרעמען ברודער. איך פאַרשטיי אייער צער. דער טויט, דער טויט. וואָס פאַר אַ מוראדיקער באַגלייטער פאַר די איבערגעבליבענע. איינער פאַרגעסט זיך אַ ביסל ביי זיין אַרבעט, אַן אַנדער ביי זיין גאָרטן, און גאָר אַן אַנדער, ווי איך למשל, ביי מיינע „טאַפּיסעריס“ (קונסט־העפטעריי). אויב מען קען זאָגן, אַז דאָס הייסט געלעבט.

(דער דאָזיקער בריוו איז געשריבן נאָכן טויט פון מאַדאַם סעלז׳ ברודער)

■

פאַריז, האָטעל „לוטעסיאַ“

איר האָט מיך געהייסן לייענען דעם « Crapouillot » * וועגן די דייטשן.
איך האָב אָנגעקוקט די אומאָנשטענדיקע, קאַריקאַטוראַלע בילדער און דאָס איז געווען פאַר מיר גענוג.

ס׳איז באַדויערלעך וואָס די פרעסע, די ליטעראַטור, בלייבן שטעקן אויף די שטאַפּלען פון שינאה און פאַרסמען די עפנטלעכע מיינונג.

איך בין אַ פראַנצויזין זינט 25 יאָר, איך האָב שטאַרק ליב פראַנקרייך, איר פאָלק מיטן פיינעם געשמאַק, איר ערד. איך זאָג אייך אָבער, אַז נישט גאַנץ דייטשלאַנד איז אַזוי**.
די דאָזיקע אָפּשטויסיקע מיאוסקייט איז איר שלעכטער, פרייסישער טייל.

ניין, ס׳איז נישט דאָס געלערנטע, דאָס קולטורעלע און דאָס גוטע דייטשלאַנד.
איר האָט מיר געשריבן אין אייערע לעצטע בריוו, אַז איר האָט געוואָלט לייענען געטע און לסוף זיך אָפּגעזאָגט פון דעם. ס׳איז אפשר בעסער אַזוי. די גאונים וואָלט מען באַדאַרפט לייענען נאָר אין אָריגינאַל. אין די איבערזעצונגען פאַרלירן זיי אַ סך. ס׳איז אַזוי ווי מיטן תנ״ך, מיטן תהילים פון דוד המלך.

דאָס זיינען אויסגעקולפּטירטע פעלדזן אין דער דייטשישער שפּראַך. געטע פון „פאַוסט“ און פון „ווערטער“ האָט געקענט באַשאַפן מייסטערווערק וועגן אַ גאַנץ קליין, באַשיידן בלימעלע.

* « Crapouillot » , (קליינער קאַנאָן) אַ פראַנצויזישער אילוסטרירטער אָרגאַן.

** געמיינט, אַזוי ווי דער דאָזיקער אָרגאַן האָט געשילדערט דייטשלאַנד.

היות ווי דער געניע איז תמיד אוניווערסאַל — דאַרפֿן מיר נישט האָבן גרענעצלעכע הינטער־מחשבות.

■

מען איז געווען זונטיק ביי בלעז סאַנדראַר. ער באַוווינט אַ קליין פֿויעריש הייזל אין אַ שיינער, רייצנדיקער געגנט. אַ הויז אין גאַנצן ראָזע, אַזוי ווי ער האָט עס גע־קויפֿט פֿאַר פּופּצנהונדערט פֿראַנק: ווייס אויסגעקאַלכט, אַ ווייסער טיש מיט ביכער, אַ שרייבמאַשין, צוויי קליינע פֿענצטער מיט ווייסע פֿירהענגלעך און היאַצינטן אומעטום.
ס'איז געווען זייער שיין און דער מענטש איז אַ סימפּאַטישער, אַ זייער שיינער און אַמוזירנדיקער מיטשמועסער.

ווען מען איז אַוועקגעגאַנגען, האָט אַ קיילעכדיקע לבנה באַגאָסן די גאַנצע געגנט מיט ליכט.

אַ יונגער שרייבער האָט מיר געגעבן צוויי ביכער, וואָס ער האָט פֿאַרפֿאַסט אין שפּאַניע. לעבן די רעפּראָדוקציעס, וואָס געפֿינען זיך אין די ביכער, האָט ער געמאַכט קליינע סכעמען.

די דאָזיקע ביכער זיינען אַ סך אינטערעסאַנטער ווי באַרעס'עס „טאָלעדאָ“. באַרעס איז צו פֿיל ליטעראַטור.

היינט איז מען מקבר בריאַנ'ען. ס'איז שיין אַזאַ לעבן ווי זיינס. ער איז געשטאָרבן, אַרבעטנדיק ביזן סוף. ער איז געווען מענטשלעך.

■

איך פֿריי זיך, וואָס איך וועל באַלד זיין אין מילאַן, וווּ איך וועל זען מיין קליינע משפּחה און אַנדערע, עמיגרירטע פֿריינד.

אָרעם פֿאָלק ישראל! די תוכחה איז נאָך איבער אונדז. מען איז צעזייט און צע־שפּרייט איבער דער וועלט און מען האָסט אונדז.

■

# אברהם בערלין
# ABRAHAM BERLINE
## 1894-1942



אברהם בערלין איז געבוירן געוואָרן דעם 5טן אָקטאָבער 1894 אין דער אוקראַיניש-רוסישער שטאָט ניעזשין, טשערניגאָווער גובערניע.

ער האָט אין זיין געבוירן-שטאָט באַזוכט אַ מיטלשול.

ווען ער ווערט אַלט אַכצן יאָר, פאַרלאָזט ער זיין רוסיש-אוקראַינישע היימשטאָט און קומט קיין פּאַריז שטודירן מאָלעריי אין דער קונסט-אַקאַדעמיע.

נישט האָבנדיק קיין מיטלען צום לעבן און נישט צום באַצאָלן דעם שכר-לימוד אין דער קונסט-אַקאַדעמיע, נעמט ער זיך, אין יאָר 1914, ווערן אַ טאַקסי-שאָפער. האָט מען טאַקע, ביז מלחמה-אויסברוך, געקענט זען שטיין דעם דאָזיקן געזונטן, פעסט געבויטן, שמייכלענדיקן אוקראַיניש-רוסישן ייד אַ יעדן פרימאָרגן ביי אַ טאַקסי, אויפן פּלאַץ דאַנפער-ראָשעראָ, צווישן דער גרינער ביימער-אַליי, ווו עס זיינען געשטאַנען די אויטאָבוסן, וואָס זיינען געגאַנגען צו דער שיינער פּאַריזער אומגעגנט פון „ציגן-טאָל“.

אָנגעטאָן אין זיין שאָפערן-כאַלאַט און היטל, האָט ער אויפגענומען גרופן פּאַסאַזשירן פאַרן זעלביקן פּרייז, וואָס די אויטאָבוסן, און זיי צוגעפירט צו דער דאָזיקער אומגעגנט.

אין יענעם שיינעם ווינקל איז ער געווען פאַרליבט. קומענדיק אַהין, באַפרייט פון די פּאַסאַזשירן, האָט ער באַלד אַראָפּגעוואָרפן פון זיך זיין שאָפערן-כאַלאַטל מיטן היטל, אַרויסגענומען פון דער מאַשין דאָס קעסטעלע מיט די פאַרבן, די פּענדזלען, אויפגעשטעלט דאָס מאָלער-



א. בערלין — פייזאזש, פאסטעל - קאלעקציע ה. [illegible]

שטענדערל און זיך גענומען מאָלן די לאַנדשאַפט פון „ציגן־טאָל“.

ער פלעגט דאָרטן אַזוי בלייבן עטלעכע שעה. דאָס איז געווען זיין גרעסטער תענוג. אַ צופרידענער האָט ער זיך דערנאָך אומגעקערט קיין פּאַריז.

פון יענעם שיינעם ווינקל שטאַמען דער רוב פון זיינע בילדער, וואָס ער פלעגט אויסשטעלן אין „האַרבסט־סאַלאָן“, אין „טיולערי־סאַלאָן“ און אין דער קונסט־גאַלעריע „פּאַל אַפּעל“ אויף רי באָנאַפּאַרט.

■

אַזוי ווי זיי, די ברוינע חיילות, זיינען אַריין קיין פּאַריז, האָט מען געהאַלטן אין איין אַרעסטירן, נישט נאָר סאָוויעטישע בירגער, נייערט אויך אָפּשטאַמיקע פון רוסלאַנד, און אין איינעם מיט זיי בירגער פון די לענדער, וואָס זיינען מיט דייטשלאַנד געשטאַנען אין מלחמה.

אברהם בערלינען, וואָס האָט גענומען אָנטייל אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, האָט מען אַרעסטירט אין חודש מאַי 1941 און פאַרשפּאַרט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער פון קאָמפּיען.

דער קינסטלער, וואָס איז בטבע געווען אַן אָפּטימיסטישער, לעבנסלוסטיקער מענטש מיט אַ שטענדיקן גוטן, שמייכלענדיקן הומאָר און פון וועלכן עס האָט געשפּרודלט פיזישע און מאָראַלישע געזונטקייט און פרישקייט, האָט זיך, בעת ער איז אַריינגעפאַלן אין „זייערע הענט“, נישט געמאַכט קיין אילוזיעס בנוגע דעם גורל, וואָס דערוואַרט אים און אַלע זיינע פאַרשפּאַרטע חברים.

דווקא דער פון נאַטור אייביק אָפּטימיסטישער קינסטלער האָט באַלד ביים אַריינקום פון די דייטשן קיין פּאַריז פאָרויסגעפילט און פאָרויסגעזען, אַז עס רוקן זיך אָן פאַר יידן שווערע, ביטערע צייטן, אַז מען דאַרף זיך ריכטן אויף די סאַמע שרעקלעכסטע זאַכן. ער איז געווען זייער פּעסימיסטיש וואָס שייך דער נאָענטער צוקונפט.

זייענדיק אין לאַגער פלעגט ער זאָגן צו זיינע חברים:

„עס וועט זיין שווער, ברידערלעך, זיך אַרויסצובאַקומען פון זייערע לאַפּעס.“

ער האָט אין קאָמפּיען אַ ביסל געאַרבעט, געמאַכט עטלעכע שיינע פּאַסטעלן, וועלכע ער האָט דאָרטן אויסגעשטעלט אין איינעם מיט די קינסטלערישע אַרבעטן פון די אַנדערע פאַרשפּאַרטע חברים־קינסטלער.

ער איז געווען צוליב זיין פריינדלעכן כאַראַקטער ביי אַלעמען באַליבט און געאַכפּערט. ער איז צו דעם צו געווען זייער באַשיידן. נישט געוואָלט מחמת זיין איינגעבאַקענער באַשיידנקייט אַרויסזאָגן זיין מיינונג וועגן דער מאָלעריי פון אַ קינסטלער.

נאָכן אָפּזיצן זיבעצן חדשים אין קאָנצענטראַציע־לאַגער פון קאָמפּיען, פירט מען אים קיין דראַנסי. און פון דאָרטן האָט מען אים דעפּאָרטירט, אין יאָר 1942, קיין היידעברעק, דייטשלאַנד.

■

זיין פרוי, דוסיאַ בערלין, איז געוואָרן דעפּאָרטירט דעם 16טן יולי 1942. נאָכן אַרעסט פון איר מאַן האָט זי זיך נישט געוואָלט אויסבאַהאַלטן. זי האָט אויך מורא געהאַט, אַז טאָמער געפינט מען זי נישט, קען מען נאָך איר צוגענומענעם מאַן דערשיסן.



# יוסף בראָנשטיין
# JOSEPH BRONSTEIN
1898-1943

יוסף בראָנשטיין איז געבוירן געוואָרן דעם 24טן יולי 1898 אין קליינעם בעסאַראַבישן שטעטל קאַפּינאָווע, אין אַ באַלעבאַטיש־יידישער היים.

די יוגנט האָט ער פאַרברענגט אין קישענעוו, דאָרטן געגאַנגען אין גימנאַזיע.

די עלטערן האָבן געחלומט צו מאַכן פון זייער זון אַן אַדוואָקאַט. אים האָט אָבער געצויגן צו אַ גאָר אַנדערן, שוין גאָרנישט קיין „פּראַקטישן" באַרוף: זיין אַ קינסטלער. ער איז טאַקע אַוועק קיין אָדעס און דאָרטן אַריין אין דער קונסט־אַקאַדעמיע, וווּ ער האָט שטודירט מאָלעריי.

ווען עס ברעכט אויס די רוסישע רעוואָלוציע, ווערט דער יונגער סטודענט פון דער אָדעסער קונסט־אַקאַדעמיע אין גאַנצן פאַרכאַפּט פון רע־וואָלוציאָנערן אויפברויז. מיט התלהבות און לײדנשאַפט וואַרפט ער זיך אַריין אין געראַנגל פאַר אַ נייער, שענערער וועלט.



י. בראָנשטיין

פּאָרטרעט פון קינסטלער־קדוש א. מאַנדלבוים, בליי־צייכענונג

ער איז בעיקר אַקטיוו אין אָדעסער ראַיאָן.

נאָך די רעוואָלוציע־יאָרן קומט ער קיין רומעניע. ער מאַכט דאָרטן דעקאָראַציעס פאַרן טעאַטער.

ער פאָרט שפּעטער קיין דייטשלאַנד, כדי דאָרטן שטודירן ווייטער מאָלעריי.

אַרום 1924 קומט ער פון דייטשלאַנד קיין פּאַריז און באַ־זוכט דאָ די קונסט־אַקאַדעמיע.

כדי צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט, נעמט ער זיך אַר־בעטן ביי באַטיק און פאַרדינט אגב נישט שלעכט.

האָבנדיק אָפּגעשפּאָרט אַ ביסל געלט, פאַרלאָזט ער די גרויסע שטאָט און ציט זיך צוריק אין אַ שטיל, רואיק דאָרף און מאָלט דאָרטן.

מאָלן מאָלט ער בעיקר פּייזאַזשן און פּאָרטרעטן, צווישן זיי דעם פּאָרטרעט פון זיין פריינד, דעם מאָלער־קינסטלער אפרים מאַנדלבוים.

האָבנדיק פאַרברענגט אַ צייט אין דאָרף ביי זיינע מאָלע־

רישע אַרבעטן, קומט ער דערנאָך צוריק קיין פּאַריז, ווו ער נעמט זיך צייכענען אויף שטאָפן, נישט אויפהערנדיק אָבער דערביי זיך צו אינטערעסירן מיט מאָלעריי.

ער ווערט דאָ אַ קאָלעקציאָנער פון די ווערק פון זיינע פריינד: די מאָלער־קינסטלער אפרים מאָנדלבוים, חיים עפּשטיין, פּנחס קרעמען, דאָברינסקי און אַנדערע באַוווסטע יידישע קינסטלער. ער קאָלעקציאָנירט אויך ווערק פון באַוווסטן יידישן סקולפּטאָר לעאָן אינדענבוים.

ער, יוסף בראָנשטיין, האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם טיפּ פון רוסיש־יידישן אינטעליגענט.

ער האָט געקענט און ליב געהאַט די ליטעראַטור, בפרט די רוסישע. פון דער פּלאַסטישער קונסט איז שוין אָפּגערעדט.

יוסף בראָנשטיין, דער בעסאַראַבישער ייד, איז געווען אַן אָפּטימיסט, אַ בעל־בטחון. ער איז געווען אַ גוטער פריינד, געהאַט אַ גוט יידיש האַרץ און איז נישט געווען גלייכגילטיק צום לעבן און שאַפן פון זיינע חברים־קינסטלער.

מיט זיין שטענדיקן אָפּטימיזם און גלויבן אין מענטש האָט ער זיך גאָרנישט געקענט פאָרשטעלן, אַז עס איז מעגלעך, אַז עס זאָלן עקזיסטירן אַזעלכע באַרבאַרן ווי די נאַצים.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז ער זיך געגאַנגען אַנגאַזשירן אין דער פראַנצויזישער אַרמיי. צוליב זיין שוואַכן געזונט האָט מען אים אָבער נישט אָנגענומען.
ווען די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צו פּאַריז, האָט ער פאַרלאָזט די שטאָט.

ער איז שפּעטער צוריקגעקומען. ער קען אָבער נישט צוזען ווי זיי, די דייטשן, פאַראַדירן איבער די גאַסן פון דער שיינער שטאָט, מיט איר גרויסע טראַדיציעס פון פרייהייט, פון קולטור. ער פאַרלאָזט זי ווידער און פּרוווט, דעם 27טן פעברואַר 1943, אַריבערגיין אין דער „פרייער זאָנע“.

פיר אַ זייגער פאַר טאָג ווערט ער, ביים אַריבערגיין אויף דער אַנדערער זייט גרענעץ, פאַרהאַלטן אין זשעהע, לעבן שאַטאָרו, דורך פראַנצויזישע זשאַנדאַרן פון דער בריגאַדע פון עקיע, ווו מען האָט צוגענומען דעם פּאַריזער יידישן שרייבער אהרן בעקערמאַן און אים דעפּאָרטירט.

די זשאַנדאַרן האָבן יוסף בראָנשטיינען געפירט קיין נעקסאָן, אין זאַמל־לאַגער. פון דאָרטן האָט מען אים, אונטער אַ שטרענגער שמירה, מיט טויזנטער אַנדערע יידן דעם 3טן מערץ 1943 געברענגט קיין דראַנסי.

מען האָט אים פון דאָרטן דעפּאָרטירט דעם 6טן מערץ מיט עלף הונדערט יידן. מען האָט מיר געזאָגט, אַז פון די עלף הונדערט יידן זיינען דריי געבליבן לעבן...

## ארץ
## אל-תכסי דמי

# דוד ברײַנין
# DAVID BRAININ

1905-1942



דוד ברײַנין איז געבוירן געוואָרן דעם 25טן אויגוסט 1905 אין דער רוסיש-אוקראַיני-שער שטאָט כאַרקאָוו, וווּ זײַן פֿאָטער האָט געאַרבעט אַלס שנײַדער.

ווען ער ווערט פֿערצן יאָר אַלט, ווערט דוד ברײַנין, וואָס האָט אַדורכגעמאַכט אין רוסלאַנד די מלחמה, בירגערקריג, רעוואָלוציע, הונגער און פּאָגראָמען, באַוועלטיקט פֿון אַן אימפּעטיק-יוגנטלעכן וואַנדער-צאַפּל.

עס נעמט אים אַרום אַ בענקשאַפֿט זיך צו דערשלאָגן צו די ברעגן פֿון ארץ-ישראל. זען מיט די אייגענע אויגן דאָס ייִדישע לאַנד.

און כּדי צו דערגרייכן זײַן ציל, וועט דאָס פֿערצן-יאָריקע כאַרקאָווער ייִדישע ייִנגל זיך פֿאַר גאָרנישט אָפּשטעלן, פֿאַר גאָרנישט אָפּשרעקן.

און בײַ פֿערצן פֿרילינגען קען דאָך דאָס שווערסטע פֿאָר-קומען פֿליגל-לײַכט.

ער וואַרפֿט אַוועק די כאַרקאָווער רוסישע מיטלשול און, אָן עמיצן צו זאָגן אַ וואָרט, לאָזט ער זיך אין יענער אויפֿ-געשטורעמטער צײַט איינער אַליין אין וועג.

נאָך לאַנגע וואָגלענישן איבער וועגן און אומוועגן דער-גרייכט ער זײַן ציל:

ער קומט אָן קיין ארץ-ישראל.

ער פֿאַרברענגט דאָרט פֿינף יאָר.

שפּעטער קומט ער קיין פּאַריז און האָט דאָ חתונה.

ער נעמט זיך צו דער כאָרעאָגראַפֿישער קונסט. דער כאַר-קאָווער יונגערמאַן ווײַזט זיך דאָ גאָר אַרויס פֿאַר אַן אויס-געצייכנטן אינטערפּרעטירער פֿון רוסישע און אַנדערע פֿאָלקסטענץ.

די דירעקטריסע פֿון דער רוסישער אָפּערע, די פֿרוי קוזניע-צאָוואַ, אַנגאַזשירט אים אויסצופֿירן טענץ בײַ אירע פֿאָר-שטעלונגען.

ער טרעט אויך אַרויס אין „קאַזינאָ פֿון פּאַריז".

אין יאָר 1931 פֿאָרט ער מיט זײַן יונגער פֿרוי קיין דרום-אַמעריקע. זיי טרעטן ביידע אַרויס אין באַלעט פֿון דער רוסישער אָפּערע אין בועַנאָס-אײַרעס, ריאָ-דע-זשאַנעראָ און אין מעקסיקאָ.

ווען ער קומט צוריק קיין פּאַריז, באַזוכט ער במשך פֿון פֿיר יאָר די פּאַריזער קונסט-אַקאַדעמיע, וואָס ער ענדיקט מיט אַ דיפּלאָם פֿון אַ מאָלער-דעקאָראַטאָר, און הייבט אָן אַרבעטן ווי אַ מאָלער-דעקאָראַטאָר בײַ פֿילמען. ער מאָלט אָבער אויך צוגלײַך פּאָרטרעטן.

בעת די רדיפֿות און געיעגן אויף ייִדן אין די מלחמה-יאָרן ווערט ער פֿאַרהאַלטן אין איינער פֿון די פּאַריזער גאַסן און מען פֿירט אים אַוועק קיין דראַנסי.

דעם 29טן אַפּריל 1942 פֿירט מען אים פֿון דאָרטן אַריבער קיין קאָמפּיען, אין קאָנצענטראַציע-לאַגער.

אין ביידע לאַגערן, וווּ ער איז געווען פֿאַרשפּאַרט, האָט ער געמאַכט צייכענונגען: לאַגער-מאָטיוון, ווי „די פֿאַר-שפּאַרטע ביים וואַשן", „די לאַגער-שומרים", „דאָס פֿונאַנ-



ד. ברײַנין — דער אומגעקומענער דיכטער י. מאַנדעלשטאַם
קאָלעקציע ה. פֿענסטער



ד. בריינין לאַגער אין קאַמפּיען, בליי־צייכענונג. קאָלעקציע ה. פענסטער

דערשיידן פון די, וואָס מען שיקט אין דער „אומבאַקאַנטער ריכטונג" פון די, וואָס בלייבן נאָך, דערווייל, אין לאַגער, וואָס זייער ריי וועט אויך קומען."
דוד בריינין, וואָס איז פאַר זיין ערלעכקייט, מוטיקייט און חברישקייט געווען באַליבט ביי זיינע חברים בצרה, האָט אויך אין די לאַגערן געמאַכט קליינע פּאָרטרעט־צייכענונגען, צווישן זיי דעם פּאָרטרעט פון רוסיש־יידישן לירישן פּאָעט און ליטעראַטור־קריטיקער יורי מאַנדל־שטאַם (אַן איידעם פון באַרימטן רוסישן קאָמפּאָזיטאָר סטראַווינסקי), וואָס האָט געפירט די ליטעראַרישע רובריק אין אַ פּאַריזער טעגלעכער רוסישער צייטונג און וואָס איז אומגעקומען אין איינעם פון די טויטלאַגערן.
ער, דוד בריינין, איז געוואָרן דעפּאָרטירט פון קאָמפּיען דעם 5טן יוני 1942.

⁂

### אַ בריוו

וואָס דער קדוש האָט אַרויסגעשיקט פון לאַגער צו זיין פרוי און קינד, איידער מ'האָט אים דעפּאָרטירט:

מיין טייערינקע,

איך האָב דערהאַלטן דיין בריוו פון 14טן יוני.

איך בין זייער גליקלעך, אַז איר זענט געזונט און אַז דו אַרבעטסט ענדלעך אַ ביסל. איך ווייס ווי דו מאַטערסט זיך. ווען איך טראַכט, אַז דו קומסט אַהיים שפּעט ביי נאַכט פון דער אַרבעט, האָב איך דערפון אַ סך צער און איך בין טרויעריק.

טייערע וועראַ, גאָט זאָל דיר געבן כוח צו קענען בייקומען דאָס איצטיקע שווערע לעבן.

די דאָזיקע לעצטע פּאָר ווערטער האָט ער געשריבן צו זיין קינד:

מיין טייערער גרישאַ,
איך וואַרט מיט אומגעדולד אויף דיין בריוו און צייכענונג.

■

דער דאָזיקער בריוו איז דאַטירט פון 17טן יוני 1942.

# עפים ברכות
# EFIM BRUHIS
## 1901-1942



עפים ברכות, וואָס איז געווען אַ סקולפּטאָר און דעקאָראַטאָר, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1901 אין אָדעס, אין אַן אינטעליגענטער יידישער היים.

זיין פאָטער, וואָס האָט אין אָדעס געהאַט אַן אַפּטייק, האָט אים, נאָך דער פאָלקסשול, געלאָזט לערנען אין אַ מיטלשול.

היות דער זון האָט פון זיינע פריסטע יאָרן אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו צייכענען, צו קנעטן און מאָדעלירן כלערליי פיגורן, האָט ער אים שפּעטער אויך געשיקט אין דער אָדעסער קונסט־אַקאַדעמיע שטודירן סקולפּטור.

ער, דער פאָטער, איז אין די צייטן פון בירגערקריג און רעוואָלוציע דערשאָסן געוואָרן אין אָדעס.

דער פּלוצעמדיקער טראַגישער טויט זיינער האָט אויפן יונגען סטודענט פון דער אָדעסער קונסט־אַקאַדעמיע געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק. ער האָט נישט געקענט מער איינזיצן אין דער שטאָט, אין וועלכער זיין געליבטער פאָטער האָט אויף אַזאַ טראַגישן אופן דעם טויט געפונען. ער האָט זי פאַרלאָזט און זיך גענומען וואָגלען. ער איז נאָך גרויס מי און מאַטערניש אָנגעקומען קיין קעשענעוו, ווו ער האָט געהאַט משפחה. ער איז דאָרטן בסך־הכל פאַרבליבן נישט מער ווי עטלעכע טעג.

ער האָט זיך פון דאָרטן געלאָזט קיין בערלין, ווו ער האָט, במשך פון אַ יאָר, זיך פאַרנומען מיט סקולפּטור און מיט דעקאָראַציעס.

אין יאָר 1922 קומט ער פון דאָרטן קיין פּאַריז און שטודירט דאָ ווייטער אין סקולפּטור־אָפּטייל פון דער קונסט־אַקאַדעמיע. ער אַרבעט אויך אין דער אַקאַדעמיע „לאַ גראַנד שאָמיער“ („די גרויסע כאַטע“).

ער האָט דאָ חתונה מיט אַ שווייצער יידיש מיידל.

ער איז געווען אַ זייער פעיקער און געשיקטער מענטש. אַ מענטש, וואָס קען אַלץ און שלאָגט זיך במילא אַדורך אין לעבן.

אין פּאַריז אַרבעט ער ביי אַלץ, וואָס האָט נאָר אַ שייכות מיט דעקאָראַטיווער קונסט. ער מאָלט אויך אויף זיידנס און פאַרנעמט זיך צוגלייך מיט זיין סקולפּטור.

אין יאָר 1941 פאַלט ער אַריין אין די הענט פון די פאַרפּאָלגער. מען ברענגט אים צו פירן קיין קאָמפּיען, אין קאָנצענטראַציע־לאַגער.

ער אַרבעט צו ביסלעך און שטעלט דאָרטן אויס אין אייגעם מיט די אַנדערע פאַרשפּאַרטע יידישע קינסטלער, ווי: זשאַק גאָטקאָ, דוד הויכמאַן, סאַוועלי שלייפער, יעקב מילקין, דער יונגינקער זשאַק אָסטראָווסקי, ס. פּאָטינסקי און קישקאַ.

זיי האָבן דאָרטן געמאָלט לאַגער־מאָטיוון און פּאָרטרעטן. מען האָט אים, עפים ברכות, פון דאָרטן אַוועקגעשיקט מיט זיינע חברים־קינסטלער קיין דראַנסי, פון וואַנען ער איז דעפּאָרטירט געוואָרן דעם 14טן אָקטאָבער 1942.

# זשאַק גאָטקאָ
# JACQUES GOTKO

1900-1943



אייגנאַרטיק, דערנערדיק און צוגלייך וווּנדערלעך זײַנען די וועגן און אומוועגן פֿון ייִדישן קינסטלער, פֿון ייִדישן קינד בכלל, וואָס טראָגט מיט זיך אַ פֿאַרבאָרגענעם טאַלאַנט. אָט רײַסט ער זיך, דער געבוירענער קינסטלער, געטריבן דורך אַ מעכטיקן יחידישן ווילן, צו פֿרישע, נײַע האָריזאָנטן, אָט ווערט ער אָפּט מאָל געשטויסן פֿון אַ דרויסנדיקן כּוח, וואָס קומט צו אים ווי אַ פּועל־יוצא פֿון רשעות.

די קינדער פֿון וואָגלער־פֿאָלק שטעלן אויף זייערע געצעלטן אין שפּאָגלנײַע מקומות און דאָ, ווו מען לאָזט זיי נאָר אַ ביסל פֿרײַ עטעמען, צעבליט זיך באַלד דאָס, וואָס איז געווען אין זיי פֿאַרבאָרגן; דאָס, וואָס זיי האָבן תּמיד געטראָגן מיט זיך, און וואָס מ'האָט נישט דערלאָזט אין דער פֿריערדיקער „היים" אויפֿשפּראָצן.

צו די קינדער פֿון וואָגלער־פֿאָלק, וועמענס טאַלאַנט ס'האָט זיך צעבליט אין די נײַע מקומות, ווו די עלטערן האָבן זיי געבראַכט, געהערט דער קינסטלער און קדוש יעקב גאָטקאָווסקי, וואָס האָט געחתמעט זײַנע קינסטלערישע ווערק מיטן נאָמען זשאַק גאָטקאָ.

ס'איז אפֿשר כּדאַי, אין שײַכות מיט דעם, זיך אָפּצושטעלן אַ ביסל אויף צוויי מעכטיקע ייִדישע וואָגלער־שטראָמען פֿון צוויי וויכטיקע און צוגלייך טראַגישע תּקופֿות אין לעבן פֿון אונדזער פֿאָלק: די ערשטע תּקופֿה הייבט זיך אָן אין די אַכציקער יאָרן פֿונעם פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, ווו ייִדן האָבן גענומען דעם וואָגלער־שטעקן, ווי אַ פּועל־יוצא פֿון רדיפֿות און פּאָגראָמען אין צאַרישן רוסלאַנד. די אַנטוישטע און פֿאַרביטערטע מיזרח־ייִדישע אינטעליגענץ, וואָס איז געווען אײַנגעגלייבט אין השׂכּלה, האָט זיך, אונטער די קלעפּ פֿון די טראַגישע געשעענישן בעת דער פּאָגראָם־כוואַליע פֿון די אַכציקער יאָרן, אַ צעוווייטיקטע, אָבער צוגלייך אויך אַ מוטיקע, געלאָזט, אונטער דעם לאָזונג „בית יעקב לכו ונלכו" (ביל"ו), קיין ארץ־ישׂראל. זי האָט ווי פּיאָנערן, ווי חלוצים, געלייגט דעם יסוד פֿאַרן ישוב אין ארץ־ישׂראל. אַנדערע ייִדן האָבן זיך געלאָזט קיין אַמעריקע און אַנדערע לענדער מעבר לים. דער צווייטער ייִדישער עמיגראַציע־שטראָם האָט זיך אָנגעהויבן, דער עיקר, צו מאָרגנס נאָך דעם פֿיזישן נצחון פֿון די רעאַקציאָנערע כּוחות איבער דער רעוואָלוציע פֿון 1905, ביי וועלכער די ייִדישע אינטעליגענץ, די אויפֿגעוואַכטע ייִדישע פֿאָלקס־מאַסן, האָבן גענומען אַקטיוון אָנטייל.

מיטן זיג פֿון דער רעאַקציע האָט זיך אָנגעהויבן אַ פֿרישע קייט פֿון רדיפֿות און פּאָגראָמען. אַ טייל ייִדישע אינטעליגענץ איז געוואָרן באַהערשט פֿון יאוש־שטימונגען.

די דאָזיקע צוויי ייִדישע וואָגלער־שטראָמען, דער עיקר דער לעצטער, האָבן גורם געווען צום אויפֿקום פֿון די צוויי אַזוי וויכטיקע ייִדישע צענטערן פֿון ארץ־ישׂראל און פֿון אַמעריקע, מיט די אַלע וויכטיקע סאָציאַלע און קולטורעלע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס.

אַ קלענערע צאָל ייִדן האָט זיך באַזעצט אין די לענדער פֿון מערב־אייראָפּע, אָפּט מאָל דערפֿאַר, ווײַל מ'האָט פּשוט נישט געהאַט קיין מיטלען צו פֿאָרן ווײַטער, איז מען געבליבן „דערווײַל" אין פּאַריז, אין לאָנדאָן וכדומה, ווו מ'האָט „דערווײַל" אָנגעהויבן צו אַרבעטן, אײַנגעאָרדנט אַ שטוב, געהאַט קינדער, און אַזוי איז מען שוין פֿאַרבליבן. טראַגיש איז געווען דאָס לעבן פֿון די דאָזיקע ייִדישע וואָגלערס. מאָריס ראָזענפֿעלד, דער באַרימטער ייִדישער אַרבעטער־דיכטער, האָט צום בולטסטן און צום שטאַרקסטן אויסגעדריקט אין זײַן „אויפֿן בוזעם פֿון ים" זייער עלנטקייט און זייער צער. האָבנדיק פֿאַרלאָזן די אַלטע היימען, ווו מ'האָט דורות געלעבט און געחלומט, זײַנען זיי געקומען אין מקומות, וואָס זײַנען זיי געווען לחלוטין פֿרעמד, וועמענס מינהגים זיי האָבן נישט געקענט און וועמענס לשונות זיי האָבן נישט פֿאַרשטאַנען. זיי זײַנען געווען אָנגעוויזן אין גאַנצן אויף זיך אַליין. און זיי, אונדזערע וואָגלערס, האָבן באַוויזן וווּנדער.

די נײַע ישובֿים זײַנען געבוירן געוואָרן דורך אַ געוואַלטיקן אָנשטרענג און ווייטיק. זיי האָבן זיך פֿונאַנדערגעוויקלט ווי אַ פּועל־יוצא פֿון גרויסער, מעכטיק־שטראָמיקער ייִדישער פֿאָלקס־ענערגיע.

צו דעם צווייטן ייִדישן וואָגלער־שטראָם געהער דער ייִדישער אַרבעטאָרער אידל־הערש גאָטקאָווסקי מיט זײַן ווײַב ציפּע, וואָס האָבן פֿאַרלאָזט דאָס צאַרישע רוסלאַנד אין יאָר 1905. זיי זײַנען געקומען פֿון אָדעס מיט זייער פֿינף יאָר אַלטן יאַנקעלע, דעם שפּעטערדיקן טאַלאַנטירטן מאָלער־קינסטלער און קדוש יעקב גאָטקאָווסקי־זשאַק גאָטקאָ. זיי האָבן זיך באַזעצט אין פּאַריז. מן הסתם אויך „אויף דערווײַל".

אין פּאַריז האָט אידל־הערש גאָטקאָווסקי, דער פֿאָטער פֿון קינסטלער־קדוש, געאַרבעט ווי אַ שמעלצער אין דער אײַזנגיסערײַ „פּיאַט".

אַכט יאָר נאָך זיין קומען קיין פּאַריז שטאַרבט דער אַדעסער יידישער אַרבעטער, איבערלאָזנדיק אַן אַלמנה מיט צוויי יונגע יתומים. דער עול מפרנס צו זיין די יתומים פאַלט אין גאַנצן אויף דער אַלמנה.

יאַנקעלע, וואָס איז אין פּאַריז געגאַנגען אין אַ פֿאָלקשול, און אפשר אויך במשך פון עטלעכע יאָר אין אַ מיטלשול, איז אַריינגעטרעטן אין דער פּאַריזער קונסט-אַקאַדעמיע, כדי צו שטודירן דאָרטן מאָלעריי. ווען ער האָט געענדיקט די קונסט-אַקאַדעמיע, אַרבעט ער אַ געוויסע צייט ביי אַן אַרכיטעקט. ער קען אָבער דאָרטן נישט איינזיצן. עס ציט דעם יונגן קינסטלער צו זיין אמתער אַרבעט: צו דער מאָלעריי. ער פּאַרלאָזט, קעגן ווילן פון זיינע נאָענטע, די אַרבעט ביים אַרכיטעקט און גיט זיך אָפּ זיין קונסט.

ער שטעלט אויס עטלעכע מאָל מיט גרויס הצלחה זיינע קינסטלערישע שאַפונגען אין „האַרבסט-סאַלאָן", אין „סאַלאָן פון די אומאָפּהענגיקע" און אין די קונסט-גאַלעריעס „זאַק" און „זשאַן קאַסטעל".

אַרום 1935 הייבט אָן גאָטקאָ צו אַרבעטן ווי אַן אַרכיטעקט-דעקאָראַטאָר ביים פילם. ער האָט אויך אויף דעם דאָזיקן פעלד אַ גרויסן דערפאָלג און דער זון פון אַדעסער יידישן אַרבעטער ציט די אויפמערקלעכקייט און אינטערעס צו זיך.



זש. גאָטקאָ

לאַגער אין קאַמפּיען, אַקוואַרעל — קאָלעקציע ה. פענסטער

אָט זיינען די פילמען, צו וועלכע אונדזער קינסטלער האָט געמאַכט די דעקאָראַציעס: „די נסיעה פון מעסיע בערישאָן", „די געטלעכע", „די דעליקאַטע פיינדין" (מיט דער אַקטריסע סימאָן בעריאָ), „די שיינע געזעלשאַפט" און „די שול פון די זשורנאַליסטן".

צו דעם פילם „די נסיעה פון מעסיע בערישאָן" האָט דער קינסטלער, דער זון פון יידישן שמעלצער אידל-הערש, אין איין נאַכט איבערגעשמעלצט דעם הייטנטיקן ליאָנער וואָקזאַל פון פּאַריז אין ליאָנער וואָקזאַל פון יאָר 1900.

גאָטקאָ, וואָס אַרבעט מיט אַזאַ גרויסן מאָראַלן און מאַטעריעלן דערפאָלג אין די פילם-שטודיעס, רייסט מיט איין מאָל איבער מיט זיין אַרבעט ווי אַ פילם-דעקאָראַטאָר. ער, דער קינסטלער, איז מוותר אויף די גרויסע הכנסות, אויף זיינע אַלע דערפאָלגן און אויפן כבוד, וואָס עס ברענגט אים דער פילם. ער פּאַרלאָזט מיט זיין יונגער פרוי פּאַריז. ער ציט זיך צוריק אין שטילן דאָרף מעשע (דעפּאַרטאַמענט שאַראַנט-מאַריטים) און נעמט זיך מיט ברען, מיט התלהבות צו זיין אמתן באַרוף: צו דער מאָלעריי.



זש. גאָטקאָ — לאַגער אין קאָמפּיען, פעדער-צייכענונג. קאָלעקציע ה. פענסטער

גאָטקאָ דער קינסטלער האָט מורא געהאַט, אַז זיין קונסט, זיין אמתע קונסט, וועט נאָך חלילה ליידן, אויב ער וועט לאַנג בלייבן ביים פילם.

די צייט, וואָס ער פאַרברענגט אין צוריקגעצויגענער דאָרפישער שטילקייט ביי זיין באַליבטער אַרבעט, איז די גליקלעכסטע און וויכטיקסטע תקופה אין זיין לעבן און שאַפן. ער ברענגט אַהין זיין מוטער, וואָס ער האָט שטאַרק ליב געהאַט און געווען צוגעבונדן צו איר מיט דער גאָרער וואַרעמקייט און צערטלעכקייט פון זיין קינסטלער-נשמה, זיין שוועסטער אסתר. עס קומט אויך אַהין די פראַנצויזישע פאַמיליע פון זיין פרוי און אַלע וווינען און לעבן צוזאַמען אינעם שיינעם דאָרף.

⁂

דעם 26טן אַפּריל 1939 קומט פאָר אין פאַריז אין דער קונסט-גאַלעריע „זשאַן קאַסטעל“ אַן אויסשטעלונג פון די ווערק, דער עיקר אַקוואַרעלן, וואָס דער קינסטלער האָט געמאָלן אין זיין דאָרפישער צוריקגעצויגנקייט.

זיינע פאַרבנרייכע, וואַרעמע, מיט פרישקייט צאַפּלנדיקע אַקוואַרעלן ווערן אויפגענומען מצד דער קונסטקריטיק און די קונסט-ליבהאָבער מיט גרויס סימפּאַטיע און אָנערקענונג.

דאָס איז געווען, צום באַדויערן, די לעצטע אויסשטעלונג פון זשאַק גאָטקאָ.

דער קינסטלער האָט אויך געמאָלן אייל-בילדער, אָבער ער צייכנט זיך אויס דער עיקר ווי אַן אַקוואַרעליסט. ער האָט אויך געמאַכט מיט אַ סך הצלחה האָלץ-גראַווירונגען און פאַסטעלן.

דעם 11טן יולי 1942 הייבט זיך אָן פאַר דעם דאָזיקן אַטלעטיש-געבויטן קינסטלער מיט דער סובטעלער נשמה דער וועג פון פּיין, צער, פון מאָראַלע און פיזישע ליידן: ער ווערט אין דאָזיקן טאָג אַרעסטירט ווי אַ רוס. (נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער האָט קרוב פערציק יאָר געלעבט אין פראַנקרייך, דאָ דערצויגן געוואָרן, באַזוכט די שולן, איז ער פאַרבליבן אַ רוסישער „אַפּאַטריד“, אַ שטאַטנלאָזער). מען אינטערנירט אים אין סענט. אַכט טאָג שפּעטער קומט ער צוריק אין זיין דאָרפישער היים, ווו ער ווערט אַ וואָך דערנאָך אויף ס'ניי צוגענומען, דאָס מאָל ווי אַ ייד... מען פאַרשפּאַרט אים נאָך אַ מאָל אין סענט. פון דאָרטן ווערט ער געפירט קיין קאָמפּיען אין קאָנצענטראַציע-לאַגער. אין לאַגער, אין קאָמפּיען, הערט גאָטקאָ דער קינסטלער נישט אויף צו אַרבעטן ביי זיין קונסט. ער מאַכט דאָרטן זייער שיינע אַקוואַרעלן, האָלץ-גראַווירונגען און פאַסטעלן, וואָס האָבן אַ שייכות צום לאַגער, צום לעבן פון די פאַרשפּאַרטע וכדומה. אַחוץ דעם ריין קינסטלערישן ווערט האָבן זיי אַ באַזונדערן ווערט ווי אַ וויכטיקער היסטאָרישער דאָקומענט פון דער „תקופה פון די לאַגערן“...

פון קאָמפּיען שיקט מען זשאַק גאָטקאָ מיט 147 רוסישע יידן קיין דראַנסי, דעם פּרוזדור צום אומקום. פאַר דעם אַוועקגיין פון קאָמפּיען גיט זיי דער דייטש נאַכטיגאַל זיין „ערנוואָרט פון אַ דייטשישן אָפיציר", אַז מען וועט זיי נישט דעפּאָרטירן, אַז עס וועט זיי, די רוסישע יידן, גאָרנישט געשען...

***

בעת דער קינסטלער האָט זיך געפונען אין דראַנסי, זיינען פאָרשטייער פון „האַרן־פאָלק" געקומען אין זיין דאָרפישער, שטילער היים און אַוועקגעטראָגן אַלץ, וואָס זייער טריפה האַרץ האָט נאָר געוואָלט. זיי האָבן אַחוץ דעם, ווי עס פאַסט פאַר אַ פאָלק פון האַרן, צעריסן אַ גרעסערע צאָל ווערק פון קינסטלער, צווישן זיי אַ גרויס בילד, אַן אַקט, וואָס איז געווען אַ מאָל אויסגעשטעלט. — „דאָס איז יידישע קונסט", האָבן זיי, בעת דעם צערייסן, געבילט.

ווען די דאָזיקע ידיעה איז דערגאַנגען צום קינסטלער, איז ער געוואָרן אין גאַנצן צעבראָכן: יאָרן פון קינסטלערישער שאַפונג זיינען מיט איין מאָל געגאַנגען לאיבוד.

דערנאָך איז געקומען אַ ניי אומגליק פאַרן פאַרשפאַרטן קינסטלער: זיין געליבטע אַלטע מוטער, זיין שוועסטער אסתר, זיינען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די רוצחים. מ'האָט מאַמע און שוועסטער געברענגט צו פירן קיין דראַנסי און זיי פון דאָרטן דעפּאָרטירט נאָך פאַר אים.

ווען מ'האָט די געליבטע מאַמע און שוועסטער אַוועקגעפירט פון דראַנסי צום אומקום, איז ער געשטאַנען מיט ביידע הענט אָנגעלענט אויף זיין שטעקן (ער האָט געהינקט) און פון זיינע אויגן האָבן גערונען קוואַלן טרערן. ער איז געווען צעבראָכן.

***

דעם 31טן יולי 1943 ווערט זשאַק גאָטקאָ אַליין דעפּאָרטירט. ער האָט אויסגעהאַלטן עטלעכע חדשים אין די טויטלאַגערן און דערנאָך אַוועקגעפאַלן פון אַ טיפוס אינעם קאַצעט פון בירקענאַו.

***

זייענדיק אין דראַנסי האָט דער קינסטלער זיך געמאַכט אַ נדר, אַז אויב ער וועט אַ מאָל אַרויס אַ לעבעדיקער, וועט ער מאַכן אַ פילם פון דראַנסי און דאָס נישט מיט באַרוף־קינסטלערס, נייערט מיט די קרבנות אַליין ווי אַקטיאָרן, „ווייל ס'איז נייטיק, — האָט ער געזאָגט, — אַז די וועלט זאָל וויסן, וואָס עס איז פאָרגעקומען דאָרטן, אין דראַנסי. ווייזן דער וועלט אַלע געמיינקייטן און אַלע שענדונגען פון נאָמען מענטש".

דער דאָזיקער שטאַרקער רצון פון קינסטלער און קדוש יעקב גאָטקאָווסקי — זשאַק גאָטקאָ איז נישט מקוים געוואָרן:

דער דייטש נאַכטיגאַל האָט אים און אַנדערע יידן געגעבן זיין „ערנוואָרט פון אַ דייטשישן אָפיציר"...

***

וועגן דער קונסט פון זשאַק גאָטקאָ האָבן געשריבן, בשעת זיין לעצטער אויסשטעלונג, די צייטונגען „פאַרי־מידי" (אַפּריל 1939), „פאַרי סואַר" (פון 30טן אַפּריל 1939), „פאַרי ספּעקטאַקל" (פון 3טן מאַי 1939), „באָז־אַר" (פון 5טן מאַי 1939), „פאַטרי הימען" (פון 26טן מאַי 1939) און אַנדערע.

ה' זשאָרזש וועלערס האָט אין זיין בוך „פון דראַנסי קיין אוישוויץ" (פראַנצויזיש, אַרויסגעגעבן פון „יידישן דאָקומענטאַציע־צענטער" אין פּאַריז 1946) געווידמעט אַ קאַפּיטל דעם קדוש.

# זשיל גאָרדאָן
# JULES GORDON
## 1908-1945



דער קינסטלער און זיין פאָטער

זשיל גאָרדאָן איז געבוירן געוואָרן דעם 26טן דעצעמבער 1908 אין אירקוטסק, סיביר, ביי אַן אינטעליגענטער רוסיש-יידישער משפחה.

זיין פאָטער, שמעון גאָרדאָן, וואָס האָט געשטאַמט פון ווילנע און געאַרבעט במשך פון לאַנגע יאָרן אין אַ פעטערבורגער באַנק, האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם אמתן טיפ פון רוסיש-יידישן אינטעליגענט. די באַנק, ווו ער האָט געאַרבעט, האָט אים בשעת דער ערשטער וועלט-מלחמה געשיקט צו איר אָפּצווייג אין אירקוטסק, ווו זיין זון זשיל איז שפּעטער געבוירן געוואָרן *.

■

נאָך דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע זיינען די עלטערן פון זשיל גאָרדאָן געקומען קיין פאַריז, ווו דער פאָטער האָט ווייטער געאַרבעט ווי אַ באַנק-אָנגעשטעלטער.

אין פאַריז האָט זייער איינציקער זון באַזוכט די פראַנצויזישע שולן און איז געוואָרן אַ פראַנצויזישער בירגער.

מאָלעריי האָט דער יונגער גאָרדאָן שטודירט אין דער אַקאַדעמיע פון באַרימטן פראַנצויזישן מאָלער להאָט.

ער איז געווען בעיקר אַ לאַנדשאַפט-מאָלער.

ער האָט אָבער אויך געמאָלט פאָרטרעטן, צווישן זיי דעם פאָרטרעט פון זיין מוטער, וועלכע ער האָט זייער ליב געהאַט.

ער איז געווען אַ זייער געפילפולער, צאַרטער מענטש און זיינע בילדער זיינען אַ געטרייער אָפּשפיגל פון זיין איידעלער נשמה.

דער געפילפולער, מיטלגעוואַקסענער יונגערמאַן, מיט זיינע אויסדרוקפולע אויגן, האָט פאַרקערפערט אין זיך שטאָלץ און עניוות צוגלייך.

ער איז געווען אַ מענטש מיט אַ סך וויסן. ער איז געווען זייער בקי אין דער פראַנצויזישער קולטור.

אַחוץ מיט מאָלעריי און ליטעראַטור האָט ער זיך אויך אינטערעסירט מיט סאָציאַלע פראָבלעמען.

ווען ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה, איז ער, ווי אַ פראַנצויזישער בירגער, תיכף מאָביליזירט געוואָרן און האָט גענומען אָנטייל אין די שלאַכטן.

זשיל גאָרדאָן, וואָס איז געווען אַ זייער סענטימענטאַלער מענטש, האָט מיט ליידנשאַפט געהאַסט דעם מענטשן-פרעסערישן פאַשיזם און ער האָט מיט דער גרעסטער פאַרביטערטקייט און עקשנות געקעמפט ביי סעדאַן קעגן די היטלערישע חיילות.

פאַר זיין העלדישקייט איז ער געוואָרן אויסגעצייכנט מיטן „מלחמה-קרייץ מעדאַל".

■

און ווען ער פאַלט אַריין צו די דייטשן, אַנטלויפט ער אַכט חדשים שפּעטער פון דער געפאַנגענשאַפט. ער איז אַדורכגעשווומען דעם מאָזעל-טייך און האָט זיך נאָך מי און מאַטערניש דערשלאָגן צו דער „פרייער זאָנע" אין פראַנקרייך.

קומענדיק אין דער פראַנצויזישער דרום-זאָנע, איז ער תיכף אַריינגעטרעטן אין „אָזע".

ער האָט אין דער דעמאָלטיקער שווערער צייט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער בוכהאַלטעריע פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט ראַטעווען יידישע קינדער. ער איז אין אירע שליחותן אַרומגעפאָרן איבער די פראַנצויזישע מקומות און האָט געהאָלפן אַריבערפירן יידישע קינדער קיין שווייץ.

שפּעטער איז ער אַריינגעטרעטן אין דער רעזיסטענץ און געווען דאָרטן זייער אַקטיוו.

ער האָט זיך מיט זיינע קאַמף-חברים געפונען אין די בערג אַרום גרענאָבל, פון וואַנען ער פלעגט פון צייט צו צייט אַראָפּקומען אין שטאָט, כדי צו אָרגאַניזירן וואָס בעסער די ווידערשטאַנד-אַרבעט: איינשאַפן געלט פאַר די ווידערשטאַנדלער, עסן און די נייטיקע כלי-זין.

דעם 25טן יאַנואַר 1944 איז די פאַרטיזאַנער-מחנה, ווו ער האָט זיך געפונען, געוואָרן אַרומגערינגלט פון די דייטשן, וואָס זיינען אַהינגעקומען מיט אַרטילעריע און געפאַנצערטע וועגענער. עס איז געקומען צו אַ העפטיקן קאַמף צווישן דער פאַרטיזאַנער-מחנה און זיי.

נאָך פיר שעה פון אַ ביטערן, עקשנותדיקן געראַנגל איז די פאַרטיזאַנער-מחנה ליקווידירט געוואָרן און אַן ערך דרייסיק קעמפער זיינען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן.

אים, זשיל גאָרדאָן, האָט מען געשלעפט צו דער געשטאַפּאָ קיין גרענאָבל.

---

* די אירקוטסקער יידן, מיט דער משפחה פיינבערג בראש, האָבן געהאַט אַ שם מיט זייער פילאַנטראָפּישער טעטיקייט. די קהילה איז באַשטאַנען פון יידן, וואָס האָבן זיך נישט געטאָרט צוריקקערן פון „קאַטאָרגע".



זש. גאָרדאָן פּאָרטרעט פונעם קינסטלערס מוטער, אײלבילד — קאָלעקציע ה. פענסטער

די געשטאַפּאָ-לײט האָבן געהאַפּט אַרויסצובאַקומען פון געפאַנגענעם קעמפער-פּאַרטיזאַן ידיעות װעגן גאַנצן װיי-דערשטאַנד-נעץ.

נישט געקוקט אויף אַלע פּײניקונגען, אויף די עינויים קשים, װאָס ער האָט געהאַט אויסצושטײן בעת די „פאַרהערן“, װאָס האָבן געדויערט 53 טעג און נעכט, האָבן זײ פון אים גאָרנישט געקענט אַרויסבאַקומען.

מ׳האָט אים שפּעטער אַװעקגעפירט קײן קאָמפּיען, אין קאָנצענטראַציע-לאַגער, פון װאַנען ער איז געװאָרן דעפּאָר-טירט דעם 5טן אַפּריל 1944.

אײן יאָר האָט דער קינסטלער-פּאַרטיזאַן אויסגעהאַלטן אין די טויטלאַגערן.

ער האָט אויסגעהויכט זײן נשמה אין חודש אַפּריל 1945, אין קאַצעט פון מעלק, עסטרײך.

זײן עלטער פאָטער איז דעם 28טן פעברואַר 1943 גע-שטאָרבן פון אַ לונגען-אָנצינדונג אין לאַגער פון דראַנסי, און די מוטער פון אַ האַרצשלאַג.

## וואָס עס דערציילט ד"ר מ. אווערבוך

### דער עד־ראיה פון זשיל גאָרדאָנס טעטיקייט אין דער רעזיסטענץ און פון זיין טראַגישן סוף.

איך האָב געטראָפן זשיל גאָרדאָן אין דערפל מאַלוואַל, אין די הויכע בערג, אין דער אומגעגנט פון ווערקאָר, לעבן גרענאָבל, וווּ ס'האָט זיך געפונען די פ.ט.פּ.פ. פון דער קאָמוניסטישער רעזיסטענץ. די דאָזיקע קאָמפּגרופּע, פון וועלכער ער, גאָרדאָן, איז געווען דער קאָמאַנדיר, איז באַשטאַנען פון 32 מענטשן. ער איז געווען זייער באַליבט ביי זיינע חברים. זיי האָבן אים גערופן מיטן צונאָמען „באַראָמין".

איך פלעג אים אויך זען אין גרענאָבל, וווּ ער האָט אַ מאָל, אַראָפּקומענדיק פון די בערג, געגעכטיקט ביי מיר. זשיל האָט שטענדיק געהאַט ביי זיך צוויי רעוואָלווערן אין קעשענע. אונטער זיין אָנפיר האָט זיין גרופּע אַדורכגעפירט באַוואָפנטע אָנפאַלן אויף די דייטשן, אָפּגענומען ביי זיי מאַגאַזינען, פאַרברענט אויטאָמאָבילן און זיי, די דייטשן, דערשאָסן. דעם 25טן יאַנואַר 1944 איז די מחנה געוואָרן אַרומגערינגלט פון אַ שטאַרקן דייטשישן אָפּטייל מיט אַרטילעריע און אפילו מיט צוויי פאַנצער־וועגענער.

מ'האָט זשילן נאָך דער ליקווידאַציע פון זיין קאָמפּגרופּע און נאָכן דערשיסן פון זיינע חברים געברענגט צו דער געשטאַפּאָ קיין גרענאָבל, וווּ מ'האָט אים געהאַלטן אין איין פאַרהערן און אין איין פייניקן. ער אָבער האָט זיך געהאַלטן פעסט און שטאָלין.

איך האָב אים געטראָפן אין קאָרידאָר פון דער געשטאַפּאָ. ער האָט מיך נישט דער־קענט.

עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען אונדז געשיקט קיין קאָמפּיען מיט נאָך 21 מענטשן. אין קאָמפּיען האָבן מיר שוין געקענט ריידן פריי צווישן זיך. אַזוי אַרום האָב איך זיך דערוווּסט פון זיין גאַנץ לעבן. איך בין געוואָר געוואָרן וועגן זשילס עלטערן. ער האָט געוווּסט, אַז זיי זיינען אין דראַנסי. ער האָט אָבער נישט געוווּסט, אַז זיי זיינען דאָרטן געשטאָרבן.

דריי וואָכן שפּעטער האָט מען אונדז דעפּאָרטירט קיין מאַוטהאַוזען, עסטרייך, פון דאָרטן האָט מען אונדז, מיט נאָך טויזנט דעפּאָרטירטע, געשיקט אין קאָמאַנדאָ מעלק. די באַדינגונגען זיינען געווען דאָרטן שוידערלעכע.

גאָרדאָן איז געבליבן אין מעלק כמעט אַ יאָר צייט. ער האָט זייער געליטן פונעם הונגער. ער איז אָבער קיין מאָל נישט אַראָפּגעפאַלן ביי זיך. ער האָט זייער אָפט גערעדט מיט מיר וועגן זיין פעריאָד פון מאָלעריי, וועגן זיינע אַרבעטן, זיין משפחה וכדומה.

ער האָט נישט באַדויערט דאָס, וואָס איז געשען מיט אים, און מיר געזאָגט, אַז אויב ער וואָלט באַדאַרפט אָנהייבן אויף דאָס ניי, וואָלט ער געטאָן נאָך אַ מאָל דאָס, וואָס ער האָט געטאָן.

זיין האַלטונג אין לאַגער איז געווען זייער אַ מוטיקע. אַזוי ווי ער האָט פאַרשטאַנען דייטש, האָט מען געוואָלט פון אים מאַכן אַ קאַפּאָ. ער, זשיל, האָט זיך אָפּגעזאָגט און מ'האָט אים פאַר דעם מערדעריש געשלאָגן. ער האָט אָבער ליבערשט געוואָלט אַליין ליידן, אײדער אויספירן אַ באַפעל און ווערן אַ גזלן איבער שוואַכערע.

ער איז געשטאָרבן אָנהייב אַפּריל 1945. מ'האָט אים געפונען טויט אויף די שטיגן פון אַ בלאָק...

# זשיל גראָומאַן
# JULES GRAUMANN



נישט געקוקט אויף אַלע מײַנע באַמיונגען, האָט זיך מיר נישט אײַנגעגעבן צו באַקומען די נייטיקע ידיעות וועגן לעבן און שאַפן פון דעם דאָזיקן עלטערן קינסטלער און קדוש.

איך ווייס נאָר פאָלגנדיקע פּרטים וועגן זײַן לעבן, שאַפן און אומקום.

זשיל גראָומאַן איז געבוירן געוואָרן אין פירט, וואָס ליגט אין בײַערן, דײַטשלאַנד, האָט אין יאָר 1937 אויסגעשטעלט אין פּאַריזער „האַרבסט־סאַלאָן" צוויי פּאַריזער לאַנדשאַפטן : דעם „פּלאַץ טערטר" און דעם „בית־עלמין פון מאָנמאַרטר".

ווען די היטלערישע חיילות האָבן זיך דערנענטערט צו פּאַריז, האָט דער קינסטלער פאַרלאָזט די שטאָט, ווו ער האָט אַ לענגערע צײַט געלעבט און געשאַפן.

ער האָט זיך אויפגעהאַלטן אין „האָטעל דע נים", אין באַניער־דע־לישאָן.

⁂

עס געפינען זיך בײַ מיר צוויי אַזוי גערופענע „משפּחה־קאַרטלעך" און אויך אַ בריוו, וואָס דער קדוש האָט געשריבן קיין פּאַריז צו זײַן הויזוועכטער.

מיט די דאָזיקע „משפּחה־קאַרטלעך" האָט מען זיך באַנוצט צווישן דעם „באַזעצטן" און דעם „נישט־באַזעצטן" פראַנקרײַך. מ'האָט נאָר באַדאַרפט ענטפערן אויף די געשטעלטע פראַגעס, ווי : „געזונט", „אָפּגעשוואַכט", „געשטאָרבן", „געהרגעט", „לייכט אָדער שווער פאַרוווּנדיקט", „געפאַנגען" אאַז"וו.

אינעם קאַרטל פון 10טן פעברואַר 1941 שרייבט דער קינסטלער :

— „איך בין זייער „אָפּגעשוואַכט".

דעם בריוו, דאַטירט דעם 3טן יאַנואַר 1944, צום הויזוועכטער פון 224 רי דע וואַנוו, ווו גראָומאַן האָט געוווינט, האָט געברענגט אַ געוויסע פרוי קאַלינין, וואָס האָט, ווי ס'גיט איבער דער הויזוועכטער, זיך אינטערעסירט מיטן גורל פונעם קינסטלער און פון אַנדערע גערודפטע ייִדן.

זשיל גראָומאַן בעט אין דעם בריוו, אַז מען זאָל דער דאָזיקער דאַמע איבערגעבן זײַנע זאַכן. ס'קען דעריבער מעגלעך זײַן, אַז בײַ איר געפינען זיך בילדער פון אים.

דעם 22טן מאַי 1944 האָט מען דעם קינסטלער געברענגט צו פירן קיין דראַנסי. מיר ווייסן אָבער, אַז ער איז פאַר דעם געזעסן אין דער טולוזער תפיסה.

עטלעכע טעג שפּעטער, דעם 30טן מאַי 1944, האָט מען אים פון דראַנסי דעפּאָרטירט.

לויט אַ ידיעה פון „מיניסטעריום פאַר מלחמה־געפאַנגענע און דעפּאָרטירטע" האָט זיך דער קדוש געפונען אַ געוויסע צײַט אין דער תפיסה פון ריינבאַך.



Après avoir complété cette carte strictement réservée à la correspondance d'ordre familial, biffer les indications inutiles — Ne rien écrire en dehors des lignes

ATTENTION — Toute carte dont le libellé ne sera pas UNIQUEMENT d'ordre familial ne sera pas acheminée et sera probablement détruite.

Luchon, le 10 Février 1941

je suis ~~en bonne santé~~ très fatigue

~~légèrement, gravement malade, blessé.~~

~~tué~~ ~~prisonnier~~

~~décédé~~ ~~sans nouvelles~~

~~La famille~~ ~~va bien.~~

~~besoin de provisions~~ d'argent

~~nouvelles, bagages~~ est ~~de retour à~~

~~travaille à~~ ~~va entrer~~

de ~~a été reçu~~

~~aller à~~ ~~le~~

colis postal et malle sont arrivés

Merci bien.

Affectueuses pensées. Signature. Jules Graumann

פאַרקלענערטע רעפּראָדוקציע פון אַ „משפּחה־קאַרטל" זש. גראָומאַנס

# שמואל גראַנאָווסקי

# SAMUEL GRANOWSKY

## 1889-1942



אין דער קינסטלער-באַהעמע פון מאָנפּאַרנאַס האָט מען אים גערופן „גראַנאָווסקי דער קאַו-באָי", אָדער מיט אַ געפּעסטעטער פאַרקירצונג „גראַנאַ".
די, וואָס האָבן אים גערופן „גראַנאַ", האָבן עס געטאָן מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. אין דעם וואָרט האָבן זיי אַריינגעלייגט אַ געצערטלטע ליבשאַפט.

***

ער איז געבוירן געוואָרן דעם 5טן אָקטאָבער 1889, ביי אָרעמע עלטערן, אין דער אוקראַיניש-רוסישער שטאָט יעקאַטערינאָסלאַוו.

גאָר פרי האָט ער פאַרלאָזט זיין היימשטאָט און זיך געלאָזט קיין אָדעס לערנען מאָלעריי.

מחמת אָרעמקייט אַרבעט ער אין אָדעס אַ האַלבן טאָג ווי אַ שוואַרץ-אַרבעטער אין אַ מיל. דער אַנדערן האַלבן טאָג לערנט ער אין דער קונסט-אַקאַדעמיע.

שפּעטער פאַרלאָזט ער רוסלאַנד און פאָרט קיין מינכען, ווו ער טרעט אַריין אין דער אָרטיקער קונסט-אַקאַדעמיע.

כדי צו פאַרדינען אויף דער אָרעמער חיונה, ווערט דער הויכער, שטאַרקער און שיינער מאַנצביל אַ מאָדעל.

***

אַרום 1909 קומט ער קיין פּאַריז. אין פּאַריז פאַרנעמט ער זיך ווייטער מיט מאָלעריי. און כדי צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט, פּאָזירט ער אין דער אַקאַדעמיע „לאַ גראַנד שאָמיער" („די גרויסע כאַטע"), אויף מאָנפּאַרנאַס.

שמואל גראַנאָווסקי, אַ קינד פון פּראָסטן פאָלק, האָט געהערט צו יענע געזונטע מענטשן, וואָס קיין שום אַרבעט שרעקט זיי נישט און וואָס שלאָגן זיך שטענדיק אַדורך מיט זייער געזונטן חוש און זייערע געזונטע, האָרעפּאַשנע הענט.

בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה, און שפּעטער, האָט מען אויף מאָנפּאַרנאַס געקענט זען דעם דאָזיקן הויכן, מעכטיקן יונג, מיט דער לייכט געקאַרבטער, כוואַליעדיקער טשופּרינע, וואָס איז, אַ צעפּאַטלטע, אים געקראָכן אין די אויגן. ער האָט געשפּרייזט מיט גבורה צו דעם דעמאָלט באַרימטן קינסטלער-קאַפע „לאַ ראָטאָנד".

אַריינגעקומען אין קאַפע, האָט ער פאַרקאַטשעט די אַרבל פון זיין רוסיש אויסגעהאָפטן, קאָלירט העמדל, אין וועלכן ער פלעגט ליב האָבן צו פּאַראַדירן, און זיינע צוויי געזונטע הענט האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט: ער האָט מיט אַ שמאַטע אָפּגעשטויבט די שפּיגלען, געוואַשן די טישן, זיי אויפגעהויבן מיט דער גרינגקייט פון אַ פעדערל און אַרויפגעשטעלט איינעם אויפן אַנדערן. דאָס זעלביקע פלעגט ער טאָן מיט די בענקלעך. דערנאָך האָט ער זיך גענומען צו דער פּאָדלאָגע, וואָס ער האָט מיט התמדה געשייערט.

אָפּגעטאָן זיין אַרבעט, האָט „גראַנאַ" געוואַשן דאָס פּנים, געריבן די הענט, אונטערגעשטעלט אונטערן פּליסיקן וואַסער דעם קאָפּ, הנאה געהאַט, ווען דאָס לייב האָט זיך געקאָרטשעט אונטערן שטראָם פון קאַלטן שטראָמיקן וואַסער. דערנאָך צוריק אַראָפּגעלאָזט די פאַרקאַטשעטע אַרבל, פאַרקעמט ביים שפּיגל די כוואַליעדיקע, געקאַרבטע האָר און איז אַריין אין די זאַלן, כדי צוריקצושטעלן די טישלעך און די בענקלעך אויף זייערע פריערדיקע ערטער.

אַן אויפגערוימטער האָט ער זיך דעמאָלט אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל און געגעסן געשמאַק דאָס אָנבייסן, וואָס דער באַלעבאָס פון קאַפע, מעסיע ליביאָן, וואָס איז געווען זייער פּאָפּולער ביי דער דעמאָלטדיקער קינסטלער-באָהעמע פון מאָנפּאַרנאַס, האָט אים געגעבן פאַר זיין אַרבעט. דאָס אָנבייסן איז באַשטאַנען פון אַ „קאַפע-קרעם" און עטלעכע „קרואַסאַנס", די באַקאַנטע פראַנצויזישע בייגעלעך, אין פאָרעם פון אַ האַלבער לבנה.




ש. גראַנאָווסקי — איינגעשפּאַנטע פערד, אוילבילד
*Photo Marc Vaux - Paris*

אָפּט מאָל האָט דער מעסיע ליביאַן אים נאָך צוגעגעבן 50 סאַנטים.

נאָכן אָנבייסן, די פופציק סאַנטים אין קעשענע, איז „גראַ־נאַווסקי דער קאָו באָי" געגאַנגען צו זיין אייגנטלעכער אַר־בעט: מאָלן.

אָפּט מאָל האָט ער אויפן וועג אָפּגעטרעטן ביי אַ חבר. אָבער דעמאָלט פלעגן די 50 סאַנטים שוין בלייבן ביי דעם נויט־באַדאַרפטיקן חבר.

אַן אמת „געזעצלעך" קינד פון דער באָהעמע, פריי ווי אַ פויגל אין פעלד און ווי דער וואָלף אין וואַלד, האָט ער נישט געקענט פאַרטראָגן קיין שום צוואַנג, קיין שום „ציוויליזירטע" קאָנווענאַנסן.

אַלץ אין אים איז געווען נאַטירלעך. געקינצלטקייט, אונ־טערטעניקייט, חניפה, איז אים געווען ווייט און פרעמד. אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן, האָט ער געטאָן פריי, מיט דער פרייקייט פון אַן אומאָפּהענגיקן מענטש און דעריבער איז ער אַזוי באַליבט געווען ביי אַלע אויפן מאָנפּאַרנאַס.

ס'איז בכלל שווער געווען זיך פאָרצושטעלן מאָנפּאַרנאַס אָן גראַנאָווסקין.

⁂

אין יאָר 1912 האָט ער אויסגעשטעלט אין „האַרבסט־סאַ־לאָן" דאָס בילד „דער מענטש מיט דער הענטשקע". דאָס איז געווען אַן אויטאָ־פּאָרטרעט.

מיט דעם בילד האָט ער זיך קונה שם געווען. עס זיינען פול געווען מיט אים די פראַנצויזישע ציימונגען. אויך די קריטיק האָט אים נישט געזשאַלעוועט קיין לויב.



ש. גראַנאָווסקי — אַ יאַריד, אוילבילד
*Photo Marc Vaux - Paris*



ש. גראַנאָווסקי — אַ לייבעבע, סקולפּטור
*Photo Marc Vaux - Paris*

גראַנאָווסקיס באַליבטע טעמע איז געווען דאָס פאָלקס־לעבן: די אַמאָליקע פראַנצויזישע בעלי־עגלות אויף די פּאַריזער בולוואַרן, צוגלייך מיט די סוזשעטן פון דער אַלטער היים אין רוסלאַנד: די באַרימטע רוסישע „טראָי־קאַ" (דריי ביי אַ וואָגן איינגעשפּאַנטע פערד), די יאַרידים, די האַרמאָניקע־ און גיטאַרע־שפּילערס.

באַוווסט איז ער אויך געוואָרן מיטן פּאָרטרעט פון דער אין פּאַריז אַ מאָל זייער פּאָפּולערער אַאישאַ.

זי איז געווען אַ מולאַטקע און באַקאַנט אויף מאָנפּאַרנאַס ווי אַ מאָדעל.

זי איז געווען זיין מאָדעל, פאַר אים האָט זי פּאָזירט.

גראַנאָווסקי איז כמעט שטענדיק געווען באַגלייט פון אַאישאַ, אָנגעטון אין אירע עקזאָטישע קאָסטיומען מיטן פאַרביקן טורבאַן אויפן קאָפּ.

זיין בילד פון דער מולאַטקע אין איר עקזאָטישן טראַכט האָט געהאַט אַזאַ דערפאָלג, אַז ער האָט די דאָזיקע טעמע זיך עטלעכע מאָל גענומען אויף ס'ניי מאָלן.

דאָס יידישע פאָלקסקינד פון רוסלאַנד פול מיט פשטות, און „אַאישאַ די מולאַטקע" האָבן זיך גוט פאַרשטאַנען.

אויסער אַאישאַ פלעגט תמיד באַגלייטן גראַנאָווסקין אַ גרויסער, שוואַרצער, קודלאַטער הונט. אַלע דריי האָבן זיי געבילדעט אַן אויסטערליש, באָהעמיש דריילינג.

מען פלעגט אים אויך אַ שמייכלענדיקן און שטראַלנדיקן זען רייטן אויף אַ פערד איבער מאָנפּאַרנאַס, אָנגעטאָן אין קאַו־באָי־קאַפּעליוש און פאַרביקן העמדל.

גראַנאָווסקי פלעגט זיינע פּאָלקסמאָטיוון, ווי למשל, די באַרימטע „טראָיקאַ", אויסשטעלן אין קאַפע „לאַ ראָטאָנד", וווּ עס איז בשעתו טעטיק געווען אַ קינסטלער־קלוב.

שמואל גראַנאָווסקי האָט זיך שפּעטער אויך גענומען — און נישט אָן שטאָלץ — צו סקולפּטור, ווי אַן אַנימאַלימט. האָט ער געמאַכט סקולפּטורן פון העלפאַנטן, הערשן, מאַלפּעס וכדומה.

מער ווי אַלץ האָט ער אָבער ליב געהאַט צו מאָלן אָדער קנעטן דעם הונט אָדער לייב. און דער עיקר טאַקע דעם שטאָלצן לייב.

ער האָט אויך געמאַכט צייכענונגען און גראַווירונגען.

יאָרן לאַנג האָט ער געחלומט וועגן אַרויסטרעטן אין פילם. און אין יאָר 1922 איז זיין חלום מקוים געוואָרן: ער איז אַרויסגעטרעטן אין קלענערע ראָלן פון קאַו־באָי־פילמען. דערצו איז אים בייגעשטאַנען דער זכות פון זיין ברייטן קאַו־באָי־קאַפּעליוש, וואָס איינער פון זיינע פאַרערער האָט אים אַ מאָל צוגעשיקט, ווי אַ מתנה, פון טעקסאַס און וואָס

ער האָט כסדר געטראָגן, אין איינעם מיט זיינס אַן אויס־געהאַפטן רוסיש העמדל.

ער איז געווען באַרימט ווייט מחוץ די מאָלערישע קרייזן. די דאָזיקע באַרימטקייט האָט ער געהאַט צו פאַרדאַנקען זיין גאַנצער אויסערלעכקייט.

רעפּראָדוקציעס פון זיין פּאָרטרעט פלעגט מען פאַרקויפן אויף מאָנפּאַרנאַס.

די דאָזיקע מאָלערישע פיגור האָט מען געקענט זען אויף די פּאָסטקאַרטלעך, וואָס מענטשן האָבן פונאַנדערגעשיקט אין דער וועלט.

ער האָט מיט זיך פאַרקערפּערט די פריילעך־צעשויבערטע קינסטלער־באָהעמע פון מאָנפּאַרנאַס. ער, דער אָדעסער יידישער פּאָלקסטיפּ, איז געוואָרן דער אינטעגראַלסטער טייל פון מאָנפּאַרנאַס, פון פּאַריז.

ער איז געווען אַ מיטגליד פון „האַרבסט־סאַלאָן" און פון „סאַלאָן פון די אומאָפּהענגיקע", וווּ ער פלעגט אויסשטעלן. דער דאָזיקער קינסטלער־באָהעם האָט פאַרמאָגט אַ גוט, מענטשיש האַרץ.

„גראַנאָ דער קאַו־באָי" האָט קיין מאָל נישט פאַרגעסן אין



א יונגער הערש, סקולפּטור
*Photo Marc Vaux - Paris*

ש. גראַנאָווסקי

זיינע נאענטע אין רוסלאנד. ער האט געזארגט פאר זיי. אפגעשפארט פון זיין באדארף און געשיקט דאס געלט צו זיינע צאלרייכע פלימעניקעס. ער האט נישט בלויז זיי געהאט אין זינען, נאר אויך א מאל א באדערפיקן, א קראנקן חבר פון דער קינסטלערוועלט. און געהאלפן האט ער, גראנא, תמיד אויף א זייער דיסקרעטן אופן:

עס האט געטראפן, בעת ער האט געארבעט ווי א מאדעל אין „לא גראנד שאמיער“, האט ער דאס פארדינסט פון א גאנצן טאג ארייגעלייגט אין א קאנווערט און אים ארונ־טערגעליגט אונטער דער טיר פון א קראנקער קינסטלע־רין. און דאס נישט איין מאל און נישט צוויי מאל. ער האט אזוי געטאן די גאנצע צייט פון איר קראנק זיין.

קיינער האט נישט געוווסט פון וואס ער אליין האט גע־לעבט.

⁂

ארויסגעקומען פון די טיפענישן פון פאלק, איז ער געבליבן זיין גאנץ לעבן אליין — פאלק: דאס גוטע, פשוטע, הארציקע און ערלעכע פאלק.

קיין מאל נישט געזאגט קיין שלעכט ווארט וועגן זיינע חברים. אבער שטענדיק גרייט צו פארטיידיקן זיין אייגענע מענטשישע חשיבות.

ער איז געווען אפנהארציק, פשוט און עס האט פון אים געשמעקט מיט דער ברייטער, רחבותדיקער רוסישער ערד.

מיט דער דאזיקער פשטות און תמימות האט מען אים געקענט זען, שמייכלענדיק צו די פארבייגייער אויף בולוואר מאנפארנאס אדער ראספאי, לעבן זיינע בילדער, וואס ער האט אויפגעהאנגען אויף א וואנט אדער פלויט.

אויך אין זיין שאפן איז באזונדער קאנטיק די דאזיקע פשטות.

אומזיסט וועט מען זוכן אין זיין מאלעריי אינטעלעקטועלע קאמפליצירטקייט אדער פראבלעמאטיק. זי איז איינפאך און פשוט, ווי ער אליין איז געווען.

זי איז אבער פול מיט פרישקייט און ליבשאפט.
זי איז קראפטיקייט.

⁂

אין די מוראדיקע מלחמה־יארן האבן מיר זיך צוגעזעגנט צו א סך ביטערע זאכן.

דאך איז שווער צו גלייבן, אז אויך ער, גראנאווסקי, וואס איז געקומען אויף דער וועלט מיט דער שליחות פון פאר־ביקייט, א פארביקייט, וואס האט געכישופט און דערפרייט די הערצער און די אויגן פון אזוי פיל מענטשן, איז מער נישטא.

מ'האט אים דעפארטירט דעם 22טן יולי 1942.
מאנפארנאס, פאריז, די וועלט זיינען מיט א קאליר גע־ווארן ארעמער.

## ארץ אל-תכסי דמי

# פיער גרומבאכער
# PIERRE GRUMBACHER
## 1921-1942



פאַסטעלן זיינען זאַכן מוזיקאַלישע. פאַרשטיין און שאַפן פאַסטעלן, ווי דאָס האָבן געטאָן פאַנטען-לאַטור און דעגאַ, הייסט האָבן צום אינטימסטן געלעבט דעם חנעוודיקן סוד פון דער קונסט און נאַטור.
(פיער גרומבאַכער אין אַ בריוו צו מאַרי-לואיז, געשריבן אין 1940).

סוף יאַנואַר 1942.

איך האָב זיך דעמאָלט געפונען אין יידן-לאַגער פון מאָריאַק, פראַנקרייך, אָדער, ווי ער האָט אָפיציעל געהייסן: „לאַגער פון די פאַלעסטינער“.

אין איינעם אַ פרימאָרגן פון דעם חודש איז דאָרטן אָנגעקומען אַ גרעסערע צאָל יידן. זיי האָבן געשטאַמט פון דייטשלאַנד און עסטרייך.

דריי יונגע מענטשן, וואָס האָבן זיך געהאַלטן באַנאַנד, האָבן זיך אויסגעטיילט צווישן זיי: פיער גרומבאַכער, האַנס לעוונשטיין און גי זילבערשטיין.

מ׳האָט פאַר זיי איינגעאָרדנט אַ קבלת-פנים און דער גאַנצער הויפּטבאַראַק-זאַל איז דעמאָלט געווען אָנגעפילט מיט יידן, וואָס זיינען געקומען מקבל-פנים זיין די נייע חברים. מ׳האָט געהאַלטן פאַטעטישע רעדעס און די שטימונג אין זאַל איז באַלד געוואָרן אַ זייער געהויבענע. אונדזער מיזרח-יידישע יוגנט האָט אָנגעהויבן זינגען לידער, יידישע און העברעישע, וואָס דער יונגער פיער גרומבאַכער, וואָס איז געשטאַנען לעבן האַנס (זשאַן) לעוונשטיין, גי זילבערשטיין און אַנדערע, האָבן אוודאי געהאַט צום ערשטן מאָל געהערט.

ס׳האָט זיך באַלד איינגעשטעלט אַ חברישע, פריינדלעכע באַציונג צווישן „די פּאָליאַקן“, „רוסן“, „אונגאַרער“ און „דייטשן“.

אין לאַגער האָב איך געהאַט די געלעגנהייט זיך נעענטער צו באַקענען מיט די שטימונגען און טראַכטונגען פון דער מיזרח-יידישער יוגנט און פון דעם זיך שטענדיק באַנאַנד האַלטנדיקן דריילינג: לעוונשטיין-זילבערמאַן-גרומבאַכער.

דעם לעצטן האָבן אַלע מיט צערטלעכקייט גערופן קורץ „פיעראָ“.

דער ערשטער האָט פאַרמאָגט אַן עילוישן קאָפּ, דער צווייטער איז געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פון שיינער ליטעראַטור און דער דריטער, וואָס פלעגט אויך אַ סך לייענען, האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון אַ יעדן מיט זיין שיינער, גלייכער סטאַטור, זיינע גרויסע, ליכטיקע אויגן, מיט זיין שיינקייט, מיט זיין באַנעמען, מיט זיין יוגנטלעכן שמייכל און דעליקאַטער העפלעכקייט.

די פּראָבלעמען, וועגן וועלכע מיר פלעגן דאָרטן ריידן, זיינען כמעט שטענדיק געווען יידישע. פאַר די דאָזיקע דריי יונגעלייט, קינדער פון דער רייכער, אַסימילירנדיקער בורזשואַזיע, זיינען זיי געווען לחלוטין פרעמד. אַז מיר פלעגן ריידן וועגן יידישע פראַגן, וועגן יידישער קולטור און יידישער גורלדיקייט, פלעגן זיי מאָדנע געבן אַ קוק אָן איינער דעם אַנדערן, ווי זיי וואָלטן איינס דאָס אַנדערע געפרעגט, וואָס זיי זאָגן דערצו.

ביי זיי האָט דאָס אויסגעקוקט, ווי דאָס וואָלט עפּעס געשטאַנען אין אַ סתירה צו אַן אַלגעמיינער אייראָפּעישקייט, וועגן וועלכער זיי האָבן געטראַכט.

אַזוי איז בלויז געווען די ערשטע צייט. פאַמעלעך איז דאָס שוין געוואָרן נעענטער און היימישער.

צוגעהאָלפן זיך צו באַהעפטן מיט יידישער רוחניותדיקייט ביי די אַסימילירטע יידן האָט דער קדוש פעליקס עדלשטיין. ער איז געווען בקי אין העברעיש, תנ״ך, אין יידישער געשיכטע און בכלל אין יידיש שאַפן. דערצו איז ער נאָך געווען, ווי דער אַנדערער פון דייטשלאַנד שטאַמיקער קדוש נתן ווערטהיימער, אַ פרומער ייד.

פאַמעלעך האָט זיך דערנענטערט פורים. דער קדוש נחמיה קאָהן, „דער קליינער קאָהן“, אַ ייד אַ משכיל און אַ ליידנשאַפטלעכער שאַכשפּילער, האָט געלייענט די מגילה. נאָכן לייענען די מגילה האָט האַנס לעוונשטיין געהאַלטן, אין דער פראַנצויזישער שפּראַך, אַ פרעכטיקן רעפעראַט וועגן דער פּיעסע „אסתר“ פון זשאַן ראַסין (1639-1699).

צו מאָרגנס ביי נאַכט האָט מען איינגעאָרדנט אַ פייערלעכן פורים-אָוונט, צו וועלכן מ׳האָט צוויי וואָכן פריער זיך גענומען צוגרייטן דעם פּראָגראַם, איינגעשטודירט די לידער. פיעראָ האָט מיטגעזונגען, זיך געפרייט ווי אַ קינד, געמאַכט „האַוואַיעס“, זיך געשאָקלט אַהין און צוריק ביים זינגען מיט די אַנדערע די חסידישע ניגונים.

ס׳איז נישט געבליבן קיין זכר פון דער מחוצה צווישן מיזרח און מערב.

מ'האט זיך דערנאך גענומען טאנצן. אלע יידן האבן, מיט „שושנת יעקב" אויף די ליפן, געטאנצט. דאס איז נישט געווען קיין פשוטער טאנץ. דאס איז געווען עפעס א מעכטיקער ווירבלווינט פון יידן פארשפארטע, פון יידן, וואס האבן געוואלט גובר זיין, דערשטיקן זייער צער, און אויסדריקן צוגלייך זייער טיפן גלויבן אין „עם ישראל חי".

פיערא האט די גאנצע צייט מיט יוגנטלעכער התלהבות מיטגעזונגען.

א דריי טעג פאר פסח האט מען אונדז, ווי א שטראף פארן בונט און צווייטאגיקן הונגערשטרייק קעגן דער שלעכטער באהאנדלונג מצד דעם לאגער-קאמאנדיר, דעם משומד אלעקסאנדער לעווי, וואס די יידן האבן גערופן „איציק" און „איציקל", און זיינע צוהעלפערס, געפירט אין אן אנדער לאגער.

נאך העכער א מעת-לעת פארן מיט א ספעציעלער באן, פון וועלכער ער, פיערא, פלעגט דורך די פענצטער כסדר ארויסקוקן אויף דער לאנדשאפט, זיינען מיר אנגעקומען קיין סען-זשארזש-ד'אראק, דריי קילאמעטער פון נייעם לאגער, וואס איז באשטאנען פון שייערן און שטאלן, וואס זיינען געווען צעווארפן איבערן דארף.

מ'האט אפגעמאכט צו פראווען אונדזער „זמן חרותנו" אין גרעסטן שייער. אנשטאט א טיש האט מען אוועקגעשטעלט א קעסטל, וואס מ'האט געפונען. צוגעדעקט עס מיט א ווייס פאפיר, אנגעצונדן דערויף א ליכט און אוועקגעלייגט די צוויי מצות, וואס איינער פון די חברים האט באקומען פון זיין אלטן, ערגעץ אין דרום-פראנקרייך פארשטעקטן פאטער, און משה וואלמאן, וואס האט געהאט סמיכה אויף רבנות און איז אומגעקומען שפעטער אויף קידוש השם, האט זיך גענומען זאגן די „הגדה". הויך און פייערלעך אויסגערופן די ווערטער: והיא שעמדה לאבותינו ולנו, שלא אחד בלבד עמד עלינו לכלותנו, אלא שבכל דור ודור עומדים עלינו לכלותנו, והקדוש ברוך הוא מצילנו מידם".

פיערא איז געשטאנען און זיך ערנסט און פייערלעך צוגעהערט. נישט האבנדיק פארשטאנען די ווערטער, האט ער זיכער, מיט זיין דעליקאטער קינסטלער-נשמה, דערפילט זייער מיין.

די שומרים אונדזערע האבן נישט געקענט באהערשן די צעווארפענע שייערן און שטאלן און מיר האבן א גאנצן פסח ארומגעשפאצירט און באוואונדערט די פרעכטיקע לאנדשאפט און דעם זיידן-בלויען הימל.

צו מארגנס נאך פסח, זיינען אנגעקומען גרויסע, פויערישע וועגענער און האבן אוועקגעפירט פיערא און אנדערע צו עבודת-פרך. צונויפגעפראפט אויף די וועגענער מיט זייער ארעמען ביסל זאכן, האבן זיי, ווען זיי האבן זיך גענומען רירן, אנגעהויבן זינגען „עוד לא אבדה תקותנו"...

די ארבעט אויף די פלעצער, ווו מ'האט זיי געשיקט, איז געווען א זייער שווערע, דאס עסן שלעכט, און די מייסטערס און אויפזעערס — בייזע. איינער פון זיי, מיט א צעפלאטשטער נאז, איז געווען תמיד גרייט זיי צו שלאגן. גי זילבערשטיין האט מיר פון דארטן געשריבן, געהיים, א ביטערן בריוו.

— „וואס פאר א תכלית איז דאס, פרעגט ער, צו זיין נישט מער ווי אן ארבעט-חיה? א מענטש, זאגט ער, האט דאך א נשמה, א הארץ, האט העכערע פארלאנגען. אזוי פארברענגען, קלאגט ער, אונדזערע יונגע יארן!"

פיערא האט מיר נאר געשריבן מיט זיין שיינעם כתב, אז „ס'איז דארטן נישט קיין גן-עדן". ער גיט אבער באלד צו א טרייסטנדיק ווארט:



פ. גרומבאכער — א זקן, קויל-צייכענונג

קאלעקציע ה. פענסטער

— „דאס וועט אבער דאך נישט שטערן, אז מען זאל האבן אין זינען דעם שפעטער, וואס וועט זיין בעסער אפילו פאר אונדז".

נאך אין מאריאק האב איך באמערקט ווי פיערא צייכנט, ווי ער טראגט שטענדיק ארום אין קעשענע א בלאקל פאפיר. ער איז געווען צו באשיידן צו ווייזן זיינע צייכענונגען און די קליינע, שיינע פאסטעלן, וואס ער האט געמאכט מיט יוגנטלעכער אויפריכטיקייט און חן.

ער איז געווען פארליבט אין פארבן. זיי האבן אים ממש געכישופט.

איך האָב דאָס גליק צו באַזיצן פון אים צוויי קליינע פּאַס־טעלן, וואָס באַציִען זיך אויף פרילינג און האַרבסט. זיי זיינען צאַרט און דערפרייענדיק פאַרן אויג און פאַר דער נשמה. ס'איז די נשמה פון פּיעראָס נשמה.

ער איז געווען פאַרליבט אין וואַן־גאָג. אפילו ביים שטיי־נערהאַקן און בויען שאַסייען האָט ער זיך אַרומגעטראָגן מיטן באַנד בריוו פון גאוניש האָלענדישן מאָלער.

ער איז געבוירן געוואָרן דעם 18טן אויגוסט 1921, אין מאַנהיים, דייטשלאַנד, ווו זיין פאָטער האָט געהאַט אַ גע־שעפט פון פעדערן.

ווען היטלער האָט איבערגענומען די ממשלה, זיינען די עלטערן מיט זייערע צוויי קינדער געקומען קיין פראַנק־רייך.

פון 1934 ביז 1938 האָט פּיעראָ פאַרברענגט אין סאַנקט־גאַלען, שווייץ, און געענדיקט דאָרטן אַן ענגלישע מיטל־שול. ער איז דערנאָך געקומען קיין פּאַריז שטודירן מאָ־לערײַ.


Cher Monsieur Fenster.
Je ne veux pas manquer l'occasion de vous exprimer, moi aussi, combien toutes nos pensées vont si souvent vous trouver, reconnaissantes du feu que vous n'avez jamais cessé de nous faire sentir et connaître. Si nous ne vous avons pas écrit jusqu'à l'heure actuelle, c'est beaucoup plus en raison des circonstances actuelles sous lesquelles nous vivons que d'un oubli de votre personnalité.. Cher Monsieur Fenster, je veux aujourd'hui que vous dire de nouveau, combien moi particulièrement, je vous suis reconnaissant et combien j'estime et l'enthousiasme que vous avez apporté à ce groupe des jeunes qui n'a - hélas - pas survécu la période des discussions. Je serais heureux d'avoir une fois de vos nouvelles — et toujours à vous Pierrot

פאַקסימילע פון פּ. גראָמבאַכערס אַ בריוו צו ה. פענסטער

ווען עס ברעכט אויס די מלחמה, ווערט ער אינטערנירט. נאָכן וואַפנשטילשטאַנד שיקט מען אים קיין בעלאַק. ער אַרבעט אין אַ וואַלד און קען זיך אין דער פרייער צייט אָפּגעבן מיט קינסטלערישער אַרבעט.

אין בעלאַק באַקענט ער זיך מיט דער יונגינקער מאַרי־לואיז שטיינשניידער, אַן אורא־איניקל פון באַרימטן יידישן אָריענטאַליסט, פּראָפעסאָר מאָריץ שטיינשניידער (1816־1907) און טאָכטער פון באַוווּסטן פראַנקפורטער אַדוואָ־קאַט אַדאָלף שטיינשניידער, וואָס האָט אין די פרייע שעהען, אין מאָריאַק, געאַרבעט איבער אַ פילאָזאָפיש־סאָ־ציאָלאָגיש ווערק און וועלכן די דייטשן האָבן שפּעטער דערשאָסן אין בעלאַק.

צווישן דעם יונגן פּיער און דער נאָך יינגערער פון אים מאַרי־לואיז צעבליט זיך אַ אידיליע. מען שיקט אים פון בעלאַק קיין מאָריאַק אין לאַגער.

אין שיינע, פּאָעטישע בריוו דריקט ער אויס זיין פאַר־בענקטקייט צו מאַרי־לואיז.

אין חודש סעפּטעמבער 1942 ווערט ער מיט זיינע חברים אוועקגעפירט פון זיין אַרבעטפּלאַץ פון דאָרף לאַ־בעסיער־סענט־מאַרי. מען פירט אַלע צוערשט קיין סען־זשאַרזש, ווו עס געפינט זיך דער לאַגער־קאָמאַנדיר.

זיי ווערן דאָרטן תיכף אַרומגערינגלט פון אַ מחנה פראַנ־צויזישע זשאַנדאַרן, וואָס פירן זיי אין דער תפיסה פון בריוו און פון דאָרטן אין זאַמל־לאַגער פון מאָנליסאָן און שפּעטער קיין דראַנסי.

ער איז געוואָרן פון דאָרטן דעפּאָרטירט דעם 13טן סעפּ־טעמבער 1942.

אַ ביסל שפּעטער איז געקומען די ריי אויף זיינע עלטערן.

⁂

ווי עס אינפאָרמירט זיין על־פּי־נס לעבן געבליבענער פריינד, דער יונגער יעקב גרינבערג, האָט דער יונגער קינסטלער אויפן וועג קיין דייטשלאַנד געפּרוּווט זיך נעמען דאָס לעבן.

אַרעמער פּיער! ער, וואָס האָט אַזוי ליב געהאַט דאָס לעבן, די וועלט, אירע פאַרבן!

דער שניט, וואָס ער האָט זיך געגעבן אין די אָדערן אין זיין פאַרצווייפלונג, איז נישט געווען גענוג טיף, און ער האָט באַדאַרפט אויסטרינקען ביזן סוף דעם בעכער פון זיינע ליידן און פּיין.

ער האָט אויסגעהויכט זיין שיינע יונגע נשמה אין איינעם פון די טויטלאַגערן פון אויבערשלעזיע פון פיזישער אויס־געשעפּטקייט פון הונגער און טובערקולאָז.

מיט אים זיינען אויך אַוועק זיינע ביידע חברים האַנס לעווענשטיין און גי זילבערשטיין.

דריי וועלטן, דריי בליענדיקע האָפענונגען.

# אליהו גרינמאַן

# ELIE GRINMAN

## 1875-1944



אליהו גרינמאַן האָט געהערט צו דעם עלטערן דור יידישע קינסטלער.

להיפוך צו דעם יינגערן דור איז ער געקומען קיין פּאַריז נישט כדי ערשט צו־ווערן. ווען ער האָט זיך באַוויזן אין דער פּאַריזער קונסטוועלט, האָט ער שוין געהאַט אַ נאָמען און די סמיכה פון אַזאַ אויטאָריטעט ווי איליאַ ריעפּין.

ער איז געבוירן געוואָרן דעם 8טן אַפּריל 1875 אין קיעוו.

מאָלעריי האָט ער שטודירט אין דער פּעטערבורגער קונסט־אַקאַדעמיע און געווען דער באַליבסטער תלמיד פון דעם אויבן דערמאַנטן באַרימטן רוסישן מאָלער.

ריעפּין האָט געהאַלטן פון זיין יידישן תלמיד אַן עולם ומלואה און געווען גאָר באַזונדער באַגייסטערט פון זיין גרויס בילד „בין השמשות", אַ ווערק, וואָס שטעלט פאָר אַן אַלט, אין טרויער פאַרזונקען פּאָרפּאָלק.

ריעפּין האָט זיך שטאַרק מצער געווען, וואָס דאָס דאָזיקע בילד האָט אין רוסלאַנד נישט געהאַט דעם געהעריקן דערפאָלג און געעצהט זיין באַליבטן תלמיד אויסצושטעלן דאָס ווערק אין איטאַליע, וואָרעם זיי, די איטאַליענער, האָט ער געזאָגט, ווייסן אָפּצושאַצן אַ קונסטווערק.

ווען ריעפּין איז געשטאָרבן, האָט זיין זון געשיקט צו גרינמאַנען קיין פּאַריז אַ פּאָר שטויבלעך ערד פון זיין פּאָטערס קבר, ווייל ער האָט געוווסט, אַז גרינמאַן האָט געהערט צו זיין פּאָטערס באַליבסטע תלמידים.

אין יאָר 1927 קומט גרינמאַן קיין פּאַריז מיט אַ נאָמען פון אַ טאַלאַנטירטן קינסטלער. ער אַרבעט אַ סך, שטעלט אויס זיינע ווערק אין „סאַלאָן פון די פראַנצויזישע קינסטלער".

אין יאָר 1939 האָט דער דאָזיקער קונסטסאַלאָן באַשאָנקען דעם קינסטלער, בעת אַן אויסשטעלונג, מיטן „ערן־צייכן". צוויי יאָר שפּעטער, אין יאָר 1941, באַקומט ער פאַר זיין פּאַסטעל־פּאָרטרעט פון מאַדאַם וו. ה., וואָס איז אויסגעשטעלט אין זעלביקן סאַלאָן, דעם „זילבערנעם מעדאַל".

די קונסטקריטיק האָט זייער געלויבט דאָס דאָזיקע קונסטווערק, אונטערגעשטראָכן זיינע באַזונדערע מעלות: די אייגנאַרטיקע פּאַקטור, דעם קאָלאָריט, די סענסיבלקייט און האַרמאָנישקייט, וואָס דאָס ווערק פּאַרמאָגט.

צום לעצטן מאָל האָט אליהו גרינמאַן, שוין אַ באַיאָרטער מענטש און באַרימטער מאָלער, אויסגעשטעלט, אין יאָר 1944, און ווידער אַ מאָל אין „סאַלאָן פון די פראַנצויזישע קינסטלער". דאָס זיינען געווען די צוויי פּאַסטעל־פּאָרטרעטן פון מאַדאַם וו. פּ. און פון הער מ. ר. מ.

אינטערעסאַנט איז, וואָס גרינמאַן האָט אויסגעשטעלט זיינע ווערק אין אַ צייט, ווען אַ יידישן קינסטלער איז נישט נאָר פאַרווערט געווען אויסצושטעלן זיינע אַרבעטן, נאָר אפילו זיך פּערזענלעך צו ווייזן אין אַ מוזיי אָדער אויף אַן אויסשטעלונג.

אליהו גרינמאַן איז אָבער דעמאָלט אויסגעצייכנט געוואָרן מצד דעם „סאַלאָן פון די פראַנצויזישע קינסטלער" פאַר די אויסגעשטעלטע צוויי פּאַסטעל־פּאָרטרעטן מיטן „זילבערנעם מעדאַל".

זיינע פּאַסטעלן האָבן געמאַכט אַ באַזונדערן רושם אין דער פּאַריזער קונסטוועלט.

דעב 12טן אַפּריל 1944 ווערט אליהו גרינמאַן פאַרהאַלטן דורך פראַנצויזן, וואָס האָבן זיך געשטעלט אין דינסט פון דייטשישן אָקופּאַנט.



SOCIÉTÉ DES ARTISTES FRANÇAIS
Reconnue comme établissement d'utilité publique

PALAIS DE TOKIO
(Musée des Beaux-Arts de la Ville de Paris — AVENUE DE TOKIO — Metro : Alma)

SALON DE 1944

PEINTURE
Dessins, Pastels, Aquarelles, Gouaches et Miniatures

Cheques Postaux
PARIS 1573-27

Nom. Grinman Prénoms : Elie
Lieu et Date de naissance Kiew 8 Avril 1875
Nationalité. Russe
Élève de Elie Repin à l'Académie des Beaux-Arts de S-Petersbourg
Récompenses obtenues antérieurement au Salon en 1939 mention honorable 1941 Médaille d'argent
Adresse 21 rue de l'Avre Paris. Arrond 15e

| CASE RESERVEE à l'Administration | TITRES DES OUVRAGES | Indiquer obligatoirement le PRIX DE VENTE ou mentionner "Pas à Vendre" |
|---|---|---|
| | Portrait de Mme V. P. | Pas à vendre |
| | Portrait de Mr M. R. M. | Pas à vendre |
| | | |

AVIS TRES IMPORTANT. — Tout artiste devra verser, en une seule fois, au moment

פּרעגבויגן פון „סאַלאָן 1944", אויסגעפילט פון א. גרינמאַן

# פאקסימילע פון איליא ריעפינס בריוו


№ 26

Милый Илья Абрамович

— Я очень тронут Вашим вниманием и почувствовал даже упрек своей совести. В самом деле: я сам заурядный смертный, прожил предельный срок жизни десятилетием;

ליבער איליאַ אַבראַמאָוויטש,

איך בין זייער גערירט פון אייער אויפמערקזאַמקייט לגבי מיר. ס'איז מיר שווער אויפן האַרצן. איך בין דאָך — אין דער ווירקלעכקייט — אַ זייער פּשוטער בשר־ודם, וואָס לעבט שוין צען יאָר מער, ווי ער האָט באַדאַרפט לעבן. איר שרייבט מיר, וואָס איר האָט געזען אין אייער חלום. איך האָב זיך היינט אויך געזען אין חלום: איך האָב זיך אַליין געזען אַ גוססדיקן, באַדעקט מיט בלוט.

אין שייכות מיט אייער בילד „בין־השמשות" האָב איך זיך היינט געזען מיט בראָדסקין *. וויפל יאָר איך האָב שוין נישט געזען דאָס דאָזיקע בילד! אָבער איך דערמאָן זיך אַצינד אין זיין טאַלאַנטלישקייט, אין זיין שיינקייט און אין זיין פּלאַסטיק, וואָס מען קען נישט אויסדריקן. דאָס איז אַ טריט פאָרויס אין דער קונסט. און דאָס דאָזיקע בילד שטייט

* בראָדסקי: רוסישער מאָלער, פּרעזידענט פון דער מאָסקווער קונסט־אַקאַדעמיע. אַ פּערזענלעכער פריינד פון איליאַ ריעפּין.

# פון 14 טן יולי 1926 צו א. גרינמאַן



שוין אַזוי פיל יאָרן ביי אייך. אומבאַקאַנט פאַר דער וועלט פון קולטור און קונסט. עס טויכט אויף אַצינד ביי מיר אַ געדאַנק:

שיקט אייער בילד קיין ווענעציע. אין פעטערבורג איז פאַראַן אַן איטאַליענישע ביורע, וואָס שיקט אַריבער קונסטזאַכן, אויף פעריאָדישע אויסשטעלונגען, קיין ווענעציע, אין „סאַרדינאַ רעאַלע". איר קענט זיך פאַררופן אויף מיר. קען זיין, אַז די איטאַליענער געדענקען מיך. אַך! זיי זיינען אַ מאָל געווען זייער גוט צו מיר און איך האָב געהאַט אין ווענעציע אַ גרויסן דערפאָלג. דאָס בילד „דער דועל" האָט צוגעצויגן מיט זיין באַלויכטונג דאָס פובליקום. איך האָב זיי זייער ליב, די איטאַליענער, זיי פאַרמאָגן אַ קינסטלערישע נשמה. זיי שאַצן זאַכן ווי מען דאַרף. זיי זיינען אָוועקגעפאָרן, מיינע ליבע פריינד. אָבער נאָך מיין באַקענען זיך מיט זיי קען איך זאָגן אויפריכטיק: רוסלאַנד וועט אויפלעבן, אויב אַזעלכע לעבנדיקע מענטשן וועלן וואַכן איבער איר. זייט מוחל.

איליאַ ריעפּין

פּ.ס.: צו אייך וועלן קומען מענטשן. זיי וועלן איינפּאַקן די זאַכן און אָוועקשיקן.

(אָריגינאַל ביי ה' עמיל מאַרקאָוויטש — פּאַריז)

בעת ער איז אַרויסגעגאַנגען אויף „פּלאַץ אָפּעראַ“ פון דער „מעטראָ“ (אונטערערדישע באַן).

מ׳האָט גרינמאַנען פאַרשיקט אין לאַגער „לאַ טורעל“.

דעם 12טן יוני 1944 האָט מען אים פון דאָרטן געפירט קיין דראַנסי, וואָס איז געווען דער פּרוזדור צו די גאַזקאַמערן. אין דראַנסי, אין לאַגער, האָט אליהו גרינמאַן נאָך געמאַכט אַ צוויי, דריי בילדער.

ווען דער שעף פון דער געשטאַפּאָ האָט באַמערקט די ראָזיקע בילדער, האָט ער זיך אויסגעדריקט:

— „אַזעלכע מענטשן — ווי איר — זיינען נייטיק אין דייטשלאַנד און אין פּוילן...“

ס׳איז נישט שווער זיך פאָרצושטעלן, וואָס דער היטלעריסט האָט געמיינט מיט די ווערטער.

בעת ער איז געווען אין לאַגער „לאַ טורעל“, האָט ער אַלץ נאָך געהאָפט, אַז מען וועט אים סוף-כל-סוף באַפרייען.

פון זיין לעצטן בריוו, געשריבן צו דער רוסישער דאַמע אַס, איידער מען האָט אים געפירט קיין דראַנסי, איז שוין צו זען, אַז ער האָט פאַרלוירן יעדע האָפענונג, אַז ער וועט ניצול ווערן פון די דייטשישע הענט.

אין דעם דאָזיקן בריוו האָט דער קינסטלער דערפילט זיין גורל.

■

ער איז דעפּאָרטירט געוואָרן פון דראַנסי דעם 30טן יוני 1944.

ווערק פון קדוש געפינען זיך אין די מוזייען פון מאָסקווע און לענינגראַד.

דעם קינסטלערס צוויי גרויסע געמעלן „די דערעפענונג פון דער דומע“ און „בין-השמשות“ געפינען זיך אין דער קאָלעקציע פון פרוי אַס אין פּאַריז.
די פאַרשווינען האָבן דעם אַלטן קינסטלער פאַרהאַלטן,



א. גרינמאַן

יונגע רוסישע פּויערטע,
אײלבילד



# ערנאַ דעם
# ERNA DEM
1889-1942

ערנאַ וואָלפסאָן, וואָס האָט געחתמעט אירע ווערק מיטן איינזילביקן קינסטלער־נאָמען „דעם“ (צונויפגעשטעלט פון די אָנהייב־אותיות פון איר מיידלשן פאַמיליע־נאָמען, איר פאַרנאָמען און דעם פאַרנאָמען פון איר מאַן), איז געבוירן געוואָרן דעם 18טן פעברואַר 1889 אין קיעוו.

איר פאָטער, זיגמונד דאַווידאָוו, וואָס איז געווען אַ דאָקטער פון פאַרמאַצעווטיק און געהאַט אַ צייט אַן אַפּטייק אין אָדעס, איז שפּעטער געקומען צוריק קיין קיעוו און געוואָרן אַן אינדוסטריעלער.

איר זיידע, הערץ באַלאַשאָווסקי, איז אין רוסלאַנד געווען זייער באַקאַנט ווי אַ בויער און אייגנטימער פון גרויסע צוקער־פאַבריקן. ער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפטלעכע גיטער.

אַחוץ מיט אירע ברייט־פאַרצווייגטע אינדוסטריעלע און לאַנדווירטשאַפטלעכע אונטערנעמונגען האָט זיך די משפּחה אינטערעסירט מיט קהליש לעבן, מיט יידישער פילאַנטראָפּישער אַרבעט.

אין זיידנס און פאָטערס קיעווער הויז פלעגן קומען, אַחוץ די גרויסע סוחרים, באַרימטע פּאָליטיקער, שרייבער, דיכטער, קינסטלער און פילאָזאָפן, פאָרשטייער פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. מען האָט דאָרטן געקענט זען פּאַוועל מיליוקאָוו, דעם באַרימטן רוסישן רעליגיעזן פילאָזאָף ניקאָלאַי בערדיאַיעוו, די פילאָזאָפן לעאָן שעסטאָוו (שוואַרצמאַן) און בולגאַקאָוו, דעם באַרימטן רוסישן קאָמפּאָזיטאָר סקריאַבין *), דעם רוסיש־יידישן שרייבער יושקעוויטש, חיים נחמן ביאַליק, שלום־עליכם, די מאָלער יששכר ריבאַק און ראַבינאָוויטש, די רעוואָלוציאָנערן גריגאָרי גערשוני, אַלעקסעי אַקסענטיעוו, בונאַקאָוו־פונדאַמינסקי, פּינחס רוטנבערג און אַנדערע, דעם ציוניסט הלל זלאַטאָפּאָלסקי און אַנדערע ציוניסטן.

אין איר נגידישער היים, ווו עס פלעגן זיך צונויפטרעפן די אַלע פּערזענלעכקייטן און דאָרטן ריידן וועגן פאַרשיידענע פּראָבלעמען, איז ערנאַס יוגנט געפלאָסן זאָרגלאָז. פריי און אומגעשטערט האָט זיך געקענט פונאַנדערבליִען איר איינגעבוירענער חוש פאַר קונסט, פאַר שיינקייט.

ערנאַ, וואָס האָט די פאָלקשול־לימודים גענומען אין דער היים ביי די עלטערן, איז שפּעטער אַריין אין אַ רוסישער גימנאַזיע, וואָס זי האָט געענדיקט מיט אַ גילדענעם מעדאַל.

יידישע לימודים: העברעיש, יידישע געשיכטע, תנ"ך וכדומה, האָט זי געלערנט מיט איר ברודער, דעם פראַנצויזיש־יידישן שרייבער זשאָרזש דאַווידאָוו, ביי שלום־עליכמען, וואָס איז געווען באַפריינדט מיט דער פאַמיליע. שלום־עליכם, דערציילט דער ברודער פון דער קינסטלערין, פלעגט פאַר אים און פאַר זיין שוועסטער לייענען זיינע זאַכן ביי די עלטערן אין שטוב, זיי פאַרטייטשן אין רוסיש די שווערע ווערטער.

ווען דער זיידע, הערץ באַלאַשאָווסקי, איז געשטאָרבן, פלעגן די עלטערן מיט זייערע ביידע קינדער פאַרברענגען



ע. דעם     ביי דער קינסטלערין אין דער היים. אוילבילד

* די טאָכטער פון באַרימטן רוסישן קאָמפּאָזיטאָר איז געווען די פרוי פון פּאָעט דוד קנוט. זי האָט גענומען אַ זייער אַקטיוון אָנטייל, אונטערן נאָמען „רעזשין“, אין דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין פראַנקרייך. געהאָלפן אַריבערפירן יידישע קינדער אין דער שווייץ. זי איז געווען אַ הייסע יידישע פּאַטריאָטין. די פראַנצויזישע פאַשיסטישע מיליץ האָט זי דערשאָסן דעם 22טן יולי 1944 אין טולוז, אַ וואָך פאַר דער באַפרייונג.



ע. דעם — פרויענקאָפּ — מוזיי „בצלאל“, ירושלים

די יידישע ימים־טובים ביי דער באָבען, קלאַרא באַלאַשאָווסקאַ.

אין דער לערנפרייער צייט האָט ערנאַ געצייכנט און גענומען לעקציעס פון מאָלעריי.

אירע ערשטע לערער פון מאָלעריי זיינען געווען די קינסטלער אברהם קאָזלאָוו און מוראַשקאָ. זי האָט אויך שפּעטער געאַרבעט מיט דער מאָלערין און דעקאָראַטאָרין עקסטער.

פון אירע יינגסטע יאָרן האָט ערנאַ אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערע באַגאַבטקייט און אינטערעס פאַר דער כאָרעאָגראַפישער קונסט: זי פלעגט טאַקע אָרגאַניזירן אין סאַלאָן פון אירע עלטערן טאַנץ־אָוונטן. צו די טענץ פלעגט זי אַליין אויסקאָמבינירן פאַר זיך און פאַר איר „קאַוואַליר“, וואָס איז בדרך־כלל געווען איינע פון אירע באַגאַבטע חברטאָרינס, די קאָסטיומען.

און ערנאַ, וואָס איז בטבע געווען אַ פריילעכע, פול מיט לעבן און וואָס האָט געשאַפן אַרום זיך תמיד אַן אַטמאָספער פון יום־טובדיקייט, האָט געטאַנצט מיט אַ סך חן און געשמאַק. אין איינעם מיט אירע שיינע ריטמישע באַוועגונגען האָט דער עולם באַוואונדערט די שיינע קאָסטיומען, וואָס זי האָט אויסקאָמבינירט.

זי האָט אויך ליב געהאַט טעאַטער און פלעגט אָרגאַניזירן אַמאַטאָרן־פאָרשטעלונגען.

אויך דאָ האָט זי אַרויסגעוויזן איר קינסטלערישן געשמאַק. זומער פלעגט זי פאַרברענגען אין דער קורסקער גובערניע און ליב געהאַט זיך צו לאָזן דאָרטן אויף לאַנגע שפּאַצירן, רייטנדיק אויף אַ פערד אָדער פאָרנדיק אין אַ קאַטש און אויך צו פוס, איבער די ברייטע, רחבותדיקע קורסקער פעלדער און וועלדער.

ווען די יונגע ערנאַ האָט געענדיקט די גימנאַזיע און זיך אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אויף אַן ערנסטערן אופן מיט דער פּלאַסטישער קונסט, איז זי געפאָרן קיין מינכען ממשיך זיין איר קינסטלערישע אויסבילדונג.

זי איז דאָרטן לאַנג נישט געבליבן. עס האָט זי געלאָקט די פראַנצויזישע מאָלעריי.



ע. דעם — פרויענקאָפּ (זאַמדשטיין)

זי איז געקומען קיין פּאַריז און פאַרברענגט דאָ אַ צייט, אָפּגעבנדיק זיך מיט אירע קינסטלערישע שטודיומס.

זי איז פון דאַנען צוריקגעפאָרן קיין רוסלאַנד און האָט שטודירט, צווישן 1914 און 1915, אין דער פּעטערבורגער קונסט־אַקאַדעמיע.

בשעת זי האָט זיך געפונען אין פּעטערבורג, האָט זי דאָרטן געשאַפן אַ מאַריאָנעטן־טעאַטער. די מאַריאָנעטן האָט זי קאָמפּאָנירט.

זי האָט, אין יאָר 1919, אין קיעוו, חתונה געהאַט מיטן יוריסט מאַרק וואָלפסאָן, אַ גרויסער ליבהאָבער פון קונסט און ליטעראַטור, וואָס האָט זיך אין רוסלאַנד אינטערעסירט מיט דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

אַ יאָר נאָך זייער חתונה זיינען זיי געקומען מיט דער מוטער און ברודער פון דער קינסטלערין קיין פּאַריז.

ערנאַ וואָלפסאָן־דעם האָט דאָ אָנגעהויבן באַזוכן די קונסט־אַקאַדעמיע און אויך פּריוואַטע קונסטשולן.

דאָס לעבן אין פּאַריז איז פאַר זיי נישט געווען גאָר לייכט. מען האָט געמוזט כּסדר טראַכטן מכּוח פּאַרדינען אויף חיונה.

אָבער די קליינע, שטענדיק באַוועגלעכע און אָפּנהאַרציקע פרוי, מיט דעם געדיכטן קאָפּ שאַטין־האָר און תּמיד לעבעדיקע, מיט חכמה לייכטנדיקע אויגן, וואָס האָט אַ מאָל געלעבט אָן מאַטעריעלע זאָרגן און דאגות, האָט נישט פאַרלוירן פון איר פרייִלעכקייט און גוטן הומאָר. אַזוי אויך



ע. דעם — דער רייטער

איר מאַן, מיט דער ברייטער קינסטלערישער קולטור. צו זיי האָבן אין פּאַריז ליב געהאַט צו קומען אין זייער מיט געשמאַק איינגעאָרדנטער דירה אויף בולוואַר ראַספּאַי, מיטן שיינעם אויסבליק, פאַרשטייערס פון דער ליטעראַריש־קינסטלערישער וועלט פון רוסלאַנד און פון פראַנקרייך. זיי האָבן דאָרטן באַוווּנדערט, אין איינעם מיט דער קינסטלערינס קעראַמישע אַרבעטן, אירע אַקוואַרעלן און גואַשן, די כלערליי גראַוויורונגען, די יקרי־המציאות, ביכער אָדער עפּעס אַן אַנטיקל, וואָס זיי האָבן זיך איינגעשאַפט ביי אַן אַנטיקוואַר.

(מען האָט דאָרטן געקענט טרעפן די רוסישע שרייבער בונין, אָסורגין, זאַיצעוו, בונאַקאָוו־פונדאַמינסקי, דעם רוסיש־יידישן שרייבער און מחבר פון היסטאָרישע ראָמאַנען מאַרק אַלדאַנאָוו, דעם פראַנצויזישן שרייבער ע. טיסעראַן און דעם באַרימטן פראַנצויזישן אַרכיטעקט אַ. פּערע מיט זיין פרוי און אַנדערע).

ערנאַ וואָלפסאָן־דעם, וואָס אירע פריינד פלעגן רופן מיט צערטלעכקייט „די קליינע דעם“, וועלכע האָט אָנגעהויבן איר קינסטלערישע טעטיקייט מיט צייכענען, מיט מאָלן אייל־בילדער, איז שפּעטער אַריבער צו דער קעראַמישער קונסט. אין דעם דאָזיקן קונסטצווייג, וואָס איז געוואָרן דער יסוד פון איר קינסטלעריש שאַפן, האָט זי זיך באַזונדער אויסגעצייכנט.

אירע מיט געברענטן ליים און באַדעקט מיט עמאַל געשאַפענע קונסטווערק, אירע מיט אַ סך חן אויף פּאָרצעליי געמאָלענע פּאָרטרעטן, מאַסקעס, סטאַטוען, סטאַטועטקעס, פיש און אַדורכלייכטנדיקע לאָמפּן, דריקן אויס שפּרודלדיק לעבן.

נישט זייענדיק קיין דאָקטרינערין און אויך נישט געבונדן צו קיין שום טעאָריעס, פלעגט זי אָבער שטענדיק, ווען זי האָט געהאַט בדעה עפּעס צו שאַפן, אַלץ צוערשט גרונטלעך אַדורכצושטודירן, זיך אינספּירירן.
זי האָט בדרך כּלל תּמיד געפונען אין זיך גופא די נייטיקע אינספּיראַציע.

זי האָט געאַרבעט אין דער וועלטבאַרימטער „נאַציאָנאַלער פּאָרצעליי־ און קעראַמיק־מאַנופאַקטור פון סעוור“ און אין „אַר דע פראַנס“ (קונסט פון פראַנקרייך).
זי האָט אויך געהאַט ביי זיך אַן אייגענעם, עלעקטרישן אויוון, ספּעציעל פאַר אירע פּרעכטיקע קעראַמישע ווערק, וואָס זי האָט קאָמפּאָנירט.

ערנאַ דעם־וואָלפסאָן האָט גענומען אָנטייל ביי דער גרויסער פּאַריזער אינטערנאַציאָנאַלער אויסשטעלונג פון 1937. זי האָט דעמאָלט אויסגעשטעלט אין סעוור־פּאַוויליאָן און געהאַט אויך באַזונדער אַן אייגענע וויטרינע מיט אירע ווערק.

זי איז בעת דער דאָזיקער אויסשטעלונג באַשאָנקען געוואָרן מיט כלערליי אויסצייכענונגען. די פראַנצויזישע רעגירונג האָט זי באַשאָנקען מיטן „ערן־דיפּלאָם“.
אין די לעצטע יאָרן האָט די קינסטלערין אָנגעהויבן זיך מער אָפּצוגעבן מיט מאָלעריי.

אירע גואַשן, אַקוואַרעלן און אייל־בילדער פון פּאַריז, איטאַליע, שפּאַניע, שפּיגלען אָפּ איר סענסיבלקייט, איר געשמאַק און צוגעבונדנקייט צו דער נאַטור, צום לעבן. זי גיט איבער צאַפּלדיק לעבן אין אַלע זיינע מאַניפעסטאַציעס און פאָרמען.

די קינסטלערין, וואָס איז געווען שטאַרק צוגעבונדן צום לעבן, האָט ליב געהאַט צו רייזן. ס'האָט זי תּמיד געצויגן צו נייע האָריזאָנטן.

זי האָט מערערע מאָל באַזוכט איטאַליע, שפּאַניע, האָלאַנד, שוועדן, דענעמאַרק, גריכנלאַנד, די שווייץ, בעלגיע, עסטרייך און דייטשלאַנד און פלעגט צוריקקומען פון אירע רייזעס מיט נייע ווערק און נייע שאַפערישע אידייען.

זי האָט ליב געהאַט די רחבותדיקע, פאַרביקע לאַנדשאַפט אַרום דעם מיטללענדישן ים. פון דאָרטן האָט זי געבראַכט אירע שיינע פּייזאַזשן. אירע גואַשן זיינען געמאָלן מיט אַ סך דעליקאַטקייט.

זי האָט אויסגעשטעלט אין פראַנקרייך, איטאַליע און אין אַנדערע לענדער.

זי איז אין איר קונסט באַווירקט פון אירע קינסטלערישע שטודיומס אין פראַנקרייך, רוסלאַנד און איטאַליע. זי איז געווען מאָדערן און קלאַסיש צוגלייך. ביי איר, וואָס איז געווען זייער סינטעטיש, געפינען מיר דעם סינטעז צווישן די מאָדערנע און קלאַסישע מייסטער.



וויטרינע מיט ערנאַ דעמס קינסטלערישע אַרבעטן אויף דער אויסשטעלונג פון „סאַלאָן 1940“ אין פּאַריז

דעם 16טן יולי 1942, באַגינען, איז איר מאַן, מאַרק וואָלפּסאָן, צוגענומען געוואָרן דורך פראַנצויזישע ווישי־פּאָליציסטן.

אַ טאָג שפּעטער איז געקומען די ריי אויף זיין פרוי, ערנאַ וואָלפסאָן־דעם, צו טיילן דעם גורל פון איר מאַן.

מען האָט זי אַוועקגעפירט קיין דראַנסי. ווי עס גיבן איבער עדי־ראיה, האָבן זיי ביידע אין דראַנסי געטרייסט, געשטאַרקט און געמוטיקט די אַנדערע קרבנות.

עטלעכע טעג שפּעטער, דעם 22טן יולי 1942, האָט מען מאַן און פרוי פון דאָרטן דעפּאָרטירט.

ביידע זיינען אומגעקומען אויף קידוש השם אין אָשפּיצין (אַיישוויץ).

***

אין חודש נאָוועמבער 1947 איז אין דער פּאַריזער קונסטגאַלעריע Kirby - Beard פאָרגעקומען אַ יזכור־אויסשטעלונג נאָך דער טראַגיש־פאַרשניטענער יידישער קינסטלערין.

וועגן ערנאַ וואָלפסאָן־דעם, וואָס איז געווען אַ מיטגליד פון „האַרבסט־סאַלאָן“, פון „טיולערי־סאַלאָן“ און פון „סאַלאָן פון די קינסטלער־דעקאָראַטאָרן“, אין וועלכע זי פלעגט אויסשטעלן אירע קינסטלערישע שאַפונגען, האָבן צווישן אַנדערע, געשריבן: ה׳ מאַרינאָוויטש אין דער גרויסער פאַר־מלחמהדיקער פאַריזער רוסישער טעגלעכער צייטונג „פּאָסלעדניע נאָוואָסטי“ און אין „רוסקי נאָוואָסטי“ פון 28טן נאָוועמבער 1947, ה׳ וולאַדימיר זעלער אין „רוסקאַיאַ מיסל“ פון 13טן דעצעמבער 1947, „באָז־אַר“ פון 28טן נאָוועמבער 1947, „קאַרפור“ פון 16טן דעצעמבער 1947, „אַזש נואוואָ“ פון יאַנואַר 1948 און מערץ 1948, „אַליאַנס פראַנסעז“ פון יאַנואַר 1949, כיל אַראָן אין דער פאַריזער „נייע פרעסע“ פון 7טן יאַנואַר 1948, „לאַ סעמען דע פּאַרי“ פון 18טן דעצעמבער 1947 און „אַרשיטעקטיר ד׳אָזשורד׳י“ פון 15טן נאָוועמבער 1947.

ווערק פון דער קינסטלערין געפינען זיך אין די מוזייען פון דער „נאַציאָנאַלער מאַנופאַקטור“ פון סעוור, פראַנקרייך, אין מוזיי פון מאָדערנער קונסט אין ברוקלין, אין „ערמיטאַזש“ פון לענינגראַד, אין מוזיי פון „בצלאל“ אין ירושלים, אין יידישן מוזיי פון פּראָג און אין מוזיי פון פענזאַ, איטאַליע.



ע· דעם    ווענעציע, גוּאַש

## וועגן דער אויסשטעלונג דעם, אין נאוועמבער 1947

מיט עמאָציע באַטרעט מען די שוועל פון דער דאָזיקער יזכור־אויסשטעלונג, וואָס דערמאָנט מיט אַ באַזונדערער קראַפט די קינסטלערין ד ע ם, וואָס מיר האָבן געקענט און וועמענס ווערק און איידעלן כאַראַקטער מיר האָבן ליב געהאַט.
זי האָט זיך ווי אַ סקולפּטאָר אויסגעדריקט אין אירע סטאַטועטקעס, מאָדעלירט ברייט און סענסועל אין נאַקעטער ערד, באַלעבט דאָ און דאָרטן מיט טיפע טענער פון עמאַל. אין געוויסע ווערק פון זאַמדשטיין געפינען מיר דעם טיפן, סודותפולן אויסדרוק, וואָס פירט אַריין אַ האַרמאָניע אין די שטריכן פון די פנימער.

מאַד׳ ר· מוטאַר-אילדרי („אַר“, 28 נאָוועמבער 1947)

# אנדענק־אויסשטעלונג פון דער קינסטלערין דעם

די קינסטלערין ערנאַ וואָלפסאָן און איר מאַן מאַרק וואָלפסאָן זיינען געוואָרן דעפּאָרטירט אין 1942 פון פּאַריז און אומגעקומען. שטייען זיי פאַר מיינע אויגן אַן אידעאַל קינסטלער־פּאָרפאַלק. יעדעס מאָל, ווען איך האָב זיי געזען צוזאַמען אויפן מאָנפּאַרנאַס, האָב איך זיך געטראַכט: וויפל איידלקייט, אינטעליגענץ, גוטסקייט שטראַלט פון זייערע געזיכטער! די נאַצישע בעסטיעס האָבן אויך נישט פאַרשוינט די דאָזיקע איידעלע געשטאַלטן.

די שיינע אויסשטעלונג האָט פאַר אונדז אַנטפּלעקט אַ ערשט־ראַנגיקע קעראַמיק־קינסטלערין. די קונסט קעראַמיק־טעכניק, וועלכע איז אַ סאָרט געברענטער ליים, באַדעקט מיט עמאַל און ווידער געברענט אין פייער, איז שוין באַקאַנט אין דער קונסט פון גאָר אַלטע צייטן. און באַזונדערס האָבן די כינעזער דערוואָרבן אַן אויסער־געוויינלעכע פולקומקייט אויף דעם דאָזיקן געביט. די אַלטע גריכן האָבן פיל געשאַפן קעראַמיק אפילו נישט באַדעקט מיט עמאַל, וועלכע זיי האָבן עקספּאָרטירט איבער די שכנותדיקע לענדער פון מיזרח: ארץ־ישראל, סיריע, פעניציע.

אונדזער קינסטלערין, וועלכע האָט געאַרבעט אונטערן נאָמען דעם, האָט באַקומען באַשטעלונגען פון דער פראַנצויזישער סעוור־מאַנופאַקטור. ווען מיר ווייסן, אַז די פראַנצויזישע איצטיקע קעראַמיק־קונסט איז די ערשטע אין דער וועלט, איז נישט קיין קליינער שבח פאַר אונדזער קינסטלערין צו פעסטשטעלן, אַז זי פאַרמאָגט אַן אייגענעם, פּערזענלעכן סטיל און אירע קעראַמיק־ווערק. אירע טעלער, פיגורן, פייגל זיינען זעלטן איידל, עלעגאַנט, גראַציעז אין דער פאָרם און איר אינערלעכער אויסגעפיינערטער זין פון קאָליר צייגט זיך אין איר באַהאַנדלונג פונעם עמאַל. מען קען זאָגן אויף זיכער, אַז אויפן געביט פון דער עמאַלירטער קעראַמיק איז אונדזער קינסטלערין געווען אויפן וועג צו דערגרייכן די העכסטע פולקומקייט.

דער איידעלער קינסטלער־טאַלאַנט פון מאַדאַם דעם ווייזט זיך נאָך אין די אויסגעשטעלטע גואַשן, אַקוואַרעלן און אייל־בילדער. באַזונדערס אויסגעצייכנט זענען אירע גואַשן, וועלכע באַזיצן אַ דורכזיכטיקע לויכטיקייט פון טאָן, סובטילע פאַרבן־ווערטן. זי צייכנט זיך אויס אין שילדערן די אַרכיטעקטור אין די גרויסע שטעט, אַרויסבאַקומענדיק דאָרטן מאַטן גרין, לייכטנדיקן זילבער־גראָ, פּערל־גראָ. איר ליבע פאַר דער איטאַליענישער רענעסאַנס־קונסט ווייזט זיך באַזונדערס אין אירע שיינע בילדער, וואָס שילדערן אַלט־פלאָרענץ, אַלט־ווענעציע. בין איך אַוועק פון דער אויסשטעלונג מיט באַוווּנדערונג און מיט טיפן טרויער, ווען איך האָב געטראַכט, אַז די דאָזיקע קינסטלערין איז אַוועקגעריסן געוואָרן אין די שענסטע יאָרן פון איר שאַפן.

כיל אַראָן („נייע פּרעסע“, 7 יאַנואַר 1948)

# פּאָל דערי

# PAUL DŒRY

## 1898-1943

ווען אַלץ איז נאָך געלעגן איינגעהילט אין פינצטערניש, פלעגן קומען קלאַפּן אין די טירן פון די היימען פון זייערע קרבנות פּאָליציי, געשטאַפּאָ אָדער די פאַשיסטישע מיליץ.

זיי פלעגן זיך אויך לאָזן אויף זייערע גייעגן אין די אַנדערע שעהען. דער עיקר אָבער פאַר באַגינען. זיי זיינען דעמאָלט געווען מער זיכער אַריינצובאַקומען לייכטער אין זייערע הענט די מענטשן, אויף וועלכע זיי האָבן געלויערט.

צום אונגעריש-יידישן קינסטלער פּאָל דערי זיינען זיי געקומען האַלב צוועלף ביי נאַכט, פּונקט דעמאָלט, ווען ער האָט געהאַלטן אין מיטן צוזאַמענעמען און איינפּאַקן דאָס נייטיקסטע און געוואָלט פאַרלאָזן זיין אַטעליע, אויף נומער 20 רי ערנעסט קרעסאָן, און זיך ערגעץ ווו אויסבאַהאַלטן, פאַרשטעקן, פאַר די מענטשן-כאַפּערס, וואָס האָבן געלויערט אויף אים און אויף צענדליקער טויזנטער אַנדערע מענטשן.

⁂

פּאָל דערי איז געבוירן געוואָרן דעם 16טן דעצעמבער 1898 אין בודאַפּעשט.

זיינע עלטערן זיינען געווען זייער פּאָפּולער אין דער אונגערישער הויפּטשטאָט, ווו זיי האָבן געהאַט אַ געשעפט פון פאַרבן און אַנדערע אַרטיקלען פאַר מאָלעריי. די בודאַפּעשטער מאָלער-באָהעמע פלעגט דאָרטן קומען קויפן פאַרבן און אַנדערע צום מאָלן נייטיקע זאַכן.

ווען פּאָל דערי האָט געהאַט געענדיקט אין בודאַפּעשט די מיטלשול, איז ער אַריינגעטרעטן אין דער אָרטיקער קונסט אַקאַדעמיע.

ער איז שפּעטער געפאָרן קיין בערלין און דאָרטן פאַרברענגט עטלעכע יאָר.

ווען היטלער האָט איבערגענומען די ממשלה, האָט ער פאַרלאָזט דייטשלאַנד און איז געקומען קיין פּאַריז.

ער האָט זיך בעיקר אָפּגעגעבן מיט דער גראַפישער קונסט און געווען דאָ אָריגינעל.

ער האָט, סיי אין בערלין, סיי אין פּאַריז, געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג ווי אַ מאָלער פון קינסטלערישע קינאָ-אַפישן. ער איז געווען אַ געבילדעטער, קולטורעלער מענטש, אַ מענטש, וואָס איז געווען שטענדיק גרייט צו העלפן, צו טאָן אַ טובה און ליב געהאַט זיך צו געפינען אין געזעלשאַפט פון מענטשן.

ער איז געוואָרן דעפּאָרטירט פון דראַנסי דעם 17טן דעצעמבער 1943.

# לעאָן דרוקער

# LEON DRUCKER

### 1887-1944

דערציילן וועגן קינסטלער לעאָן דרוקער הייסט דערציילן די געשיכטע פון אַן אָרעם קינד, וואָס איז געקומען פון די טיפענישן פון דער יידישער פאָלקסמאַסע און האָט זיך דורך שווערער מי אַדורכגעשלאָגן זיין וועג אין לעבן.
זיין ביאָגראַפיע איז, מיט קליינע, אינדיווידועלע באַזונדערקייטן, טיפיש פאַר די הונדערטער און טויזנטער יידישע פאָלקסטאַלאַנטן, וואָס זיינען אַרויסגעטראָגן געוואָרן דורך דעם שטראָם פון דער שאַפנדיקער פאָלקס־ענערגיע.

■

ער איז געבוירן געוואָרן דעם 15טן יולי 1887, אין דער שטאָט ווילנע.
זיין פאַטער, אַ קירזשנער פון פאַך, האָט פאַרלאָזן די היימ־שטאָט און איז געפאָרן זוכן ברויט און מנוחה קיין אַרגענ־טינע. ווען ער נעמט אַריבער די משפחה און באַווייזט קוים זיך איינצואָרדענען, ווערט ער קראַנק און שטאַרבט אַוועק.
בלית ברירה פאַרלאָזט די מאַמע פון לעאָן דרוקער דאָס לאַנד און פאָרט מיט אירע דריי קליינע קינדער קיין פאַריז.
אין פאַריז האָט לייבעלע, דער שפּעטערדיקער סקולפּטאָר, געענדיקט אַ פאָלקשול און צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים געמוזט גיין אַרבעטן ווי אַ לערניינגל אין אַ מעבל־פאַבריק.
אין אָוונט באַזוכט ער די קורסן פון דער פאַריזער יידישער האַנטוווערקשול.
אין דער דאַזיקער שול לערנט ער זיך צייכענען און מאָדע־לירן.
זיין פּראָפעסאָר און שפּעטערדיקער פריינד, דער באַוווּס־טער פראַנצויזיש־יידישער סקולפּטאָר און מאָלער עליזעי קאָוואַיאָן (אַ קוזין פון בערנאַר לאַזאַר, דעם פרי פאַר־שטאָרבענעם פראַנצויזיש־יידישן שרייבער, מחבר פון ווערק וועגן אַנטיסעמיטיזם און מוטיקער קעמפער בשעת דער דרייפוס־אַפערע), באַמערקט צווישן די תלמידים די באַזונדערע פעיקייט פון יונגן לייב דרוקער און לייגט אַ סך אַכט אויף אים, גיט אים צו חשק זיך אָפּצוגעבן מיט דער פאַרפולקומונג פון זיין טאַלאַנט.
ער האָט אָנגעטראָפן אויף אַ גוטן באָדן:
ער הייבט אָן שאַפן ווערק און שטעלט זיי אויס אין „סאַ־לאָן פון די פראַנצויזישע קינסטלער“. דערנאָך הייבט ער אָן אויסשטעלן אין „טיולערי־סאַלאָן“ (ער איז אגב דער מיטגרינדער פון דאָזיקן סאַלאָן) און אויך אין אַנדערע קונסטסאַלאָנען.

מיט זיינע אויסשטעלונגען ציט ער אויף זיך די אויפמערק־לעכקייט פון דער קונסטקריטיק און פון קונסט־מבינים.
ער געפינט אָנערקענונג מיט זיינע ביוסטן און בפרט מיט זיין קונסטווערק „מוטער און קינד“, אַ סקולפּטור, וואָס שטעלט פאָר אַ יונגע מוטער, וואָס הייבט אויף מיט שטאָלץ, מאַמעדיקער צערטלעכקייט און פרייד איר קינד צו דער זון.
דאָס דאָזיקע שיינע קונסטווערק (אין האָלץ) האָט געקויפט די פראַנצויזישע רעגירונג.

צו זיינע געליבטע ווערק געהערט אויך דער ביוסט „די כינעזערין“ און די ביוסטן פון זיין טאָכטער און זונעלע, „די טענצערין“ און נאָך אַנדערע.

פול מיט באַוועגונג, מיט לעבן זיינען דעם קינסטלערס „פעכטער“ (אין בראָנדז).
כ'איז אויך כדאַי אָנצווייזן אויפן ווערק „דער קוש“, אַ ראָדענ'ישע טעמע, אָבער מיט אַן אייגענער קאָנצעפּציע.
אין ווערק „דאָס קינד“ פילן מיר דעם קינסטלערס טיפע סענסיבלקייט, זיין צאַרט געפיל צום קינד.

צווישן די אויסגערעכנטע ווערק פון לעאָן דרוקער איז כדאַי צו דערמאָנען דאָס ווערק „די מענטשהייט“. דאָס דאָזיקע האַרמאָנישע ווערק סימבאָליזירט די דריי עטאַפּן אין מענטשלעכן לעבן: די קינדהייט, די רייפע עלטער און די זיקנה.



לעאָן דרוקער בײַ זיך אין שטוב

דרוקער אַליין האָט שטאַרק הנאה געהאַט פון דעם דאָזיקן ווערק.

■

בשעת דער מלחמה פון 1914-1918 פאָרט לעאָן דרוקער קיין ניו־יאָרק, ווו ער האָט אַ סך פריינד און פאַרערערס.
ער איז בשעת זיין אויפהאַלט אין אַמעריקע נאָך מער שאַ־פעריש אויסגעוואַקסן.
אין יאָר 1926 פאָרט ער מיט זיין פריינד, דעם פראַנצויזישן סקולפּטאָר בואוויאַלאַ, קיין קובאַ, ווו ער באַצירט איינע פון די הויפטגאַסן פון האַוואַנאַ מיט דעקאָראַטיווע וואַזעס.
צוויי יאָר שפּעטער ווערט ער פאַרבעטן דורך דער רעגירונג פון קובאַ אויסצופירן אַ ריי קינסטלערישע אַרבעטן פאַרן „קאָנגרעס־פּאַלאַץ" (פאַרלאַמענט).
אין יאָר 1937 שאַפט דער קינסטלער פאַר דער דעמאָלטי־קער פאַריזער אינטערנאַציאָנאַלער אויסשטעלונג „די קאָ־לומנע פון די אַרבעטער פון פייער".
פאַרן דאָזיקן ווערק האָט ער באַקומען דעם „ערן־דיפּלאָם".



ל. דרוקער — דער קוש
Studio P. Delbo — Paris



ל. דרוקער — טענצערין

לעאָן דרוקער האָט אין די מלחמה־יאָרן געליטן מאָראַליש און פיזיש. ער האָט, ווי אַ ייד, כסדר געמוזט זיך אויסבאַ־האַלטן, נישט געקענט פריי אַרבעטן, נישט געקענט אויס־שטעלן און נישט זען קיין אויסשטעלונג.
דאָס כסדרדיקע אויסבאַהאַלטן האָט לסוף אונטערגעגראָבן זיין דעליקאַט געזונט. ער ווערט קראַנק אויף אַ לונגען־טו־בערקולאָז.

אין אַ פאַריזער שפּיטאָל האָט ער, דעם 1טן דעצעמבער 1944, אויסגעהויכט זיין נשמה.
ער איז געשטאָרבן אין פאַריז, אָבער אין זיין פריציייטיקן טויט זיינען שולדיק די זעלביקע מערדער, דורך וועלכע אַנדערע יידישע קינסטלער זיינען אומגעקומען אין די לאַ־גערן און טויטפאַבריקן.

■

ווען פאַריז איז געוואָרן באַפרייט, האָבן זיינע פריינד, באַזווסטע קינסטלער און שרייבער, איינגעאָרדנט, אין „האַרבסט־סאַלאָן", אַ הזכרה־אויסשטעלונג פון זיינע איבערגעבליבענע ווערק.

■

דער ייִנגערער ברודער פון קינסטלער, אַנרי דרוקער, איז אומגעקומען אין די פייערן פון אַ קרעמאַטאָריע־אויוון.

# אנרי האַג
# HENRI HAGUE




אויף איינער פון די ווענט פון די „צימערן“ פון בלאָק 5 פון קאָצעט פון דראַנסי האָט זיך, צווישן אַנדערע צייכענונגען, אויסגעטיילט די צייכענונג, וואָס שטעלט פאָר, אַ יידישע מאַמע מיט איר פּיצל קינד און איבער זיי אַן עלטערער ייד, וועמענס בליק איז געווענדט צום הימל. פון זיין מויל רייסט זיך אַרויס אַ צערפּולער, ווייטיקדיקער רוף: „זע, רבונו של עולם, וואָס מען טוט דאָ מיט דיין אויסדערוויילט פאָלק“. געחתמעט איז די דאָזיקע צייכענונג מיטן נאָמען: אנרי האַג.

אַ ביסל ווייטער איז געווען צו זען פון זעלביקן קינסטלער אויף דער וואַנט די דאָזיקע ווערטער, געשריבן אין דער פראַנצויזישער שפּראַך:

„פאַר אַלע פריינד-קינסטלער, וואָס ווען אַדורך דראַנסי, צום ווידערזען נאָך דער מלחמה אין קאַפּע דאָם.“

נישט געקוקט אויף אַלע מיינע באַמיונגען, האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן צו באַקומען אַ וועלכע ידיעות וועגן קדוש.

# פראַניע האַרט

# FRANIA HART

## 1896-1943

„מיין יידישקייט האָט זיך קאָנסטיטואירט אויפן יסוד פון די זכרונות פון מיינע קינדעריאָרן און יוגנט.
טיף פאַראַנקערט זיינען ביי מיר די דאָזיקע זכרונות. זיי געבן מיר תמיד שלווה און דערלייכטערונג און זיינען פאַר מיר אַן אָנשפּאַר.“ (פראַניע האַרט)

(פון אַן אַנקעטע, וואָס עס האָט אַדורכגעפירט ביי די יידישע קינסטלער אין יאָר 1932 אין פּאַריז, פאַרן פראַנצויזיש-יידישן זשורנאַל „קדימה“, דער פראַנצויזיש-יידישער שרייבער און קונסט-קריטיקער יעקב (זשאַק) ביעלינקי, וואָס איז אומגעקומען אויף קידוש השם)

אין איינעם פון די קינסטלער-קאַפעס אויף מאָנפּאַרנאַס פלעגט מען אַ מאָל זען זיצן ביי אַ טישל אַ פרוי מיט אַ שיין, דעליקאַט פּנים, אַ פּנים, וואָס האָט אויסגעדריקט גוטקייט. זיצנדיק ביים טישל, דעם בלייפעדער אין האַנט,



די קינסטלערין פ. האַרט — פאָטאָ

פלעגט זי צייכענען.
געווען איז דאָס די יידישע קינסטלערין פראַניע האַרט.

**

זי איז געבוירן געוואָרן אין חודש אָקטאָבער 1896 אין וואַרשע, ביי פאַרמעגלעכע עלטערן. איר פאָטער איז געווען אַ באַקאַנטער סוחר פון צירונג.
נאָכן ענדיקן די פּוילישע גימנאַזיע האָט זי זיך גענומען שטודירן מאָלעריי אין דער וואַרשעווער קונסט-אַקאַדעמיע, ווו זי איז געוואָרן די תלמידה פון די פּראָפעסאָרן לענץ און קאַטאַרבינסקי.

אָנגעהויבן צו צייכענען האָט זי זייער פרי און ווו זי האָט נאָר געקענט. דער טיש, אויף וועלכן זי פלעגט מאַכן אירע



פ. האַרט    פּאָרטרעט פון איר מאַן ב. ר. סעקונדאַ, אוילבילד.    קאָלעקציע אינזש. האַרטזילבער — פּאַריז

שולאַרבעטן, איז אַלע מאָל געווען פול מיט אירע צייכע־נונגען.

אין יאָר 1921 איז זי געפאָרן קיין ווין און דאָרטן באַזוכט די „קונסט־געווערבע־שול“.

זי האָט חתונה געהאַט מיטן ווינער דיכטער און שרייבער פריץ קאָרפּ. זיי זיינען זיך שפּעטער פונאַנדערגעגאַנגען.

זי איז אין יאָר 1928 געקומען קיין פּאַריז און דאָ געלערנט ווייטער אין פּריוואַטע קונסט־אַקאַדעמיעס.

פאַר דער קונסט האָט זי אַלץ מקריב געווען, זיך אָפּגעזאָגט פון אַ באַקוועם, באַלעבאַטיש לעבן. זי האָט, נישט געקוקט אויף די שווערע באַדינגונגען, מיט וועלכע זי האָט זיך כסדר געמוזט ראַנגלען, קיין מאָל נישט אויפגעהערט צו צייכענען און צו מאָלן. זי האָט געמאָלן פּאָרטרעטן און שטיללעבנס.

קיין מאָל זיך נישט געיאָגט נאָך דערפאָלגן.

אין דער קונסט איז זי געבליבן קלאַסיש און רעאַליסטיש.

זי האָט עטלעכע מאָל אויסגעשטעלט אירע ווערק, באַנאַנד מיט אַנדערע יידישע קינסטלער, אין איר געבוירן־שטאָט און אין פּאַריז.

ווען זי האָט אויסגעשטעלט אין וואַרשע, האָט דער דאָרטי־קער מוזיי ביי איר אָפּגעקויפט צוויי פון אירע געמעלן.

זי האָט זיך אין פּאַריז פאַרבונדן מיטן ליטווישן ייד בנימין רפאל סעקונדאַ, וואָס האָט זיך אַליין אָפּגעגעבן מיט קונסט און געאַרבעט דערביי ווי אַ טאַקסי־שאָפער.

אין די מלחמה־יאָרן האָבן זיי זייער שווער געלעבט. ער, בנימין רפאל סעקונדאַ, האָט דעמאָלט געהאַט פאַרלוירן זיין באַשעפטיקונג (מען האָט געהאַט אָפּגעשאַפט די טאַק־סים). כדי צו האָבן אַ שטיקל ברויט אין שטוב, האָט דער מאַן זיך געמוזט כסדר שיידן מיט ווערק פון זיין רייכער ביבליאָטעק. פראַניע האַרט האָט זיך גענומען אויסצופּאַר־טיקן פרויען־מאַנטלען.

זיי האָבןביידע מאָראַליש שטאַרק געליטן פון די רדיפות און געזוכט אויף אַ וועלכן ס'איז אופן אויסצודריקן זייער סאָלידאַרישקייט מיט די צוגענומענע יידן.

מען דערציילט, אַז בנימין רפאל סעקונדאַ, וואָס האָט געפירט אין די טראַגישע טעג אַ טאָגבוך וועגן די יידישע ליידן, האָט איין מאָל זיך געריסן מיטצוגיין מיט זיי, די יידן אויף דעפּאָרטאַציע, געוואָלט טיילן זייער גורל.

זייערס אַ שכנה, אַ פראַנצויזישע קינסטלערין, האָט איבער־געגעבן, אַז זי האָט, אַ טאָג פאַר זייער אַרעסט, אַנגעבאָטן דער קינסטלערין איר אַטעליע, כדי זי און איר מאַן זאָלן האָבן ווו זיך צו באַהאַלטן. זי האָט איר געענטפערט, אַז זי גייט פרעגן דעם מאַן.

זי איז שפּעטער צוריקגעקומען און געזאָגט איר פריינדלע־כער פראַנצויזישער שכנה, אַז ער וויל נישט...

זיי זיינען ביידע אין מיטן דער נאַכט פון 24טן יולי 1943 געוואָרן אַרעסטירט.

מען האָט אויך דעמאָלט צוגענומען זייערע שכנים: דעם אונגעריש־יידישן סקולפּטאָר פערנאַנד וואַגאַ־וויים, די שניידערין פריילין אירענע שיינפעלד און די 72־יאָריקע זקנה עלזע וואָהל.

# אַלים האָהערמאַן

# ALICE HOHERMANN

1902-1943



אַלים האָהערמאַן איז געבוירן געוואָרן דעם 29טן יולי 1902, אין וואַרשע.

איר פאָטער, דער באַקאַנטער אינדוסטריעלער דיאָניזי האָהערמאַן, האָט איר געגעבן אַ סאָלידע וועלטלעכע דערציונג, לויט די באַגריפן פון דער דאָזיקער איינגעפונדע-וועטער אַסימילאַטאָרישער משפחה.

ווען זי ענדיקט די גימנאַזיע, קומט זי אָן אין דער וואַרשעווער קונסט־אַקאַדעמיע, וו זי שטודירט מאָלעריי.

עס איז נישט באַוווסט, צי זי האָט די אַקאַדעמיע פאַרענדיקט, ווייל ביי ניינצן יאָר האָט זי חתונה. אַ קורצע צייט שפּעטער צעגייט זי זיך מיטן מאַן און קומט קיין פאַריז.

מיט איר נאַטירלעכן דראַנג צו אומאָפּהענגיקייט איז איר אוממעגלעך זיך צוצופאַסן צו אַ באַלעבאַטיש, צוריקגעצויגן שטובלעבן. דאָס אַנטשפּרעכט נישט אירע אָנשויאונגען און נישט איר טעמפּעראַמענט.

מיט איר האַרץ, מיט איר נשמה שטעקט זי אין דעם פאַרגאַנגענעם ראָמאַנטישן יאָרהונדערט. איר מענטאַליטעט איז פרעמד די נייע עפּאָכע פון ציניזם און מעכאַני-זאַציע. טראַכט מען וועגן אַלים האָהערמאַן, קומט תיכף אויפן רעיון איר פראַנצויזישע גייסטשוועסטער פון פאַר-גאַנגענעם יאָרהונדערט: די באַוווסטע שרייבערין זשאָרזש סאַנד.

די יידישע מאָלער־קינסטלערין און די פראַנצויזישע וואָרט-קינסטלערין האָבן אין זיך פיל ענלעכע שטריכן. מיטן חי-לוק, וואָס זשאָרזש סאַנד האָט דירעקט געלעבט און גע-ווירקט אין דער תקופה פון ראָמאַנטישער שיינקייט, בעת אַלים האָהערמאַן האָט וועגן איר נאָר געחולמט, וועגן יע-נער פאַרביקער, געבענטשטער עפּאָכע, וואָס איז אַזוי פּרעכטיק רעפּרעזענטירט געוואָרן דורך די טרוימער, דורך די וויזיאָנערן פון נייע וועלטן, דורך די גרויסע דיכטער, מאָלער און מוזיקער, וועלכע האָבן געשעפּט ביי די לויטערע קוואַלן פון דער נאַטור און פון מענטשלעכן האַרץ און געפיל.

אַ גאַנץ לעבן האָט זי באַוווּנדערט יענע צייט.

מאָלט זי מיט אַ באַזונדערער ליבשאַפט די פרויען און קינ-דער, אָנגעטאָן אין די טראַכטן פון יענער צייט, און אויך פון צווייטן אַמפּיר.

עס וואָלט אָבער געווען נישט ריכטיק צו מיינען, אַז זי האָט נאָכגעמאַכט די ראָמאַנטישע מאָלעריי. אין איר קונסט האָט זי נאָר איבערגעגעבן איר וואַרעמע באַציונג צו דער דאָזיקער פאַרשוווּנדענער, פאַרביקער וועלט.

מיר געפינען ביי איר אַ מאָדערנע טראַנספּאָזיציע פון דער ראָמאַנטישער קונסט, אַ ליבשאַפט פאַר דער פרויען־מאָדע פון די צוויי אָנגעוויזענע תקופות, וואָס זי, די קינסטלערין, אינטערפּרעטירט מיט אַ סך חן און מיט אַ זייער מאָדער-נער פאַקטור.

זי איז אין איר קונסט, וואָס איז זייער אילוסטראַטיוו, זייער פרוילעך און געהערט צו דער פּלעיאַדע פרויען־קינסטלע-רינס, ווי: מאַדלען לוקאַ, מאַרי לאָראַנסען און הערמין דאַ-וויד.

די זעלביקע באַציונג צום ראָמאַנטיזם, געזען מיט די אויגן פון אַ בענקענדיקן מענטש פון אַ צווייטער עפּאָכע, האָט זי



א. האָהערמאַן — מוטער און טאָכטער, אייל בילד

Studio Y. Hervochon — Paris

אויך אויסגעדריקט אין בלומען, וואָס זי האָט געמאָלן מיט אַזאַ זעלטענער צאַרטקייט און אַזוי פיל ליבשאַפט.

פון יאָר 1925 פלעגט זי כסדר אויסשטעלן אירע בילדער אין פאַרשיידענע פּאַריזער קונסטסאַלאָנען. זי האָט אויך אויסגעשטעלט אין ניו-יאָרק און אין לאָנדאָן.

די לעצטע אויסשטעלונג אין לאָנדאָן האָט געמאַכט אַ באַזונדערן רושם.

***

נישט געקוקט דערויף, וואָס צווישן איר און דער סאָלידער, באַלעבאַטישער היים איז אין פיל ענינים קיין איינשטימיקייט נישט געווען און האָט נישט געקאָנט זיין, האָט זי זיך מיט רירנדיקער וואַרעמקייט באַצויגן צו די עלטערן, וועלכע זי האָט ליב געהאַט און זייער אַרויסגעוויזן דרך-ארץ.

מלחמה-צייט האָט זי זיך שטאַרק איבערגענומען מיט זייער גורל. זי האָט געשפּאָרט יעדן גראָשן און כסדר געשיקט פּעקלעך עסנוואַרג צו די עלטערן און צו איר איינציקער שוועסטער, וואָס האָבן זיך געפונען אין וואַרשע און זיינען אין אָרטיקן געטאָ אומגעקומען.

אין יאָר 1941 באַמיט זי זיך צו פאָרן קיין בראַזיל. ס׳זיינען אָבער געווען שוועריקייטן מיט דער וויזע. ענדלעך האָט דער בראַזילישער אַמבאַסאַדאָר, ה׳ דע סוזאַ דאַנטאַס, איר געגעבן אַ וויזע. זי האָט אָבער נישט געהאַט קיין מזל: בעת זי האָט שוין געהאַלטן ביים אַוועקפאָרן, איז די וויזע דערקלערט געוואָרן פאַר נישט-גילטיק.

נאָך לאַנגע באַמיונגען באַקומט זי אַ מעקסיקאַנישע וויזע, פאַרשרייבנדיק זיך אַלס כלה פון אַ געוועזענעם קעמפער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע אין שפּאַניע.

און עס דאַכט זיך, זי איז געראַטעוועט.

אָבער אין פאָרט-וואַנדר נעמט מען זי אַראָפּ פון דער שיף. וואָס איז? די פּאָליציי-פּרעפעקטור האָט באַקומען אַ באַפעל פון מאַרסעי, אַז ווי אַ פּוילישע בירגערין האָט זי נישט קיין רעכט אַדורכצופאָרן מאַראָקאָ.

די נסיעה ווערט ווידער אַ מאָל בטל.

נישט קיין ברירה. זי קערט זיך אום אַ צעבראָכענע און אויסגעשעפּטע קיין מאַרסעי.

דאָרטן בלייבט זי ביז אָנהייב פעברואַר 1943.

אין פרילינג 1943 פּרוווט זי נאָך אַ מאָל איר מזל: זי פאַרשאַפט זיך פאַלשע פּאַפּירן און לאָזט זיך פון מאַרסעי צו דער פראַנצויזיש-שפּאַנישער גרענעץ.

בעת זי וואַרט אַן עלנטע אין איר האָטעלשטיבל ביי דער פראַנצויזיש-שפּאַנישער גרענעץ אויף דעם מענטש, וואָס זאָל זי אַריבערפירן די גרענעץ, קומט די פראַנצויזישע ווי-



אַ. האָהערמאַן — מוטער און קינד, אוילבילד

Studio Y. Hervochon — Paris

שי-פּאָליציי בודק זיין די „פּאַפּירן". מען פאַרהאַלט זי און מען פירט זי אַוועק קיין טולוז אין תפיסה. דאָרטן זיצט זי עטלעכע וואָכן.

נאָך זעקס וואָכן פון חקירות און דרישות דעקט די פּאָליציי אויף איר אידענטיטעט: זי איז נישט קיין „אַריערין", נאָר אַ יידישע טאָכטער, געבוירן אין וואַרשע, ביי יידישע טאַטע-מאַמע.

דאָס איז גענוג, אַז מען זאָל זי שיקן קיין דראַנסי.

פון דאָרטן ווערט זי דעפּאָרטירט דעם 18טן יולי 1943 אין אַ טויטלאַגער. אין אַ קורץ בריוול, וואָס זי האָט באַוויזן צו שיקן צו איר פריינדין, פרייליין מאַדלען מאַשקאָווסקאַ, פאַרן אָפּגיין פון טראַנספּאָרט, שרייבט אַליס האָהערמאַן, אַז מען שיקט זי קיין דייטשלאַנד אַרבעטן. זי איז זיכער, אַז זי וועט אַלץ גובר זיין און קומען צוריק.

***

דאָס איז געווען דער לעצטער גרוס פון דער קינסטלערין, וואָס האָט אויפן שוועל פון אומקום נישט פאַראַטן איר חלום און בענקשאַפט פון אַ גאַנץ, דאָך ווי קורץ מענטשיש לעבן.



א. האָהערמאַן

די מאַמע און אירע טעכטערלעך, איילבילד

דאָס איז געווען דער לעצטער גרוס פון דער יידישער טאָכ־טער, וואָס אין די לעצטע מינוטן פון איר לעבן האָט זיך אין איר אָנגעצונדן דער פאַרעקשנטער פלאַם פון איר פאָלק גובר צו זיין, מנצח צו זיין דאָס שלעכטס און צוריקצו־קומען...

***

עטלעכע אויסשטעלונגען פון דער קינסטלערין:

אין יאָר 1934 אין א פּאַריזער קונסט־סאַלאָן; אויסגע־שטעלט אין דעם זעלביקן יאָר אין דער „פּאַריזער גאַלע־ריע": „די חיות אין דער קונסט" און אין „אַרכיוו פון טאַנץ". אין 1935 אין ניו־יאָרק, אין דער „גאַלעריע פון דער פראַנצויזישער פּאַלעטרע".

פון 1933 ביז 1938 אין דער פּאַריזער קונסט־גאַלעריע פון פרוי ליסי קראָגה און אין וואַרשע.

אין יאָר 1939 האָט זי נאָך אויסגעשטעלט אין „סאַלאָן פון די אומאָפּהענגיקע": „די יונגע כלה", א „פּאָרטרעט פון זשיזעל" און „משה אַרויסגעצויגן פון וואַסער".

דער באַוווסטער פראַנצויזישער שרייבער אַרי לעבלאָן האָט וועגן איר א סך געשריבן און זי געמאַכט באַקאַנט אין דער פראַנצויזישער קינסטלערוועלט.



# דוד הויכמאַן

## DAVID GOYCHMAN

1900-1942

דערציילן וועגן דעם מאָלער דוד הויכמאַן, מוז מען, נישט ווילנדיק, דערציילן די געשיכטע פון דריי ברידער, וואָס זיינען אומגעקומען אין פאַרשיידענע צייטן, מיט פאַרשיידענע מיתות.

און דערציילן דערציילט זיך די געשיכטע אַזוי:

אין שטעטל באַגאָפּאָליע, לעבן קיראָוואָ, וואָס אין אוקראַינע, האָט געלעבט אַ ייד, אַ תבואה־הענדלער, מיטן נאָמען ר׳ וואָלף הויכמאַן.

ר׳ וואָלף האָט געהאַט דריי זין: אברהם, אליעזר און דוד.

ר׳ וואָלף הויכמאַן האָט זיך באַמיט, אַז זיינע זין זאָלן אַחוץ דעם אַלגעמיינעם וויסן, באַקומען אַ גוטע יידישע דערציונג. זיי זאָלן זיין באַקאַנט מיט דער יידישער קולטור און זיין צוגעבונדן צום יידישן פאָלק, צו זיין גרויסן עבר, צו זיין איצטיקייט און צו זיין עתיד.

זיי האָבן געלערנט תנ״ך, יידישע געשיכטע און אַנדערע יידישע לימודים.

אויך דער יינגסטער פון די ברידער, דער מאָלער דוד הויכמאַן (גויכמאַן), וואָס איז געבוירן געוואָרן דעם 23טן נאָוועמבער 1900 אין באַגאָפּאָליע, איז געווען אַריינגעטאָן אין יידישקייט. געווען פאַרבונדן מיט די גייסטיק־קולטורעלע אוצרות פון יידישן פאָלק. געווען שטאָלץ מיט די עטישע ווערטן, וואָס זיין פאָלק האָט געשאַפן און מיט די פערזענלעכקייטן, וואָס זיינען אַרויסגעוואַקסן פון יידישן פאָלקשטאַם.

ער איז געווען אַ ייד אינעם בעסטן און אינעם איידלסטן זין פון וואָרט.

ער האָט געלייענט און געקענט די יידישע שאַפונגען, סיי אין יידיש, סיי אין העברעיש. ער האָט זיך אין זיי פאַרטיפט. בכלל זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט יידיש לעבן און יידישע פּראָבלעמען.

ווען אין רוסלאַנד האָט זיך געענדיקט די ערשטע וועלט־שחיטה און ס׳האָט זיך צעפלאַקערט דער בירגערקריג, האָבן די פּעטליורישע און אַנדערע פּאָגראָם־באַנדעס גענומען שעכטן יידן, פאַרגיסן יידיש בלוט און פאַרוויסטן און חרוב מאַכן יידישע קהילות.

איינער פון דודס צוויי ברידער, אליעזר, איז געפאַלן אַ קרבן פון די דאָזיקע רוצחישע הענט.

דודן אַליין האָבן די מערדער אַריינגעשאָסן עטלעכע קוילן אין גוף.

די רוצחים זיינען אַוועקגעגאַנגען, גלייבנדיק, אַז זייער קרבן לעבט שוין נישט מער, אַז ער איז שוין אַ געענדיקטער.

אַ פאַרוווּנדיקטער האָט זיך דוד אויפגעהויבן פון דער ערד, אָנגעשטרענגט זיינע לעצטע כוחות און זיך דערשלעפּט אַהיים, אָפּגייענדיק אין בלוט.

ער איז ניצול געוואָרן, ער איז געבליבן לעבן.

אויף זיין גאַנץ לעבן איז ביי אים אָבער פאַרבליבן אַ וווּנד אויפן קאָפּ.

זיין עלטערער ברודער, אברהם, האָט זיך בעת דער מלחמה פון 1914־1918 געשלאָגן ווי אַ פרייוויליקער אין דער פראַנצויזישער אַרמיי און איז געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד.

אַרום 1919 פאַרלאָזט דוד הויכמאַן, מיט דער וווּנד אויפן קאָפּ, רוסלאַנד.

ער פאָרט ווי אַ חלוץ קיין ארץ־ישראל און אַרבעט דאָרטן אין משך פון דריי יאָר.

אין ארץ־ישראל האָט זיך דוד גענומען מאָלן. זיין אַמביציע איז געווען אַרויסצוברענגען אויף די לייוונטן זיין אינעווייניקסטן מהות, זיינע געפילן און בענקענישן.

און ווו לערנט מען צום בעסטן מאָלעריי, אויב נישט אין פאַריז? אין דער מעטראָפּאָליע פון קונסט און פון קינסטלער, אין דער שטאָט, וואָס פאַרמאָגט אַזעלכע רייכע פּיקטוראַלע טראַדיציעס?

דוד פאַרלאָזט ארץ־ישראל און קומט קיין פאַריז. דאָ, אין פאַריז, האָט ער אויך קרובים.

ער פאַרלאָזט ארץ־ישראל, אָבער ער בענקט אומאויפהערלעך זיך צוריקצוקערן אין לאַנד, וועגן וועלכן ער האָט נישט אויפגעהערט צו חלומען.

אין פאַריז טרעט דוד הויכמאַן אַריין אין דער קונסט־אַקאַדעמיע. ער לערנט מיט התמדה. ער ווערט בקי אין דער מאָלעריי־קונסט.

דאָס שווערע מאַטעריעלע לעבן, וואָס עס קומט אים אויס דאָ צו פירן, צווינגט אים צו מאַכן רעטושן פון פאָטאָגראַפישע פּאָרטרעטן, בכדי צו פאַרדינען אַ שטיקל ברויט. ער האָט אָבער נישט אויפגעהערט צו מאָלן און צו אינטערע־

סירן זיך מיט מאָלעריי אין זיינע סאַמע שווערסטע צייטן. ער מאָלט פּייזאַזשן און פּאָרטרעטן.

נאָכן טרויעריק־באַרימטן מינכענער אָפּמאַך צווישן טשעמבערליינען און היטלערן, ווען דער גורל פון אייראָפּע איז שוין געוואָרן געחתמעט, וויל זיין שוועסטער אים נעמען קיין אַמעריקע.

ער וויל אָבער נישט פאַרלאָזן פּאַריז.

ווען עס ברעכט אויס די מלחמה און די אַרמיי פון „דריטן רייך" שטייט פאַר די טויערן פון פּאַריז, פאַרלאָזט ער די שטאָט. שפּעטער קומט ער צוריק.

דעם 27טן יוני 1941, פינף אַ זייגער אין דער פרי, ווערט דוד הויכמאַן אַרעסטירט ווי אַ רוס, אין ווילבאָן, אין וואַלע־דע־שעוורעז, לעבן פּאַריז.

מען פירט אים קיין קאָמפּיען אין לאַגער.

ער מאָלט און שטעלט אויס אין לאַגער מיט אַנדערע קינסטלער, וואָס זיינען דאָרטן אינטערנירט.

זייענדיק אין לאַגער, האָט דוד הויכמאַן אָנגעשטרענגט אַלע זיינע גייסטיקע און מאָראַלישע כוחות, כדי נאָר נישט אַריינצופאַלן אין עצבות, נישט צו ווערן אַפּהענטיק, זיך נישט מיאש זיין און זיך לאָזן באַהערשן פון גורל.

זיין לאָזונג איז געווען: לעבן, איבערלעבן די שווערע צייט! און דער ווילן צו לעבן איז ביי דעם איין מאָל שוין געשאָסענעם ייד געווען זייער שטאַרק. ער האָט געקעמפּט פאַרן לעבן ווי אַ שיף, וואָס געפינט זיך אויף די כוואַליעס פון אַ צעשטורעמטן ים.

ער האָט זיך געקלאַמערט אין לעבן. ער האָט נישט געוואָלט צולאָזן צו זיך דעם געדאַנק, אַז ער און אַנדערע יידן וועלן נישט אַרויס לעבעדיק פון זייער איצטיקן קלעם. דער עיקר: אויסהאַלטן, זיין שטאַרק, זיך נאָר נישט בייגן פאַרן גורל.

די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט זיך געפונען אין לאַגער, האָט דוד הויכמאַן נישט אויפגעהערט צו זיין אַ בעל־בטחון. ער איז געווען פול מיט גלויבן און מיט האָפענונג, אַז אויך דאָס מאָל וועט דאָס לעבן זיין שטאַרקער פונעם טויט, פונקט ווי דעמאָלט, בעתן פּאָגראָם אין אוקראַינע.

ער האָט געגלייבט די גאַנצע צייט אין דער מפּלה פון היטלערן און דער ממשלת־זדון, אין דער מפּלה פון די שוואַרצע כוחות, וואָס האָבן זיך אויפגעהויבן קעגן דער וועלט, קעגן יידישן פאָלק.

דעם 11טן סעפּטעמבער 1942 פירט מען אים אַריבער קיין דראַנסי, מיט נאָך אַנדערע יידישע קרבנות.

אַ דריי טעג שפּעטער ווערט ער דעפּאָרטירט.

און דער קינסטלער דוד הויכמאַן, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון דער שווערד אין דער פּאָגראָם־צעבושעוועטער אוקראַינע, האָט דאָס מאָל נישט אויסגעמיטן די פייערן פון די דייטשישע קאַלך־אויוונס.

ס'איז נישט מקוים געוואָרן זיין חלום צו פאָרן מיט זיין פאַמיליע קיין ארץ־ישראל און צו דערציען זיין זונעלע זאב אין דעם לאַנד, נאָך וועלכן ער האָט כסדר געבענקט.

## ארץ
## אל־תכסי דמי

# אַלעקסאַנדער הײמאָוויטס
# ALEXANDRE HAIMOVITS
?1900-1944

אַלעקסאַנדער הײמאָוויטס איז געבוירן געוואָרן דעם 1טן יולי 1900, אין האַידוהאַדהאַר, אונגערן.

זײַן פֿאָטער, יעקב הײמאָוויטס, האָט זיך, צוליב פּרנסה, שפּעטער אַריבערגעקליבן מיט זײַן הויזגעזינד קײן נאַגי־וואַראַד און געהאַנדלט דאָרטן מיט תּבֿואה.

אַלעקסאַנדער הײמאָוויטס האָט מאָלערײַ שטודירט אין דער בודאַפּעשטער קונסט־אַקאַדעמיע.

קײן פּאַריז איז ער געקומען אַרום 1933 און האָט דאָ געלעבט אין גרויס דחקות. ער איז נאָך צו דעם צו געווען אַ פּיזיש־שוואַכער מענטש.



ער איז געווען אַן אַבסטראַקטער מאָלער. אויסשטעלן פֿלעגט ער אין „סאַלאָן פֿון די איבער־אומאָפּהענגיקע".

ווען מ'האָט אין פּאַריז צוגענומען זײַן פֿרוי, מאַרגאַריט הײמאָוויטס, פֿון דער הײם אַדלער, איז דער פּיזיש־שוואַכער, אָרעמער קינסטלער געבליבן אײנער אַלײן מיט אַ פּיצל קינד, מיט וועלכן ער האָט זיך כּסדר געמוזט ער[illegible]ײן פֿאַרשטעקן פֿאַר די משחיתים.

ער האָט זיך אַ געוויסע צײַט אויסבאַהאַלטן מיטן קינד אין דער אַטעליע פֿון אונגערישן סקולפּטאָר פּרונער.

זײַענדיק שוין מיד פֿון די רדיפֿות, פֿונעם מוזן זיך כּסדר ערגעץ אַנדערש פֿאַרשטעקן, נעמט ער, אין יאָר 1943, זײַן פּיצל קינד און לאָזט זיך דערמיט קײן אונגערן.

ער האָט געהאָפֿט, אַז אין זײַן געבוירן־לאַנד וועט ער און זײַן פּיצל קינד זײַן מער זיכער.

די האַנט פֿון רודף האָט אים אויך דאָרטן דערגרײכט און אַוועקגעפֿירט צום אומקום.

ווען די דײַטשן האָבן זיך געמוזט צוריקציען פֿאַר דער רויטער אַרמײ, האָבן זײ מיטגעשלעפּט די שקעלעטן־שאָטנס פֿון די לאַגערן. די, וואָס האָבן נישט געקענט זײ נאָכגײן, האָבן זײ באַלד אויפֿן וועג דערשאָסן.

משמעות, אַז דער קדוש אַלעקסאַנדער הײמאָוויטס, וואָס האָט נישט מער געהאַט קײן כּוח צו שלעפּן זײַנע אויסגעדאַרטע, שוואַכע פֿיס, איז דעמאָלט געפֿאַלן אַ קרבן.

# יצחק הירשפאַנג
# IGNACY HIRSZFANG
1890?-1943



יצחק (איגנאַצי) הירשפאַנג, וואָס זיין אמתער נאָמען איז געווען הירשפינקל, איז געבוירן געוואָרן אַרום 1890 אין קיעלץ, פוילן. ער האָט אָבער כסדר געלעבט אין לאָדזש און ווערט פאַררעכנט צו דער גרויסער, ליכטיקער פּלעיאַדע לאָדזשער יידישע קינסטלער.

יצחק הירשפאַנג, וואָס איז געווען אַ פיינער אַקוואַרעליסט און וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין טעכניק, איז געווען אַ תלמיד פון דער קראָקעווער קונסט־אַקאַדעמיע.

אַחוץ לאַנדשאַפטן האָט ער אויך געמאָלן פּאָרטרעטן.
אין פוילן פלעגט ער זיינע לאַנדשאַפטן מאָלן דער עיקר אין דעם, ביי דער ווייסל ליגנדיקן, ראָמאַנטיש־מאָלערישן שטעטל קוזמיר (קאַזשימיעזש), אַ שטעטל פול מיט לעגענדעס וועגן פּוילישן מלך קאַזשימיעזש און דער שיינער יידישער טאָכטער אסתרקען.
ער פלעגט אָפט מאָל קומען קיין פראַנקרייך. די רחבות־דיקע, פאַרבנרייכע לאַנדשאַפט פון דרום־פראַנקרייך, מיט



י. הירשפאַנג — פּייזאַזש פון סען־פּאָל, אַקוואַרעל — קאָלעקציע מאָלער ה. בערלעווי, פּאַריז
Studio Y. Hervochon — Paris

דעם זיידן־בלויען הימל און שפע פון בלומען האָבן אים געצויגן און געכישופט. זיינע שיינע פּייזאַזשן פון דרום־פראַנקרייך האָט ער בעיקר געמאָלן אין סען־פּאָל.

ער פלעגט אויסשטעלן זיינע קינסטלערישע שאַפונגען אין פּאַריז, וואַרשע, קראָקע און אין לאָדזש.

אין וואַרשע פלעגט ער אויסשטעלן אין איינעם מיט אַנדערע יידישע קינסטלער.

אַז ער, יצחק הירשפאַנג, איז געקומען קיין וואַרשע, האָט דער קראַנקער לאָדזשער יידישער קינסטלער האָט געהאָפט, אַז דער דאָזיקער אַטעסטאַט פונעם ניצער דאָקטאָר וועט אים שיצן, אַז מען וועט אים נישט טשעפּען.

ער האָט אין ניצע, אין די מלחמה־יאָרן, געלעבט זייער באַשיידן און פלעגט זיך אַליין צוגרייטן זיינע באַשיידענע מאָלצייטן.

ער האָט זיך געוואָלט ראַטעווען קיין אַמעריקע און האָט,



י. הירשפאַנג          פּאָרטרעט פון פרל׳ מ. מאַשקאָווסקאַ, צייכענונג

ער ליב געהאַט צו פאַרקערן אין פּאַראיין פון די יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן, אויף טלאָמאַצקע 13.

אין יאָר 1939 זעען מיר דעם תמיד עלעגאַנטן קינסטלער ווידער אין פראַנקרייך. ער לאָזט זיך נאָך אַ מאָל אין זיינע באַליבטע דרום־מקומות. דאָס איז שוין געווען זיין לעצטע נסיעה קיין פראַנקרייך.

יצחק הירשפאַנג איז געווען, אַזוי צו זאָגן, אַן אין־זיך־פאַרשלאָסענער מענטש און פלעגט נישט ריידן קיין סך.

אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן איז ער אַרומגעגאַנגען מיט אַ קראַנק האַרץ.

נישט געקוקט אויף דעם, האָט ער אַ סך געאַרבעט.

פאַר זיין טראַגישן סוף האָט זיך זיין קראַנקייט נאָך פאַרערגערט און אַ ניצער דאָקטאָר האָט אים אַרויסגעגעבן אַן אַטעסטאַט, אַז ער איז זייער ערנסט קראַנק.

אין יאָר 1942, נאָך געפּרוווט צו באַקומען אַן אַמעריקאַנישע וויזע.

אין חודש אויגוסט 1943 זיינען אין גאַנץ דרום־פראַנקרייך פאָרגעקומען מאַסן־געיעגן אויף יידן. מען האָט געכאַפּט יידן אין די גאַסן, זיי אין מיטן דער נאַכט אַרויסגעשלעפּט פון זייערע היימען און זיי אַוועקגעפירט.

יצחק הירשפאַנגן, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אין דער שטוב פון אַ באַקאַנטער יידישער משפחה, האָט מען אויך צוגענומען.

ער איז געוואָרן דעפּאָרטירט אין יאָר 1943.

זיין פרוי, איזשאַ הירשפאַנג, פון דער היים מעטאָדיסטאַ, איז אומגעקומען אין איינעם מיט אירע עלטערן אין לאָדזשער געטאָ.

# פערנאַנד וואַגאַ-ווייס

# FERNAND VAGO-WEISS

1896-1942



פערנאַנד וואַגאַ-ווייס איז געבוירן געוואָרן דעם 15טן סעפּטעמבער 1896 אין בראַ-שאָוו, טראַנסילוואַניע, ביי אונגעריש-יידישע עלטערן.

ער האָט אין זיין טראַנסילוואַנישער געבוירן-שטאָט, ווו זיינע עלטערן האָבן געהאַט אַ מעבל-געשעפט, באַזוכט די אונגערישע פאָלקשול און מיטלשול און שפּעטער דאָרטן אַריינגעטרעטן אין דער קונסט-פאַכשול.

ער איז דערנאָך געפאָרן קיין בודאַפּעשט און שטודירט אין דער אָרטיקער קונסט-אַקאַדעמיע סקולפּטור, וואָס ער האָט, אגב, צוליב דער מלחמה געמוזט איבעררייסן, ווערנדיק אין יאָר 1917 מאָביליזירט צו דער עסטרייכיש-אונגערישער אַרמיי.

פערנאַנר וואַגאַ-ווייס, וואָס איז ביים מיליטער געווען ליי-טענאַנט און געוואָרן עטלעכע מאָל פאַרווונדיקט אויפן שלאַכטפעלד, האָט באַקומען עטלעכע מיליטערישע אויס-צייכענונגען, צווישן זיי דעם „אייזערנעם קרייץ“.

ער איז אין יאָר 1918, ווען די מלחמה האָט זיך געהאַט גע-ענדיקט, צוריקגעקומען אין זיין היימשטאָט און זיך תיכף גענומען צוריק צו זיינע קינסטלערישע אַרבעטן, וואָס ער האָט דערנאָך אויסגעשטעלט מיט גרויס הצלחה, און באַלד באַקומען עטלעכע אָפיציעלע באַשטעלונגען.

האָבנדיק אויסגעפירט די באַשטעלונגען, איז ער אין יאָר 1920 געפאָרן קיין מינכען און דערנאָך קיין בערלין און אין ביידע שטעט אָנגעגאַנגען מיט זיין קינסטלערישער שאַפונג. ער איז אין יאָר 1923 געקומען פון דייטשלאַנד קיין פּאַריז און דאָ געבליבן ביז צום טאָג, ווו מען האָט אים אכזריות-דיק אָוועקגעריסן פון זיין שאַפערישער אַרבעט.

■

ווען ער, פערנאַנד וואַגאַ-ווייס, איז נאָך געווען אַ גאָר יונ-גער קינסטלער, האָט ער שוין אָנגעהויבן צו זוכן זיין אייגענעם וועג אין דער קונסט.

דער קינסטלער, וואָס האָט אָנגעהויבן מיט מאַכן ביוסטן און קאָמפּאָזיציעס, איז געוואָרן צום סוף אַ סקולפּטאָר פון חיות.

און דאָ קומט צום בעסטן און שטאַרקסטן זיין קינסטלערי-שער טאַלאַנט צום אויסדרוק.

ער האָט איבערגעגעבן דאָס לעבן פון כלערליי יונגע באַשע-פענישן. מיר זעען דאָ ביי אים קינסטלערישע צייטיקייט. און מיט וואָס פאַר אַ ליבשאַפט, מיט וואָס פאַר אַ צערט-לעכקייט און טיפער פאַרשטייעניש האָט ער, דער טראַנ-סילוואַנישער יידישער סקולפּטאָר, סקולפּטירט זיינע יונגע בעלי-חיים !

האָבנדיק געפונען זיין וועג אין דער קונסט ווי אַ סקולפּטאָר פון חיות, האָט ער זיך אין די לעצטע יאָרן, וואָס איז אים נאָך געווען באַשערט צו אַרבעטן ביי זיין קונסט און וואָס



פ. וואַגאַ-ווייס

פעלד-אַרבעטערין

מבינים האָבן געשאַצט, אין גאַנצן אָפּגעגעבן מיט סקולפּ־טירן די יונגע באַשעפענישן.
רעפּראָדוקציעס פון אַ טייל פון די דאָזיקע שאַפונגען זיינען דערשינען, אין אַלבאָם־פאָרעם, אין פאַרלאַג פיער מאַטאַן, אין סען־קלו, לעבן פּאַריז.

עס איז שווער צו ריידן וועגן קינסטלער, נישט דערמאָנענ־דיק דערביי דעם מענטש, אַזוי ווי מען פלעגט אים טייל מאָל זען אין גאַס אָדער אַ מאָל אין אַ קאַפע אויף מאָנפּאַרנאַס און וועלכער האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך איין האַרמאָנישע גאַנצקייט:

ער איז געווען איבערן מיטלוווקס, די האָר פון אַ טונקעלן בלאָנד, די אויגן בלויע און מילדע. אַ גוטמוטיקער שמייכל איז תמיד געלעגן אויסגעגאָסן אויף זיין פנים.

מיטן גוטמוטיקן שמייכל פלעגט ער, זיצנדיק טייל מאָל נאָך דער אַרבעט ביי אַ טישל פון קאַפע „דאָם“, אויף מאָנפּאַר־נאַס, אָנגעטאָן באַשיידן, אָבער ציכטיק־ריין, באַגריסן די באַקאַנטע און פריינד ביי זייער אַריינקום אָדער אין גאַס. ער איז געווען פון די מענטשן, וואָס ביים ערשטן בליק רופן זיי אַרויס צו זיך סימפּאַטיע און וואָס עס איז גוט זיך צו געפינען מיט זיי.

⁂

ווען ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה, האָט פערנאַנד וואַגאַ־וויים זיך געמאָלדן פרייוויליק צו דער פראַנצויזישער אַר־מיי און כסדר געוואַרט צו ווערן גערופן.

ער האָט געוואָלט פאַרטיידיקן פראַנקרייך, די וועלט, קעמפן מיטן גרעסטן שונא פון יידישן פאָלק.

וואַרטנדיק צו ווערן גערופן צום מיליטער, האָבן זיך דער־ווייל די ברוינע חיילות דערנענטערט צו דער פראַנצויזישער הויפּטשטאָט. ס'איז אַנטשטאַנען אַ בהלה, מענטשן־מאַסן האָבן אָנגעהויבן אַוועקצושטראָמען פון דער שטאָט.
ער, וואַגאַ־וויים, איז געבליבן.

דעם 16טן יולי 1941, וואָס ווערט באַצייכנט אין דער גע־שיכטע פון דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע אין פראַנקרייך ווי „דער שוואַרצער דאָנערשטיק“, האָבן זיך אָנגעהויבן די מוראדיקע געיעגן אויף די יידן אין פּאַריז: מען כאַפּט יידן אין די גאַסן, מען שלעפּט זיי אַרויס פון זייערע היימען.
דער טרויעריק־באַרימטער „וועלאָדראָם ד'היווער“ איז אָנ־געפילט מיט טויזנטער יידן, מיט קינדער און זקנים.

דער דאָזיקער טרויעריקער ספּעקטאַקל האַלט זיך אין איין איבערחזרן.

דעם 24טן אויגוסט 1941 איז געקומען די ריי אויפן באַ־גאַבטן סקולפּטאָר־אַנימאַליסט פערנאַנד וואַגאַ־וויים, וואָס מען האָט אין מיטן דער נאַכט אַרויסגעשלעפּט פון זיין אַטעליע, אויף עמפּאַס רי רוע 7, און אַוועקגעפירט אין „וועלאָדראָם ד'היווער“ און פון דאָרטן קיין דראַנסי.

⁂

מען האָט אויך אין „יענע טעג“ צוגענומען און געפירט צום אומקום דעם באַוווסטן העברעישן דיכטער דוד פאָגל.

⁂

פערנאַנד וואַגאַ־וויים האָט זיך אין דראַנסי זייער גוט גע־האַלטן און פלעגט נאָך דאָרטן מאַכן אויף קליינע שטיקלעך פּאַפּיר סקיצן מיט אַ בלייפעדער (ס'איז דאָרטן געווען שווער צו באַקומען אַ שטיקל פּאַפּיר).

זייענדיק אין דראַנסי, האָט ער נאָך אַלץ געהאָפט, אַז מען וועט אים סוף כל סוף ווי אַ געוועזענעם קאָמבאַטאַנט און אָפיציר באַפרייען.

זיין פאַרלעגער, ה' פיער מאַטאַן, וואָס האָט אים געשאַצט ווי אַ גוטן מענטש און גוטן קינסטלער, האָט זיך באַמיט אים אַרויסצונעמען פון דאָרטן. ס'האָט אָבער גאָרנישט גע־האָלפן און דער אויסגעצייכנטער קינסטלער איז דעפּאָר־טירט געוואָרן אין חודש יולי 1942.



פ. וואַגאַ-וויים — פעליקאַן

# אברהם וויינבוים

# ABRAHAM WENBAUM

1890-1943



אַברהם וויינבוים איז געבוירן געוואָרן דעם 20טן אַפּריל 1890 אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסקי, אין אַ פרומער יידישער היים. ער האָט געקריגן אַ שטרענג טראַדיציאָנעל־יידישע דערציונג.

צוליב פּרנסה פאַרלאָזן זיינע עלטערן קאַמענעץ און באַזעצן זיך אין פּוילישן מאַנטשעסטער: לאָדזש. ווי דער רוב לאָדזשער יידן זיינען זיי אויך אין טעקסטיל. זיי דערגרייכן אפילו אַ שיינעם מעמד: האָבן אַן אייגענע טעקסטיל־פאַבריק.

דעם יונגן אַברהמל איז אָבער דאָס גרויע, איינפאַרביקע לאָדזש נישט ניחא. צו פיל וואָכעדיקער גערויש, צו פיל עולם־הזה־טומל. ער פאַרלאָזט די פאַבריקאַנטישע היים און פאָרט קיין אָדעס.

אין אָדעס שטודירט דער יונגער וויינבוים אַ געוויסע צייט אין דער אָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע. ער געפינט זיך אָבער קיין אָרט נישט און פאָרט צוריק קיין לאָדזש, כדי נאָך אַ געוויסער צייט פון דאָרטן ווידער אַוועקצופאָרן קיין קראָקע.

אין ראָמאַנטישן קראָקע בלייבט ער עטלעכע יאָר, באַזוכט דאָרט די אָרטיקע קונסט־אַקאַדעמיע און ווערט דער תלמיד פון פּראָפעסאָר פאַנקיעוויטש, דעם באַגרינדער פון פּוילישן אימפּרעסיאָניזם.

דער קראָקעווער פּעריאָד האָט איבערגעלאָזט אַ טיפן איינדרוק אויף זיין גאַנץ לעבן און שאַפן.

אין יענער צייט איז דאָס יידישע קראָקע געווען אַ קעסל, וואָס האָט געזידט אויפן פייער פון כלערליי אידייען און באַוועגונגען. ס'האָבן זיך דאָרטן געפונען געזעלשאַפטלעכע טוער, רעוואָלוציאָנערן פון אַלע סאָציאַליסטישע שיטות און אויך יידישע שרייבער, צווישן זיי: א. ווייטער און, יבדלו בין החיים והמתים, אברהם רייזין.

אַהין־צו האָבן אויך געשטראָמט יידישע קינסטלער און קולטור־טוער, וואָס האָבן געזוכט אַ מקום־מקלט נאָך דער אַדורכגעפאַלענער רעוואָלוציע פון 1905 אין רוסלאַנד.

אין דער היסטאָרישער, ראָמאַנטישער קראָקע, ווו אפילו אָרטאָדאָקסישע יידן האָבן זייער אָפט גערעדט פּויליש, האָט די נייע עמיגראַציע אַריינגעבראַכט פרישע ווינטן. ס'איז אויפגעגאַנגען אַ יידיש־נאַציאָנאַל־קולטור לעבן און די יידישע קולטור־שאַפונג האָט זיך פונאַנדערגעבליט.

אויף די קראָקעווער גאַסן האָט מען דעמאָלט געקענט אָבסערווירן אַ מאָדנע בילד: עלטערע יידן, מיט ברייטע בערד און שוואַרצע סאַמעטענע קאַפּעליושן, פלעגן אָפט ריידן אין אַ שיינעם קלינגענדיקן פּויליש מיט זייערע קינדער, און דאָס פּראָלעטאַרישע יונגוואַרג האָט דעמאָנסטרירט מיט אַ געשמאַקן יידיש אויף די גאַסן און געסלעך פון קראָקע.

אברהם וויינבוים האָט זיך אין אָט דער סביבה גוט געפילט. ער איז אפילו זייער נאָענט געווען צו די קרייזן, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום דער פּועלי־ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „יוגנט", וואָס האָט זיך באַזונדער אויסגעצייכנט מיט איר יידישער קולטור־טעטיקייט.



יוגנטבילד פון א. וויינבוים (זיצנדיק) מיט זיין קראָקעווער פריינד פּינחס דעול. פאָטאָ, אויפגענומען אין בערלין אַרום 1912

צווישן דער קראָקעווער ענטוזיאַסטישער חברה איז דער לאָדזשער יונגער קינסטלער געווען אַן אייגענער מענטש.



א. וויינבוים — פאַרטרעט פון זיין פרוי יאַדזשיע, אייל־בילד

מען איז צוזאַמען אַרומגעגאַנגען איבער די שיינע קראָקעווער „פּלאַנטן“. אין די אָוונטן האָט מען אויף דער „פּאַמיליע-באַנק“ (אַזוי האָט מען גערופן איינע פון די לאַנגע בענק, וואָס איז געשטאַנען אונטער אַן אַקאַציע-בוים אויף די „פּלאַנטן“) אויסגעזונגען בקול-רם כלערליי יידישע פאָלקסלידער און אַרבעטער-לידער.

וועגן דער דאָזיקער צייט האָט וויינבוים תמיד ליב געהאַט צו דערציילן.

אין קראָקע האָט ער געהאַט אַן אינטימען פריינד, דעם יונגן לאָדזשער קינסטלער יוסף לעסקי, מיט וועלכן ער האָט געלעבט ווי אַ ברודער און אים כמעט אויסגעהאַלטן.

ווען וויינבוים איז געפאָרן קיין דייטשלאַנד זען אין די מוזייען פון די גרעסטע שטעט די ווערק פון די גרויסע מייסטער, האָט ער מיטגענומען זיין פריינד יוסף לעסקי.

מיט דעם זעלביקן לעסקי האָט שפּעטער געטראָפן אַ טראַגישער פאַל, וואָס האָט געוואַלדיק געווירקט אויף זיין בעסטן פריינד וויינבוים: בעתן באָדן אין דער ווייסל איז לעסקי דערטרונקען געוואָרן.

וועגן טראַגישן טויט פון יונגן מאָלער זיינען אַרומגעגאַנגען צוויי ווערסיעס. די ערשטע: ער איז באַגאַנגען אויף אַזאַ אופן זעלבסטמאָרד. די צווייטע: אַז ער האָט באַקומען אין מיטן באָדן אַ האַרצשלאַג.

סיי ווי האָט דער טראַגישער טויט פון לעסקין געהאַט אויף אברהם וויינבוימען אַ דערשיטערנדיקע השפּעה. אין גיכן האָט ער טאַקע פאַרלאָזט קראָקע.

⁂

אַרום 1910 קומט אברהם וויינבוים קיין פּאַריז. דאָ שטעלט ער אויס זיינע ווערק אין פאַרשיידענע קונסטסאַלאָנען.

ער רופט אַרויס אויפמערקזאַמקייט מיט זיינע גואַשן און אַקוואַרעלן, מיט זיינע שיינע בילדער פון די פּאַריזער גאַסן, אין וועלכע ער גיט איבער אויף אַ פיינעם אופן די פּאַריזער אַטמאָספער, וואָס איז אַ געמיש פון וואַכעדיקייט און פּאַעזיע.

מער פון אַלץ האָט ער אָבער ליב געהאַט צו מאָלן טיפּן פון יידישן לעבן: כלי-זמרים, ישיבה-בחורים, יידישע זקנים, עמיגראַנטן וכדומה.

צוויי פון די דאָזיקע בילדער, צווישן זיי „דער שפּילער אויף דער פלייט“, געפינען זיך אין „מוזיי פון דער מאָדערנער קונסט“ אין פילאַדעלפיע.

ווען ער שטעלט אויס אין בריסל, קויפט ביי אים די בעלגישע רעגירונג אַ בילד פאַרן מלוכה-מוזיי.

פון פּאַריז פלעגט וויינבוים זייער אָפט זיך אַראָפּלאָזן קיין פּוילן. עס האָט אים געצויגן צו די געדיכטענישן פון יידישן לעבן.

אגב האָט ער שפּעטער ליב געקריגן די רויִקע שטאָט לאָדזש, וווּ עס האָט געלעבט זיין אַלטע מוטער, וועלכע איז איין מאָל געקומען קיין פּאַריז פון פּוילן זען איר זון, און וווּ ער האָט געהאַט פיל פריינד, צווישן זיי דעם דיכטער און קדוש יצחק קאַצענעלסאָן, די מאָלער-קדושים הענעך באַרטשינסקי, יצחק ברוינער, דעם אַלטן מייסטער טרעמבאַטש א״אַ.

אַ נסיעה קיין פּוילן, קיין לאָדזש, איז געווען פאַר אים אַן אָפּפרישונג, אַ יום-טוב.

עס דערמאָנט זיך אַן אָוונט ביי שלום אַש, וואָס האָט דעמאָלט געוווינט אין זיין ווילע אין בעלווי, הינטער פּאַריז. דער קינסטלער, וואָס האָט געהאַט אַ יוגנטלעכן, שלאַנקן גוף און אַ זילבערנעם קאָפּ האָר, איז גראָד דעמאָלט צוריקגעקומען פון אַ רייזע אין פּוילן. ער האָט גערעדט מיט חסידישער התלהבות וועגן די אינטערעסאַנטע יידישע טיפּן, וואָס ער, וויינבוים, האָט באַגעגנט, און בכלל וועגן פאַרביקן יידישן לעבן דאָרטן.

איך זע נאָך איצט פאַר מיר דעם טעמפּעראַמענטפולן וויינבוים, וואָס רעדט זייער שנעל און עפנט און פאַרמאַכט בשעת מעשה די אויגן.

⁂

זיין לעצטע רייזע קיין פּוילן איז געווען נאָכן טויט פון זיין מוטער. ער איז דאָס מאָל צוריקגעקומען אַן אומרויִקער,



א. וויינבוים — אַ מיידעלע, מאַכנדיק די לעקציע פֿאַר דער שול, אויל־בילד

טיף אויפגעטרייסלט פון די נייע אַנטיסעמיטישע ווינטן, וואָס האָבן געדראָט און טאַקע שפּעטער חרוב געמאַכט דאָס דורותדיקע יידישע לעבן. ער האָט שוין דעמאָלט גע־רעדט וועגן דעם אומגליק, אויב עס וועט חלילה פאַר־שטאָפּט ווערן דער קוואַל, וואָס האָט באַגייסטערט און אינספּירירט יידישע שרייבער און קינסטלער און בתוכם אויך אים, אברהם וויינבוימען.

ווען עס ברעכט אויס די מלחמה, ווערט אברהם וויינבוים, ווי אַ פראַנצויזישער בירגער, מאָביליזירט און ער ווערט איינגעשלאָסן אין די רייען פון דער פראַנצויזישער אַרמיי. נאָכן וואָפנשטילשטאַנד קומט ער מיט זיין פרוי יאַדזשיע און זיין יונגער טאָכטער עלעאָנאָרע (גערופן פאַמיליער „נאָנאָר") קיין מאַרסעי.

בעת די דייטשן באַזעצן, דעם 18טן נאָוועמבער 1942, די פראַנצויזישע דרום־זאָנע, די אַזוי גערופענע „פרייע זאָנע", פאַרשטאַרקן זיך די רדיפות אויף יידן אַלץ מער און מער. אין מאַרסעי גופא ווערן אין דער נאַכט פון 22טן יאַנואַר 1943 פאַרהאַלטן איבער זעקס טויזנט יידן.

אין יענער נאַכט ווערט וויינבוים מיט זיין פרוי און טאָכ־טער אַרעסטירט. אים פירט מען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער קיין קאָמפּיען, זיין פרוי און טאָכטער ווערן געפירט קיין דראַנסי.

אין עטלעכע וואָכן אַרום ברענגט מען וויינבוימען פון קאָמ־פּיען קיין דראַנסי.

— „ווען מען האָט אים געבראַנגט קיין דראַנסי, דערציילט די פרוי בוטערפאַס, וועלכע האָט זיך דאָרטן געפונען, איז שווער געווען אים צו דערקענען. ער האָט אויסגעזען שרעקלעך. אַ ס.ס.־מאַן האָט אים שטאַרק צעשלאָגן. זיין פנים איז געווען צעבלוטיקט און זיין לייב איז געווען אין ווונדן. ער האָט נישט פאַרמאָגט מער ווי איין העמד, דאָס העמד, אין וועלכן ער איז געגאַנגען."

— „דער יידישער קינסטלער אברהם וויינבוים, דערציילן אַנדערע, האָט אויף זיין וועג פון לייד אַרויסגעוויזן אַ סך מוט, אויסדויער און בטחון."

דעם 23טן מערץ 1943 איז ער דעפּאָרטירט געוואָרן פון דראַנסי. אין אַ גוססן צושטאַנד טראָגט מען אים אויף אַ טראָגבעטל פון באַראַק צו דער באַן.

משמעות, אַז ער איז שוין צו דער דייטשישער טויטפאַבריק נישט דערפאָרן און ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה אין פלאָמבירטן וואָגן.

אויך זיין פרוי און טאָכטער זיינען אומגעקומען.

# אסיפּ וויינבערג

# OSSIP WEINBERG

## 1903-1942

אָסיפּ וויינבערג איז געבוירן געוואָרן דעם 28טן פעברואַר 1903 אין ניזשני-נאָוו-גאָראָד, רוסלאַנד, אין אַ סוחרישער, רייכער היים.

ווען ער איז אַלט געוואָרן זעקס יאָר, האָט זיך זיין פאָטער, משה וויינבערג, געגט מיט דער מוטער. דער פאָטער איז אַוועק קיין אָרשע און דאָס קינד איז געבליבן ביי דער מוטער אין ניזשני-נאָווגאָראָד, דעם היינטיקן גאָרקי.

זי האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט לעאָן לוסער, וואָס איז געווען אַ זייער פאַרמעגלעכער סוחר, און געפאָרן צו אים קיין פּעטערבורג מיט אָסיפן, וואָס איז דעמאָלט אַלט געווען צען יאָר. אין פּעטערבורג איז אָסיפּ געגאַנגען אין גימנאַזיע און נאָך



דער מאַטורע מיט התמדה גענומען שטודירן מאָלעריי. ער האָט געלערנט ביי פּראָפעסאָר שוכאַיעוו און אין דער צייכנשול פון רערבורג.

שפּעטער איז ער אַריין אין דער פּעטערבורגער קונסט-אַקאַדעמיע, ווו ער איז געוואָרן דער תלמיד פון פּראָפעסאָר פּעטראָוו-וואָדקין, וועלכער האָט אויף אים געהאַט אַ שטאַרקע השפעה, און וויינבערג פלעגט טאַקע אָפט ריידן וועגן זיין רבין, וועמענס גרויסער חסיד ער איז געבליבן.

אין יאָר 1920 האָט ער פאַרלאָזט רוסלאַנד, אַדורכגייענדיק די רוסיש-פינלענדישע גרענעץ צו פוס, דורך אַ פאַרפרוירענער אָזערע.

ער איז געקומען קיין בערלין, ווו עס האָבן זיך, זינט אַ יאָר, געפונען זיין מוטער און זיין רייכער שטיפפאָטער. קומענדיק קיין בערלין, האָט ער זיך באַלד גענומען אַרבעטן. ער האָט בעיקר געמאָלן פּאָרטרעטן און בלומען. ער איז דעמאָלט געשטאַנען אונטער דער השפעה פון קוביזם.

אין יאָר 1928 איז ער געקומען קיין פּאַריז און זיך אָנגעהויבן באַקענען מיט דער פראַנצויזישער קונסט. ער האָט געאַרבעט אין דער קונסט-אַקאַדעמיע „לאַ גראַנד שאָמיער“.

אין פּאַריז האָט ער זיך אַ ביסל באַפרייט פונעם קוביזם און מען געפינט מער אייגנס, מער פּערזענלעכס אין זיינע שאַפונגען, דער עיקר אין זיינע צייכענונגען.

פון 1928 ביז 1935 האָט וויינבערג געקענט אין גאַנצן און פריי זיך אָפּגעבן מיט זיין קינסטלערישער אַרבעט. אָבער אין יאָר 1935 האָט זיך זיין מאַטעריעלער מצב געביטן און ער איז געווען געצוווּנגען אָנצונעמען די שטעל פון אַ פּריוואַט-סעקרעטאַר ביי זיינס אַ קרוב און געאַרבעט ביי אים ביז צו זיין טראַגישן סוף.

און כאָטש ער האָט נישט אויפגעהערט צו מאָלן, בעת ער איז געווען פּריוואַט-סעקרעטאַר ביי זיין קרוב, האָט ער אָבער מאָראַליש זייער געליטן, וואָס ער קען זיך נישט אין גאַנצן אָפּגעבן מיט זיין קונסט.

ער איז געווען אַ זייער אינטעליגענטער און קולטורעלער מענטש. געווען בקי אין דער מאָדערנער מאָלעריי, וואָס ער האָט ליב געהאַט. ער האָט פאַרמאָגט אַ פיינעם קינסטלערישן געשמאַק. ער איז געווען אַ פאַרשלאָסענער מענטש. דעם 16טן יולי 1942, וואָס איז אַריין אין דער געשיכטע



א. וויינבערג — פּאָרטרעט

Photo Bernès, Marouteau et Cie — Paris

פון דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע אין פראַנקרייך, בימי היטלער, ווי „דער שוואַרצער דאָנערשטיק", האָט מען גע־ברענגט צו שלעפּן אין טרויעריק־באַרימטן זאַמל־לאַגער „וועלאָדראָם ד'היווער" קרוב דרייסיק טויזנט יידן: מאַנצ־בילן, פרויען, קינדער און זקנים.

אָסיפ וויינבערגן האָט מען צוויי טעג שפּעטער, באַגינען, אַרויסגעשלעפּט פון זיין שטוב און דאָרטן אַהינגעברענגט. מען האָט אויך דעם טאָג צוגענומען זיין ברודער, דוד לוסער, מיט זיין פרוי אויזשעניע, און זייער אַלטע מומע, גאַשאַ לוסער.

אָסיפ און דוד זיינען דעפּאָרטירט געוואָרן פון דראַנסי אין אָנהייב פון חודש אויגוסט 1942, אויזשעניע און גאַשאַ לוסער אין חודש יאַנואַר 1943.

■

די מוטער פון די צוויי קדושים אָסיפ וויינבערג און דוד לוסער, די קדושה מרים לוסער, פון דער היים פּאַענסאָן, האָט צוויי וואָכן פאַר דער באַפרייונג אויסגעהויכט איר נשמה אין קאַצעט פון שטוטהאָף.



# יאָאַכים וויינגאַרט

# JOACHIM WEINGART

## 1895-1942

די קליינע מיזרח־גאַליציישע שטאָט דראָהאָביטש האָט אַרויסגעגעבן אַ היפּשע צאָל באַטייטיקע יידישע קינסטלער: דעם גאונישן, יונג־פאַרשטאָרבענעם משה דוד (מאַוריצי) גאָטליב (געבוירן דעם 21טן פעברואַר 1856 און געשטאָרבן אין קראָקע דעם 16טן יולי 1879), זיין ברודער לעאָפּאָלד גאָטליב, וואָס איז געשטאָרבן עטלעכע יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה אין פאַריז, אפרים משה ליליען (געב׳ 1874 און געשטט׳ 1925 אין בראַונשווייג, דייטשלאַנד), וואָס האָט געמאַכט די אילוסטראַציעס צו די לידער פון מאָריס ראָזענפעלד, דעם מאָלער און גראַפיקער דוד זייפערט און די קינסטלער־קדושים יאָאַכים וויינגאַרט און שמואל ליבעווערט.

יאָאַכים וויינגאַרט (וויינגאַרטן) איז געבוירן געוואָרן דעם 10טן דעצעמבער 1895 אין אַ באַלעבאַטיש־יידישער היים. זיינע עלטערן האָבן געהאַט אין דער שטאָט אַ רעסטאָראַציע און אַ ווײַנשענק, וווּ יידן פלעגן קומען קויפן וויין אויף קידוש.

דער פאָטער איז פרי געשטאָרבן און דאָס געשעפט האָבן געפירט די מוטער מיטן קינסטלערס ביידע ברידער, וואָס איינער פון זיי, מאָטיע, האָט זיך אין 1942, נישט קענענדיק אויסהאַלטן מער די יסורים, גענומען דאָס לעבן.

די מוטער האָט געשמט מיט איר גוטקייט, מיט איר צדקה. יאָאַכים וויינגאַרט, וואָס האָט אין זיין געבוירן־שטאָט געלערנט אין חדר, האָט אויך געמאַכט עטלעכע גימנאַזיע־קלאַסן.

צו צייכענען און צו מאָלן האָט ער אָנגעהויבן אין גימנאַזיע, וווּ ער האָט מיט זיינע קינסטלערישע אַרבעטן געצויגן דעם אויפמערק פון זיינע פּראָפעסאָרן.

אַרום 1912 פאָרט ער קיין ווייטמאַר, דייטשלאַנד, און שטודירט דאָרטן מאָלעריי אין דער „קונסטגעווערבע־שולע״. אין 1914 קומט ער צוריק קיין דראָהאָביטש פאַרברענגען די זומער־פעריען. צוליבן מלחמה־אויסברוך קען ער קיין ווייטמאַר נישט מער צוריקפאָרן. ער פאַרברענגט אַ וועלכע צייט אין לעמבערג און שטעלט דאָרטן אויס צום ערשטן מאָל זיינע שאַפונגען.

אין לעמבערג האָט זיך בשעתו געפונען אַ זעלטענער ייד, קאַראָל קאַץ, אַ גרויסער פריינד פון קינסטלער.
אַלע יידישע און נישט־יידישע קינסטלער האָט ער געשטיצט מיט אַ ברייטער האַנט און זיי געמוטיקט צו שאַפן. מען האָט דערציילט, אַז ווען אַ קינסטלער האָט זיך געווענדט צו קאַצן נאָך אַן „הלוואה״, פלעגט ער אים געבן טאָפּלט וויפל ער האָט געבעטן. קאַץ איז בכלל געווען אַ גרויסער מענטשנפריינד: אין זיין פאַבריק פון מכשירים פאַר די באָריסלאַווער נאַפט־גריבער האָט ער פון זיך אַליין איינגעפירט געוויסע סאָציאַלע רעפאָרמען: באַצאָלטע זומער־וואַקאַנסן און טאָפּלטע שכירות פאַר די אָנגעשטעלטע און אַרבעטער אין די יום־טוב־וואָכן.

יאָאַכים וויינגאַרט, און אַנדערע שפּעטער באַוווּסטע קינסטלער, האָבן גענאָסן פון קאַראָל קאַצס ברייטער האַנט. ער האָט אין זיי נישט פאַרגעסן אפילו דעמאָלט, ווען זיי זיינען שוין געווען אין אויסלאַנד.

פון לעמבערג פאָרט וויינגאַרט קיין ווין און שטודירט אין דער אָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע. שפּעטער לאָזט ער זיך קיין בערלין, וווּ ער פאַרברענגט בערך צוויי יאָר, אַרבעטנדיק אין דער אַטעליע פון אַוואַנגאַרד־סקולפּטאָר אַרכיפּענקאָ.

אַרום 1925 קומט ער קיין פאַריז און בלייבט שוין דאָ ביז זיין טראַגישן סוף.

***

יאָאַכים וויינגאַרט, וואָס האָט ביז איצט באַקומען אַ ריין אַקאַדעמישע מאָלערישע אויסבילדונג, ברייטערט אויס דאָ זיין קינסטלערישע קאָנצעפּציע און דערגייט צו יענער טענדענץ אין דער קונסט, וואָס איז באַקאַנט מיטן נאָמען „די פאַריזער שול״.

ער אַרבעט אין פאַריז זייער אַ סך. מאָלט בעיקר אַקטן און בלומען. מאָלן מאָלט ער אין אַ ראָזע־רויט־ברוינער גאַמע. ראָזע דאָמינירט אין זיינע ווערק.

ער שטעלט אויס זיינע געמעלן און האָט גרויס דערפאָלג. די קונסטקריטיק רופט זיך וועגן אים אָפּ מיט דער גרעסטער וואַרעמקייט. דער יידישער קונסטהענדלער רענע גימפּעל (געוואָרן דעפּאָרטירט) מאַכט מיט אים תיכף אַ קאָנטראַקט. שפּעטער שליסט מיט אים אַן אָפּמאַך אַן אַנדערע קונסט־גאַלעריע.

דער דראָהאָביטשער יידישער בחור דערגרייכט אַ פּאָזיציע אין דער פאַריזער קינסטלערישער וועלט. ער ווערט אַ קינסטלער מיט אַ נאָמען און מעג דערפון זיין צופרידן.

ער האָט חתונה מיט אַ טאָכטער פון אַ פּראָווינציישן דאָקטער, כאָטש די עלטערן פון דער פרוי האָבן נישט געוואָלט מסכים זיין אויפן שידוך.
אָבער דאָס מזל, וואָס האָט ביז אַהער געשמייכלט דעם



י. ווייַנגאַרט — מאַן און פרוי, איילבילד

קאָלעקציע גאַלעריע ראַטזשע — פּאַריז

דראַהאַביטשער יונגערמאַן, דרייט זיך פון אים מיט אַ מאָל אַוועק. עס הייבט זיך אָן זיין ירידה, זיין טראַגעדיע.

ס'הייבן זיך אָן סיכסוכים אין פאַמיליע-לעבן און די פרוי פאַרלאָזט אים.

דעם דאָזיקן קלאַפּ נעמט דער ביז איצט פון גורל געצערטלטער קינסטלער אויף אַזוי שווער, אַז ער ווערט אין גאַנצן אומגעביטן. זיין פריילעכקייט פאַרשווינדט. ער ווערט אַ גרויסער שתקן, אַ מרה-שחורהדיקער שווייגער.

מיט דער צייט פּראָגרעסירט די מעלאַנכאָליע צו קרענקלעכע פאָרמען. דאָס רופט זיך אויך אָפּ אויף זיין מאַטעריעלער לאַגע.

טרעפט זיך אַ מאָל, אַז ער קומט אויף מאָנפּאַרנאַס, זעצט ער זיך אַוועק שטיל ביי אַ קאַפעטישל, קוקט מיט זיינע בלוט-פאַרלאָפענע, רויטע אויגן אין דער ווייטקייט און שווייגט ווי אַ פיש. טייל מאָל נאָר ווענדט ער זיך שטיל צום קעלנער און הייסט זיך ברענגען אַ גלעזל קאַווע מיט אַ צוויי „קרואַסאַנס", די באַקאַנטע פראַנצויזישע בייגעלעך אין פאָרעם פון אַ האַלבער לבנה.

אויפגעגעסן, אויסגעטרונקן, נעמט ער אַרויס פון דער קעשענע אַ פּאַפּיר, רייסט דערפון אָפּ אַ שטיקל און שרייבט אָן דערויף דעם באַטרעף פון דער קאַווע מיט די „קרואַסאַנס", גיט עס איינעם פון די לעבן אים זיצנדיקע קינסטלער און גייט שטיל אַוועק. יענער פאַרשטייט שוין און באַצאָלט דעם קעלנער דעם באַטרעף פון דער קאָנסומאַציע.

קיין געלט האָט דער אומגליקלעכער, טאַלאַנטירטער יידישער קינסטלער קיין מאָל נישט געבעטן.

מענטשן דערמאָנען זיך דעם קינסטלערס פריערדיקע צייט. ער איז דעמאָלט געווען לוסטיק און אימפּעטיק, ליב געהאַט אַ פאַרטיע שאָך.

אין די לעצטע יאָרן האָט ער געליטן פון אַ פאַרפאָלגונגמאַניע. ער פלעגט מורא האָבן צו גיין צו זיך אַהיים, צו בלייבן אַליין אין אַטעליע.

די ערשטע נערוון-אויפטרייסלונג האָט ער באַקומען אויף דער פּאַריזער אויסשטעלונג פון 1937, צוליב דעם וואָס איינער פון די שומרים האָט אים נישט געוואָלט אַריינלאָזן אויף דער אויסשטעלונג.

פּאָליציי האָט אים אַוועקגעפירט אין פּאַריזער שפּיטאָל פאַר גייסטיק-קראַנקע „סענט-אַן", ווו ער האָט זיך געהיילט אַ שטיקל צייט. גראַד דאָרטן האָט ער געמאַכט זייער שיינע צייכענונגען.

ה' ראַטזשע, דער אייגנטימער פון דער קונסט-גאַלעריע, ווו יאָאַכים וויינגאַרט פלעגט אויסשטעלן, האָט אים פון דאָרטן

ארויסגענומען. ער איז שוין אָבער געבליבן ביי זיין קרענק און כסדר געליטן פון דער פאַרפאָלגונג־מאַניע.

אין די קאַלטע ווינטערנעכט פלעגט ער אָפט זיצן אויף די נאַסע טרעפּ פון קינסטלערהויז, אויף דער רי אָרדענער, ווו ער האָט אַגב געהאַט זיין אַטעליע.

אין די יאָרן פון מלחמה האָט ער שטאַרק געהונגערט. טרעפנדיק באַקאַנטע, האָט ער זיי דער עיקר געפרעגט, צי זיי האָבן נישט קיין ברויטקאַרטן...

נישט געקוקט אויף זיין פּסיכישן מצב, האָט ער נישט אויפגעהערט צו אַרבעטן און געאַרבעט האָט ער ביז צו דער לעצטער מינוט, ביז מען איז געקומען אים נעמען צום טויט־טראַנספּאָרט.

משמעות, אַז ער איז אין אַ געוויסן טאָג געגאַנגען אין דער דייטשישער קאָמאַנדאַטור אין פּאַריז און געבעטן, מען זאָל אים צוריקשיקן אין זיין געבוירן־שטאָט דראָהאָביטש, וואָרעם ער קען אין פּאַריז, מחמת דעם גערויש און געטומל, נישט אַרבעטן.

די דייטשן זאָלן האָבן פאַרלאַנגט זיינע פּאַפּירן און אים דערנאָך געהייסן אַהיימגיין. צוויי חדשים שפּעטער, דעם 30טן אַפּריל 1942, זיינען זיי געקומען אין זיין אַטעליע און אים אַוועקגעפירט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער פון פּיטיוויע. דעם 7טן יולי 1942 איז ער פון דאָרטן דעפּאָרטירט געוואָרן.

צו זיינער אַ שכנה, אַ פראַנצויזישער קינסטלערין, זיינען שפּעטער דערגאַנגען פון אים עטלעכע ווערטער, געשריבן פון „וועג“: ער איז איר מודיע, אַז ער דאַרף ווערן באַפרייט...

דאָס זיינען געווען די לעצטע ווערטער, וואָס פּאַריז האָט „געהערט“ פון דעם מרה־שחורהדיקן שווייגער, דעם טאַלאַנטירטן יידישן קינסטלער יאָאַכים וויינגאַרט.

גראָד אין די מלחמה־יאָרן האָט זיך, מיטן כוח פון רעמיניסצענץ און אַסאָציאַציעס, דערוועקט ביי אים בענקשאַפט צו זיין היימשטעטל. אפשר האָט ער דערפילט, אַז דאָס אָרט פון זיין יוגנט קען אים אויסלייזן פון דער מאַטערנדיקער מרה־שחורה?

ער איז געפירט געוואָרן אויף דעם וועג, וואָס אַלע יידן פון דעם שטעטל פון זיינע קינדעריאָרן.

פון די בילדער, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין זיין אַטעליע, איז קיין .זכר נישט געבליבן.

אַ טייל בילדער געפינען זיך ביי קאָלעקציאָנערן.



י. וויינגאַרט

צוויי פרויען, אוילבילד

קאָלעקציע י. וואַגמאַן, פּאַריז

# לייבוש ווייסבערג
# LEON WEISSBERG
## 1893-1943

אין דער מאַלעריי איז ער געווען אַ צאַרטער, פאַרחלומטער ליריקער.
אין לעבן טעמפּעראַמענטפול און רירעוודיק, חבריש און אינטים.
פון זיין גאַנץ וועזן האָט אַראָפּגעשטראַלט יענע שיין, אין וועלכער דאָס פאָלק זעט תמיד דעם פּאָעט.
הויך און שלאַנק ווי אַ טאָפּאָל, מיט אַ שיין, דעליקאַט פּנים, פון וועלכן ס'האָבן אַרויסגעגליט צוויי אָנגענעמע אויגן, וואָס האָבן געקוקט אויף דער וועלט מיט דער תמימות, פּשטות און האַרציקייט פון אַ קינד.



אויף אַ פאַמיליע-יום-טוב ביי ה. פענסטער אין יאָר 1938

אויבן פון רעכטס:

דער מאָלער י. מאַנטשניק (אומגעקומען), ל. ווייסבערג, אומבאַקאַנט, מעטאַלאָ-פּלאַסטיקער א. מערזער, שמואליק פון צויזמער.

אונטן פון רעכטס:

פר' ס. גאָטפאַרשטיין, זש. קאַנפער, פר' ח. טשאַרני (פרוי פון דניאל טשאַרני), שמואליק מאַנדלבוים, ה. פענסטער, זיין טעכטערל תּהלה, זיין פרוי לאה, סאָניע מאַנטשניק (אומגעקומען), רבקה מאַנדלבוים (אומגעקומען). זיצנדיק: דער מאָלער א. מאַנדלבוים (אומגעקומען).

נישט געקוקט אויף דער מאַטעריעלער נויט, מיט וועלכער ער האָט זיך תמיד געמוזט ראַנגלען, האָט מען אים שטענדיק געקאָנט זען אין אַ גוטער, אויפגעלייגטער שטימונג, תמיד פון עפּעס וואָס באַגייסטערט און כמעט פּערמאַנענט אין אַ צושטאַנד פון אַ פאַרליבטן.
עצבות און אַפּהעטיקייט האָבן זיך צו אים נישט געקלעפּט.
די היימלעכקייט און אויפגערוימטקייט פון זיין כאַראַקטער האָט ער מיטגעבראַכט אין אַ יעדער סביבה, אין וועלכער ער איז געקומען.
זיין האַרציקע פאָלקסטימלעכקייט האָט אים געהאָלפן געפינען קאָנטאַקט מיט מענטשן, דעם געזאָגט אַ וויץ, יענעם דערציילט אַ מעשה, און דער עולם פלעגט ווערן פריילעך און היימיש, צונויפגעקניפּט דורך זיין געמיט.
אויף מאָנפּאַרנאַס פלעגט ער גאָר אויפלעבן. ער פלעגט

„שווימען“ צווישן די טישלעך, ביי וועלכע עס זיינען געזעסן קינסטלער און שרייבער. איינעם מכבד געווען מיט אַ גוטברודערישן קלאַפ אין די פלייצעס, אַ צווייטן, שטייענדיקערהייט, עפּעס דערציילט. מיט זיין גוטברודערישקייט און גוטן הומאָר האָט ער געברענגט פריידיקייט און לעבעדיקייט אומעטום.

מען האָט אים באַזונדער גערן געזען אין דער מאַטעריעל אָרעמער קינסטלער־באָהעמע פון מאָנפּאַרנאַס.

אַז ער, לייבוש, האָט גערעדט, האָט ווייט אָפּגעקלונגען זיין שטים.

⁂

ווי אַ פלאַטערל, וואָס פליט פון איין בלום צו אַ צווייטער, פלעגט ער שוועבן אויף מאָנפּאַרנאַס צווישן די קאַפע־טישלעך, ביי וועלכע עס זיינען געזעסן באַקאַנטע און פריינד, קיין מאָל נישט געהאַט קיין געדולד זיך אַוועקצוזעצן סטאַטעשנע אויף אַן אָרט. שטייענדיק פלעגט ער געהערן צו אַלעמען. דער עולם איז געווען צופרידן און הנאה געהאַט פון אים און פון זיין גוטן הומאָר.



ל. וויסבערג — בלומען, אייל־בילד

קאָלעקציע ד״ר י. ראָטה — פּאַריז

⁂

ער האָט זייער ליב געהאַט געזעלשאַפט, ער האָט אויפגעלעבט צווישן פריינד.

אַוועקזעצן זיך ביי אַ טישל פלעגט ער נאָר דעמאָלט, ווען ער האָט געוואָלט לייענען אַ צייטונג. און צייטונגען האָט ער געלייענט אַ סך. אייגנטלעך נישט געלייענט, נאָר אַדורכגעבליקט. און די צייטונגען פלעגט ער זיך אַרויסברענגען פון דער קאַפע אויף דער טעראַסע. דאָ האָט ער זיי אַדורכגעבלעטערט און דערנאָך צוריקגעטראָגן אויף זייער פריערדיקן אָרט.

⁂

לייבוש האָט געקענט ריידן וועגן אַלץ אין דער וועלט, אַחוץ וועגן זיין שווערן מאַטעריעלן מצב.

דאָך האָט מען געוווּסט:

מיט ליידיקע הענט איז ער געקומען, אין יאָר 1924, קיין פּאַריז. זיין גאַנץ פאַרמעגן איז דעמאָלט באַשטאַנען פון אַ פּושקעלע קאָנסערוון. ער האָט אָבער געפירט מיט זיך אַ טיפן דראַנג צו שאַפן און גאַנצע אוצרות מיט האָפענונגען. נישט האָבנדיק פון וואָס צו לעבן, האָט ער דעמאָלט געאַרבעט אַ צייט אויף איינעם פון די פּאַריזער וואָקזאַלן ווי אַ טאָגלוינער ביים אויסלאָדענען סחורות. דערצו איז כדאי צוצוגעבן, אַז פיזיש האָט ער מיט זיך קיין מאָל נישט פאָרגעשטעלט קיין גיבור. געווען שוואַך און צאַרט ווי אַ בית־המדרש־בחור.

קיינער האָט וועגן דעם נישט געוווּסט און קיינער האָט נישט געהערט, אַז לייבוש זאָל זיך אַ מאָל באַקלאָגן אָדער באַדויערן, אַז ער זאָל האָבן טענות צו עמעצן.

זיינע נאָענטסטע חברים זיינען געווען די קינסטלער־קדושים אפרים מאַנדלבוים און יעקב מאָנטשניק ע״ה.

⁂

שבת צו נאַכטס, אָדער אויף אַ פאַמיליע־יום־טוב ביי פריינד, זיצנדיק ביים טיש, פלעגן נאָך בולטער ווערן די כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן פון לייבוש וויסבערג.

קוים האָט דער שמועס ביים טיש זיך עפּעס נישט געקלעפּט אָדער די שטימונג איז אַראָפּגעפאַלן אויף עטלעכע שטריכן אונטער דער נאָרמאַלער טעמפּעראַטור, האָט וויסבערג גענומען אַרבעטן מעשים. ער האָט גענומען דערציילן, וויצלען זיך, ריידן מיט התפעלות, אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז ער האָט דעם עולם אַריינגעצויגן און אויפגעהויבן די הייטערקייט און געמיטלעכקייט.

דערציילן האָט ער בעיקר ליב געהאַט פון זיין היים, דעם קליינעם גאַליצישן שטעטל פּזשעוואָרסק.

⁂

ער האָט ליב געהאַט חיות און געהאַט אַ הונט. עס האָט אָבער זייער אָפט געטראָפן, אַז ער האָט אַליין נישט גע-



ל. ווייסבערג — פייזאַזש, אייל‌בילד — קאָלעקציע ה. פענסטער

האָט וואָס צו עסן און דער הונט האָט אויך גאַנץ גרונטלעך פאַרזוכט דעם טעם פון הונגער. עס האָט אפילו געטראָפן, אַז בעת איינעם אַזאַ הונגער־אָנפאַל האָט ער אים צעביסן אַ מלבוש.

דער גוטמוטיקער לייבוש ווייסבערג האָט, צוליב דעם, גע־פירט מיטן הונט לאַנגע שמועסן אין מאָנאָלאָג־פאָרעם, ווי עס האָט שוין אַ מאָל געטאָן טוביה דער מילכיקער מיט זיין פערדל. ווייסבערגס גלעט איבער דער הינטישער פעל האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם הונגעריקן באַ־שעפעניש, ווי ער, דער הונט, וואָלט תופס געווען די לאַגע, אין וועלכער ער געפינט זיך: אין דער לאַגע פון אַ הונט ביי אַן אָרעמען יידישן קינסטלער.

■

ער איז געווען אַ גוטער שאָכשפּילער און דאָס מין שאָכ־שפּיל זייער ליב געהאַט. דאָ האָט ער אַרויסגעוויזן אַן אַמ־ביציעזקייט. נישט געקענט זיך און דעם פּאַרטנער מוחל זיין אַ פאַלשן צוג. הנאה געהאַט, ווען אים איז געלונגען, און שטאַרק אומצופרידן, אפילו אין כעס געווען, ווען דער „מאַט" איז געווען אויף זיין זייט.

■

דער קדוש לייבוש ווייסבערג איז געבוירן געוואָרן דעם 18טן יאַנואַר 1893 אין קליינעם מערב־גאַליציישן שטעטל פּזשעוואָרסק.

ער איז געווען דער איינציקער זון פון שטעטלדיקן מעט־ריקע־פירער, וואָס האָט אויך געהאַט אַ דרוקעריי.

זיינע עלטערן האָבן אים געגעבן אַ טראַדיציאָנעל־יידישע דערציונג.

בשעת דער מלחמה פון 1914־1918 געפינט ער זיך אין ווין, וו ער לערנט אין אַ גימנאַזיע.

דער פאָטער האָט געוואָלט מאַכן פון זיין בן־יחיד אַ דאָק־טער, אָדער כאָטש, לכל הפחות, אַן אַדוואָקאַט.

צו אַכצן יאָר האָט לייבוש אָנגעהויבן צו צייכענען און צו מאָלן. זיינע עלטערן איז דאָס נישט געווען איבעריק צום האַרצן. דאָך איז ער מיט זייער הסכמה געפאָרן קיין מינכען און אַריינגעטרעטן אין דער אָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע.

כדי צו זען די קלאַסישע שאַפונגען פון די איטאַליעניש מייסטער, לאָזט ער זיך מיט אַ גרופּע ענטוזיאַסטישע יונגע חברים צו פוס קיין איטאַליע.

משמעות, אַז ער האָט, בעת ער איז אין ווין געווען, אָנגע־שריבן אַ פּיעסע, וואָס איז דאָרטן געשפּילט געוואָרן דורך יידישע אַקטיאָרן.

■

זיין מאלערישע טעמאטיק איז א פארשידנדיקע: ער האט געמאלן פייזאזשן, פארטרעטן און שטיללעבנס. מער ווי אלץ האט ער ליב געהאט צו מאלן בלומען און קינדערקעפלעך. די בלומען, וואס ער האט געמאלן, זיינען דעליקאט.

ער האט געמאלן די פאריזער ארעמע קווארטאלן מיט די מאגערע, אנעמישעביימער.

געמאלן האט ער מיינסטנס אין ברוינע און גאלדענע הארמאניעס.

שפעטער ווערט זיין פארבן־גאמע העלער און ליכטיקער. עס מערקט זיך ביי אים א שפיל צווישן גרין און געל.

אין די לעצטע יארן פלעגט ער אפט מאלן פון זכרון בלומען, פרויען־פארטרעטן און קינדערקעפלעך ביי א בלוי לעמפל, וואס ער האט אנגעצונדן ביי נאכט אין זיין אטעליע, אויף רי פערעל 2.

ער האט אויך אין דער לעצטער צייט געמאלן מיט פארגעניגן צירק־סוזשעטן.

■

אין יאר 1929 אדער 1930 האט לייבוש ווייסבערג אויסגעשטעלט אין דער פאריזער קונסט־גאלעריע „באנאפארט“ דאס בילד „א יידישע כלה“.

דאס דאזיקע שיינע בילד האט געמאכט אויף אלע א שטארקן רושם. ער אליין האט דאס דאזיקע בילד געהאלטן פאר איינע פון זיינע בעסטע שאפונגען.

ער האט א געוויסע צייט פארברענגט אין רחבותדיקן פראנצויזישן דרום, אין סען־פאל, און דארטן געארבעט.

די פארבן פאר זיינע געמעלן פלעגט ער זיך אליין מאכן. א מאל פלעגט ער די דאזיקע פארבן פארקויפן זיינע פריינד, כדי צו האבן אויף א לייוונט אדער פשוט אויף א שטיקל ברויט...

■

ווען די היטלעריסטישע חיילות שטייען פאר די טויערן פון פאריז, פארלאזט ער די שטאט, וואס ער האט אזוי ליב געהאט.

קיין באנען האבן שוין כמעט נישט קורסירט און דער פיזיש שוואכער ווייסבערג לאזט זיך גיין צו פוס. ער קומט אן אין דארף לא קאפעל, אין דער פראווינץ אווערן. און דארטן ווערט ער ערנסט קראנק אויף די לונגען. דערצו ליידט ער נאך אויפן הארץ.

■

אין יאר 1942 פארלאזט ער דאס דארף און קומט קיין אנטרעג. אין דעם נייעם מקום נעמט ער זיך ווידער צו זיין מאלערישער ארבעט. און מאלן מאלט ער פאר זיין טראגישן סוף אין סאמע העלע, לעבעדיקע טענער.

דאס דויערט אבער נישט לאנג.

דעם 18טן פעברואר 1943 ווערט דער קינסטלער לייבוש ווייסבערג אכזריותדיק אוועקגעריסן פון זיין ארבעט, פון זיינע שאפונגען, פון אלע העלע, ליכטיקע פארבן, וואס ער האט מיט אזוי פיל האפענונג ארויסגעכישופט אויף די דורך אים געשאפענע בילדער.

מען פירט אים אוועק אין טרויעריק־בארימטן לאגער פון גירס, ווו טויזנטער יידן האבן אויסגעהויכט זייערע נשמות, נאך איידער מ'האט זיי באוויזן צו דעפארטירן, און פון דארטן ווערט ער דעפארטירט דעם 6טן מערץ 1943 און געשיקט צום טויט.

און דאס איז דער טראגישער סוף פון א יידיש לעבן, א לעבן פון א יידישן קינסטלער, וואס האט אין זיין קונסט ארויסגעברענגט נאר שיינקייט.

■

עס זיינען געבליבן פון אים בילדער, אויף וועלכע ער האט פאראייביקט דעם טרויער פון יידישע כלות, די צארטקייט פון קינדערישע פנימער און די פארביקייט פון גאטס וועלט. עס איז אבער אויף אייביק אוועק זיין הארציק־חבריש געמיט, וואס האט מיט קינדערישער פשטות גערעדט צו מענטשן און געברענגט טרייסט און דערלייכטערונג זייערע נשמות.



# לוי זאַרודינסקי - מאַדים

## LEVI ZARUDINSKY-MADIM

1902-1942

לוי זאַרודינסקי-מאַדים איז געבוירן געוואָרן דעם 18טן נאָוועמבער 1902 אין שטעטל וואָראָנאָוויץ, פּאָדאָליער גובערניע, רוסלאַנד, בײַ אָרעמע עלטערן.
זײַן פאָטער, וועלכער האָט ביז צו זײַן חתונה געאַרבעט אין אַ שעכטהויז, האָט זיך שפּעטער געעפנט אין שטעטל אַ קליינע יאַטקע, פון וועלכער ער האָט בדוחק מפרנס געווען זײַן הויזגעזינד.

נישט געקוקט אויף זײַן אָרעמקייט, האָט זיך דער פאָטער באַמיט צו געבן זײַנע קינדער וואָס מער יידיש און אַלגעמיין וויסן. ער האָט זײַן עלטסטן זון לוי געשיקט ביז פערצן יאָר אין חדר, וווּ מען האָט מיט אים געלערנט חומש מיט רש"י, תנ"ך און גמרא. ער האָט אים דערנאָך, במשך פון צוויי יאָר, געלאָזט לערנען אין דער שכנישער שטאָט ווינניצע אין אַ גימנאַזיע.
ער אַליין, לוי, האָט זיך שטענדיק באַמיט אויסצוברייטערן און צו פאַרטיפן זײַנע קענטענישן.

ער האָט ליב געהאַט זיך צו פאַרטיפן אין די יידישע, העברעיִשע און רוסישע קלאַסיקער. ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע פּראָבלעמען.

לוי, וואָס איז אין זײַן לעבן געווען, אַזוי צו זאָגן, אויסגעטאָן פון „פּראַקטישע ענינים", האָט פון זײַנע פריסטע קינדער-יאָרן אַרויסגעוויזן אַ נייגונג פאַר צייכענען און פאַר מאָלן. אין זײַן אָפּטער אָפּגעזונדערטקייט פלעגט ער אָן אַ וועל-כער טעאָרעטישער און סיסטעמאַטישער צוגרייטונג אָנגיין מיט זײַנע מאָלערישע אַרבעטן.

זײַנע קינסטלעריש-אויסגעפירטע פּלאַקאַטן און אַנדערע אַרבעטן פלעגן אַ מאָל באַצירן אַלע ציוניסטישע אָרגאַני-זאַציעס און קולטור-אינסטיטוציעס.

ער איז, אין עלטער פון אַכצן יאָר, צוגעשטאַנען צו די „צעירי-ציון" און שפּעטער צום „החלוץ" און פלעגט אַר-בעטן בײַ די כלערליי פיזישע אַרבעטן, וואָס זײַנען אים צו-געטיילט געוואָרן מצד דער חלוצישער באַוועגונג. ער האָט אָבער דערבײַ נישט פאַרגעסן אין דעם, וואָס איז געבליבן דער תמצית פון זײַן לעבן: די קינסטלערישע אַרבעט.

***

אין יאָר 1920 פאַרלאָזט דער מיטלגעוויקסיקער יונגער בחור מיט די טרוימעריש-בענקענדיקע אויגן זײַן היים אין פּאָדאָליע. ער לאָזט זיך דעמאָלט מיט דער ערשטער חלו-צים-גרופּע, וואַנדלדיק איבער בעסאַראַביע און רומעניע, קיין ארץ-ישראל.

נאָך לאַנגע און שווערע וואַגלענישן קומט ער, אין יאָר 1921, מיט זײַנע חברים-לדעה אין אויסגעבענקטן לאַנד. קומענדיק קיין ארץ-ישראל, טרעט ער באַלד אַרײַן אין „בצלאל". ער שטודירט דאָרטן די מאָלעריי-קונסט בײַם פּראָפ' ב. שאַץ, דעם דירעקטאָר פון דער שול.

***

ווי אַ סך אַנדערע אָרעמע תלמידים פון „בצלאל" פלעגט ער גיין אַרבעטן בײַ וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט: בײַם אויסטרוקענען זומפּן, בײַ שטיינהעקערײַ, כביש וכדומה.

נישט געקוקט אויפן שווערן לעבן, וואָס עס קומט אים און זײַנע חברים אויס צו פירן אין ארץ-ישראל, איז ער, לוי און זײַנע חברים-חלוצים, וואָס האָבן זיך נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה געלאָזט קיין ארץ-ישראל, פול מיט ענטוזי-אַזם, האָפענונג און טיפן גלויבן אין עם-ישראל און אין דער וועלט.

***

בײַ נאַכט צינדן אָן די תלמידים פון „בצלאל", ווי די גאַנצע דעמאָלטיקע ראָמאַנטישע יונגע כאַליאַסטרע, אַ פייער,



ל. זאַרודינסקי-מאַדים — דעם קינסטלערס זונעלע, אײלבילד

אַרום וועלכן זיי זעצן זיך אויס. מען רעדט, מען דיסקוטירט וועגן קונסט, ליטעראַטור און וועגן וואָס אַלץ נישט? מען צעזינגט און צעטאַנצט זיך דערנאָך אַרום דעם פייער מיט אַ לעבעדיקער און אַלץ שטאַרקערער „האָראַ“. דאָס דויערט געוויינטלעך ביז אַ זייגער צוויי, דריי ביי נאַכט.

***

בשעת לוי גייט אין „בצלאל“, פאַרטיפט ער זיך אין די פּראָבלעמען פון קונסט, פון אַלע אירע קאָנצעפּציעס און אידייען.
אַן אומרואיקער, זוכערישער גייסט, באַגנוגנט ער זיך נישט מיט די אָנגענומענע, פאַרטיקע שאַבלאָנען.

ער בענקט און שטרעבט זיך צו באַקענען נעענטער מיט דער מאָדערנער קונסט און אַזוי ווי פּאַריז איז דאָך דער צענטער פון קונסט, לאָזט ער זיך, אין יאָר 1925, פון ארץ־ישראל אין דער פראַנצויזישער הויפּטשטאָט. ער פאָרט דורך איטאַליע. ער שטעלט זיך אָפּ מיט זיין פריינד יהודה כהן, אויך „בצלאליסט“, וואָס איז אומגעקומען אויף קידוש השם, אין זייניקן לאַנד, וווּ ער פאַרברענגט מיט אים, דער עיקר אין פלאָרענץ, עטלעכע חדשים.ביידע פריינד קומען דער־נאָך קיין פּאַריז מיט דעם, וואָס זיי האָבן געזען אין די איטאַליענישע מוזייען, מיט דעם, וואָס זיי האָבן פון זיי גע־שעפּט.

***

אין פּאַריז פאַרשרייבט זיך לוי אין דער קונסט־אַקאַדעמיע.
ער אַרבעט, באַזוכט די מוזייען און פאַרטיפט זיך אין ווערק וועגן קונסט.

די קונסט, דעם קינסטלער־באַרוף, נעמט ער תמיד זייער ערנסט.

ער מאָלט בעיקר פּאָרטרעטן און לאַנדשאַפטן.

מען טרעפט אָפּט מאָל ביים דאָזיקן ערנסטן, אויסערלעך רואיקן, אָבער אין תוך אומרואיקן און מיט זיך קיין מאָל נישט צופרידענעם קינסטלער פענדזל־שטריכן טיפע און געוואַגטע.

ווען ער מאַכט זיין חשבון־הנפש, וואַגט ער נישט צו ווייזן פאַר דער עפנטלעכקייט זיינע קינסטלערישע שאַפונגען.

צוויי מאָל האָט ער בסך־הכל אויסגעשטעלט זיינע קינסט־לערישע אַרבעטן אין די פּאַריזער קונסט־גאַלעריעס „ניוואָ“ און „גאַרבאָ“. אין דער לעצטער מיט אַ גרופּע געוועזענע „בצלאליסטן“.

ער האָט ביידע מאָל געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג.

זיין באַשיידנקייט, אַזוי אויך זיין אומזיכערקייט, האַלטן אים אָפּ צו התמענען דאָס רוב פון זיינע בילדער.

ער האָט, אין יאָר 1940, פאַרלאָזט מיט זיין פרוי און קינד פּאַריז, געלעבט מיט זיי אַ קורצע צייט, ווי אַ פּליט, אין פּאַליאָ, דעפּאַרטעמענט שאַראַנט.

ער האָט דאָרטן, אין משך פון דריי חדשים, געמאַכט בליי־פעדער־סקיצן.

סוף סעפּטעמבער 1940 איז ער מיט זיין משפחה געקומען צוריק קיין פּאַריז.

אין די שווערע טעג איז ער אָפּט מאָל געזעסן פאַרטיפט אין אַלטן, אייביקן יידישן ספר, דעם תנ״ך.

דעם 22טן יולי 1942, ווען די רדיפות און געיעגן האָבן אָנגעהויבן צו בושעווען מיט אַ באַזונדערער העפטיקייט און אכזריות, האָט לוי זאַרודינסקי־מאַדים אויסגעהויכט זיין אומרואיקע נשמה.

***

קריטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן זיין שאַפן זיינען דערשינען אין באַוווסטן פּאַריזער קונסט־אָרגאַן „באָז־אַר“.



ל. זאַרודינסקי־מאַדים — פּייזאַזש, אוילבילד

# פישל זילבערבערג־זבער

# FISZEL ZYLBERBERG-ZBER

1909-1942



אין מאַזאָוויע, ביים רעכטן ווייסלברעג, געפינט זיך אויף אַ גרינעם באַרג די היסטאָרישע שטאָט פּלאָצק מיט אירע אַלטע דענקמעלער. פאַר איר, דער שיינער מאָלערישער שטאָט, שווימען מאַיעסטעטיש פאַרביי די ווייסל־כוואַליעס.

געווען אין דער דאָזיקער שטאָט אַן אַלטע יחוסדיקע קהילה מיט אַ פאַרביק רייך יידיש לעבן, מיט אַ רייכער יידישער פאַרגאַנגענהייט.

די קהילה־קדושה אין דער חנעוודיקער, מאָלערישער שטאָט, פול מיט אַקאַציע־ און בעזביימער, און גרינע פעלדער און טיפע אורוועלדער אַרום, האָט אַרויסגעגעבן פון זיך יידישע פערזענלעכקייטן: יידישע שרייבער, יידישע דיכטער און מאָלער; יידישע אַרבעטער־ און קולטורטוער; הייסע חסידים און מתנגדים — יידן שבת־יום־טובדיקע.

פון פּלאָצק, ווו יידן האָבן געלעבט, געשאַפן, געהאַנדלט, געוואַנדלט, האָט זיך געטראָגן דורות לאַנג דאָס יידישע געזאַנג, דער קול־תורה־ניגון און דער ניגון פון נייעם יידישן ליד. י. ל. פּרץ און אַנדערע, יידישע שרייבער, יידישע מאָלער, פלעגן אָפט קומען אַהערצו, אין ראָמאַנטישן מקום.

אין דער ישיבה פונעם קליינעם בית־המדרשל האָט דאָרטן אין די יונגע יאָרן געלערנט תורה נחום סאָקאָלאָוו, דער יידישער תלמיד־חכם. פון פּלאָצק קומען צו אונדז הרב י. ל. זלאָטניק (י. עלזעט), דער מחבר פון „וווּנדער־אוצר פון דער יידישער שפּראַך", זישע לאַנדוי, חיים פלאַקס, משה וואַרשע, הערמאַן קרוק און אַנדערע יידישע שרייבער און קולטורטוער. די טאַלאַנטירטע מאָלער און קדושים נתן קאָזשען*, עליאַשעוויטש און זייער ברודער פישל זילבערבערג־זבער, וועמענס קונסט־יצירות זיינען אויף אַ באַזונדערן אופן באַהויכט מיט דער שיינקייט פון זיין געבוירן־שטאָט און דעם גאַנצן מאָלערישן אַרום.

מען קען נישט ריידן וועגן זבערן און וועגן זיין שאַפן און נישט דערמאַנען די סביבה, ווו ער איז אויסגעוואַקסן, איר אַטמאָספער, וואָס ער האָט אַריינגעזאַפּט אין זיך פון זיינע יינגסטע יאָרן און וואָס האָט אינספּירירט זיין גרויסן קינסטלער־טאַלאַנט, די מאָלערישקייט פון דער לאַנדשאַפט, וואָס איז אויסגעזונגען און אויסגעמאָלן געוואָרן אין די ווערק פון יידישע קינסטלער פון וואָרט און פון פאַרב, מיט פישל זילבערבערג־זבערן בתוכם.

ער איז געבוירן געוואָרן דעם 23טן יוני 1909 אין פּלאָצק, אין דער גאַס, וואָס האָט שפּעטער געטראָגן דעם נאָמען פון זיין בן־עיר, דעם יונג־פאַרשטאָרבענעם קעמפער פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי: יוסף קוויאַטעק.

זיין פאָטער, ר' וואָלף זילבערבערג, וואָס האָט דאָרטן געהאַט אַ שפּייזקראָם און האָט פון איר בדוחק געצויגן די חיונה פאַר זיין הויזגעזינד, איז געווען אַן ערלעכער ייד, פון אַלעמען געשאַצט און געאַכפּערט, און מ'האָט אים אויסגעקליבן פאַר פרנס פון דער אַלטער חשובער קהילה. ער האָט זיין פישלען געשיקט אין חדר און אויך אין דער אָרטיקער פאָלקשול.

נאָך אַלס קינד ווייזט פישעלע אַרויס אַ נטיה צו צייכענען. מען זעט אים תמיד מיט אַ בלייפעדער און אַ שטיקעלע פאַפּיר אין האַנט. אַלץ, וואָס ער זעט, צייכנט ער. און געצייכנט האָט ער דעמאָלט בעיקר... שיך און בלומען.

אַ פאַרטראַכטער, אַ פאַרחלומטער, האָט ער ליב צו זיין אַליין און אַרומצווואַנדערן איבער די פּרעכטיקע ווינקלען פון זיין היימשטאָט.



זילבערבערג־זבער — פוילישע לאַנדשאַפט, האָלצשניט

* אין יאָר 1948 האָט הערשל קאָזשען אַרויסגעגעבן אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע, אַ געדענק־בוך מיט רעפּראָדוקציעס פון די ווערק פון זיין ברודער, דעם קדוש נתן קאָזשען.

די ערשטע, וואָס האָט אַנטדעקט זיין טאַלאַנט און זיך כסדר אינטערעסירט מיט אים, איז געווען זיין לערערין אין דער פֿאָלקשול, די פריילין גוטקינד, וואָס איז אַליין געווען אַ מאָלערין.

אין דער זעלביקער שול איז אַ מאָל פֿאָרגעקומען אַ קאַנקורס אויף צייכענונגען: פון די עטלעכע הונדערט קינדער, וואָס האָבן געלערנט אין דער שול, האָט פישעלע באַקומען דעם ערשטן פרייז.

בטבע אַ צוריקגעצויגענער, אַ פֿאַרשלאָסענער, וואָס אַזאַ איז ער פֿאַרבליבן זיין גאַנץ לעבן, האָט ער נישט געמאַכט קיין גרוים חברשאַפט מיט די יינגלעך פון שול און באַזונדער האָט ער מיט די מיידעלעך נישט תמיד געלעבט שווה בשווה. די מיידעלעך פלעגן זיך דעריבער מיט אים רייצן. נקמה גענומען האָט ער מיט די קאַריקאַטורן, וואָס ער פלעגט מאַכן פון זיי מיט אַ שטיקל קרייד אויף דער שולטאָוול.

ווען פישל ווערט אַלט זעכצן יאָר, פֿאָרט ער קיין וואַרשע און טרעט אַריין אין דער דאָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע. דערצו העלפן אים עטלעכע פלאָצקער יידישע אינטעליגענטן. אין דער וואַרשעווער קונסט־אַקאַדעמיע האָט דער שטענדיק שטילער, צוריקגעצויגענער פלאָצקער יידישער בחור שטודירט מיט גרוים התמדה מאָלעריי און גראַפישע קונסט. ער איז אָבער בעיקר געבליבן אַ גראַפיקער.

גאָר גיך ווערט דער יונגער זילבערבערג באַקאַנט אין די קונסטקרייזן. זיינע פּראָפעסאָרן לייגן אויף אים גרויסע האָפענונגען. מען רעדט וועגן אים ווי וועגן אַ נייעם שטערן אין דער קינסטלערוועלט. דער פּראָפ׳ סקאָטשילאָס, ווע־מענס תלמיד ער איז געווען, דריקט זיך אויס וועגן אים, אַז פוילן האָט נאָך אַזאַ גראַפישן טאַלאַנט, אַזאַ גאָטגעבענטשטן קינסטלער, נישט געהאַט.

די פוילישע געזעלשאַפט, וואָס אירע שפיצן זיינען געווען אַדורכגעפרעסן פון יידן־שינאה, האָט פון דעסט וועגן נישט געקענט פועלן ביי זיך, זיך אָפּצוזאָגן פון אַזאַ קראַפט, וואָס האָט, מיט אַזוי פיל אויסדרוק און פיינקייט, אַרויסגעברענגט פאַר דער וועלט די שיינקייט פון דער פוילישער לאַנדשאַפט. פישל זילבערבערג ווערט, אין פאָרעם פון געלט־פריזן, געשטיצט אויף דער אַקאַדעמיע. און מען דאַרף זאָגן, אַז די דאָזיקע סומעס זיינען אים גוט צו נוץ געקומען, וואָרעם די הילף־סטיפּענדיעס פון זיינע בני־עיר זיינען געווען צו ווייניק אויף צו קענען עקזיסטירן און זיך לערנען אין אַ גרויסער שטאָט...

***

נישט געקוקט אויף דעם וואָס זיין מאַטעריעלע לאַגע איז אַ שווערע, אַרבעט ער יומם ולילה און קיין שום זאַך, אַ חוץ די קונסט, אינטערעסירט אים כמעט נישט.

און פוילן האָט זיך געגרויסט מיט איר קינסטלער פון פלאָצק און דער קונסט־דעפּאַרטעמענט ביי דער פוילישער רעגירונג פלעגט שיקן זיינע קינסטלערישע שאַפונגען אויף אויסשטעלונגען קיין אויסלאַנד און אַזוי אַרום האָט דער פלאָצקער יידישער בחור פישל זילבערבערג (אין פאַריז האָט ער אָנגעהויבן צו חתמענען זיינע ווערק מיט „זבער“) פאָרגעשטעלט און פאַרטרעטן די פוילישע גראַפישע קונסט. אויך אויף דער פאַריזער אינטערנאַציאָנאַלער אויסשטעלונג פון יאָר 1937 האָט מען געקענט זען זיינע גראַפישע



זילבערבערג-זבער — לאַנדשאַפט, קופּערשטיך — קאָלעקציע ה. פּענסטער

אַרבעטן, וואָס זיינען געווען אויסגעשטעלט אין פּוילישן פּאַוויליאָן.

***

פישל זילבערבערג-זבער, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט אויף אַלע שטחים פון דער גראַפישער קונסט, ווי: אַקוואַ-פּאָרטאַ, אַקוואַ-טינטאַ, און וואָס האָט באַזונדער ליב גע-האַט גראַווירן אין האָלץ, איז אַ ראָמאַנטיקער. דורך זיינע פיין קאָמפּאָנירטע אַרבעטן גיט ער אונדז, ווי עס דריקט זיך אויס ה' פּיער מאָרנאַן, אַ ראָמאַנטישע וויזיע פון דער וועלט, אַ וויזיע, וואָס ער שעפּט ביי די טיפסטע קוואַלן פון דער נאַטור.

***

אַרום 1936 קומט דער פּאַרשלאָסענער, קליינגעוויקסיקער, שוואַרץ-האָריקער פלאָצקער בחור מיט די העלבלויע אויגן און שוואַרצע ברעמען, ווי אַ סטיפּענדיאַנט פון דער פּויליש-שער רעגירונג, קיין פּאַריז. דאָ פאַרטיפט ער זיין קענטעניש און זוכט נייע אויסדרוק-מיטלען פאַר דער גראַפישער קונסט.

וועגן אים פלעגט מען זאָגן אין פּאַריז, אַז ער איז „דער פּאָעט פון די קליינע פּוילישע שטעטלעך און אַז אויך אין די פּאַריזער אַרבעטן זיינע גיט ער אונדז איבער זייער אַט-מאָספער".

***

פון זיינע שאַפונגען אין פּוילן זיינען באַזונדער באַקאַנט, אין איינעם מיט די שיינע לאַנדשאַפטן זיינע, „מאַמע-שאַפט" און „די אָרעמע". מיר באַגעגענען ביים קינסטלער אַ טיפע סימפּאַטיע און מיטגעפיל צו די אָרעמע און ליידנ-דיקע.

כדאי נאָך באַזונדער זיך אָפּצושטעלן אויף זיין שאַפונג אין פּוילן „דער טויט פון זיידן". פאַראַן אין דאָזיקן ווערק אַ טיף יידישע אַטמאָספער און אַן אַנגעלאָדנקייט פון יידישן געפיל.

יידן נעמען בכלל אויף דעם טויט, דאָס אַוועקגיין פון דער וועלט, דאָס פלוצעמדיקע אַרויסגעריסן ווערן פון דער היי-מישער סביבה, אַנדערש ווי די אומות-העולם.

דאָס שיידן זיך מיטן לעבן, די מיסטעריע פון טויט, איז ביי יידן פון לאַנג אָן עפּעס אימהדיקס. דאָס האָט טרעפיק אויס-געדריקט אין דער שטימונג פון זיין בילד „די לוויה" דער באַרימטער יידישער מאָלער שמואל הירשנבערג.
אויך פישל זילבערבערגן גיט זיך איין, מיט זיין טיפער פיל-באַרקייט און טאַלאַנט, אונדז איבערצוגעבן די דאָזיקע אַטמאָספער, די דאָזיקע שטימונג:

מיר זעען ליגן אַ זקן מיט אַ לאַנגער, ווייסער באָרד, אין אַ נידעריק הילצערן בעטל. לעבן בעטל אַ שפּייקעסטעלע. דאָס שפּייקעסטעלע אַליין סימבאָליזירט די קראַנקייט פון אַלטן זיידן. צוויי פרויען שטייען ביים הילצערן, נידעריקן בעטל. ביי איינער פון זיי זעט מען פחד, ביי דער צווייטער, דער ייִנגערער, חידוש, אויפגעטרייסלטקייט. אַ קליין מיי-דעלע טוליעט זיך צו דער עלטערער פרוי, ווי עס וואָלט זיך



זילבערבערג-זבער    אַ בליק פון שפּיטאָל אין באָן-לאַ-ראָלאַנד, פעדער-צייכענונג    קאָלעקציע ה. פענסטער



זילבערבערג-זבער

פּאָרטרעט פון מאַד' פעליציאַ שוואַרץ, האָלצשניט
קאָלעקציע מאָלערין עוואַ שוואַרץ

געוואָלט באַהאַלטן פון דעם שרעקלעכן, וואָס איז געשען אָדער וואָס דאַרף געשען.

אין דעם בילד איז אַרויסגעברענגט געוואָרן די גאַנצע יידישע באַציונג צום טויט.

אָנגעהויבן פון 1937 שטעלט אויס פישל זילבערבערג-זבער זיינע אַרבעטן אין „האַרבסט-סאַלאָן". אָט וואָס עס שרייבט וועגן אים דער באַוווסטער פּאַריזער קונסט-אָרגאַן „באָז אַר" (שיינע קונסטן) פון 5טן נאָוועמבער 1937:

„זבער-זילבערבערג, וועמענס אויסגעצייכנטער באַרוף עס איז האָלץ-גראַפיק, דערגרייכט אַ פּאַבלהאַפטיקן סטיל". אַן אַנדער קונסט-אָרגאַן „לע טרע" שרייבט:

„זבער איז אַן אמתער גראַפיקער. זיין טעכניק איז לייכט און בויגיק און דער אויסדרוק איז באַהויכט מיט אַן עלע-גאַנטן ראָמאַנטיזם".

אין זיין שיינעם, ענטוזיאַסטישן עטיוד וועגן זבערס שאַפן, וואָס איז דערשינען אין נאָוועמבער-נומער פון 1937 אין „קאַיע גראַפיק" און דערנאָך אין אַ באַזונדער אויסגאַבע, ווייזט אָן ה' פּיער מאָרנאַן, דער באַוווסטער מומחה אויף דער גראַפישער קונסט, צווישן אַנדערע מעלות אויף דער אינטימקייט, מיט וועלכער ס'איז באַהויכט זבערס שאַפן. דאָס שפּיל פון ליכט און שאָטן ביי זבערן פאַרגלייכט ה' פּיער מאָרנאַן צו די ליכט און שאָטנס, וואָס מיר טרעפן ביי רעמבראַנדטן.



זילבערבערג-זבער — דער פויער און די קו, האָלצשניט

דער חשובער פראַנצויזישער קענער פון דער גראַפישער קונסט ווינטשט זיך, אַז דער קינסטלער פישל זילבערבערג-זבער זאָל זיך, חלילה, נישט פאַרלירן אין דעם תוהו-ובוהו פון די כלערליי קונסט-טעאָריעס.

בכדי צו פאַרבלייבן דאָס, וואָס ער, זבער, איז, בכדי צו פאַרבלייבן מיט דעם, מיט וועלכן ער איז געקומען פון פוילן קיין פאַריז, עצהט אים ה' פיער מאָרנאַן אויפצוהענגען בלויז ביי זיך עטלעכע פון זיינע פייזאַזשן און פאָרטרעטן, וואָס ער האָט מיטגעברענגט פון פוילן.

אַ באַגייסטערטע אָפּהאַנדלונג וועגן קינסטלער האָט אויך געשריבן אין דער פאַריזער טעגלעכער רוסישער צייטונג „פּאָסלעדניע נאָוואָסטי" דער באַוווסטער מאָלער און קונסטקריטיקער אַלעקסאַנדער בענואַ.

יוליוס געוס, אַ ייד פון עסטאָניע, אַ ביבליאָפיל און ליבהאָבער פון קונסט, האָט זיך ספּעציעל אָפּגעגעבן מיט זילבערבערג-זבערן. ער האָט אָרגאַניזירט אין טאַלין און אין אַנדערע באַלטישע שטעט אויסשטעלונגען פון זיינע ווערק.

אין יאָר 1938 האָט זבער אויסגעשטעלט זיינע האָלץ-גראַווירונגען פון פוילן און פראַנקרייך אין אַ פאַריזער בוכהאַנדלונג.

די דאָזיקע אויסשטעלונג האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג און שפּעטער איז אַרויס אַן אַלבאָם פון די אויסגעשטעלטע ווערק, מיט אַן אַריינפיר פון ה' זשאַק דע לאַ פראַד, דעם מיטאַרבעטער פון קונסט-אָרגאַן „באָז אַר".

איין אַלבאָם האָט דער קינסטלער געגעבן במתנה דער פראַנצויזישער נאַציאָנאַל-ביבליאָטעק. דאָס איז, דאַכט זיך, שוין געווען זבערס לעצטע אויסשטעלונג.

***

אַרום 1940-1941 האָט דער קינסטלער אויך געמאַכט אַ צאָל איילבילדער. ער האָט זיך געגרייט צו אַן אויסשטעלונג פון זיין מאָלעריי.

אכזריותדיק איז אָבער איבערגעריסן געוואָרן דער חלום פון יונגן, גאָט-געבענטשטן קינסטלער:

דעם 14טן מאַי 1941 איז פישל זילבערבערג־זבער געוואָרן אַרעסטירט. מען האָט אים פאַרשיקט אין לאַגער פון באָן־לאַ־ראָלאַנד, וווּ עס האָבן זיך דעמאָלט געפונען צוויי טויזנט יידן.

אויך דאָרטן, אין לאַגער, האָט ער, זבער, וואָס האָט תמיד געאַרבעט מיט אַזוי פיל התמדה, נישט אויפגעהערט צו שאַפן. ער האָט געמאַכט אַ גרויסע צאָל צייכענונגען און האָלץ־גראַווירונגען.

דעם 4טן יולי 1942 ווערט פישל זילבערבערג־זבער געפירט פון באָן־לאַ־ראָלאַנד קיין פּיטיוויע, אין לאַגער.

ער איז פון דאָרטן געוואָרן דעפּאָרטירט דעם 17טן יולי 1942.

ווען מען האָט אים אַוועקגעפירט, דעם 26טן אָקטאָבער 1942, צום אומקום אין דער גאַזקאַמער, איז ער בסך הכל אַלט געווען דריי און דרייסיק יאָר.


י צ ח ק   פ ו ר מ אַ נ ס ק י

פאַרזיצער פון פאַרבאַנד פון געוועזענע יידישע דעפּאָרטירטע אין פראַנקרייך.


## מיט פישל זילבערבערג־זבער פאַר זיין טראַגישן טויט

צווישן די ערשטע פינף טויזנט פאַריזער יידן, וואָס זיינען אינטערנירט געוואָרן דעם 14טן מאַי 1941 אין די לאַגערן פון באָן־לאַ־ראָלאַנד און פּיטיוויע, האָט זיך אויך געפונען פישל זילבערבערג־זבער.

געווען אַ נידעריק געוואַקסענער, אַ דאַרער און אַ שווייגער: אַ צניעותדיקער בחור, וואָס מ'האָט כמעט נישט באַמערקט.

נאָך אַ פּאָר טעג זיין אין לאַגער, איז זבער, אַ דאַנק אַן אינטערווענץ פון דרויסן, אַרויסגעפירט געוואָרן פונעם לאַגער אין שטעטלדיקן שפּיטאָל.

ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, זאָל זיך פאַר זבערן האָבן באַמיט אַ פּראָמינענטע פּערזאָן פון דער פראַנצויזישער קינסטלערוועלט. ס'האָט געהייסן דער דירעקטאָר פון גראַפישן אינסטיטוט. אים אין גאַנצן באַפרייען האָט זיך נישט איינגעגעבן.

אין שפּיטאָל פון באָן־לאַ־ראָלאַנד האָט זבער גענאָסן פון גוטע ווייך־ און באַשפּייז־באַדינגונגען און זיך געקענט, אין משך פון אַ יאָר, ווייטער אָפּגעבן מיט זיינע קינסטלערישע אַרבעטן.

אין דרויסן האָט זבער פאַרקערט מיטן הויפּט־דאָקטער, וואָס איז אויך געווען דער בירגערמייסטער פון שטעטל. ער האָט גענומען אָנטייל אין צוויי קונסט־אויסשטעלונגען פון די אַרבעטן אין לאַגער. זיינע זאַכן האָבן אַרויסגערופן אַנטציקונג, בפרט זיינע טיפּן פון זקנים־הויז פונעם שפּיטאָל אין שטעטל. ער האָט אויך אויסגעשטעלט אַ ריי פּייזאַזשן פון דער געגנט.

צום באַדויערן האָט זיך זיינע פראַנצויזישע באַשיצער נישט איינגעגעבן, צוויי חדשים פאַר דער דעפּאָרטאַציע, אים לאָזן לענגער בלייבן אין שפּיטאָל.

דעם 16טן יולי 1942 איז זבער געוואָרן אַריבערגעפירט פון לאַגער אין באָן־לאַ־ראָלאַנד אין לאַגער פון פּיטיוויע. קיין בירקענאַו־אוישוויץ זיינען מיר אָנגעקומען דעם 19טן יולי 1942.

נאָך צוויי טעג זיין אין לאַגער פון בירקענאַו, וווּ ער האָט קוים באַוויזן צו אַרבעטן איין טאָג, ווי אַ פּשוטער אַרבעטער, איז געשען אַ נס:

אַ פּאָליאַק פון דער קינסטלערוועלט, וועמענס נאָמען איך דערמאָן זיך נישט, האָט אים דאָרטן דערקענט. ער האָט תיכף אינטערווענירט ביי די אַנדערע פּאָליאַקן, וואָס זיינען דעמאָלט געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער „שרייבשטובע“ פון לאַגער, און זבער איז באַלד צוגעטיילט געוואָרן, ווי אַן אויסהעלף־שרייבער, אין דער ביורע.

זיין לעבן איז, להיפוך צו אונדז אַלע, געווען אַ סך מער דערטרעגלעכער: ער האָט קיין מאָל נישט באַקומען קיין קלאַפּ. ער איז געזעסן רואיק און האָט געשריבן עטלעכע שעה אין טאָג. דעם רעשט צייט האָט ער געמאָלן פאַר פאַרשיידענע פּאָליאַקן, דער עיקר פּייזאַזשן. ער האָט דערפאַר גענאָסן פון זייערע פּעקלעך, אַזוי אַז ער האָט נישט געליטן קיין הונגער און נישט געווען אויסגעשטעלט אויף די אַלע עינויים און פּיינען פון די אַנדערע דעפּאָרטירטע. זבער, וואָס איז געשלאָפן לעבן מיר, האָט מיט אַ ביטערן שמייכל, אין קורצע פראַזן, און דאָס נאָר פון צייט צו צייט, אויסגעדריקט זיין בענקשאַפט צו פּוילן, צו פּאַריז, צו זיין פרוי סטעניע, אין איינעם מיט דער גרויסער אומרואיקייט זיינער פאַר זיין משפּחה אין פּוילן.

כאַראַקטעריסטיש: אין אונדזערע אַלע שמועסן איז קיין מאָל נישט געקומען צו רייד וועגן קונסט. ער האָט מיר אַ מאָל געזאָגט:

— „נאָר די, וואָס האָבן נישט קיין טאַלאַנט, אַמפּערן זיך אין די קאַפּעס וועגן „שולן" אין דער מאָלעריי. אַ מאָלער אָדער אַ גראַפיקער, וואָס האָט עפּעס צו זאָגן, דריקט זיך אויס דירעקט, און שפּעטער ערשט דערוויסט ער זיך אַליין, אַז מען קען אים צוטשעפּן צו אַ „שול". איך האָב געלערנט, האָט ער געזאָגט, אין קלאַסישע שולן אין פּוילן און דאָס האָט מיר גאָרנישט געשטערט, אַז איך זאָל גיין מיין אייגענעם וועג."

און דאָ האָבן אַ פינקל געטאָן זיינע שטאָלענע אויגן און פון זיינע דינע ליפּן האָט זיך ווי אַרויסגעריסן אַן אויסגעשריי, אַז ווען ער וועט איבערלעבן דעם לאַגער, און ער איז געווען זיכער, אַז אין די באַדינגונגען אין וועלכע ער האָט זיך געפונען, האָט ער שאַנסן איבערצולעבן, וועט ער שאַפן פון דעם, וואָס ער זאַפּט איין אין זיך אין דער טרויעריקער עפּאָכע.

זבער, דער קינסטלער, האָט געלעבט אין זיין וועלט און אָפט מאָל האָט זיך די מענטשן, וואָס האָבן אים ווייניק געקענט, אויסגעדאַכט, אַז ער פאַרשטייט נישט די טראַגישע צייט, וואָרעם בעת די דיסקוסיעס און ליידנשאַפטלעכע שמועסן איז ער געווען תמיד אַ זייטיקער.

איך, וואָס בין געווען מיט אים צוזאַמען אין די לעצטע חדשים פון זיין לעבן, האָב זייער אָפט אין זיינע כאַראַקטעריסטישע, אָפּגעהאַקטע זאַצן געהערט פון אים ווערטער, געדאַנקען, וואָס האָבן בולט אָנגעוויזן אויף זיין טיפן אינטענסיוון אינעווייניקסטן לעבן.

דעם אמתן קינסטלער באַמערקט מען אין קליינע, טאָגטעגלעכע דערשיינונגען:

אָט איז געקומען צו זברן אַ פּאָליאַק, אַ „פּראָמינענץ", אַ בלאָק-עלצטער אין לאַגער, און „באַשטעלט" ביי אים אַ בילד און געזאָגט: מאָלט מיר דאָס און דאָס.

זבער האָט אויסגעפירט די „באַשטעלונג", ווויסנדיק, אַז די „פּראָמינענץ" קען האָבן אַ ווייטערדיקע השפּעה בנוגע זיין עקזיסטענץ אין לאַגער.

ווען די „באַשטעלונג" איז געווען פאַרטיק און דער באַשטעלער איז געווען צופרידן, האָט זבער מיר געוויזן דאָס דאָזיקע בילד און דערביי געזאָגט:

— „דאָס האָב איך נישט געמאָלן, דאָס איז אַזוי ווי איך וואָלט, למשל, געווען אַ שלאָסער און פאַרראָכטן אַ שלאָס. ער פאַרשטייט דאָס נישט. מיך אָבער עקלט. פאַראַן מאָמענטן, ווו איך וואָלט הויך אויסגעשריגן דאָס פאַר אים אויפן קול. נו, האָט ער מוסיף געווען, זאָל ער האָבן פון מיר אַ בילד. אין מיין שאַפן וועט אָט די עפּאָכע זיין נאָר אַ ראיה, ווי טאַלאַנט און באַשטעלונג זיינען שוין גאָרנישט קיין גוטע שכנים."

און אַזוי זיינען געפלאָסן טעג און וואָכן: טיפוס-עפּידעמיעס, לייז און שמוץ האָבן געפרעסן מענטשן. אונדזערע רייען זיינען געוואָרן וואָס אַ מאָל אַלץ שיטערער. זבער האָט אַלע מאָל אַ דאַנק זיינע באַציונגען און זיין אַזוי צו



זילבערבערג-זבער — דער מאָלער בען, געצייכנט אין באָן-לאַ-ראָלאַנד
קאָלעקציע ה. פענסטער

זאָגן „פּריווילעגירטער סיטואַציע" געפונען אַ שטיקל זייף, וואַסער, כדי זיך צו קענען וואַשן און אפילו אויסוואַשן זיין וועש.

ער האָט געפילט, אַז ער מוז קעמפן פאַר זיין לעבן און זיך, דורך דער מינימאַלער היגיענע, באַמיט זיך צו שיצן קעגן דעם טיפוס.

דער טיפוס האָט אָבער נישט אויסגעמיטן זבערן. אַלע האָבן מיר געוווּסט, אַז טיפוס באַטייט גיין אין „בלאָק 7". און „בלאָק 7" האָט באַטייט פאַר יעדן ייד, וואָס איז דאָרטן אַריינגעקומען, אַ טויט-אורטייל.

די דייטשישע אכזורים האָבן געהאַט אין איינציק היילמיטל פאַר אַלע קראַנקע יידן. דאָס דאָזיקע היילמיטל איז געווען אַ ראַדיקאַלס: גאַזקאַמער, קרעמאַטאָריע.

וועגן דעם האָט זבער זייער גוט געוווּסט. דער חבר אייזנשטאַט פון ביעלסק-פּאָדאָלסקי, וועלכער איז געווען אַ סטודענט פון מעדיצין, און איך האָבן אָנגעווענדט אַלע מיטלען, כדי איבערצוצייגן זברן, אַז ער זאָל, ווי אַ סך אַנדערע יידן, אַדורך דעם טיפוס, נישט גייענדיק אין „בלאָק 7". דער חבר אייזנשטאַט האָט, אַרומגייענדיק, גובר געווען דעם טיפוס. זבער איז געווען זיכער, אַז זיינע באַציונ־



זילבערבערג-זבער — דער טויט פון זיידן, ליטאָגראַפיע

גען אין לאַגער זיינען גענוגנדיקע, אַז ער זאָל קענען גיין אין „בלאָק 7“ און נישט זיין אויסגעשטעלט אויף דער סכנה צו ווערן גענומען אין דער גאַזקאַמער. און אַזוי אַרום איז ער געקומען אין יענעם בלאָק.

ער האָט געהאַט אַ לייכטן טיפוס. מיר האָבן באַוויזן אָפּצושפּאָרן אַלע מאָל אַ ביסל קאַווע און צונויפברענגען פון זיינע פּוילישע פריינד עפּעס צו עסן, צוגעפּאַסט צו זיין קראַנקייט. עס זיינען אַדורך אַ צען, צוועלף טעג: מיר האָבן אים יעדן טאָג, נאָכן אַפּעל, דערלאַנגט דורכן פענצטער דאָס טרינקען און עסן און זבער איז געווען פול מיט מוט און האָפענונג, אַז אָט-אָט פאַרלאָזט ער דעם „בלאָק 7“.

און אָט איז געשען דאָס גרויסע אומגליק: עס איז געווען שפּעט אין אָוונט, ווען איך האָב זיך דערוווּסט פון אַ פריינד, אַ דאָקטער, וואָס האָט געאַרבעט אין יענעם בלאָק, אַז מאָרגן קומט דאָרטן פאָר אַ „גרונטלעכע רייניקונג“. מיר האָבן שוין געוווּסט, וואָס עס באַטייט אַ „רייניקונג“: אַלע יידישע קראַנקע אויסגעשטעלט אויפן טראַגישן הויף פון „בלאָק 7“, צו וועלכן עס פלעגן קומען צו פאָרן לאַסטוועגענער, מיטן צייכן פון „רויטן קרייץ“...

די דייטשן האָבן אפילו ציניש אַרונטערגעריסן דעם פּרעסטיזש פון „רויטן קרייץ“. און די לאַסטוועגענער, אָנגעפילט מיט יידן, זיינען געלאָפן, ווי מחבלים, צו דער גאַזקאַמער, אָפּגעליפערט די קרבנות און ווידער געלאָפן שנעל צוריק נאָך נייע קרבנות.

וויסנדיק, וואָס עס דראָט אונדזער פריינד, בין איך מיט נאָך צוויי חברים געלאָפן צו זיינע פּוילישע פריינד, וואָס זיינען שוין געשלאָפן. זיי זיינען, מען מוז זאָגן דעם אמת, אַלע אויפגעציטערט געוואָרן, זיך שנעל אָנגעטאָן און אַריין מיט אונדז אין „בלאָק 7“, כדי אַרויסצונעמען זבערן. מיר האָבן זיך דאָרטן דערוווּסט, אַז זבער געפינט זיך נישט אויף דער ליסטע און אַז אַלע זיינע פריינד אין יענעם בלאָק האָבן שוין צווישן זיך אָפּגעמאַכט, אַז אים, זבערן, דראָט נישט קיין סכנה. דאָך האָבן מיר געוואָלט, אַז מען זאָל אים אויסשרייבן פונעם „שפּיטאָל“ און ער זאָל גיין מיט אונדז אין בלאָק.

זבער, מיט וועלכן איך האָב גערעדט, צום באַדויערן שוין צום לעצטן מאָל, האָט געזאָגט:

— „זייט רואיק. וואָס זענט איר אַזוי אויפגעקאָכט? מיר דראָט גאָרנישט. גייט שלאָפן.“

צו מאָרגנס, אַן אומרואיקער, אַ צעטראָגענער, האָב איך זיך קוים דערוואַרט, אַז דער אַרבעטסטאָג זאָל זיין געענ-

דיקט און שנעל מיט דער קאווע, וואס מ׳האט מיר צוגעטיילט, בין איך געלאפן צום „בלאק 7“, צו מיין פריינד פישל זבער.

און דא האב איך זיך דערוווסט די אויפטרייסלדיקע ידיעה, אז ער, זבער, איז שוין מער נישטא צווישן די לעבעדיקע. זבער איז טאקע נישט געווען אויף דער ליסטע, אבער די דייטשישע רוצחים האבן באמערקט, אז ער ליגט. און אזוי ווי ס׳האט געפעלט צום פאטאלן ציפער א פאר מענטשן, זיינען אין דעם טאג געפאלן מיין טייערער זבער און מיט אים גאנץ געזונטע מענטשן, וואס זיינען געווען באשעפטיקט ביי דער באדינונג אין „בלאק 7“.

און אזוי איז אומגעקומען מיין פריינד פישל זבער, וואס האט געטראגן אין זיך זאמען פאר א גרויסער קינסטלערישער שאפונג.

איך האב פארלוירן אין לאגער מענטשן טייערע, נאענטע מענטשן, וואס כ׳האב אינטים געקענט במשך פון לאנגע יארן. אים, זבערן, האב איך נעענטער געקענט אין גאנצן עטלעכע חדשים. אבער ווען איך דערמאן זיך אצינד דעם גיהנום, וואס איך האב איבערגעלעבט, מוז איך זאגן, אז זיין טויט איז פאר מיר געווען איינע פון די ערשטע קלעפ, וואס האט זיך טיף אריינגעקריצט אין מיין זכרון. איצט, ווען איך דערמאן זיך די אלע פרטים, איז מיר נאך קלארער, — ווי טיף איך האב דאס איבערגעלעבט, ווען איך דערמאן זיך, אז איך האב אויפגעהאלטן אזוי פיל דעטאלן אין מיין זכרון ביי די אלע איבערלעבענישן, וואס איך האב געהאט אויסצושטיין אויף מיין ווייטערדיקן מארטירערוועג.

א שאד זבערן! ער איז נאר איינער פון די זעקס מיליאן פון אונדזערע קרבנות. בלייבנדיק לעבן, וואלט ער אפשר באוויזן פון זיך ארויסצושרייען פאר דער וועלט, מיט דעם גרויסן קינסטלערישן טאלאנט זיינעם און מענטשלעכער פילבארקייט, די אלע גרוילקייטן פון דער מוראדיקער צייט און רירן דאס געוויסן און די הערצער.

## ארץ
## אל-תכסי דמי

# פישל זבערם פרוי

# סטעניע באַנדער



אַליין איז זי קיין מאַלערין נישט געווען, הגם זי האָט אַ געוויסע צייט שטודירט אין דער פּאַריזער קונסט-אַקאַדעמיע מאַלעריי. ס׳איז אָבער אוממעגלעך, ריידנדיק וועגן זבערן, נישט צו דערמאָנען זיין פרוי, די אידעלע און מוטיקע סטעניע, וואָס האָט אַזוי פיל העראָיזם באַוויזן אין קאַמף קעגן דייטשישן אָקופּאַנט.

ביי סטעניען אין שטוב, אויף רי זשאָפרואַ-סענט-הילער 49, האָט מען צוגעגרייט אויפריים-מאַטעריאַל און געפירט אַנדערע געהיימע אַרבעטן, געווענדט קעגן שונא.

איז טאַקע איין מאָל ביי איר אין שטוב פאָרגעקומען אַן עקספּלאָזיע און צוויי יונגע ווידערשטאַנדלער, די צוויי יונגע יידן פון פוילן איוו מולען (אַ פּסעוודאָניום) און סאַלעק באָט, אַ טאַלאַנטירטער מוזיקער, זיינען אומגעקומען בעתן צוגרייטן דעם אויפרייסשטאָף. די וווינונג איז, פאַרשטייט זיך, געוואָרן דעמאָלירט און סטעניע באַנדער האָט קוים מיט נסים באַוויזן צו אַנטלויפן פון פּאַריז.

זי באַהאַלט זיך דעמאָלט אויס אין אַ דאָרף און אַרבעט ווייטער אין דער ווידערשטאַנד-באַוועגונג אונטערן נאָמען „אַלים בודע“.

איר עובדא איז אַ געפערלעכע: זי דאַרף כסדר אַרומגיין איבער די מעריס, מאַגיסטראַטן און בייטן די לעבנסמיטל-קאַרטן פון ווידערשטאַנדלער. זי געפינט זיך אין אַ כסדר-

דיקער סכנה געכאַפּט צו ווערן דורך די אַגענטן, מיט וועלכע די דאָזיקע אינסטיטוציעס זיינען פול.

נאָך דעם ווי איר מאַן, דער קינסטלער זילבערבערג-זבער, ווערט אַרעסטירט און אַוועקגעפירט אין לאַגער, טוט זי אַלץ, כדי צו ראַטעווען און אויסצובאַהאַלטן זיינע בילדער. דעם 16טן נאָוועמבער 1943, צוועלף אַ זייגער ביי נאַכט, האָט מען זי פאַרהאַלטן און אָפּגעפירט אין דער פּאַריזער פּאָליציי-פּרעפעקטור, וווּ זי איז געווען איבער צוויי וואָכן. פון פּאַריז ווערט זי אָפּגעפירט אין דער תפיסה קיין פרען, וווּ מען האָט זי געהאַלטן דריי חדשים.

אין פרען איז סטעניע געפּאַרשט געוואָרן דורך אַ ספּעציעלער שלאָג-בריגאַדע.

זי איז אַלע מאָל געווען אַ פיזיש שוואַכע און קערפּערלעך דעליקאַטע. דאָך האָט זי אויסגעהאַלטן מיט דער גרעסטער העלדישקייט די קלעפּ און עינויים און די דייטשישע מערדער מיט זייערע אַרויסהעלפער האָבן פון איר גאָרנישט אַרויסגעקראָגן.

דעם 3טן פעברואַר 1944 איז זי דעפּאָרטירט געוואָרן אין אַ דייטשישן טויטלאַגער. דעפּאָרטירט האָט מען זי אונטערן נאָמען „גוטע ראָזנשטיין“.

סטעניע באַנדער איז געבוירן געוואָרן דעם 24טן דעצעמבער 1911 אין וואַרשע.

אין יאָר 1926 קומט זי קיין פּאַריז, וווּ זי שטודירט יורי אין היגן אוניווערסיטעט און שפּעטער באַזוכט זי די קונסט-אַקאַדעמיע.

# יהודה כהן

# YEHOUDA COHEN

## 1897-1942



ס'איז שווער צו ריידן וועגן קינסטלער יהודה כהן ז"ל און נישט אָפּשטעלן זיך אַ ביסל אויף דער שטאָט סאַלאָניקי, וווּ ער איז געבוירן געוואָרן דעם 19טן יאַנואַר 1897, ביי אָרעמע, באַלמעלאָכישע, ספרדישע עלטערן, וואָרעם אויב ווילנע איז געווען „ירושלים פון ליטע", איז איר אַ סך עלטערע שוועסטער, סאַלאָניקי, דאָס אַלטע, היסטאָרישע טעסאַליניקי, וועמענס לופֿט און פאַרביקע ספרדיש-יידישע אַטמאָספער ער האָט אַריינגעזאַפּט אין זיך, געווען דאָס „ירושלים פון באַלקאַן".

די אַלטע קהילה, די אַלטע יידישע בית-עלמינס מיט די אַלטע מצבות, וואָס האָבן פאַרנומען אַ גוואַלדיקן שטח, זיינען געווען עדות פון טיפער יידישער פאַרוואָרצלט-קייט אין אָט דער שטאָט, וווּ יידן האָבן געלעבט, געשאַפן, געהאַנדלט, געוואַנדלט במשך פון העכער צוויי טויזנט יאָר און וואָס אונדזערע ספרדים האָבן גערופן „די מצודה", די פעסטונג פון יידן און אייגנאַרטיקער יידישקייט, און וווּ עס האָבן נאָכן גירוש שפּאַניע כסדר צוגעשטראָמט גדולי-ישראל, לומדים, פילאָזאָפן, פּאָעטן, דאָקטוירים און כלערליי טיכטיקע בעלי-מלאכות, וואָס האָבן פאַרשטאַרקט די מצדוה, געבויט ישיבות, בתי-מדרשים, כלערליי לערן-אַנשטאַלטן.

זיי האָבן מיטגעברענגט מיט זיך זייער שפּאַניאָליש, וואָס איז מיט דער צייט געוואָרן זייער יידיש, און זייערע שפּאַניאָלישע ראָמאַנסן.

זיי האָבן דאָרטן ממשיך געווען קאָרדאָווע און טאָלעדאָ.

איז אַריין דער גערמאַנישער גראָבער שטיוול און זי פאַרלענדט, הרוב געמאַכט די אַלטע מצודה מיט די אַלטע בית-עלמינס און אַ סך אַנדערע יידישע דענקמעלער פון יהודה כהנם היימשטאָט.

פון די 56.000 יידן, וואָס האָבן געלעבט אין סאַלאָניקי, זיינען נישט מער געבליבן ווי 1.950 נפשות.

אין ניינצן טראַנספּאָרטן האָבן די דייטשן אַוועקגעפירט פון דאָרטן אין די קאַלך-אויוונס 54.000 יידן, מיט זייער הרב הראשי ד"ר צבי קאָרעץ בראש *).

דער טראַגישער גורל פון דער אַלטער מצודה האָט אויך נישט אויסגעמיטן זייער אַ סך פון אירע קינדער, וואָס האָבן זיך געפונען אין פראַנקרייך, צווישן זיי דעם קינסט-לער-קדוש יהודה כהן מיט זיין פרוי און צוויי קליינע קינדער.

יהודה כהן האָט צו מאָרגנס נאָך דער ערשטער וועלט-שחיטה פאַרלאָזט זיין אָרעמע היים. ער איז געפאָרן קיין ארץ-ישראל און האָט שטודירט אין „בצלאל" מאָלעריי.

אין „בצלאל", וווּ עס האָבן געלערנט אַן ערך זעכציק תלמידים, איז ער מיט זיין ערלעכקייט און רירנדיקער



י. כהן — פאָרטרעט פון קינסטלערס ערשטער פרוי, אייל בילד

*) זע „לע קאָיע סעפאַרדי", פּאַריז, פון 5טן נאָוועמבער 1946.

פשטות געווען זייער באַליבט, סיי ביי די פּראָפעסאָרן, סיי ביי די תלמידים.

פּראָפעסאָר שאַץ און אַנדערע פּראָפעסאָרן, וואָס האָבן פון אים זייער געהאַלטן, האָבן אויף אים געלייגט אַ סך האָפענונג. ער איז אין „בצלאל“ געווען דער בעסטער תלמיד, אָבער אויך צוגלייך דער אָרעמסטער פון אַלע אַנדערע תלמידים, וואָס האָבן נאָך געקענט אַ מאָל גיין אַרבעטן אויפן כביש. ער איז געווען פיזיש צו שוואַך דאָס צו טאָן.

טייל מאָל פלעגט זיך אים איינגעבן צו פאַרקויפן זיינס אַ צייכענונג. ער פלעגט פאַר דעם געלט זיך קויפן אַ ביסל מעל און מיט אַ ביסל וואַסער און זאַלץ עס אויסקנעטן און זיך אַליין אָנבאַקן אַ ביסל ברויט, וואָס ער האָט דער־נאָך פאַרביסן מיט אַ ביסל טיי.

ער האָט פון זיין געבאַקענעם „ברויט“ באַקומען אַ קראַנקן מאָגן...

פּסח 1923 האָט צום ערשטן מאָל יהודה כהן אונטער דער דירעקציע פון פּראָפ׳ ב. שאַץ אויסגעשטעלט זיינע קינסטלערישע יצירות אין איינעם פון די זאַלן פון „בצלאל“.

די דאָזיקע אויסשטעלונג האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג. ער האָט אויסגעשטעלט בילדער מיט ארץ־ישראל־מאָ־טיוון: דאָס לעבן פון די חלוצים, תנ״כישע סוזשעטן, אַראַביש לעבן וכדומה.

געמוטיקט דורך פּראָפ׳ שאַץ און דעם מאָלער זאב רבן, איז ער אין יאָר 1923 געקומען קיין פּאַריז און זיך דאָ באַ־קענט מיט דער פראַנצויזישער מאָלעריי. נאָך אַ יאָר פאַרברענגען אין פּאַריז איז יהודה כהן, וואָס איז געווען אַ הייסער ציוניסט, צוריקגעפאָרן קיין ירושלים.

ער איז שפּעטער, אין יאָר 1925, נאָך אַ מאָל געקומען קיין אייראָפּע. דאָס מאָל מיט זיין פריינד און תלמיד פון „בצלאל“, לוי זאַרודינסקי־מאַדים ע״ה, אויך אַ קרבן פון דער ביטערער צייט.

ביידע פריינד, וואָס עס האָט געצויגן זיך צו באַקענען מיט דער אייראָפּעישער קונסט, האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין איטאַליע, ווו זיי האָבן באַזוכט אין פאַרשיידענע שטעט די מוזייען.

פון אַלע איטאַליענישע שטעט האָט יהודה כהן צום ליבסטן געהאַט פלאָרענץ. ער איז טאַקע דאָרטן געבליבן צום לענגסטן.



י. כהן

פייזאַזש, אוילבילד

פון דאָרטן איז ער מיט לוין געקומען קיין פּאַריז.
אין פּאַריז האָט ער זיך אויפגעהאַלטן בלויז עטלעכע הדשים, געפאָרן קיין בעלגיע און האָט פאַרברענגט אַן ערך צוויי יאָר אין בריסל.

ער איז פון דאָרטן ווידער געקומען קיין פּאַריז און דאָ התונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון סאַלאָניקער ייד ר' יוסף נחמיה (נחמיאס).

ווען די פרוי איז געשטאָרבן, האָט ער חתונה געהאַט מיט איר ייִנגערער שוועסטער בעלאַ, מיט וועלכער ער האָט געהאַט צוויי קינדער.

ווי כמעט אַלע קינסטלער, האָט אויך יהודה כהן, וואָס האָט אַחוץ אײלבילדער אויך געמאַכט זייער שיינע טינט-סקיצן, זיך געראַנגלט מיט כלערליי שוועריקייטן: ער האָט באַדאַרפט מפרנס זיין זיין פאַמיליע און כסדר געבענקט צו קענען באַפרידיקן זיינע קינסטלערישע אַספּיראַציעס, זיי געבן אַ תיקון.

כדי צו פאַרדינען אויף ברויט, פלעגט דער הויכער ספרדי־שער יונגערמאַן, וועמענס געזונט איז געווען אַ זייער דעליקאַטס, אַרבעטן, פון צייט צו צייט, ביי בוי־אַרבעט און נאָך אַנדערע מלאכות.

פאַר דער מלחמה פלעגט ער אויך אַרבעטן ביי גומי־מאַנטלען.

זיין שיינע, יונגע פרוי בעלאַ האָט צוגעהאָלפן צו פרנסה מיט שניידעריי.

***

אין יאָר 1931, בעת דער פּאַריזער קאָלאָניאַל־אויסשטע־לונג, האָט ער אויסגעשטעלט אין ארץ־ישראל־פּאַוויליאָן אַ בילד, אַ „מאַרק אין ירושלים". ער האָט אויך אין זעל־ביקן יאָר אויסגעשטעלט אין „סאַלאָן פון די אומאָפּהענ־גיקע" צוויי בילדער: „איך" און „מיין צימער".

ער האָט בעיקר געמאָלן פּאָרטרעטן און לאַנדשאַפטן.

דעם 7טן נאָוועמבער 1942, דריי אַ זייגער ביי נאַכט, האָבן זיך אין זיין דירה, אין דער פּאַריזער פאָרשטאָט קלישי, באַוויזן דריי פּאָליציאַנטן און צוגענומען אים, זיין פרוי און זיינע צוויי טעכטערלעך: עטי, פינף יאָר אַלט, און עלווירא, איין יאָר.

אין דער דאָזיקער נאַכט זיינען אויך צוגענומען געוואָרן פון זיין שטוב זיין שווער ר' יוסף נחמיה, זיין שוויגער רחל, וואָס איז געווען קראַנק און מען האָט זי אַראָפּגע־טראָגן פון דער דירה אויף אַ קראַנקן־טראָגבעטל און אַוועקגעפירט מיט אַן אַמבולאַנץ קיין דראַנסי. זי איז דאָרטן באַלד געשטאָרבן.

די גאַנצע פאַמיליע האָט מען אַהינגעפירט.

ער, יהודה כהן, וואָס איז געווען אַ גוטער ייד, אַ גוטער מענטש, אַ גוטער פאָטער און אַ גוטער איבערגעגעבענער חבר, איז פון דאָרטן דעפּאָרטירט געוואָרן דעם 11טן נאָ־וועמבער 1942.

זיין אַלטער שווער, זיין פרוי און זיינע ביידע קליינע קינ־דער האָבן געטיילט זיין גורל.

## אויסצוגן פון זכרונות וועגן יהודה כהן פון זיין פריינד און בן־עיר
### י צ ח ק  ר פ א ל  מ ו ל כ ו  (י ר ו ש ל י ם)

די זכרונות, די רעמיניסצענצן פון זיין געבוירן־שטאָט, דער תנ"כישער חן פון לאַנד פון די נביאים, האָבן אויפגעוועקט אין אים די קינסטלערישע נשמה. זיי זיינען געווען פאַר אים דער מקור פון פרוכפּערדיקער אינספּיראַציע.

משה עזרתי און שמואל לוי (דער רעדאַקטאָר פון „קאַיע סעפאַרדי") האָבן אים אין פּאַריז אַריינגעפירט אומעטום אַ ביסל, אים צוגעגעבן מוט.
די אויסשטעלונגען פון זיינע אײלבילדער, וואָס אַ טייל פון זיי געפינט זיך ביי פריינד, אויך אין ארץ־ישראל, האָבן אים נישט אַריינגעברענגט גענוג, אַז ער זאָל זיך קענען מפרנס זיין, און ער איז, נאָך דער חתונה זיינער, געווען גענויט צו אַרבעטן אין אינ־דוסטריעלע אונטערנעמונגען.
זיין גרויסער חלום איז געווען צו קענען קומען צוריק קיין ארץ־ישראל.
אָן מיטלען האָט ער דענצמאָל זיך נישט דערוועגט אונטערצונעמען אַזאַ שריט און קומען קיין ארץ־ישראל. ער איז געבליבן ווי צוגענאָגלט אין פראַנקרייך.

וואָלט ער, יהודה כהן, געווען געמאַכט דעם דאָזיקן דעצידירנדיקן שריט, וואָלט ער געווען אויסגעמיטן דעם טרויעריקן גורל, וואָס האָט אים דערוואַרט: די דעפּאָרטאַ־ציע פון פּאַריז.

# אַרי לאַשאַקאָוו

# ARY LOCHAKOW

1892-1941



אַ טייל יידישע קינסטלער, וואָס זיינען נישט געוואָרן דעפּאָרטירט, זיינען אַוועק פון דער וועלט דורך סיבות, וואָס זיינען געווען ענג פאַרבונדן מיט דער מוראדיקער צייט, אין וועלכער ס׳איז זיי אויסגעקומען צו לעבן און זיך צו מאַטערן.

צו זיי געהער אַרי (אַרקאַדי) לאָשאַקאָוו, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1892, אין דער בעסאַראַבישער שטאָט אָרגעיעוו.

ער האָט אין זיין געבוירן־שטאָט, וווּ זיין פאָטער איז געווען אַ פאָטאָגראַפיסט, באַזוכט אַ רוסישע גימנאַזיע.

ער איז שפּעטער געפאָרן קיין אָדעס און אָנגעקומען אין דער אָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע, וווּ ער האָט שטודירט מאָלעריי.

אַרי לאָשאַקאָוו איז אַ צייט אין רוסלאַנד, און אויך שפּעטער אין זיין בעסאַראַבישער געבוירן־שטאָט, געווען אַ מאָניטאָר פון גימנאַסטיק.

ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, איז ער תיכף געוואָרן מאָביליזירט און די גאַנצע מלחמה־צייט געווען אויפן פראָנט. ער איז געוואָרן אויסגעצייכנט מיט אַ הויכן מעדאַל.

אין דער צייט פון קערענסקין האָט ער אַדורכגעמאַכט אַן אָפיציר־שול און געוואָרן אָפיציר.

שפּעטער איז ער צוריקגעקומען אין זיין היימשטאָט און געוואָרן אויטאָמאַטיש אַ רומענישער בירגער.

אין יאָר 1920 איז ער אין איינעם מיט זיין בן־עיר, דעם דיכטער דוד קנוט, געקומען קיין פּאַריז און דאָ באַזוכט די קונסט־אַקאַדעמיע.

ער איז אין יאָר 1922 געוואָרן אַ מיטגליד פון „האַרבסט־סאַלאָן" און שפּעטער פון „סאַלאָן פון די אומאָפּהענגיקע". ער איז געווען אַ פּאָרטרעטיסט און אַ פּייזאַזשיסט.

צווישן אַנדערע פּאָרטרעטן האָט ער געמאָלן דעם פּאָרטרעט פון באַרימטן רומענישן פּראָפעסאָר יאָרגאַ און פון זיין בן־עיר, דעם דיכטער דוד קנוט. דער לעצטער פּאָרטרעט, וואָס איז געווען אויסגעשטעלט אין „האַרבסט־סאַלאָן", האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג.

אַרי לאָשאַקאָוו, וואָס איז געווען אַ שטענדיקער זוכער אין דער קונסט, האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט צייכענונגען און מיט האָלץ־גראַווירונגען.

זיינע ווערק פלעגט ער אויסשטעלן אין „האַרבסט־סאַלאָן", אין „סאַלאָן פון די אומאָפּהענגיקע" און אין פאַרשיידענע פּאַריזער קונסטסאַלאָנען און קונסט־גאַלעריעס.

אין יאָר 1932 האָט ער אויסגעשטעלט אין „טיולערי־סאַלאָן" זיין געמעל „מוטערשאַפט". אין זעלביקן יאָר האָט ער אויך געהאַט אַ רעטראָספּעקטיווע אויסשטעלונג פון זיינע בילדער, אין ערך אַכציק, אין דער פּאַריזער קונסט־גאַלעריע „האָסמאַן".

אין יאָר 1937, בעת דער גרויסער פּאַריזער אינטערנאַציאָנאַלער אויסשטעלונג, האָט ער גענומען אָנטייל אין דער אויסשטעלונג פון דער פראַנצויזישער קונסט.

אַ יאָר שפּעטער האָט מען געזען זיינע ווערק אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אויסשטעלונג פון טשיקאַגאָ.

בילדער פון אים דאַרפן זיך געפינען אין אַ פראַנצויזישן מוזיי, וואָס ער האָט געזאָלט אַוועקגעבן במתנה, נישט געוואָלט נעמען פאַר זיי קיין געלט.

ער איז געווען אַ זייער ערנסטער, געבילדעטער און קולטורעלער מענטש. אַ מענטש מיט אַ הויכער מאָראַל און מיט אַ שטאַרק אַנטוויקלט ערן־געפיל: אַן אייגנאַרטיקער מענטש: פון שטענדיק אָן אַ בודד, איז ער זעלטן געקומען אין געזעלשאַפט. ער פלעגט זי גיכער אויסמיידן, זיך האַלטן פון דער ווייטנס, רעזערווירט. מיט קיינעם קיין מאָל נישט געווען אויף „דו". ער פלעגט אויך אויסמיידן צו קומען צווישן קינסטלער.

טשעקאָווע: אין אַלע זיינע לאַנדשאַפטן געפינט מען אויך קיין מאָל נישט קיין מענטש.

נאָר אַ מאָל, ווי ביים באַרימטן איטאַליעניש־פראַנצויזישן מאָלער שיריקאָ, וואָס האָט געמאָלן חורבות פון פּאַלאַצן, וווּ שיינע פערד לויפן אַרום — אַ פערד.

■

דער דאָזיקער הויכער, אַטלעטיש־געבויטער מענטש, וואָס פלעגט מאַכן דעם איינדרוק פון אַן אָפיציר אין ציווילע קליידער, האָט געפירט אַן אַסקעטיש לעבן: נישט געריי־כערט, נישט געטרונקען, זייער ווינציק געגעסן און אויך זייער, זייער ווינציק גערעדט.

ער איז תמיד געווען זייער קאָרעקט און זייער ערלעך: אַ דזשענטלמען. אַ וואָרט איז ביי אים, וואָס האָט פאַרמאָגט

אָן איינגעבוירענעם שטאָלץ און אַ שטאַרק אַנטוויקלט ערן־געפיל, געווען אַ וואָרט.

**

ווען ער האָט די ערשטע צייט פון זיין קומען קיין פּאַריז געוווינט מיט זיין בן־עיר, דעם דיכטער דוד קנוט, אין אַ האָטעל־צימער און ביידע האָבן מחמת אָרעמקייט גע־שלאָפן אין איין בעט, איז איין מאָל, אין אַ פרימאָרגן, ווען ער, אַרי לאַשאַקאָוו, האָט נאָך זיין שטילער, טעגלע־כער גימנאַסטיק געהאַלטן אין פאַרבריען טיי אויף אַ ספּריט־מאַשינקעלע, דאָרטן אויסגעבראָכן אַ שרפה און אַ מעבלשטיק האָט אָנגעהויבן צו ברענען.

ער האָט אָבער נישט געוואָלט אויפוועקן זיין חבר, כדי אים, חלילה, נישט איבערצושרעקן, און ער האָט, איינער אַליין, פאַרלאָשן דאָס פייער.

**

ער איז אין זיין מאַטעריעלער אָרעמקייט געווען זייער שטאָלץ: ווען ס׳האָט אַ מאָל עמעצער אין אַ זייער קאַלטן ווינטערטאָג, אַריינגעשיקט אין זיין פאַרפרוירענער אַטע־ליע (וואָס איז, אגב, שטענדיק געווען אַ מוסטער פון ריינקייט און ציכטיקייט) אַ זעקל קוילן, האָט ער עס בשום־אופן נישט געוואָלט צונעמען, זיך געבייזערט אפילו.

בכדי צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט, האָט ער אַ מאָל געאַרבעט האַלבע טעג אין אַ פּאַריזער פאָטאָגראַפישער אַנשטאַלט ביי רעטושירן און די אַנדערע העלפט טאָג האָט ער געמאָלן.

דער דאָזיקער אמתער מסתפק־במיעוט האָט, אַחוץ פאַר דער קונסט, וועלכער ער האָט זיין גאַנץ לעבן געטריי געדינט און איר אַלץ מקריב געווען, געהאַט בלויז איין ליידנשאַפט: זיין אָנגעטאָן ווי ס׳דאַרף צו זיין און דווקא לויט דער לעצטער מאָדע.

אפשר האָט דאָס געהאַט צו טאָן מיט זיין שטאָלץ, מיט נישט וועלן אַרויסווייזן פאַר קיינעם זיין מאַטעריעלן דלות, און נאָך, חלילה, דערוועקן צו זיך רחמנות?

**

ער איז געשטאָרבן נאָך אַ שווערער אָפּעראַציע דעם 5טן אָקטאָבער 1941 אין פּאַריזער שפּיטאָל אַמברואַז פּאַרע און מקבר געוואָרן אויפן בית־עלמין פון דער פּאַריזער פאָרשטאָט ביאַנקור.

פיר מענטשן זיינען נאָכגעגאַנגען נאָכן אָרון פון שטאָלצן, איינזאַם פאַרשטאַרבענעם קינסטלער אין יענע שווערע טעג: די יידישע מאָלער־קינסטלער פּרײַלין פעליציאַ פּאַ־צאַנאָווסקאַ, אַ. אַבערדאַם, דער סקולפּטאָר יעקב ציטרי־נאָוויטש, וואָס איז שפּעטער אומגעקומען אין אַ דייט־שישן טויטן־לאַגער, און אַ פראַנצויזישע דאַמע.

**

נאָכן קינסטלערס טויט זיינען אַלע זיינע ווערק און אַלץ, וואָס האָט זיך געפונען אין זיין ריינער, ציכטיקער אַטע־ליע אין ביאַנקור, געוואָרן אויספּאַרקויפט אויף אַ ליצי־טאַציע...

געבליבן איז בלויז דער אָנדענק פון אַן ערלעכן, קריש־טאָל־ריינעם מענטש און קינסטלער.



אַרי לאַשאַקאָוו פּאָרטרעט פון פּאָעט דוד קנוט, אוילבילד

# מאיר להערמאַן

# MARCEL LHERMAN

1905-1942



מאיר (מאַרסעל) להערמאַן איז געבוירן געוואָרן דעם 4טן יולי 1905 אין פּאַריז ביי פּויליש-יידישע עלטערן, וועלכע זיינען אין יאָר 1897 געקומען אַהער פון שטעטל שיעראַדז. זיי האָבן דאָ געצויגן זייער חיונה צוערשט פון האַנדל מיט בראָכוואַרג און דערנאָך מיט מעבל.

געבוירן און אויפגעצויגן אין פאָלקיש-פּאַרביקן פּערטל מאָנמאַרטר, האָט ער, אין איינעם מיט דער היימישער, שטובישער אַטמאָספער, אַריינגעזאַפּט אין זיך די אַטמאָספער פון אָט דעם פּערטל:

ער האָט אין פּאַריז באַזוכט די פראַנצויזישע שול.

אין הויז פון די עלטערן פלעגט קומען אַ מלמד, וואָס האָט מיט אים און מיט זיינע ברידער געקנעלט יידישקייט.

אַ יעדן זונטיק און דאָנערשטיק, אין די שולפרייע טעג, איז ער אַחוץ דעם געגאַנגען מיט די ברידער אויף די קורסן פון דער קאָנסיסטאָריע, אויף נאָבעל-גאַס, און דאָרטן געלערנט אַ ביסל העברעיש און יידישע געשיכטע. צו צייכענען האָט ער אָנגעהויבן נאָך פאַר דער ערשטער וועלט-מלחמה.

בשעת דעם ערשטן וועלט-קאַטאַקליזם פלעגט ער זיך אָפּט מאָל אַוועקשטעלן אין גאַס און האָט מיט אַ שטיקל קרייד געצייכנט אויף די טראָטואַרן „קאָזאַקן".

ווען מאיר, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ ברויזנדיקן, אונטערנע-מערישן טעמפּעראַמענט, איז עלטער געוואָרן, האָט ער זיך געעפנט אַן אייגן מעבל-געשעפט.

אַז ער האָט באַשטעלט אין אַ פאַבריק מעבלען, פלעגט ער אַליין אויסטראַכטן פאַר זיי כלערליי געשניצטע באַפּו-צונגען.

ער האָט אין אַ צייט אַרום מיט איין מאָל אַוועקגעוואָרפן זיין מעבל-געשעפט און זיך גענומען באַזוכן די קורסן פון דער מאָנפּאַרנאַסער קונסט-אַקאַדעמיע „לאַ גראַנד שאָ-מיער" („די גרויסע כאַטע").

און כדי צו פאַרדינען אויף חיונה, האָט ער אַ לענגערע צייט געאַרבעט ווי אַ צייכענער-מאָדעליסט פאַרן פּאַריזער מענער-מאָדע-זשורנאַל „ל'האָם" („דער מאַן").

אין יאָר 1941 האָט ער זיך אויפגעהאַלטן, ווי אַ פּליט, אין מאַרסעי און אין ניצע. אין די דאָזיקע ביידע זוניקע מקו-מות האָט ער אויך אָנגעהויבן צו מאָלן אייל-בילדער. זיינע באַליבטע סוזשעטן זיינען געווען סצענעס פונעם פאָלקס-לעבן.

ווען די כוואַליע פון אַרעסטן און דעפּאָרטאַציעס האָבן זיך געהאַט אויך אויסגעשפּרייט אויף די יידן פראַנצוי-זישע בירגער, איז ער דעם 12טן דעצעמבער 1942 אַריינ-געפאַלן אין די הענט פון די פאַרפאָלגערס.

ער האָט זיך ביים אַרעסטירן געפּרוּווט ראַטעווען דורך אַנטלויפן. די רודפים, וואָס האָבן אים נאָכגעשאָסן, האָבן אים לסוף געכאַפּט און אַוועקגעפירט אין קאָנצענטראַציע-לאַגער פון קאָמפּיען.

דאָרטן האָט ער געמאַכט בלייפעדער-סקיצן פונעם „לעבן" אינעם לאַגער, וואָס אַ טייל פון זיי האָט מען ביי אים צו-גענומען און זיי קאָנפיסקירט. ער האָט אויך אין קאָמפּיען געצייכנט די כאַראַקטער-שטריכן פון זיינע אחים-בצרה, בעיקר פון די עלטערע און קראַנקע, און אילוסטרירט די ליטעראַרישע לאַגער-שאַפונגען פון זיין פריינד, דעם ד"ר ברייטמאַן.

ווי אַלע פאַרשפּאַרטע שאַפערישע מענטשן האָט אויך ער געהאַט צו קעמפן מיטן דוחק פון פּאַפּיר, וואָס האָט זיי גע'שטערט צו פאַרפיקסירן לדורות דאָס „לעבן" אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן בימי היטלער און ווישי.

בטבע אַ פריילעכער, מיט לעבן שפּרודלדיקער מענטש, וואָס פאַרלירט זיך נישט אפילו ביי די ערגסטע סיטואַ-ציעס, איז ער געווען זייער באַליבט ביי די קרבנות אין לאַגער און פלעגט מיט זיין וויץ און שטיפערישקייט פאַר-טרייבן עצבות און מרה-שחורה.

ער איז פון דאָרטן דעפּאָרטירט געוואָרן דעם 5טן יוני 1942.

# שמואל ליבעווערט

# SAMUEL LIEBEWERT

### 1906-1942

וועגן קדוש שמואל ליבעווערט ווייסן מיר נאָר, אַז ער איז געבוירן דעם 26טן פעברואַר 1906 אין דראָהאָביטש, מזרח-גאַליציע, אַז ער האָט געלעבט אַ געוויסע צייט אין דייטשלאַנד און אַז ער איז פון דאָרטן געקומען קיין פראַנקרייך.

ער איז ביים אָנהייב פון דער מלחמה געווען אינטערנירט אין לאַגער פון לע-מיל, לעבן מאַרסעי.

ער האָט דאָרטן אַ ביסל געצייכנט, געמאָלן און אויסגעשטעלט זיינע קינסטלערישע אַרבעטן אויף די לאַגערווענט.

פון לע-מיל האָט מען דעם קינסטלער געבראַנגט צו פירן קיין דראַנסי, פון וואַנען ער איז געוואָרן דעפּאָרטירט דעם 7טן סעפּטעמבער 1942.

# שמואל ליפשיץ

# SAMUEL LIPSCHITZ

## 1880-1943



דער סקולפּטאָר שמואל ליפשיץ איז געבוירן געוואָרן דעם 23טן פעברואַר 1880 אין שיעראַדז, פּוילן.

זיין פאָטער, ר׳ שלמה ליפשיץ, וואָס איז געווען אַ זייער פרומער ייד, האָט אים געגעבן אַ שטרענג טראַדיציאָנעל־יידישע דערציונג. ער האָט אים געשיקט ביז צו דער בר־מיצווה אין חדר, וו ער האָט געלערנט חומש מיט רש״י, אַ שטיקל גמרא. אַזוי ווי די פּרנסה איז נישט געגאַנגען, ווי זי האָט באַדאַרפט צו גיין, האָט ר׳ שלמה גענומען איין מאָל זיין הויזגעזינד און געפאָרן מיט זיי קיין לאָדזש, וו יידן האָבן געהאַנדלט און געוואַנדלט, אויפגעשטעלט וואַרשטאַטן און פאַבריקן. דאָרטן, אין פּוילישן מאַנטשעסטער, האָט ער געצויגן חיונה פון אַ קליינער אונטערנעמונג, מאַכנדיק קאַסטענעס אויף איינצופּאַקן סחורות פאַר די לאָדזשער סוחרים און פאַבריקאַנטן.

זיין זון שמואל האָט אונטער די פאַררייכערטע לאָדזשער הימלען געצויגן צו גאָר אַן אַנדערער וועלט, צו אַ וועלט פון קונסט. זייענדיק נאָך גאָר יונג, האָט שמואל אָנגעהויבן צו מאַכן כלערליי „טאַפּיסעריעס״ אויף פּליוש, מיט דעקאָראַטיווע מאָטיוון. ער האָט זיך אויך צוגלייך אָפּגעגעבן מיט סקולפּטור.

אין לאָדזש האָט זיך מיט אים אינטערעסירט דער אָנגעזעענער לאָדזשער תושב יאַרבלום, וועלכער האָט אים געהאָלפן מאַטעריעל, כדי ער זאָל זיין ביכולת צו אַרבעטן און צו אַנטוויקלען זיין טאַלאַנט.

צווישן די קינסטלערישע אַרבעטן האָט שמואל ליפשיץ געמאַכט אין לאָדזש אַ סקולפּטור, וואָס שטעלט פאָר אַ פאַסטוכל, שפּילנדיק אויף אַ פלייטל.

ער האָט אַ סך געאַרבעט אויף האָלץ. אַרבעטן פלעגט ער אין לאָדזש אין דער „בשותפותדיקער אַטעליע״, אין וועלכער עס האָבן געאַרבעט פאַרשיידענע לאָדזשער יידישע קינסטלער און וו די יידישע יוגנט פלעגט אַרויפקומען. דאָרטן האָט מען גערעדט און דיסקוטירט וועגן ליטעראַטור, וועגן קונסט, וועגן נייע קומענדיקע וועלטן, געזונגען יידישע לידער.

אין אָט דער „בשותפותדיקער אַטעליע״ האָט די יונגע לאָדזשער יידישע כאַליאַסטרע, אַרום 1906, מקבל פּנים געווען דעם ייִדן מענדעלע מוכר ספרים און י. ל. פּרץ.

און שמואל ליפשיץ פלעגט אָפט דערמאָנען „יענע שיינע צייט״. רעדנדיק וועגן איר, האָט זיך זיין פּנים אין גאַנצן צעשטראַלט. ער האָט פאַרגעסן אין זיין מאַטעריעלן דלות, מיט וועלכן ער האָט זיך כסדר געהאַט צו ראַנגלען.

אין יאָר 1920 האָט ער פאַרלאָזט דעם פּוילישן מאַנטשעסטער. עס האָט אים געצויגן צו אַ נייער סביבה. ער איז געפאָרן קיין בערלין און האָט דאָרטן געאַרבעט במשך פון אַ יאָר צייט. דאָרטן האָט ער, צווישן אַנדערע זאַכן, געמאַכט זיין סקולפּטור „דאָס דרימלענדיקע ייִנגל״. ער איז פון דאָרטן געקומען גלייך קיין פּאַריז און דאָ, ווי דער רוב קינסטלער, געלעבט אין זייער שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען. געהאַט האָט ער אין פּאַריז זיין אַטעליע אין באַרימטן „בינשטאָק״ („לאַ ריש״), וו עס האָבן זיך געפונען די אַטעליעס פון אַ סך יידישע קינסטלער.

ער האָט פאַרמאָגט אַ שטאַרקן חוש פאַר דעם מאַטעריאַל, מיט וועלכן ער האָט זיך באַנוצט ביי זיין אַרבעט. ער האָט זיין ייִנגערן ברודער, דעם באַוווסטן סקולפּטאָר משה ליפּשיין (מאָריס ליפּסי), צוגעפירט צו דער סקולפּטור־קונסט, אים געלערנט ווי אַזוי זיך נוהג צו זיין מיטן מאַטעריאַל, בפרט מיט העלפאַנטביין און האָלץ.

דער פּאַריזער פאַרלעגער גאָלדשיידער האָט אים שפּעטער איבערגעגעבן אויסצופירן פאַר אים סקולפּטורן פון העלפאַנטביין. דאָס זיינען געווען מער דעקאָראַטיווע זאַכן. ער האָט אַ לענגערע צייט געאַרבעט פאַר אים. ער האָט, אַחוץ דעם, אויך געאַרבעט פאַר זיך.

אַמעריקע, שוועדן און אַנדערע לענדער פלעגן ביי אים אָפּקויפן זיינע אַרבעטן, דער עיקר פון העלפאַנטביין און פון בראָנדז־העלפאַנטביין.

ביי דער דאָזיקער אַרבעט איז שמואל ליפשיץ געווען, אַזוי צו זאָגן, אַ יחיד במינו און אַרויסגעוויזן נישט קיין פּשוטע פעיקייטן.

ער האָט בכלל ביי אַלעם אַרויסגעוויזן אַ זעלטענע פעיקייט:

נישט האָבנדיק קיין מיטלען זיך איינצושאַפן מכשירים, וואָס ער האָט באַדאַרפט האָבן צו זיין אַרבעט, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט און זיך זיי אַליין געמאַכט.




ש. ליפשיץ — דאָס דרימלענדיקע יינגל, סקולפּטור

דעם 6טן יאַנואַר 1943 ווערט ער גערופן אויפן פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט, כלומרשט צו לאָזן אָפּשטעמפּלען זיין אי־דענטיטעט־קאַרטע מיט די לעבנסמיטל־קאַרטן.

ער איז פון דאָרטן שוין מער נישט צוריקגעקומען. מען האָט אים תיכף פאַרהאַלטן און פון דאָרטן אַוועקגעפירט קיין דראַנסי.

צוויי וואָכן שפּעטער האָט מען אים פון דראַנסי דעפּאָר־טירט.

לאַנג האָט שמואל ליפשיץ אויף דער דעפּאָרטאַציע נישט אויסגעהאַלטן.

ער האָט, לויט אַן אָפיציעלער ידיעה, אויסגעהויכט זיין נשמה דעם 14טן פעברואַר 1943.

## ארץ אל־תכסי דמי



# זשאַן לעווי
# JANE LEVY
## 1894-1943

זשאַן לעווי איז געבוירן געוואָרן דעם 28טן סעפּטעמבער 1894 אין פּאַריז אין הויז פון פרומע, צו יידישע טראַדיציעס און צו יידישן שטייגער צוגעבונדענע עלזאַסער יידישע עלטערן.

זי האָט באַזוכט די פּאַריזער פראַנצויזיש־יידישע פאָלקשול פון באַראָן גוסטאַוו דע ראָטשילד, ווו זי האָט מיט איר צייכענען צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די לערער. געבוירן און געוואַקסן אין אַ יידישער טראַדיציאָנעלער סביבה, האָט זי אַריינגעזאַפּט אין זיך איר אַטמאָספער און צו וועלכער זי איז ביז צו איר טראַגישן סוף געווען שטאַרק צוגעבונדן. זי האָט זיך כסדר אינטערעסירט מיט יידיש לעבן.



פון איר, דער הויך געוואַקסענער יידישער טאָכטער, האָט געשפרודלט מיט ענערגישקייט, אַקטיוויקייט. זי איז גע־ווען באַהויכט מיט אַ שטאַרקן יידישן אָפּטימיזם, וואָס זי האָט איבערגעענטפערט צו אַנדערע.

זי איז געווען אַ הייסע ציוניסטין. ווען ס׳האָט זיך בימי היטלער, אין אַ פּרייטיק, באַוויזן דער דעקרעט, אַז אָנגע־הויבן פון קומענדיקן זונטיק וועלן אַלע יידן מוזן טראָגן די געלע לאַטע, האָט זי, ווי אַ שטאָלצע יידישע טאָכטער, נישט געוואַרט ביז זונטיק, נייערט זי באַלד אָנגעטאָן אויף זיך און זי געטראָגן מיט שטאָלץ און ווערדע. און דאָס אָנטון אפילו פאַר דער צייט די געלע לאַטע האָט דאָך דע־מאָלט אויך געשמעקט מיט סכנות. זי איז מיט איר תיכף אַרומגעגאַנגען אין גאַס, געפאָרן מיט איר אין דער „מעטראָ“ (די אונטערערדישע באַן), ווו אַן עלטערער פראַנצויז איז צו איר צוגעגאַנגען און איר אויסגעדריקט זיין באַוווּנדערונג און איר געדריקט די האַנט פאַר איר קוראַזש און שטאָלץ.

***

ווען זשאַן לעווי איז אַלט געוואָרן אַכצן יאָר, איז זי אַריין אין דער פּאַריזער „הויכער שול פאַר דעקאָראַטיווער קונסט“.

די קינסטלערין, וואָס האָט מיט אַ סך געפיל געמאָלן אייל־בילדער, פּאַסטעלן און גואַשן, האָט זיך שפּעטער גענומען צו דער קעראַמישער קונסט, ווו זי האָט זיך באַזונדער אויסגעצייכנט און וואָס איז געוואָרן, אַזוי צו זאָגן, דאָס עיקרדיקע פעלד פאַר איר קינסטלערישן טאַלאַנט. זי פלעגט טאַקע צושטעלן דער „נאַציאָנאַלער מאַנופאַקטור“ פון סעוור, וואָס איז באַרימט איבער גאָר דער וועלט מיט אירע קינסטלערישע פּאָרצעליי־ און קעראַמישע אַרבעטן, כלער־ליי מאָדעלן.

זש. לעווי

אַ וואַזע פון פיינעם זאַמדשטיין

Manufacture Nationale de Sèvres

אין איר קונסט דאָמינירט שטאַרק דער דעקאָראַטיווער עלעמענט. די קינסטלערין ווייזט אַרויס אַ באַזונדערן אינטערעס פאַר קאָלירן, פאַר העלע, ליכטיקע ניואַנסן, פאַר בלומען און פאַר מאָלערישע טראַכטן.
אַחוץ אירע שיינע קאָלירטע וואַזעס און אַנדערע קעראַמישע אַרבעטן האָט זי אויך געמאַכט שיינע טעפּיכער.
אין יאָר 1922 איז זי געפאָרן קיין דייטשלאַנד. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אין וואָרמס, דער באַרימטער, אַלטער יידישער קהילה, און דאָרטן געמאָלן מיט פּיעטעט צוויי גרעסערע בילדער (גואַשן) פון דער אַלטער שול פון רש״י און פון זיין חדר־מיוחד, וואָס די באַרבאַרן האָבן שפּעטער חרוב געמאַכט.

זי האָט שטענדיק געחלומט און געבענקט צו זען ארץ־ישראל.

אין יאָר 1934 איז איר חלום און בענקשאַפט צו זען דאָס לאַנד פון די אבות מקוים געוואָרן. זי האָט דעמאָלט געהערט צו דער „סעקציע פאַר דער אויסשטעלונג אין נאָענטן מיזרח״ און אויך צום פּאַוויליאָן פון דער „נאַציאָנאַלער מאַנופאַקטור״ פון סעוור, מיט וועלכן זי איז געווען פאַרבונדן דורך איינעם פון די צווייגן פון איר שאַפן: די קעראַמישע קונסט. אירע שיינע וואַזעס זיינען, בעת דעם יאַריד אין תל־אביב, געווען אויסגעשטעלט אין סעוור־פּאַוויליאָן און שפּעטער אין פּאַריז.



זש. לעווי

רש״י־שול אין וואָרמס, גואַש
קאָלעקציע ה. פענסטער

די רש״י־שול האָבן די נאַציס חרוב געמאַכט אין יאָר 1938 נאָך הערשל גרינשפּאַנס אַטענטאַט אויפן דיפּל. נאַצי־פאָרשטייער פאָן־ראַטה אין פּאַריז.

פון איר נסיעה קיין ארץ־ישראל האָט די קינסטלערין געבראַכט אַ ריי בילדער, וואָס זי האָט דאָרטן געמאָלן: טיפּן פון אַלט־נייעם לאַנד.

זי האָט אויך באַזוכט איטאַליע, כדי דאָרטן צו זען די ווערק פון די גרויסע איטאַליענישע קלאַסישע מייסטערס. זשאַן לעווי פלעגט אין פּאַריז אויסשטעלן אירע קינסטלערישע שאַפונגען אין „סאַלאָן פון די קינסטלער־דעקאָראַטאָרן", אין „האַרבסט־סאַלאָן" און אין „טיולערי־סאַלאָן". זי האָט, אין יאָר 1931, בעת דער גרויסער קאָלאָניאַלער אויסשטעלונג אין פּאַריז, אויסגעשטעלט אַ טייל פון אירע ווערק אין ארץ־ישראל־פּאַוויליאָן.

ווען די דייטשן זיינען אַריין קיין פּאַריז און מען האָט אַריינגעשטעלט אין דער „נאַציאָנאַלער מאַנופאַקטור" פון סעוור אַ נייעם דירעקטאָר, האָט מען זי פון דאָרטן באַזייטיקט.

דעם 27טן נאָוועמבער 1942 איז זשאַן לעווי אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די פּאַרפאָלגערס. מען האָט זי פאַרשפּאַרט אין דער פּאַריזער תפיסה „לאַ סאַנטע" און פון דאָרטן געבראַכט צו פירן קיין דראַנסי.



זש. לעווי

חדר־מיוחד פון רש"י, גואַש
קאָלעקציע ה. פענסטער



זש. לעווי
אין דראַנסי
פּאַסטעל

אין דראַנסי האָט זי נאָך אַ ביסל געאַרבעט, געמאָלן עט־לעכע פּאַסטעלן פון „לעבן“ פון די פאַרשפּאַרטע יידן.
פון דאָרטן איז זי געוואָרן דעפּאָרטירט, אין איינעם מיט איר ברודער, אַלבערט לעווי, דעם 31טן יולי 1943.

זאָל אויך דאָ דערמאָנט ווערן דער יינגערער ברודער, זשאָרזש לעווי, וואָס איז צוגענומען געוואָרן אין מאַרסעי און איז, ווי זיי, אומגעקומען על קידוש השם.



זש. לעווי
וואַזעס

# רודאלף לעווי

# RUDOLF LĒVY

## 1875-1944



רודאָלף לעווי איז געבוירן געוואָרן דעם 15טן יולי 1875 אין שטעטין, דייטשלאַנד. נאָכן פאַרענדיקן די גימנאַזיע אין דאַנציק איז ער געפאָרן קיין קאַרלסרוהע, אַריינ־געטרעטן דאָרטן אין דער האַנטווערק־שול און געוואָרן שפּעטער אַ סטאָליער. עס דערוועקט זיך אָבער באַלד ביי אים, בפרט ווען ער הייבט אָן צו קומען אין קאָנטאַקט מיט קינסטלער, אַ טיפער, אינעווייניקסטער דראַנג זיך אָפּצוגעבן מיט מאָלעריי און פון אָט דעם אינעווייניקסטן דראַנג וועט קיין שום כוח אים נישט קענען מער צוריק־האַלטן: עס האָט אין אים דערוואַכט דער קינסטלער.

ער פאַרלאָזט קאַרלסרוהע און לאָזט זיך, אַ באַגייסטערטער און האָפענונגספולער, קיין מינכען און טרעט אַריין אין דער דאָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע, ווו ער ווערט באַלד דער תלמיד פון פּראָפעסאָר ציגעל, דעם באַרימטן מאָלער־אַנימאַליסט.

אין דער מינכענער אַקאַדעמיע פילט זיך דער יונגער קינסטלער נישט גוט: עס ציט אים צו אַ ברייטערער שאַפערישער פרייהייט. ער פאַרברענגט דאָרטן אַ קורצע צייט און קומט אין יאָר 1903 קיין פּאַריז. דאָ געפינט ער אַ ברייטער פעלד פאַר זיינע קינסטלערישע אַספּיראַציעס. ער באַזוכט אין פּאַריז די אַטעליע פון אַנרי מאַטיס און ווערט אַ תלמיד פון באַרימטן פראַנצויזישן מייסטער, וועלכער האָט אויף אים אַ השפּעה. מען דאַרף אָבער דערביי נישט פאַרגעסן די השפּעה, וואָס אַ צווייטער גרויסער פראַנצויזישער מייסטער, סעזאַן, האָט געהאַט אויף אונ־דזער קינסטלער. מיר זעען דאָס באַשיימפּערלעך אין די פּייזאַזשן, וואָס רודאָלף לעווי האָט געמאָלן אין סאַנאַרי, דרום־פראַנקרייך.

רודאָלף לעווי איז בכלל געווען און געבליבן אַ גרויסער פאַרערער פון דער פראַנצויזישער מאָלעריי.

ער איז געווען אַ קינסטלער פון פאַרבן: פון שטאַרקע, לייכטנדיקע טענער, פון גרוים־פלאַכיקע קאָמפּאָזיציעס. אין דער מאָלעריי איז ער אַ ליריקער. ער האָט אויסגע־דריקט דעם ליריזם זיינעם מיט פיינע טעכנישע מיטלען. ער פלעגט פון מאָל צו מאָל פאָרן קיין דייטשלאַנד און פאַר־ברענגען דאָרטן אַ געוויסע צייט. ער איז אין זיין געבוירן־לאַנד געשטאַנען נאָענט צום „פלעכטהיים־קרייז", וואָס האָט זיך שפּעטער גרופּירט אַרום דעם חודשלעכן אָרגאַן „דער קווערשניט".

אַלפרעד פלעכטהיים, אַ באַוווּסטער יידישער אייגנטימער פון אַ קונסט־גאַלעריע אין בערלין, וועלכער איז געשטאָרבן ווי אַ פּליט אין לאָנדאָן, האָט זיך גאָר באַזונדער אינטערע־סירט מיט די קינסטלערישע שאַפונגען פון רודאָלף לעווי, וועלכע ער פלעגט אויסשטעלן אָפט אין זיין קונסט־גאַלעריע.

רודאָלף לעווים ווערק פלעגן אויך אויסגעשטעלט ווערן אין דער בערלינער קונסט־אַקאַדעמיע און אין קונסטסאַלאָן „סעצעסיאָן".

אין יאָר 1914, ווען עס צעפלאַקערט זיך די ערשטע וועלט־שׂרפה, געפינט זיך דער קינסטלער אין דייטשלאַנד. ער ווערט דאָרטן גענומען צום מיליטער און נעמט אָנטייל אין דער מלחמה ווי אַ פּשוטער זעלנער.

ווען דער קריג האָט זיך געענדיקט, קומט ער צוריק פון דייטשלאַנד קיין פּאַריז און נעמט זיך באַלד צו זיינע קינסטלערישע אַרבעטן.

אין יאָר 1926 פירט ער אָן דאָ מיט דער אַקאַדעמיע פון זיין לערער אַנרי מאַטיס. דער קינסטלער, וועמען עס האָט תמיד געצויגן צו נייע גייסטיקע האָריזאָנטן און קלימאַטן, האָט געמאַכט אַ היפּש ביסל שטודיע־רייזעס. ער האָט זיך אויפגעהאַלטן אין פאַרשידענע לענדער פון אייראָפּע, צפון־אַפריקע און אַמעריקע. ער איז געווען באַפריינדט מיט די באַטייטיקסטע קינסטלער פון אייראָפּע: מיט פּאַסקין, קאָ־קאָשקאַ, מאַקס ערנסט און אַנדערע. זיינע ווערק געפינען זיך אין די גאַלעריעס פון מאָדערנער קונסט פון אייראָפּע און פון אַמעריקע. זיי געפינען זיך צווישן די וויכטיק־סטע קאָלעקציעס פוןביידע קאָנטינענטן.

ער איז געווען איינער פון די קולטורעלסטע קינסטלער, באַרימט מיט זיין פיינעם הומאָר, מיט דער שאַרפזי־ניקייט פון זיין וויץ, פאַר וועלכן מען האָט זיך געהיטן.

ווען די נאַציס האָבן איבערגענומען די ממשלה, האָט רו־דאָלף לעווי פאַרלאָזט דעפיניטיוו דייטשלאַנד. זיינע גע־מעלן, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען אין די וויכטיקסטע מוזייען, האָט מען באַזייטיקט.

עס הייבן זיך אָן פאַרן קינסטלער יאָרן פון פּיין, פון נע־ונד. זיינע עמיגראַציע־וואָגלענישן פירן אים אויפן שפּאַנישן אינדזל מאַיאָרקאַ. ער אַרבעט דאָרטן. אָבער באַלד געפינט ער אויך דאָרטן נישט קיין מנוחה: נאָכן איבערפאַל פון פראַנקאָ אויף דער שפּאַנישער רעפּובליק פאַרלאָזט ער דאָס פאַשיסטיש געוואָרענע שפּאַניע און פאָרט אין די פאַראיי־ניקטע שטאַטן אויף אַ פאַרבעטונג פון זיינע פאַרערער און

פריינד. ער פאַרברענגט אין אַמעריקע בסך־הכל זעקס חדשים, נישט קאָנענדיק זיך אַריינלעבן אין דאָרטיקן גייסטיקן קלימאַט. ער קומט צוריק קיין אייראָפּע און האַלט זיך אויף אַ צייט אין דובראָווניק (ראַגוזאַ), יוגאָסלאַוויע. פון דאָרטן פאָרט ער אין יאָר 1937 קיין איטשיאַס, איטאַליע, ווו עס האַלטן זיך אויף דעמאָלט נאָך אַנדערע פון

דאָס גליק, די פרייד פון קענען שאַפן, ווערן אכזריותדיק ווידער צעשטערט: ווען עס ברעכט אויס די מלחמה, ווערט רודאָלף לעווי, ווי אַ ייד, אַרויסגעשיקט פון דער נעאַפּאָליטאַנער פּראָווינץ און האָט בכלל אויסצושטיין אַ סך צרות מצד דער פאַשיסטישער פּאָליציי אין רוים.

ער באַזעצט זיך אין פלאָרענץ און באַמיט זיך דעמאָלט צו



ר. לעווי

שטיללעבן, אײלבילד

דייטשלאַנד עמיגרירטע קינסטלער. ער מאָלט דאָרטן פּייזאַזשן, פּאָרטרעטן, בלומען און שטיללעבנס.

רודאָלף לעווי, וואָס האָט אויך געשריבן לידער אין דייטש און פראַנצויזיש, האָט זיך דאָרטן גענומען שרייבן אַ ראָמאַן.

פאָרן קיין אַמעריקע. זיינע אַלע באַמיענישן זיינען אָבער געבליבן אָן אַ דערפאָלג און דעם 22טן דעצעמבער 1943 ווערט ער דאָרטן אַרעסטירט פון די ס.ס.־לייט. מען פאַרשפּאַרט אים אין דער תפיסה פון מוראַטע. נאָכן אָפּזיצן אַ חודש צייט אין דער דאָזיקער תפיסה פירט מען אַוועק דעם אויסגעמאַטערטן, פיזיש צעבראָכענעם אַלטן קינסט־

לער אויפן אינדזל קאָרפו און פון דאָרטן גלייך קיין דאַכאַו, פון וואַנען ער איז שוין מער נישט צוריקגעקומען.

די פריינד און פאַרערער האָבן נאָך דער מלחמה איינגע־אָרדנט אין פלאָרענץ אַ הזכרה־אויסשטעלונג פון די ווערק, וואָס דער קדוש האָט איבערגעלאָזט אין איטאַליע און וואָס אַ טייל פון זיי געפינט זיך היינט אין איינעם פון די מו־זייען פון רוים.

וועגן רודאָלף לעווי האָבן, צווישן אַנדערע, געשריבן ק. שוואַרץ אין זיין ווערק „די יידן אין דער קונסט“ (דייטש), 1927.



רודאָלף לעווי

פּאָרטרעט פון אַ יונג מיידל, איילבילד
קאָלעקציע ג. לאָריאַ, איטאַליע

# רענע לעווי
# RENÉ LÉVY
## 1885-1943

אַ טויבשטומער מאָלער, וואָס איז געבוירן געוואָרן דעם 7טן סעפּטעמבער 1885 אין פּאַריז, ביי פראַנצויזיש־יידישע עלטערן.

ער איז געוואָרן אַרעסטירט מיט זיין פרוי זשאַן לעווי (געבוירן דעם 12טן דעצעמבער 1886 און געשטאַמט פון דער שווייץ) אין זיין דירה אין נויאַי, לעבן פּאַריז, דעם 26טן אויגוסט 1943.

מען האָט ביידע דעם זעלביקן טאָג אַוועקגעפירט קיין דראַנסי און פון דאָרטן דעפּאָר־טירט דעם 2טן סעפּטעמבער 1943.

דאָס איז, צום באַדויערן אַלץ, וואָס מיר קענען איבערגעבן וועגן דעם קינסטלער און זיין פרוי.

# ישראל לעווין

# ISRAEL LEWIN

## 1903-1943



ישראל לעווין איז געבוירן געוואָרן דעם 10טן מאַי 1903 אין זשיטאָמיר, רוסלאַנד. זיין פאָטער, אַ הייסער ציוניסט, האָט אים געגעבן אַ נאַציאָנאַל־יידישע דערציונג. ישראל לעווין האָט געענדיקט אין כאַרקאָוו די מיטלשול.

אין יאָר 1921 האָט ער פאַרלאָזט ראַטנפאַרבאַנד, ער איז געקומען קיין פוילן און זיך אויפגעהאַלטן אַ צייט אין דובנע. פון דאָרטן איז ער אין יאָר 1922 געפאָרן קיין בערלין און פון בערלין קיין בעלגיע. האָבנדיק פאַרברענגט אַ יאָר אין בעלגיע, איז ער פון דאָרטן געקומען קיין פראַנקרייך און אין גרענאָבל אַריינגעטרעטן אין דער „הויכער טעכנישער שול“.

אין יאָר 1924 איז ער מיט זיין פריינד, דעם העברעישן פּאָעט אברהם שלאָנסקי, געפאָרן קיין ארץ־ישראל, ווו עס געפינט זיך זיין אַלטער פאָטער.

ישראל לעווין, וואָס האָט פון זיינע יינגסטע יאָרן געצייכנט, האָט אין ארץ־ישראל מיט איר שיינער לאַנדשאַפט אויך אָנגעהויבן צו מאָלן. קומענדיק, נאָך אַ יאָר פאַרברענגען דאָרטן, צוריק קיין פראַנקרייך, האָט ער זיך דאָ מיט גרויס התמדה און טיפער ערנסטקייט גענומען צו זיין מאָלערישער אַרבעט, מאָלנדיק בעיקר בלומען און פּייזאַזשן.

ער האָט פאַרמאָגט אַ באַזונדערן חוש פאַר פאַרבן.

⁂

ווען די דייטשן זיינען געשטאַנען לעבן פּאַריז, האָט ער גענומען זיין פרוי און זיין איינציק קינד און איז אַוועק מיט זיי קיין סולאַק, וואָס לעבן באָרדאָ.

ווען די דייטשן זיינען אויך דאָרטן אַריינגעדרונגען, איז ער מיט זיין משפחה צוריקגעקומען קיין פּאַריז און פון דאַנען שפּעטער אַריבער אין דער אַזוי גערופענער „פרייער זאָנע“.

דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, אַ זייגער דריי ביי נאַכט, איז ער, בעת אַ שווערן אויטאָמאָביל־צוזאַמענשטויס, לעבן דער שטאָט טור שווער צעשעדיקט געוואָרן. מען האָט אים געברענגט מיט זיין פריינד נחום סוסלאַנסקי, וואָס האָט געפירט דעם וואָגן, קיין טור אין שפּיטאָל. ער איז דאָרטן אָפּגעלעגן אַ צייט און זיך אויסגעהיילט פון די שווערע ווונדן, וואָס ער האָט אין יענער נאַכט באַקומען. זיין פריינד, נחום סוסלאַנסקי, אַ שיינער, האַרציקער יונגערמאַן, וואָס פלעגט שיין זינגען יידישע און רוסישע פאָלקסלידער, איז עטלעכע טעג נאָכן אַקצידענט געשטאָרבן אין שפּיטאָל פון טור.

נחומס פרוי, יפה, איז נאָך איר מאַנס טראַגישן טויט דעפּאָרטירט געוואָרן מיט אירע דריי יתומים: דעם פּערצןיאָריקן מוזיקאַלישן זשאַן, אליהו און דעם שעפעלע נחום, וואָס איז געבוירן געוואָרן נאָכן פאָטערס טויט.

ווען ישראל לעווין האָט זיך געפונען מיט זיין פרוי און קינד אין דער „פרייער זאָנע“, האָט מען אים גענומען אין אַן אַרבעטצוואַנג־לאַגער.

איין מאָל, אין אַן אָוונט (דעם 25טן פעברואַר 1943), ווען ער איז געקומען זיי זען, איז ער דורך ווישי־זשאַנדאַרן פאַרהאַלטן געוואָרן אין דער שטאָט טיל. זיי האָבן אים אַוועקגעפירט קיין בריוו און פון דאָרטן אין זאַמללאַגער פון נעקסאָן, ווו מען האָט געברענגט צו שלעפּן טויזנטער יידן פון דער „פרייער זאָנע“.

פון דאָרטן האָט מען אים געברענגט צו פירן קיין דראַנסי, פון וואַנען ער איז געוואָרן דעפּאָרטירט דעם 6טן מערץ 1943.

# EPHRAIM MANDELBAUM (MANDEL)

# אפרים מאנדלבוים

1884-1942



אויף מאָנפּאַרנאַס, רי קאַמפּאַן פּרעמיער 9, אין דער נידער, האָט זיך געפֿונען אַן אַטעליע, אין וועלכער ס'האָט געהויזט אַ יידישער קינסטלער פֿון פּוילן.
זי האָט נישט פֿאַרמאָגט קיין פֿענצטער. בלויז דורך אַ גלעזערן שטיקל דאַך זיינען אַריין פֿון דרויסן די ליכטשטראַלן און זי באַלויכטן.

כדי עס זאָל אַריין אַ ביסל לופֿט, פֿלעגט די טיר פֿון דער אַטעליע שטיין מיינסטנס אָפֿן.
זי איז געווען ציכטיק און ריין. אויף דער רעכטער און לינקער זייט וואַנט עטלעכע געמעלן: אַ לאַנדשאַפֿט, אַ שטיללעבן, אַ פּאָרטרעט, אַ חנעוודיק פּאָרטרעטל פֿון אַ קינד, אַ שיין שטיקל געוועב.

אין דער מיט, לעבן דער רעכטער זייט וואַנט, לעבן דער פֿויגלשטייג, איז געשטאַנען, ווי אַן עמוד, אַ מאָלער-געשטעל מיט אַ בילד, עטלעכע טובקעס פֿאַרבן און פּענדזלען.

לעבן זיי איז געלעגן אויף אַ בענקל אַ קעסטעלע מיט פֿאַרבן.

אַ הונט, אַ קעצל האָבן זיך אַרומגעדרייט אָדער געלעגן רואיק אין אַ ווינקל.

אַ ביסל וויטער פֿון מאָלער-געשטעל איז געזעסן ביי אַ ניימאַשינדל אַ פֿרוי מיט אַ שיין אָריענטאַליש-יידיש פּנים, מיט פּעכשוואַרצע אויגן און געדיכטע פּעכשוואַרצע האָר, וואָס זי האָט אַרומגעפֿלאָכטן אַרום איר קאָפּ.

פֿון איר האַלדז האָט אַראָפּגעהאָנגען איבער דער אויסגע-האָפֿטענער בלוזקע אַ ברוינע שנור בורשטין-קרעלן.
זי איז געזעסן און גענייט פֿרויען-קאָרסעטן, כדי צו פֿאַר-גרינגערן די פּרנסה, כדי איר מאַן, דער קינסטלער, זאָל זיך קענען אָפּגעבן וואָס מער מיט זיין אַרבעט: מיט מאָלן, וואָס ער האָט אַזוי ליב.

אין דער שטילקייט, וואָס האָט געהערשט אין דער ציכטי-קער אַטעליע, האָט שטיל און האַרמאָניש זיך באַוועגט דאָס מאַשין-רעדעלע מיטן קלעצעלע פֿאָדעם.

דאָס קאַנאַריקל האָט געשפּרונגען פֿון איין דרענגעלע אויפֿן צווייטן אין שטייגל, זיך צעזונגען, טייל מאָל זיך אפֿילו צעפֿלויגן פֿון דער אָפֿענער שטייג איבערן אַטעליע-שטח.



א. מאַנדלבוים — פּאָרטרעט פון זיין פרוי, די קדושה רבקה, אוילבילד

נישט געקוקט אויף די שטענדיקע דאגות־פּרנסה האָט זיך זייער אָפּט אַ שטילע, איינגעהאַלטענע פרייד צעגאָסן איבער די פּנימער פון די אַטעליע־באַוווינער: אויפן מאָלער־קינסטלער אפרים מאַנדלבוים און אויף זיין ווייב רבקה, וואָס ער פלעגט רופן „איוואוש“. זי, רבקה, שטעלט זיך אויף פון צייט צו צייט פון נייטמאַשינדל צו געבן אַ בליק אויפן קליינעם אייוועלע, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט מיט די קיך־מכשירים דורך אַ געבלימלטן פאָרהאַנג פון דעם רעשט אַטעליע.

דער מאַן, וואָס איז געגאַנגען מאָלן ערגעץ אַ פּאַריזער לאַנדשאַפט, אַ שיין ווינקעלע, דאַרף באַלד צוריקקומען, אויך זייער איינציק קינד שמואל פון דער שול.
טייל מאָל מאָלט ער אויך אין דער אַטעליע, שטייענדיק פאַרטראַכט ביים מאָלער־געשטעל.

ווען פאָטער און קינד קומען אַהיים, דער פאָטער דאָס פאַרבן־קעסטעלע אין איין האַנט און אַ בילד אין דער צווייטער, שטייט שוין אויפן האַרטן, לענגלעכן דעמבעטיש פרישער גרינער סאַלאַט, אַ טעלער צעריבענע מייערן, ברויט.

טאַטע־מאַמע און קינד זעצן זיך צום טיש. אויף דער וואַנט לעבן טיש הענגט אַ טערקיש טוך.

די מאַמע פון דער אַטעליע טראָגט צו צום טיש אָפּגעהאַכטע קאַרטאָפל, אַ ביסל אָפּגעקאָכטע גרינסן. קוים, קוים פילט זיך פון זיי דער טעם פון אַ שטיקל פּוטער...
קומט ווער אַריין, מוז ער זיך אַוועקזעצן צום טיש און טיילן מיט זיי זייער מאָלצייט אָדער טרינקען כאָטש מיט זיי אין איינעם אַ גלעזל טיי.

דער קינסטלער שפּאָרט זיך דערנאָך צו אַ ביסל אויף דער קושעטקע, לעבן וועלכער עס געפינט זיך אַ פּאָליצע מיט יידישע ווערק, ווערק פון יידישע קלאַסיקער. ער נעמט אַרויס אַ בוך, אַ מאָל פון מענדעלען, אַ מאָל פון פּרצן און אַ מאָל פון שלום עליכמען און קוקט אַריין דערין מיט זיינע באַברילטע אויגן. טייל מאָל לייענט ער אויך די יידישע קלאַסיקער, זיצנדיק ביים לענגלעכן דעמבעטיש.

אָפּגערוט, נעמט ער זיך צוריק צו זיין אַרבעט: אַ מאָל גייט ער אַוועק מאָלן און אַ מאָל מאָלט ער אין דער היים.

***

אַרום פינף אַ זייגער קומט אין דער אַטעליע דער קינסטלער, יענער קינסטלער, אַ שרייבער. איידער מען גייט אין קאַפע „דאָם“, קומט מען אַריין צוערשט צו די מאַנדלבוימס. רבקה איז מכבד די געסט מיט טיי, מיט אַ קיכעלע, מיט אַ פּרי, און בעט זיך כסדר, מ'זאָל עסן.

ער, מאַנדלבוים, רעדט וועגן דעם און יענעם, וועגן קונסט און קינסטלער, און די פרוי הערט זיך צו פרום צום שמועס. אָט דערציילט ער וועגן זיינעם אַ באַקאַנטן פּוילישן מאָלער, וואָס קומט צו אים פון צייט צו צייט: „אַ גוי, זאָגט ער, אַ צדיק.“ און מען זעט, ווי ער, מאַנדלבוים, איז צופרידן, ווען ער קען דערציילן, אַז עס זיינען פאַראַן אויף דער וועלט גוטע מענטשן, אַז עס זיינען דאָ צדיקים ביי די אומות העולם, די חסידי אומות העולם, וועגן וועלכע ער האָט געהערט פון זיין פרומען זיידן און פרומען פאָטער.

■

געקומען איז ער פון דער טיפעניש, פון דער ערלעכער יידישער פאָלקסמאַסע.

אפרים מאַנדלבוים, וואָס פלעגט זיינע בילדער אין פּאַריז חתמענען „מאַנדעל“, איז געבוירן געוואָרן דעם 1טן מאַי 1884 אין לובלין, פּוילן, ביי זייער אָרעמע עלטערן.
זיין פאָטער, ר' שמואל מאַנדלבוים, וואָס איז געווען אַ זייער פרומער ייד און געווען אַ סטאָליער, האָט איין מאָל גענומען זיין הויזגעזינד מיטן ביסל אָרעמקייט, וואָס האָט זיך געפונען ביי אים אין שטוב, און אַוועק קיין לאָדזש, האָפנדיק, אַז אין דער נייער שטאָט וועט דאָס מזל פאַר אים און זיין הויזגעזינד זיין אַ בעסערס: משנה מקום — משנה מזל.

אין לאָדזש האָט ער זיין זון אפרים געשיקט אין חדר און שפּעטער אין יאַראָטשינסקיס תלמוד־תורה, וווּ מען האָט אויך געלערנט אַלגעמיינע לימודים און וווּ די עלטערע תלמידים האָבן זיך אויך געקענט אויסלערנען אַ מלאכה.
אין דער תלמוד־תורה האָט דאָס יינגל פון פרומען, אָרעמען סטאָליער אַ יעדן איבערראַשט מיט זיינע פעיקייטן, מיט זיין צייכענען און זיין מאָלן. און מיט אים האָט זיך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן דער באַרימטער יידישער מאָלער שמואל הירשענבערג (געב' אין לאָדזש אין 1865, געשט' אין ירושלים אין 1908), וואָס איז אפרימס ערשטער לערער פון מאָלעריי געווען.

דער לאָדזשער יידישער גביר פּאָזנאַנסקי האָט הירשענבערגס תלמיד געגעבן אַ סטיפּענדיע, כדי ער זאָל קענען אָנגיין מיט זיין שטודירן די מאָלעריי־קונסט.

אפרים מאַנדלבוים איז שפּעטער, אַרום 1905, געקומען קיין קראָקע און אַריין אין דער אָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע, וווּ ער איז געוואָרן אַ תלמיד פון פּראָפ' מעהאָפער, וואָס איז געווען באַרימט מיט זיינע וויטראַזשן.

ווען ער איז געווען אין קראָקע, האָט זיך אפרים געמאַכט באַליבט ביי דער אָרטיקער יידישער אינטעליגענץ און אויך ביי די פּוילישע קינסטלערישע קרייזן.

מיט אים האָט אין קראָקע זיך אינטערעסירט דער דר' פרענקל, אַ רייכער כעמיקער. ער האָט אים געשטיצט מאָראַליש און מאַטעריעל.

ווען מאַנדלבוים איז דאָרטן שווער קראַנק געוואָרן אויף די נירן, וואָס איז אים געקומען פון אַ צוקילונג, בעת ער האָט שווימענדיק דורך אַ וואַסער, געשוואַרצט די גרענעץ פון רוסלאַנד קיין קראָקע און די קראָקעווער דאָקטוירים האָבן אים געהייסן פאָרן קיין מצרים זיך היילן, האָט דער דר' פרענקל, אין משך פון זיבן יאָר, אים דערמעגלעכט דאָרטן די ווינטער־חדשים צו פאַרברענגען.

זומער פלעגט ער צוריקקומען קיין אייראָפּע, אָפּשטעלנדיק זיך אויף אַ געוויסע צייט אין איטאַליע, ווין און פּראָג.
אין מצרים האָט זיך מאַנדלבוים באַקענט מיט דער פּויליי־שער גרעפין ביעלינסקאַ, וועמענס מאַן איז אין וואַרשע גע־ווען אַ באַרימטער דאָקטער. ווערנדיק קראַנק אויף די נירן, איז דער דאָקטער אַוועק קיין העלואַן זיך היילן. ער איז דאָרטן שפּעטער געשטאָרבן.

זיין פרוי, די גרעפין ביעלינסקאַ, ווילנדיק זיין דאָרטן, ווו עס געפינט זיך דער קבר פון איר פאַרשטאָרבענעם מאַן, האָט אין העלואַן געעפנט אַ גרויסן פּענסיאָנאַט, ווו עס פלעגט קומען פאַרברענגען די ווינטער־חדשים די „הויכע געזעלשאַפט“.



אַ. מאַנדלבוים

יאַריד אין פאַנטואַז, אוילבילד
קאָלעקציע מאַלער פּעערענבאָאַם — פּאַריז

די דאָזיקע פּוילישע גרעפין האָט זיך אין מצרים אינטערעסירט מיטן אָרעמען יידישן קינסטלער. זי פלעגט אים איינאָרדענען אויסשטעלונגען, מאַכן באַקאַנט ביי אירע באַקאַנטע און פריינד. ביי איר אין פּענסיאָנאַט האָט ער אויך געוווינט און געגעסן אין גאַנצן אומזיסט. זי פלעגט אים נאָך אָפט מאָל קויפן פאַרבן און לייוונטן, כדי ער זאָל קענען מאָלן.

אין יענער צייט האָט מאַנדלבוים באַזוכט ארץ-ישראל און אויך געאַרבעט דאָרטן אַ צייט אין אַ קאָלאָניע.

ווען ער איז שפּעטער צוריקגעקומען קיין אייראָפּע, האָט ער מיט גרויס התפּעלות און האַרציקער פּשטות דערציילט, וואָס ער האָט אַלץ געזען אין יידישן לאַנד.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט-מלחמה, האָט ער זיך געפונען אין קראָקע, וווּ עס איז מיט אים געשען אַ גרויס אומגליק:

האַלטנדיק איין מאָל אין מיטן מאָלן אַ פּייזאַזש, האָבן זיך פּלוצעם באַוויזן זשאַנדאַרן און אים אַרעסטירט ווי אַ „רוסישן שפּיאָן". זיינע דערקלערונגען, אַז ער מאָלט אַ פּייזאַזש און נישט עפּעס אַנדערש, האָבן גאָרנישט געהאָלפן. די זשאַנדאַרן האָבן געטענהט, אַז ער מאָלט נישט סתם אַ בילד, נייערט ער מאַכט געאָגראַפישע אַרבעטן פאַרן רוסישן שונא, און אים באַלד אַוועקגעפירט אין תפיסה. בעת דעם אויספאָרש האָט מען אים געזאָגט, אַז מאָרגן וועט מען אים, פאַר דער שפּיאָנעריי זיינער, אויפהענגען. אַ דאַנק די באַמיענישן פון זיין באַשיצער, דעם פריינדלעכן דר' פרענקל, איז ער ניצול געוואָרן. (נישט איין אומשולדיקער מענטש איז דעמאָלט געפאַלן אַ קרבן „פאַר שפּיאָנאַזש לטובת דעם שונא".)

ער איז טאַקע אַרויס פון דאָרטן אַ לעבעדיקער, אָבער די דאָזיקע פּלוצעמדיקע טראַגישע איבערלעבעניש האָט איבערגעלאָזט שפּורן אויף זיין ווייטערדיק לעבן. ער פלעגט ליידן פון אַ פאַרפאָלגונג-מאַניע.

ווען מען האָט אים אַרויסגעלאָזט פון תפיסה, האָט מען אים עוואַקואירט קיין ווין, וווּ ער איז אָפּגעווען גאַנצע צוויי יאָר אין אַ שפּיטאָל פאַר גייסטיק-קראַנקע, אין שטיינהאָף לעבן ווין.

געווען צייטן, ווען ער האָט מורא געהאַט זיך צוצורירן צו עסן, סיידן אַז זיין שוועסטער האָט עס אים דערלאַנגט.

פּאַמעלעך איז ער אין שפּיטאָל געקומען צו זיך. איינער פון די דאָקטוירים האָט אים ליב באַקומען, אים געגעבן אַ באַזונדער שטיבל אין שפּיטאָל מיט פאַרבן און לייוונטן, און ער האָט זיך גענומען צוריק צו אַרבעטן, מאָלנדיק בעיקר דעם דאָקטער און די קראַנקע.

די בילדער, וואָס ער האָט געמאָלן אין שפּיטאָל פאַר גייסטיק-קראַנקע, האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן רושם.

שפּעטער, ווען ער איז שוין אין גאַנצן געקומען צו זיך, איז ער אויך נאָך געבליבן אין שפּיטאָל. ער האָט דאָרטן אויך געהאַט צו עסן, אַ דאַך איבערן קאָפּ. און געקענט אַרבעטן ביי זיין קונסט.

נאָכן פאַרברענגען דריי יאָר אָדער גאָר פיר יאָר אין ווין, איז ער צוריקגעקומען קיין פּוילן. דער פריינדלעכער דר' פרענקל, וואָס האָט זיך מיט אים געהאַט אינטערעסירט, האָט שוין מער נישט געלעבט. דער קינסטלער האָט אין פּוילן חתונה געהאַט מיט רבקה ליכטמאַן און זיך באַזעצט מיט איר אין גאַליציש-פּוילישן דערפל אָלפּין, וואָס לעבן גריבאָוו. ער האָט דאָרטן געאַרבעט, געהאַט אַ זון און זיך געפילט גליקלעך.

מאַנדלבוים דער קינסטלער האָט אָבער באַלד דערשפּירט, אַז וווּיט וועט ער מיט זיין קונסט אין קליינעם פּוילישן דערפל אָלפּין נישט דערגיין.

ער האָט טאַקע, אַרום 1925, גענומען זיין פרוי און קינד און זיך געלאָזט מיט זיי קיין פּאַריז.

היות דאָס איינאָרדענען זיך אין פּאַריז האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר זיי זייער שווער, האָבן זיי אָפּגעמאַכט, אַ יאָר נאָך זייער קומען אַהער, אַז די פרוי מיטן קינד וועלן, דערווייל, צוריקפאָרן קיין פּוילן און דאָרטן בלייבן, ביז ער וועט זיך קענען דאָ אַ ביסל איינאָרדענען.

אָבער באַלד נאָך זייער אַוועקפאָרן איז ער אַריינגעפאַלן צוריק אין דער מרה-שחורה און פחד, פון וועלכע ער האָט שוין געהאַט געליטן אין קראָקע און ווין נאָך זיין טראַגישער איבערלעבעניש, און זיך געפונען צוריק אין אַ שפּיטאָל.

זיין גוטע פרוי, רבקה, הערנדיק, אַז ער איז קראַנק, איז תיכף געקומען צו לויפן קיין פּאַריז.

כדי צו קענען זיין לעבן איר קראַנקן מאַן, איז זי אין שפּיטאָל, וווּ ער האָט זיך געפונען, געוואָרן אַ קראַנקן-שוועסטער און געאַרבעט דאָרטן אַזוי לאַנג, ביז ער איז צוריק געזונט געוואָרן.

אַרויסגייענדיק פון שפּיטאָל, האָט ער מיטגעפירט מיט זיך אַ ריי פּאָרטרעטן און בילדער פון לעבן פון די גייסטיק-קראַנקע מענטשן, וואָס ער האָט דאָרטן געמאָלן.

די דאָזיקע קינסטלערישע אַרבעטן האָבן געמאַכט דעמאָלט אַ רושם אויף מאָנפּאַרנאַס און האָבן אַרויסגערופן אַ וואַרעמען אָפּרוף מצד דער קונסטקריטיק.

די גוטע פרוי זיינע, מיט איר אָריענטאַליש-יידישן שיינעם פּנים, האָט געשפּילט אַ ביז גאָר וויכטיקע ראָלע אין לעבן פון קינסטלער. זי איז געווען פאַר אים אַ מלאך הגואל. מיט איר רירנדיקער איבערגעגעבנקייט, מיט איר רואיקייט, מיט איר מסירת-נפש און שטילקייט, האָט זי, די אשת-חיל, אַריינגעבראַכט אין זיין לעבן אַ סך שלום און שלווה, אין וואָס ער, דער אָרעמער קינסטלער, האָט זיך אַזוי גענייטיקט נאָך דער טראַגישער איבערלעבעניש זיינער אין קראָקע, נאָך זיין יאָרן לאַנגן נע-ונד-זיין. זי איז געווען פאַר אים די גרעסטע מאָראַלע שטיץ, געאַרבעט און געדאגהט, אַז עס זאָל נישט פעלן קיין שטיקל ברויט אין דער אַטעליע, וואָס זי האָט אַזוי ציכטיק און ריין געהאַלטן, און געזען, אַז איר מאַן זאָל קענען זיך אָפּגעבן מיט זיין קונסט.

ער האָט ליב געהאַט צו מאָלן, מיט זיינע גרינלעך-גרויע גאַמעס, אַלטע מויערן, אַלטע איינגעבויגענע הייזלעך, די מערק אין די פרימאָרגן-שעהען מיט די כלערליי פרוכטן און גרינסן, אייזעלעך פאַרשפּאַנטע אין אַלטע. דאָרפישע וועגעלעך, שטיללעבנס.

דער קינסטלער האָט די אַלע שטילע זאַכן געמאָלן מיט אַ סך געפיל.

ער האָט אויך ליב געהאַט צו מאָלן פּאָרטרעטן און גאָר באַזונדער יידישע זקנים. מאָלן פּאָרטרעטן פון זיינע פריינד, זייערע פּנימער און כאַראַקטער־שטריכן, איז געווען פאַר אים אַ נחת־רוח.

זומער פלעגט ער אָפט פאַרברענגען מיט זיין פרוי און קינד אין אַלטן, ראָמאַנטיש־מאָלערישן שטעטל פאָנטואַז, אַ שטעטל, וואָס האָט געצויגן צו זיך די באַטייטיקסטע קינסט־לער. ער האָט זייער ליב געהאַט דאָס דאָזיקן ראָמאַנטישן מקום. ער פלעגט דאָרטן וווינען אין אַ הייזל, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ בערגל ביים וואַלד, און געאַרבעט אָן אויפהער.

אין אָוונט פלעגט ער זיך דאָרטן אָוועקזעצן אונטער אַ בוים און זיך אָפּרוען, אין דער שטילקייט פון אָוונט געשמועסט מיט פריינד וועגן קונסט, קינסטלער און אַנדערע ענינים. ער איז געווען אַ גרויסער פאַרערער פון אוטרילאָ.

■

איין מאָל, אין אַ זומער, האָט ער און די געטרייע באַגליי־טערין פון זיין לעבן מיך פאַרבעטן קומען אַהין פאַרברענ־גען מיט זיי אַ ביסל אין מאָלערישן פאָנטואַז.

איך האָב אָנגענומען זייער פאַרבעטונג און פאַרברענגט מיט זיי אין וואַלדיקער שטילקייט אַ צוויי וואָכן. טיף אַריינגעקריצט זיינען אין מיין זכרון די טעג, וואָס איך האָב פאַרברענגט מיט זיי, זייער פשוטע, האַרציקע פריינד־לעכקייט און מאָראַלע ריינקייט.



א. מאַנדלבוים

דער ייד מיטן ספר, אוילבילד
קאָלעקציע ה. פענסטער

ער, מאַנדלבוים, פֿלעגט, אַ באַגייסטערטער, מיט מיר אַרומגיין און מיר ווייזן אַלע מאָלערישע ווינקעלעך, די געסעלעך מיט די אַלטע הייזער פֿון שטעטל, די לאַנדשאַפֿט אַרום. מאַדקטאָג האָט ער מיך געפֿירט זען די מאָלערישקייט פֿון מאַרק, מיט די כלערליי פֿרישע גרינסן, בלומען און פֿרוכטן, די דאָרפֿישע וועגעלעך מיט די אייזעלעך, די מענטשן, וואָס זיינען געקומען פֿון דער אומגעגנט אויפֿן מאַרק, און וואָס ער, מאַנדלבוים, האָט אַזוי ליב געהאַט צו מאָלן.

ער האָט מיר דאָרטן איין מאָל דערציילט פֿלאי פֿלאים, וווּנדער איבער ווונדער: פֿאָנטואַז, ווו עס האָט זיך געפֿונען בלויז איין היימישער שוסטער, פֿאַרמאָגט נאָך אַ פֿרום ייִדיש פֿאָרפֿאָלק, וואָס היט אָפּ אין גויאישן שטעטל אַלע ייִדישע דינים. מען פֿראַוועט דאָרטן, איר הערט, האָט ער מיט גרויס הנאה געזאָגט, ייִדישע ימים-טובים און שבתים, פּונקט ווי אין דער אַלטער היים, אין פּוילן.

— "קומט, האָט ער צו מיר געזאָגט, אין אַ פֿרייטיק, איר וועט זען."

מיר זיינען טאַקע אין אָוונט אַלע אַהינגעגאַנגען.
ווען מיר האָבן געעפֿנט די טיר פֿון אַלטן הויז, ווו דאָס פֿרומע פֿאָרפֿאָלק האָט געוווינט מיט זייער ייִנגל, האָבן אונדז אָקעגנגעלויכטן שבת-ליכט מיט אַ בלאַנק-ווייס טישטעך, אויסגעשפּרייט איבערן טיש. די מלכה שבת האָט געלויכטן פֿון אַ יעדן ווינקעלע פֿון דער שטוב.

מען האָט אונדז פֿריינדלעך פֿאַרבעטן צום טיש און מכבד געווען מיט שבתדיקע מאכלים, מיט שבת-אויבסן און מיט שבתדיקע שמועסן. ער, מאַנדלבוים, האָט אָנגעקוואָלן:

— „גיי ווייס, האָט ער געזאָגט, אַרויפֿלייגנדיק געמיטלעך איין האַנט אויף דער צווייטער אויפֿן בלאַנקנדיקן טיש, אַז מען פֿראַוועט גאָר אין פֿאָנטואַז אַזעלכע שבתים."

דער שוסטער מיט זיין ווייב זיינען אויך געקומען אַהין.
— ווו קומט אַזאַ אָפּגעהיטן ייִדיש פֿאָרפֿאָלק, האָב איך זיך געפֿרעגט, קיין פֿאָנטואַז, ווו אַחוץ דעם שוסטער זיינען דאָך נישטאָ קיין ייִדן?

נישט קענענדיק באַקומען קיין דערלויבעניש צו וווינען אין פּאַריז, איז דאָס פֿרומע פֿאָרפֿאָלק געפֿאָרן קיין פֿאָנטואַז, וואָס ליגט אין אַן אַנדערן דעפּאַרטעמענט.
די פֿרומע ייִדישע פֿרוי האָט דאָרטן געאַרבעט אויפֿן פֿעלד ביי אַ פּויער. אַחוץ די פּאָר פֿראַנק פֿאַרדינסט פֿלעגט זי אויך אַהיימברענגען פֿונעם פּויער אַ ביסל גרינסן און פֿרוכטן.

***

דאָס איז באמת געווען אַ זייער פֿריינדלעכע, האַרציקע ייִדישע משפּחה, וועמענס נאָמען איך האָב צום באַדויערן פֿאַרגעסן.

אפֿרים מאַנדלבוים, וואָס פֿלעגט זעלטן ווען ריידן וועגן זיך, האָט מיר איין מאָל, מיט אַ טרויעריק-ערנסטן שמייכל, דערציילט וועגן זיין אָרעמער קינדהייט און יוגנט, וועגן דלות, וואָס האָט געקיניגט ביי זיין פֿרומען פֿאָטער אין שטוב. ער האָט אָבער תיכּף אָפּגעהאַקט דעם שמועס, געבנדיק אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגן:
— בעסער נישט ריידן וועגן דעם.

***

ער פֿלעגט טייל מאָל פֿון פּאַריז פֿאָרן קיין פּוילן און דאָרטן אויסשטעלן זיינע ווערק. ער האָט אין פּוילן שוין געהאַט זיינע פֿריינד און חסידים, וואָס פֿלעגן זיך קויפֿן ביי אים זיינע געמעלן.
ער האָט אויך איין מאָל אויסגעשטעלט אין דייטשלאַנד און אַ וועלכע ווערק פֿון אים האָבן זיך געפֿונען אין איינעם פֿון די דייטשישע מוזייען. אויך אין פּוילישן „נאַציאָנאַלן מוזיי" פֿון קראָקע האָבן זיך געפֿונען בילדער פֿון אים.

אין יאָר 1938 איז דער קינסטלער געפֿאָרן קיין לאָנדאָן. דער לאָנדאָנער ייִדישער קונסט-מוזיי „בן-אורי" און אויך פּריוואַטע פּערזאָנען האָבן זיך דעמאָלט איינגעשאַפֿט מערערע ווערק פֿון אים.

***

דער מוראַדיקער 16טער יולי 1942, דער טאָג, ווען ס'האָט זיך איבער די פּאַריזער גאַסן געטראָגן דאָס געוויין פֿון ייִדישע מאַמעס, פֿון זקנים און קינדער, וואָס מ'האָט אַרויסגעשלעפּט פֿון זייערע היימען און אין לאַסטוועגענער געפֿירט אין „וועלאָדראָם ד'היווער" און פֿון דאָרטן קיין דראַנסי, האָט אויך נישט אויסגעמיטן אים און זיין פֿרוי רבֿקה (געבוירן אין 1895), וועלכע האָט דעמאָלט געליטן פֿון אַ קאַנסער (ראַק).
זעקס אַ זייגער אין דער פֿרי זיינען באַוואָפֿנטע פּאָליציסטן מיט אַ פּאָליציי-אינספּעקטאָר בראש געקומען חרובֿ מאַכן אַ צניעותדיקע, שטילע אַטעליע פֿון אַן ערלעכן, אָרעמען ייִדישן קינסטלער.
מ'האָט מאַן און פֿרוי אַוועקגעפֿירט צוערשט אין „וועלאָדראָם ד'היווער" און פֿון דאָרטן קיין דראַנסי, כּדי צו ווערן פֿון דאָרטן דעפּאָרטירט דעם 24טן יולי 1942.

***

טראַכטנדיק וועגן אים, טויכט אויף אויף דער מחשבה דאָס בילד, ווי איך האָב איין מאָל געזען דעם נידעריק-געוואַקסענעם אפֿרים מאַנדלבוים, מיט זיינע ברייטע פּלייצעס, איינע אַ ביסל העכער פֿון דער אַנדערער, מיטן קיילעכדיקן קאַפּעליוש און קיילעכדיקן קנייטש אויפֿן קאָפּ, גיין אין די אָוונט-שעהען שנעל, שנעל אויף בולוואַר מאָנפּאַרנאַס, אַזוי ווי זיין ברייטלעכע נאָז, וואָס האָט אויסגעזען, אַז זי דערשמעקט אַלץ, וואָלט מיט איין מאָל דערשפּירט עפּעס אַ סכּנה, וואָס לויערט און פֿאַר וועלכער מען דאַרף זיך וואָס שנעלער דערווייטערן, אַנטלויפֿן.
און דער קינסטלער, וואָס האָט בשעת דער ערשטער וועלט-מלחמה, אין קראָקע, איבערגעלעבט אַ גרויסן פּחד, אַ פּחד, וואָס האָט אים פֿאַרפֿאָלגט, אים נישט געגעבן קיין רו, האָט דאָס מאָל געהאַט, פֿון וואָס זיך צו שרעקן...

# יעקב מאַנטשניק

# JACOB MACZNIK

1905-1945



עס שטייט פאַר אונדזער אויג דער שטילער, ערנסטער יונגערמאַן. ער איז מיטלגעוווקסיק. זיין לענגלעך ספרדיש-יידיש פּנים איז באַצויגן מיט אַ דינער, בלוילעכער הויט. די האָר שוואַרץ און כוואַליעדיק. די אויגן רויטלעכע, ווי נישט אויסגעשלאָפענע, מידע. ריידן רעדט ער תמיד שטיל און איידער ער זאָגט אַרויס אַ וואָרט, איז עס צוערשט גוט אַדורכגעטראַכט.

איך האָב זיך מיט אים און זיין פרוי, די קדושה סאָניע (שרה), באַקענט אין יאָר 1929. ער האָט געזאָגט, אַז ער איז אַ מאָלער און איז געקומען פון לאָדזש קיין פּאַריז, כדי דאָ ממשיך צו זיין זיין קינסטלערישע אויסבילדונג, און אַז זיין פרוי אַרבעט אין אַ פאַבריק פון לעדערנע מאַנטלען.

געוווינט האָבן זיי אין אַ האָטעל-צימער אין איינעם פון די אַלטע, געדיכט-באַפעלקערטע אָרעמע אַרבעטער-קוואַרטאַלן.

די ווענט פון האָטעל-צימער זיינען געווען באַהאַנגען מיט זיינע אייל־בילדער. דאָ און דאָרטן, אין אַ וואַזאָניקל אָדער גלאָז וואַסער — אַ פּאָר פרישע בלימלעך.

פאַרן אָפענעם פענצטער פון צימער איז געלעגן אויסגעשפּרייט, העכער און נידעריקער, אַ לאַנדשאַפט אַ גאַנצע פון דעכער.

פון דאָרטן, דעם האָטעל-צימער, שטאַמט טאַקע דעם קינסטלערס געמעל „פּאַריזער דעכער", וואָס ער האָט שפּעטער אויסגעשטעלט, מיט נאָך אַנדערע זיינע קונסטווערק, אין פּאַריז און אין לאָדזש.

די געדאַנקען, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט, זיינען געווען דער אויסדרוק פון זיינע ראַנגעלנישן און זוכענישן.

אַ ביסל שפּעטער האָבן זיי זיך אַריבערגעקליבן אין אַ קינסטלער-אַטעליע, אויף רי פּערעל 2, אין הויז, וווּ עס האָט געהאַט געוווינט דער באַרימטער מאָלער דואַניע-רוסאָ.

דאָס איז געווען אַן אַטעליע פול מיט בילדער אויף די ווענט און פּאָליצעס ביכער וועגן קונסט, ליטעראַרישע ווערק אין יידיש און פראַנצויזיש.

אַ צוויי קאַנאַריקלעך פלעגן דאָרטן זינגען אין דעם שטייג, צייטנווייז אַרויספליען פון אים און אָנפילן דעם אַטעליע־חלל מיט זייער געזאַנג.

אין דער הייך, אויפן גאָרנדל פון דער אַטעליע, איז געווען די קיך, וואָס איז אויך געווען דאָס עסצימער. דאָרטן האָט אויך די פרוי געאַרבעט ביי דער ניימאַשין קליידער, וואָס זי האָט אַרויסגענומען פון אַ פאַבריק, צוזינגענדיק זיך בשעת דעם נייען אויף דער מאַשין אַ יידישן פאָלקסמאָטיוו. איר מאַן, דער קינסטלער, וואָס איז אָפט מאָל געשטאַנען ביי אַ ברעט און אויסגעפּרעסט די קליידער, פלעגט אָפט אויך צוברומען אַ היימישן ניגון.

**

סאָניע, די טאָכטער פון אַ לאָדזשער אָרעמען יידישן שניידער, האָט אויסגעזען ווי אַ רבנישע, יחוסדיקע טאָכטער. ליב געהאַט זיך צו קליידן אין שוואַרצן זיידנס, אין סאַמעט. זי איז געווען זייער מוזיקאַליש און פלעגט אַרויסטרעטן ביי די קאָנצערטן פון לאָדזשער „הזמיר", געזונגען אין בעטהאָווענס „ניינטער סימפאָניע", אין העברעיש.

זי האָט זייער ליב געהאַט צו זינגען יידישע פאָלקסלידער.

איר מאַן יאַנקעל פלעגט אויך אַ מאָל זינגען אין די שבת-צו-נאַכטן. אָבער די לידער זיינע זיינען געווען מיינסטנס טרויעריקע, אומעטיקע. לידער פון יידישן דלות, פון יידישן צער. ער פלעגט, זיצנדיק ביים טיש, פּלוצעם געבן אַ מאַך מיט זיין רעכטער האַנט איבער זיין ביינערדיקער קני און אַריבערגיין צו אַ פריילעכער נאָטע, ווי ער וואָלט זיך אַליין געוואָלט באַפרייען פון די אומעטיקע, נאָגנדיקע טענער, און האָט זיך גענומען דערציילן מעשיות, גלייכווערטלעך און פלעגט זיך דערביי אָפט מאָל שטאַרק צעלאַכן.



י. מאַנטשניקס פרוי, די קדושה סאָניע, פאָטאָ

ער איז געבוירן געוואָרן דעם 4טן דעצעמבער 1905 אין לאָדזש. זיין פֿאָטער, דער אַלעקסאַנדער חסיד ר׳ ישראל, איז געווען אַ לאַקירער פֿון מעבל. ער האָט זיין זון יעקב געגעבן אַ יידיש־טראַדיציאָנעלע דערציונג, אים געשיקט לערנען אין חדר און אויך אַליין מיט אים געלערנט חומש און רש״י.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דער פֿאָטער מיט זיין הויזגעזינד פֿאַרלאָזט לאָדזש און געפֿאָרן צו זיינס אַ קרוב אין דאָרף פּאָטאָק, וואָס לעבן קעלץ.

יאַנקעל האָט דאָרטן ליב געהאַט אַרומצוּוואָגלען, גיין צום דאָרפֿישן טייך, ווו ער פֿלעגט אויסקנעטן כלערליי חיהלעך. די עלטערן האָבן זיך שפּעטער אַריבערגעקליבן מיט זייערע קינדער קיין קעלץ און דאָרטן געצויגן זייער אָרעמע חיונה פֿון אויסבאַקן קליינע געבעקסן, וואָס זייער יונג קינד יאַנקל פֿלעגט האַלבע טעג פֿונאַנדערטראָגן איבער די קעלצער שענקען צום פֿאַרקויפֿן. דעם אַנדערן האַלבן טאָג האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט לערנען, צייכענען און לייענען.

געטריבן פֿון אַ טיפֿן דראַנג זיך אָפּצוגעבן מיט מאָלעריי, פֿאָרט ער אין יאָר 1922 פֿון לאָדזש אָן מיטלען קיין וואַרשע און טרעט אַריין אין דער אָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע.

ביי טאָג לערנט ער אין דער אַקאַדעמיע און ביי נאַכט אַרבעט ער ביז אין די שפּעטע שעהען אַריין ביי באַצירן מיט כלערליי מאָטיוון אַלבאָמען, כדי צו האָבן אויף אַ שטיקל ברויט.
ער האָט אין 1928 חתונה און קומט אין זעלביקן יאָר מיט זיין פֿרוי קיין פּאַריז ממשיך זיין זיין קינסטלערישע אויס־בילדונג.

איין מאָל, אין פֿרילינג 1937, קומט ער צו מיר, דעם קאָפּ, ווי ער פֿלעגט אים אָפּט האַלטן, אַ ביסל אַראָפּגעבויגן, און זאָגט צו מיר מיט אַ כמעט בעטנדיקער שטים:



מאָנטשניק אין יאָר 1937,
בעת ער האָט געמאָלן די יידישע שולן אין פּוילן - פֿאָטאָ

— לאָמיר ביידע פֿאָרן קיין פּוילן. איך וועל דאָרטן מאָלן און דו וועסט שרייבן.
און מאָלן האָט מיין אומפֿאַרגעסלעכער פֿריינד געהאַט בדעה אונדזערע דורות־אַלטע שולן אויף פּוילישער ערד.
— ס׳וועט קומען, האָט ער געזאָגט מיט אַ ציטערנדיקער שטים, — אַ שטורעם און ס׳וועט נישט בלייבן קיין זכר פֿון זיי, פֿון די יידישע דענקמעלער.
ער האָט מיט זיין קינסטלער־נשמה פֿאָרויסגעזען און פֿאָרויסגעפֿילט דעם בייזן שטורעם.
— מיר וועלן פֿאָרן, יאַנקל.
נישט האָבנדיק קיין געלט אַדורכצופֿירן זיין אייד֫עלע שליחות צו פֿאַראייביקן די אַלטע יידישע שולן אין פּוילן ווי אַ זכר פֿון דורות יידיש לעבן אין יענעם לאַנד, נאָך איידער



פֿאַקסימילע פֿון מאָנטשניקס אַ קאַרטל צו ה. פֿענסטער

זיי ווערן פֿון שטורעם פֿאַרלענדט, האָט ער געקלאַפּט אין די טירן פֿון אַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס און גערעדט וועגן דער וויכטיקייט אָפּצוראַטעווען יידישע דענקמעלער, כל זמן ס׳איז נאָך צייט. (אין דייטשלאַנד האָט מען שוין דעמאָלט געהאַלטן אין איין ברענען יידישע שולן.)
ער האָט זיך מיט זיין מאָלער־קעסטל, פֿאַרבן און פּענדזלען געלאָזט קיין פּוילן, אָפּטרעטנדיק צוערשט אין פּראָג, כדי דאָרטן צו מאָלן די אַלט־נייע שול.
— די געביידעס דאָ, שרייבט ער פֿון דאָרט, זיינען טרויעריקע און וואַרפֿן אָן אַן אימה. זיי דערמאָנען אין הייליקע פּראָצעסיעס. און אַז אַזאַ קירכנגלאָק גיט אַ קלונג, גיב איך אַ ציטער, אַזוי ווי איך וואָלט געווען נאָך איינער פֿון יענע יידן, וואָס האָבן דאָרטן געלעבט.
מיר האָבן זיך שפּעטער געטראָפֿן אין טאַרנע (טאַרנאָוו).
ער האָט מיט גרויס הנאה אַרויסגענומען פֿון זיין מאָלער־מאַפּע די שולן פֿון פּזשעוואָרסק און ריישע (זשעשאָוו), וואָס ער האָט געמאָלן, און מיר זיי געוויזן.
מיר זיינען דערנאָך ביידע געפֿאָרן אין מיין געבוירן־שטעטל באַרנעוו צו מיין פֿאָטער אויף שבת.
שבת נאָך טיש האָט ער פֿאַר דער באַרנעווער יידישער יוגנט געהאַלטן אַ רעפֿעראַט וועגן קונסט.

מיטן דאַמפשיף האָבן מיר זיך געלאָזט קיין צוויזמער (סאַנ־דאָמיעזש), דער אַלטער, ביי דער ווייסל ליגנדיקער פּוילישער שטאָט.
מיר האָבן באַזוכט די גאַסן, די דענקמעלער פון דער דאָזיקער שטאָט.
אַז מיר האָבן אויך אַ בליק אַריין געטאָן אין דער דאָרטיקער קאַטעדראַלע, האָט זיך תיכּף געוואָרפן אין די אויגן אַ גרויס איילבילד. דאָס דאָזיקע „קונסטווערק" האָט פאָרגעשטעלט, ווי צוויי יידן, מיט לאַנגע בערד און מאָדנע פּנים־אויסדרוקן, צאַפּן אַריין אין אַ כּלי פון אַ קריסטלעך קינד זיין בלוט אויף פּסח...
מיט אַ געדריקטער שטימונג און עקל האָבן מיר תיכּף פאַרלאָזן דאָס אָרט, וווּ דאָס דאָזיקע „בילד" האָט געהאָנגען אויף אַ בכּבודיקן פּלאַץ, אַזוי אַז די, וואָס זיינען מתפּלל צום גאָט פון ליבשאַפט, באַרעמהאַרציקייט און מחילה, זאָלן בשעת התּפילה זיך דערפון קענען אינספּירירן...
מיר האָבן זיך געלאָזט איבער די היימישע יידישע געסלעך.
די פענצטער פון די שטיבעלעך זיינען געשטאַנען אָפענע. מיר זיינען צוגעגאַנגען צו איינעם פון די נידעריקע אָפענע פענצטער: ביי אַ נידעריק שוסטערטישל מיט אַ ביסל גאַרן און רויטלעך שטיקל וואַקס איז געזעסן אַ מילדער זקן מיט אַ שנייוויייסער באָרד. ער האָט אויסגעזען ווי איינער פון די אבות. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, צוגעגאַנגען צום פענצטער, זאָגנדיק:
— שלום עליכם, יידן. פון וואַנען קומען יידן? און ווי הייסן יידן?
אַז מיר האָבן געזאָגט דעם זקן, ווי מיר הייסן און פון וואַנען מיר קומען, האָט ער געענטפערט מיט אַ שמייכל:



י. מאַנטשניק — יידן פון בזשעדבוזש, איילבילד
קאָלעקציע פּרל' אסתר מיעדזשינסקי — פּאַריז

אויסגעגאָסן אויף די פנימער פון די יידן. מ'האָט פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מ'האָט אין אַ שכנישן וואַלד געפונען צוויי יידן דערהרגעט, וואָס האָט זיך אַ ביסל שפּעטער אַרויסגעוויזן פאַר נישט ריכטיק, און דאָס שטעטעלע האָט באַלד צוריק באַקומען זיין פריערדיקע פיזיאָנאָמיע.

יאַנקל האָט זיך אַוועקגעשטעלט מאָלן די שול. יונג און אַלט האָבן זיך צוגעקוקט. מיר האָבן נאָך געוואָגלט איבער אַנדערע יידישע ישובים, זיך געטונקט אין יידישקייט.

אין לאָדזש האָט ער מיך אַרומגעפירט, געוויזן דעם „באַלוט", ווו עס האָט געהויזט די יידישע אָרעמקייט, צו וועלכער ער איז געווען צוגעבונדן. ער האָט מיך געפירט איבער די חסידים-שטיבלעך. אַ שטאַרקן רושם האָט אויף אים געמאַכט דאָס שטיבל פון די „טויטע חסידים" — אַזוי רופט מען זיי, די חסידים פון ר' נחמן בראַצלעווער. נאָך מינחה און מעריב זיינען געזעסן ביי אַ לאַנגן, נישט העל באַלויכטענעם טיש יידן און זיך צוגעהערט צום ייד, וואָס האָט, האַלטנדיק אַ ספר אין די הענט, געלערנט מיט זיי, זאָגנדיק: „דער רבי זכותו יגן עלינו האָט געזאָגט..."



י. מאַנטשניק, פּאָרטרעט פון שרייבער וואָלף וועוויאָרקע, אוילבילד
קאָלעקציע ה. פענסטער



י. מאַנטשניק, פּאָרטרעט פון דיכטער לייב מלאך, אוילבילד

— און איך, איך הייס לייב לאָס. לאָס הייסט דאָך וואַלד און איך בין יונג און פריש ווי אַ וואַלד.

אַ קוואַל פון וואַרעמקייט האָט זיך באַלד צעגאָסן אויפן יונגן קינסטלערס פנים.

ער האָט לאַנג געהאַלטן ר' לייבס האַנט אין זיינע ביים געזעגענען.

מיר האָבן זיך דעם זעלביקן טאָג פאַר נאַכט געלאָזט קיין קאָרעוו (קוראָוו), ווו יאַנקל האָט געוואָלט מאָלן די שול-פּעסטונג.

אַז מיר זיינען אַריין אין שול, זיינען מיר געוואָרן נתפּעל פון הערלעך געשניצטן אָרון-קודש, פון עמוד און באַלעמער, וואָס מיר האָבן, צוליב דער שיינקייט זייערער, געלאָזט תיכּף אָפּפאָטאָגראַפירן. נישט ווייניקער אָבער זיינען מיר געווען באַגייסטערט פון ר' יוסקע סופר, וואָס איז געווען דער חזן פון דער שול, פון זיין פיין געשניצט פנים, פון זיינע דיסקרעטע, אַריסטאָקראַטישע טריט.

ר' יוסקע האָט אונדז, צווישן אַנדערע אינטערעסאַנטע מעשיות, דערציילט וועגן איינטאָגיקן מלך שואל וואַהל. מיר האָבן דערנאָך באַזוכט דאָס שטעטעלע זאַוויכאָסט מיט זיינע האַרציקע יידן, מיט זיין אידעאַליסטישער יידישער אַרבעטער-יוגנט. מיין פריינד איז געגאַנגען מיט דער יוגנט, גערעדט מיט זיי ביז אין שפּעטער, אויסגעשטערנטער נאַכט.

אין דער שול האָט אונדז דער שמש געוויזן שיינע, אַלטע פּרוכותער.

צו מאָרגנס אין דער פרי האָבן מיר דאָס רירעוודיקע שטעטעלע געפונען גאָר אַנדערש: אַן אומרואיקייט איז געלעגן

מיר האָבן זיך צעשיידט. עטלעכע טעג דערנאָך האָב איך באַקומען פון אים אַ בריוו, אַז ער וואָלט נאָך גערן געמאָלן אַ וועלכע שולן, נאָר ער האָט נישט קיין געלט. ער האָט אפילו נישט אויף הוצאות-הדרך קיין פּאַריז, ווו עס דאַרף באַלד פאָרקומען דער יידישער קולטור-קאָנגרעס, ביי וועלכן עס וועט אויך זיין אַ בילדער-אויסשטעלונג פון יידישע קינסטלער.
מיט אַ צען געמאָלענע שולן איז ער געקומען צוריק קיין פּאַריז. מאָלן האָט ער געזאָלט איבער פּערציק...
אין פּאַריז האָט ער זיך גענומען צו זיין אַרבעט. די סוזשעטן,



י. מאַנטשניק

אויטאָ-פּאָרטרעט, אוילבילד

וואָס ער מאָלט, זיינען דער טיפסטער אויסדרוק פון זיין נשמה, פון זיינע טיפסטע איבערלעבענישן. מיר טרעפן ביי אים, וואָס האָט אויסגעזען ווי איינער, וואָס איז געקומען פון די ברעגן פון אַרום ים-התיכון, אַ זייער וואַרעמע, האַרציקע באַציונג צו זיינע סוזשעטן. ס'איז גענוג, אַז מיר זאָלן וואַרפן אַ בליק אויף זיין געמעל „פּזשעדבוזשער יידן", און מיר דערפילן דאָס באַלד: די האַרציקע וואַרעמ-קייט און צוגעבונדנקייט זיינע צו זיין פאָלק.
דאָס זעלביקע, ווען מיר באַטראַכטן דעם זייער געלונגענעם פּאָרטרעט זיינעם פון שרייבער און קדוש וואָלף וועוויאָרקע, געמאָלן בעת דער מלחמה אין טולוז.
און מיט וואָס פאַר אַ ליבשאַפט ער מאָלט צוויי קליינע פישעלעך. ווי ער וויקלט זיי איין אין ליכט און שאָטן!
ווען ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה, האָט ער זיך געפונען מיט זיין פרוי אין די בערג, אין אַ דערפל פון אָווערניע. ער האָט עס אָבער באַלד פאַרלאָזט און געקומען קיין טולוז צו לויפן, כדי צו זיין צוזאַמען מיט די יידישע פליטים.
ער פלעגט דאָרטן גיין אין דעם אָרטיקן קליינעם שולעכל טרעפן יידן און וועלכע ער האָט, אגב, אויך בדעה געהאַט צו מאָלן.
ער האָט אין טולוז, אין יענער שרעקלעכער צייט, געהאַלטן איין מאָל אַ רעפעראַט פאַר דער יידישער יוגנט וועגן קונסט ביי יידן.
ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער יידישער קאַמף-אָרגאַני-

זאַציע און געזוכט אויסצוגעפינען פאַר איר יידישע יונגע לייט.

מען האָט דערוויל באַקומען צוגעוויזן פון דער מאַכט צוואַנג-רעזידענצן; דער קינסטלער און זיין פרוי קיין לור-באַרוס, אין די פירענייען. ער האָט געוווינט אין שכנישן דערפל סאַרפּ.

מיר האָבן זיך דאָרטן געטראָפן אַנדערטהאַלבן יאָר שפּעטער. מאָלן ווייטער איז אים געווען שווער. ער האָט זיך באַמיט צו פאָרן קיין שפּאַניע און פון דאָרטן צו קומען קיין לאָנדאָן צו די „פרייע פראַנצויזישע קעמפערישע כוחות". געחלומט וועגן שאַפן לעבן זיי אַ באַזונדערע יידישע פאָרמאַציע.

ער, אויף וועמענס פנים איז געלעגן אויסגעגאָסן אומעט, האָט אויסגעזען ווי נישט דער זעלביקער. ער איז געווען זייער אומרואיק און געריצט.

גייענדיק איין מאָל מיט אים אין אַ זומערדיקן פרימאָרגן איבער די ברייטע, רחבותדיקע שליאַכן, האָט ער גערעדט באַזונדער געריצט, ממש געשריגן:

— „די סכנה איז גרויס. מען דאַרף דאָס און דאָס טאָן. אויב נייטיק — דאַרף מען אפילו יידן צווינגען! די צייט פאָדערט אחריות, נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר הפקרות. דער גויאישער וועלט, האָט ער אויסגעשריגן, דאַרף מען זאָגן, אַז אומקומען וועלן נישט נאָר מיר אַליין, אַז מיר קענען מיט-שלעפּן אויך אַנדערע מיט זיך!"

ווען ער האָט זיך אַ ביסל באַרויקט, האָט ער זיך אָפּגע-שטעלט און גענומען ריידן וועגן די גדולי-ישראל פון דער תקופת-זהב אין ספרד: וועגן ר' יהודה הלוי און ר' שלמה איבן גבירול. גערעדט, ווי זיי האָבן געמוזט אויסזען און וואָס פאַר אַ הלבשה זיי האָבן געמוזט טראָגן.

ער האָט אויף מיר תמיד געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט געווען געקומען פון ערגעץ ווייטע, זוניק-ליכטיקע מקומות און אַריינגעפאַלן, קעגן זיין ווילן, אין אַ קאַלטער וועלט, וואָס איז נישט געווען זיין וועלט. דערפאַר דער שטענדיקער אויסגעגאָסענער אומעט אויף זיין פנים.

ער האָט געפּרוווט זיך ראַטעווען מיט זיין פרוי אוןביידע שוועגערינס, פעלע און אסתר, קיין ניצע. דאָרטן האָט מען זיי אַלע צוגענומען, געפירט קיין דראַנסי.

פיר וואָכן שפּעטער, דעם 1טן נאָוועמבער 1943, ווערט ער פון דאָרטן דעפּאָרטירט.

אין די לאַגערן (ווי עס גיט איבער פריינד מלך טענענבוים, וואָס האָט מיט אים אַדורכגעמאַכט דעם וועג פון פּיין און איז על-פּי-נס געבליבן לעבן) האָט ער אַרויסגעוויזן אַן אומגעוויינטלעכן מסירת-נפש. ער האָט געהאַלטן אין איין שטאַרקן און מוטיקן די יידן. ער אַליין האָט אַלץ מקבל באהבה געווען.

דעם 18טן יאַנואַר 1945, ווען די דייטשן ציען זיך צוריק פון אָשפּיצין (אוישוויץ), פירט מען אים מיט טויזנטער יידן, בעת אַ מוראדיקער זאַווערוכע, קיין מאַוטהאַוזען, עסטרייך, און פון דאָרטן קיין עבענזע, דעם ערגסטן לאַגער, וווּ ער האָט דעם 5טן מאַי 1945, איין טאָג פאַרן אַריינקום פון די אַמעריקאַנער, אויסגעהויכט זיין ליכטיקע נשמה.

## ארץ
## אל-תכסי דמי

# ABRAHAM MORDKHINE - אברהם מאָרדקהין



## 1874-1943

אברהם מאָרדקהין איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1874, אין יעקאַטערינאָסלאַוו, רוסלאַנד. זיין פאָטער, ר' מיכאל מאָרדקהין, איז געווען אַ פאַרמעגלעכער סוחר פון מענער־קאָנפעקציע. אַן אָפּגעהיטענער, פרומער ייד, האָט ער אים און די אַנדערע קינדער געגעבן אַ שטרענג טראַדיציאָנעל־יידישע דערציונג. געלאָזט קומען צו זיך אין שטוב מלמדים, וואָס האָבן מיט זיי געלערנט חומש, רש"י און גמרא.

אַרום 1917 איז ער געקומען קיין פאַריז און געמאָלן פּייזאַזשן, בלומען און שטיללעבנס. ווען די רדיפות און דעפּאָרטאַציעס האָבן זיך אָנגעהויבן, איז דער קינסטלער אַוועק אין שטעטל ראַבענסאַן, לעבן פאַריז און זיך במשך פון צוויי יאָר אויפגעהאַלטן אין סאַנאַטאָריע. דער פיזיש שוואַכער עלטערער קינסטלער האט געהאַפט, אַז די רודפים, די כלערליי מוסרים און אַגענטן וועלן דאָרטן נישט אַריינדרינגען, און ער האָט געאַר־בעט ווייטער ביי זיין קונסט, מאָלנדיק בעיקר בלומען.

די געשטאַפּאָ, באַגלייט פון פראַנצויזישע פּאָליציאַנטן, זיינען אָבער אויך דאָרטן אַריינגעדרונגען און צוגענומען נישט נאָר די קראַנקע יידן, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען, נייערט אויך די, וואָס זיינען געקומען זיי מקבר חולה זיין. ער איז גראָד דעמאָלט נישט געווען דאָרטן און אַזוי אַרום ניצול געוואָרן פון זייערע הענט. זיי האָבן אָבער געפונען, בעת דעם „באַזוך", זיינס אַן אידענטיטעטס־קאַרטע און זיי האָבן זיך אים גענומען זוכן.

ער האָט זיך נאָך זייער באַוויזן אין סאַנאַטאָריע פאַר־שטעקט אין פאַריז. אָבער דריי וואָכן שפּעטער זיינען זיי, אַ זייגער צוועלף ביי נאַכט, געקומען אין זיין פאַריזער באַהעלטעניש און אים אַרעסטירט, אים אוועקגעפירט גלייך קיין דראַנסי, פון וואַנען ער איז געוואָרן דעפּאָרטירט דעם 11טן פעברואַר 1943.



א. מאָרדקהין

פּוּעריִם, בלוי־צייכענונג — קאָלעקציע ה. פענסטער

# יעקב מילקין
# JACOB MILKIN
## 1877-1944



יעקב מילקין איז געבוירן געוואָרן דעם 13טן דעצעמבער 1877, אין ריאַזאַן (?), רוסלאַנד. ער האָט געשטאַמט פון אַ זייער אַן אַלטן יידישן יחוס.

יעקב מילקין, וואָס האָט געהערט צום עלטערן דור אַנגעזעענע קינסטלער, האָט גע־ענדיקט די פּעטערבורגער קונסט־אַקאַדעמיע, ווו ער איז געווען אַ תלמיד פון איליאַ ריעפּין. ער האָט אין פּעטערבורג קאַפּירט זיין לערערס באַרימט ווערק „בורלאַקי" *. ער איז געווען אין רוסלאַנד זייער באַקאַנט און האָט געשפּילט אַ ביז גאָר וויכטיקע ראָלע אין דער דאָרטיקער קינסטלערוועלט. מיט אים, מיט זיינס אַ מיינונג, האָט מען זיך גערעכנט און ער איז טאַקע שפּעטער געוואָרן אַ מיטגליד פון דער פּעטערבורגער קונסט־אַקאַדעמיע.

ער האָט געמאָלן פּייזאַזשן, שטיללעבנס און פּאָרטרעטן, צווישן זיי די פּאָרטרעטן פון באַרימטן רוסישן זינגער פיאָדאָר שאַליאַפּין, פון די רוסישע גענעראַלן ברוסילאָוו און רוסקי, וועלכער האָט, אין נאָמען פון דער רוסישער אַרמיי, פאַרלאַנגט די אַבדיקאַציע פון ניקאָלאַי דעם צווייטן.

יעקב מילקין איז געווען אַ מענטש מיט אַ הויכער קולטור. ער איז געווען דער לערער פון דעם אין פּאַריז פּרי פאַרשטאָרבענעם, זייער באַגאַבטן קינסטלער אברהם מינטשין ע"ה (1898-1931) און געווען שטאָלץ, וואָס ער האָט מינטשינס טאַלאַנט אַנטפּלעקט.

ער איז געקומען פון ראַטנפאַרבאַנד קיין פּאַריז אַרום 1928 און געווען דאָ געאַכפּערט און געשאַצט, און איז געוואָרן אַ מיטגליד פון „פראַנצויזישן סאַלאָן".

ער האָט פאַרמאָגט זייער אַ אינטערעסאַנטע און וויכטיקע קאָלעקציע פון בילדער פון באַרימטע רוסישע און רוסיש־יידישע מאָלער.

צו זיינע קאָלעקציעס איז ער געווען שטאַרק צוגעבונדן און אפילו בשעת הדחק זיך נישט געוואָלט קיין מאָל שיידן פון זיינע באַליבטע קונסטווערק.

ער האָט זייער ליב געהאַט מוזיק, בפרט די מוזיק פון באַך.

דער קדוש, וואָס האָט געהאַט מער אַ רוסישע קולטור־פאָרמאַציע, פלעגט זיך אינטערעסירן מיט די פּראָבלעמען, וואָס האָבן אַ שייכות מיטן יידישן לעבן.

פול מיט זיין שפּרודלדיקן יידישן הומאָר, פלעגט ער ליב האָבן צו דערציילן כלערליי אַנעקדאָטן, מעשיות, גלייכ־ווערטלעך.

**

ווען היטלער איז באַפאַלן ראַטנפאַרבאַנד, האָט מען אים פאַרשפּאַרט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער פון קאָמפּיען און זיין קראַנקע פרוי איז געבליבן איינע אַליין אין שטוב.

דער לאַגער־דאָקטער האָט זיך פאַר אים משתדל געווען און ער האָט זיך געקענט נאָך אַ געוויסער צייט אומקערן צו איר. ער האָט זיך בלויז געמוזט אַ יעדן שבת גיין מעלדן ביי דער פּאָליציי.

ער האָט געהאָפט, אַז ער וועט שוין אוודאי מיט דעם אָפּקומען, אַז מען וועט אים און זיין הארצקראַנקע פרוי מער נישט טשעפּען.

דערצו האָט ער נאָך געהאַט כלערליי בריוו, רעקאָמענדאַ־ציעס פון גרויסע שררות (אויך פון דער רוסישער צאַרין), פאַרשיידענע אויסצייכענונגען.

און אָט איז געשען אַ גרויס אומגליק: מען האָט דעם קינסטלער צוגענומען פון שטוב זיין קראַנקע פרוי און אוועקגעפירט קיין דראַנסי.

אַ דערשלאָגענער און פאַרצווייפלטער לויפט ער אַרום פון איין אָרט צום אַנדערן און באַמיט זיך ארויסצובאַקומען פון דראַנסי זיין קראַנקע פרוי, וואָס מען האָט, אגב, שוין געהאַט דעפּאָרטירט.

ווען די דאָזיקע טרויעריקע ידיעה דערגייט צו אים, ווערט ער שוין אין גאַנצן צעבראָכן און גאָרנישט אינטערעסירט אים מער. ער טראַכט נישט מער וועגן זיך און האָט אויך נישט מער קיין כוח צו פּרוּוון זיך אַליין צו ראַטעווען פון דער סכנה, וואָס לויערט אויף אים אַליין.

ווען ער זיצט מיט זיין וויייטיק, איינער אַליין, אין זיין אַטעליע (דאָס איינציקע לעבעדיקע באַשעפעניש, וואָס איז מיט אים געבליבן, זיין הונט, האָט ער דעמאָלט אויך געהאַט פאַרלוירן) און קוקט טרויעריק אויף די איבער־געבליבענע פאָטאָגראַפיעס פון זיין פרוי, פון זיינע נאָענטע, קומט אָן די פּאָליציי און נעמט אויך אים צו.

דאָס איז געווען אין חודש פעברואַר 1944.

מען האָט דעם מאָראַליש און פיזיש צעבראָכענעם אַלטן יידישן קינסטלער אוועקגעפירט קיין דראַנסי און פון דאָרטן דעפּאָרטירט דעם 7טן מערץ 1944.

---

* „בורלאַקי" — מענטשן, וואָס פלעגן פון ביידע ברעגן פון דער וואָלגאַ ציען מיט שטריק שיפלעך.

# בעלא מעסאָלי

# BELA MESZOLY

## 1889-1942



אין איינעם פון די הייזער פון פאַריזער אַרבעטער-פערטל „בעלוויל“ האָט געלעבט און געחלומט אין אַ ד׳ אמות-שטיבעלע, אויפן אכטן גאָרן, דער יידישער מאָלער-קינסטלער פון אונגערן בעלאַ מעסאָלי.

אַן ערנסטע און טיפע קינסטלער-געשטאַלט.

געלעבט האָט ער אין מאַטעריעלער אָרעמקייט און נויט. אָבער, נישט געקוקט אויף דעם, האָט אים, געלט קיין מאָל נישט אינטערעסירט.

ער איז געווען אַ גרויסער ליבהאָבער און פאַרערער פון רעמבראַנדטן און פון דער פראַנצויזישער מאָלעריי.

געמאָלן איילבילדער, געמאַכט אויך גראַווירונגען. מאָלן איז ביי אים געווען אַן עבודת-הקודש.

דער דאָזיקער צאַרט-פילנדיקער קינסטלער-טרוימער האָט מיט אַ באַזונדער ליבשאַפט ליב געהאַט קינדער און בלומען. זיין ליבשאַפט פאַרן קינד, פאַר אויפגייענדיק לעבן, איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט אויסגעטראַכט אַ נייעם מין קינדער-וועגעלע, וואָרעם ער האָט אויסגעפונען, אַז אין זייערע איצטיקע וועגעלעך האָבן די קינדער נישט גענוג לופט.

די באַוווּנדערונג, ליבשאַפט און דרך-ארץ פאַר דער בלום איז געווען ביי אים אַזוי טיף, אַז ער פלעגט קיין מאָל נישט אָפּרייסן אין ערגעץ קיין בלום.

ער האָט אויך ליב געהאַט די בעלי-חיים.

צו אַלץ, וואָס אָטעמט, האָט זיך דער קינסטלער באַצויגן מיט דרך-ארץ און יראת-הכבוד.

אויף אים קען מען טאַקע זאָגן די שיינע, רירנדיקע ווערטער פון גרויסן אַמעריקאַנער פּאָעט וואָלט וויטמען: „פון אַלץ, וואָס אָטעמט, באַפייכט איך די וואָרצלען.“

אין זיין מאָלעריי געפינען מיר אַ טיפע סימפּאַטיע, אַ טיף מיטפילן און מיטליידן מיט די ווייטיקן און צערן פון אַלע אָרעמע און אומגליקלעכע. מיט די ליידן פון די זקנים, מיט די ליידן פון זיין יידיש פאָלק.

ער האָט געמאָלן מיט אַ סך סימפּאַטיע און דרך-ארץ טיפּן פון יידישע זקנים מיט די טיפע, ערנסטע, פילזאָגנ־דיקע קנייטשן אויף זייערע פנימער.

ער האָט זייער ליב געהאַט איינס פון זיינע בילדער, וואָס שטעלט פאָר צוויי יידישע זקנים.

ער האָט בכלל געמאָלן אַ סך „קעפּ“ פון אַלטע יידישע טיפּן.

ער האָט מיט אַ וואַרעמער סימפּאַטיע געמאָלן דאָס לעבן פון אַרבעטער-פאָלק, מיט וועלכן ער האָט זיך אַ סך אינ־טערעסירט.

ער האָט ליב געהאַט צו מאָלן באַוועגונג, רעלסן אויף וועלכע עס לויפן באַנען.

ער האָט אָבער אויך ליב געהאַט צו מאָלן שטילע, פאַר־חלומטע געסלעך.

פון זיינע אָפּטע באַזוכן אין אַמסטערדאַם, ווו ער האָט עטלעכע מאָל אויסגעשטעלט זיינע ווערק, האָט ער מיטגעברענגט מיט זיך עטלעכע פון אים דאָרטן געמאָלענע געסלעך.

„אינטעריערן" האָבן אים ווינציקער אינטערעסירט. די פרוי האָט אים אינטערעסירט ווי אַ מאָטיוו צו אַ בילד „מאַמע און קינד".

מלחמה־צייט, ווען מען האָט חרוב געמאַכט, דערשטיקט מענטשן — וועלטן, האָט ער, איידער מען האָט אים אוועקגעריסן פון זיין שאַפן און געפירט צו אומקום, געמאָלן אַ גרויס בילד מיט אַ ווייטיקלעכער, טראַגישער וויזיע: דאָס דאָזיקע בילד שטעלט פאָר אַ פרוי, וואָס גייט צו קינד. זי קאָרטשעט זיך אין דרייען פון אירע געבורט־ווייען לעבן אַ דייטשישן קאַנאָן.

אין הינטערגרונט פונעם בילד: עמבריאָנען. זיי ווילן דעם טאָג פון לעבן בימי היטלער שוין נישט דערזען. עס טראָגן זיך ברוינע מחבלים, וואָס ווילן אַלץ, אַלץ צעטרעטן און דערשטיקן.

דאָס איז געווען די לעצטע, גרויסע קאָמפּאָזיציע פון אונגעריש־יידישן מאָלער־קינסטלער בעלאַ מעסאָלי, וואָס איז געבוירן געוואָרן דעם 24טן יוני 1889 אין בודאַפּעשט.
ער האָט אין זיין אונגערישער געבוירן־שטאָט באַזוכט די יידישע גימנאַזיע.
ווען ער איז געגאַנגען אין גימנאַזיע, האָט ער אָנגעהויבן אַרויסצווייזן אַן אינטערעס פאַר צייכענען און מאָלן. און מיט אים האָט זיך אָנגעהויבן דאָרטן צו אינטערעסירן פּראָפ' פעליקס ווידער, וואָס האָט די תלמידים פון דער גימנאַזיע געלערנט צייכענען. ער האָט אים געמוטיקט און צוגעגעבן חשק זיך אָפּצוגעבן מיט מאָלעריי.

ווען ער איז אַלט געוואָרן צען יאָר, איז אים זיין פאָטער געשטאָרבן און זיין פרומע יידישע מאַמע איז געבליבן מיט זיבן קליינע יתומים, וואָס זי האָט באַדאַרפט מפרנס זיין איינע אַליין.

נאָכן ענדיקן די גימנאַזיע האָט די מאַמע געוואָלט, אַז איר בעלאַ זאָל זיך נעמען צו עפּעס אַ מער פּראַקטישן באַרוף, ווערן אַ ביוראָ־אָנגעשטעלטער. ער איז שוין אָבער געווען אין גאַנצן פאַרכאַפּט פון דער מאָלעריי און זיך געלאָזט קיין מינכען, כדי צו שטודירן אין דער אָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע. אַלט געווען איז ער דעמאָלט אַכצן יאָר.

אַרום 1912 איז ער פון דאָרטן צוריקגעקומען אין זיין געבוירן־שטאָט, ווו ער האָט צום ערשטן מאָל אויסגעשטעלט זיינע קינסטלערישע שאַפונגען.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־שרפה, איז ער באַלד מאָביליזירט געוואָרן צו דער עסטרייכיש־אונגערישער אַרמיי, געווען אויפן פראָנט און פון דאָרטן צוריקגעקומען אַ פאַרוואונדיקטער.

נאָך דער מלחמה האָט ער זיך תיכף צוריקגענומען צו זיין קינסטלערישן באַרוף און באַזוכט עטלעכע לענדער.
ער האָט אויסגעשטעלט זיינע קינסטלערישע יצירות אין פּאַריז, ניצע, לאָנדאָן, אַמסטערדאַם, פּראָג און אין עטלעכע שטעט פון דענעמאַרק.
בילדער פון אים געפינען זיך אין די מוזייען פון זיין געבוירן־שטאָט און פון אַנדערע אייראָפּעיִשע שטעט.
אַרויסגייענדיק, זומער 1942, פון דער פּאַריזער אונטערערדישער באַן, די „מעטראָ", האָט מען אים פאַרהאַלטן און אַוועקגעפירט קיין דראַנסי.

ער איז פון דאָרטן דעפּאָרטירט געוואָרן דעם 28טן אָקטאָבער 1942.

# חיים סוטין

# CHAIM SOUTINE

1893-1943

אינעם יאָר 1893 איז ביי ר׳ שלמהן, דעם אָרעמען יידישן שניידער אינעם קליינעם ווייסרוסיש־יידישן שטעטל סמילאָוויטש, מינסקער גובערניע, געבוירן געוואָרן דאָס אַכטע קינד, וואָס ער האָט אים אַ נאָמען געגעבן חיים.

אינעם שטעטל, ווו דער אָרעמער יידישער שניידער האָט געוווינט מיט זיין הויזגעזינד, האָבן זיך געפונען אַן ערך דריי טויזנט יידישע נפשות. דער רעשט פון דער באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון טאָטערן און פון אַ ביסל רוסן און פאָליאַקן. זיי אַלע האָבן פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ קליינעם מיעוט אין שטעטל.

ר׳ שלמה האָט פאַרמאָגט אַ קליין הייזל, וואָס איז געשטאַנען לעבן טייך וואָלמאַ. אַ



חיים סוטין, פאָטאָ

פופציק מעטער פון ר׳ שלמהס הייזל, אויפן אַנדערן ברעג טייך, האָבן געהויזט די טאָטערן מיט זייערע הויזגעזינדן. נישט געקוקט אויפן דלות, וואָס האָט שטענדיק געוועלטיקט ביי אים אין שטוב, אויף די שטענדיקע דאגות־פרנסה, איז ר׳ שלמה געווען פון די יידן, וואָס דער דלות האָט נישט געקענט צעברעכן.

ר׳ שלמה שניידער איז געווען אַ ייד, וואָס האָט ביי איטלעכער געלעגנהייט געפונען דאָס פאַסיקע וואָרט. זיצנדיק ביים פענצטער אויפן טיש, איין פוס פאַרלייגט אויפן אַנדערן, ווי אַ בודהאַ, מיט אַ שטיקל אַרבעט אין האַנט, האָט ר׳ שלמה בשעת־מעשה ליב געהאַט צו דערציילן מעשיות, כלערליי אַנעקדאָטן און גלייכווערטלעך.

אַחוץ פאַר זיינע שטעטלדיקע יידן האָט ר׳ שלמה אויכעט געניית פאַר די גויאישע פני־העיר, פון וואָס ער איז געווען נישט ווינציק שטאָלץ.

אַנדערש איז געווען זיין ווייב שרה: זי איז געווען אַ פאַרשלאָסענער מענטש. אַרומגעגאַנגען שטענדיק אומעטיק, פאַרדאגהט און פאַרזאָרגט פונעם שווערן עול, וואָס איר גרויס הויזגעזינד האָט אַרויפגעלייגט אויף איר: די דאגה פון קאָרמענען דאָס קליינוואַרג אירס, וואָס איז געווען תמיד הונגעריק און האָט געפאָדערט דאָס זייניקע: עסן.

זי האָט זיך נישט געקענט קיין עצה געבן מיט דער חברה פיקערס, וואָס פון אַלע איז חיים געווען דער גרעסטער „זולל־וסובא“. אָפט מאָל האָט די פאַרדאגהטע, פאַרביטערטע מאַמע זיי אָפגעפאַרטיקט — אָנשטאָט מיט ברויט — מיט אַ מתנת־יד. און חיימל, וואָס איז געווען דער גרעסטער „פרעסער“, האָט מער באַקומען פון אַלע אַנדערע קינדער...

די מאַמע האָט קיין מאָל נישט פאַרלאָזט איר געבוירן־שטעטל סמילאָוויטש מיט די קליינע הייזלעך, אָנגעשפאַרט

אין צוגעטוליעט איינס צום אַנדערן, ווי זיי, די קליינע הייז-
לעך, וואָלטן זיך געוואָלט איינס דאָס אַנדערע באַשערע-
מען און באַשיצן...

פון אַלע קינדער אין שטוב האָט ר' שלמה צו מיינסט גע-
האַלטן פון זיין גרשון, וואָס איז געווען אַ ווילערנער און
האָט באַקומען שפּעטער סמיכת-הרבנות. אויף אים האָט
מען אין שטוב געקוקט ווי אויף עפּעס אַ בעסערן און
איידעלערן. די סמילאָוויטשער יידן האָבן געהאַט גרויס
דרך-ארץ פאַר ר' שלמהן דעם שניידער, וואָס — כאָטש
ער איז אַן אָרעמאַן אין זיבן פּאָלעס, — לאָזט ער פּאָרט
זיינס אַ קינד לערנען תורה...

גרשונען האָט זיך אָבער שפּעטער פאַרוואָלט אויך לערנען
לימודי-חול. במשך פון צוויי יאָר האָט גרשון זיי געלערנט
מיט התמדה און געמאַכט אפילו מאַטורע.

ר' שלמהס אַנדערער זון, חיימל, האָט זיך אַרומגעטראָגן
מיט זיין „דיבוק": מאַלעווען. חיימל האָט, נישט געקוקט,
וואָס ער איז אַרומגעגאַנגען תמיד הונגעריק — געהאַלטן
אין איין צייכענען אין שטעטל. חיימלס גרעסטע תשוקה
איז געווען צו האָבן אַ קאָלירטן בליי, מיט וועלכן ער זאָל
קענען צייכענען.

ביים טאַטן אין שטוב האָט מען געקוקט אויף חיימלס „מאַ-
לעווען" ווי אויף אַן איבעריקער און אומנוציקער זאַך, אַז
אַנשיקעניש. דער פאָטער וואָלט ליבערשט געוואָלט פון אים
מאַכן אַ רב. און אויב שוין נישט קיין רב, איז כאָטש אַ
שניידער.

טייל מאָל פלעגט זיך חיימל פאַרדינען עטלעכע קאָפּיקעס
ביים צייכענען אַ פּאָרטרעט נאָך אַ פאָטאָגראַפיע.

איין מאָל איז מיט חיימלען געשען אַ מכשול, בעת ער האָט
געהאַלטן אין צייכענען: אין סמילאָוויטש, זיין געבוירן-
שטעטל, האָט זיך געפונען אַ חשובער זקן, וואָס האָט גע-
האַט אַ לאַנגע ווייסע באָרד. חיימלען איז דער דאָזיקער
זקן מיט זיין פּאַטריאַרכאַלישן אויסזען שטאַרק געפעלן און
ער האָט זיך גענומען אים צייכענען.

די מקורבים פונעם זקן האָבן דאָס באַמערקט. גלייבנדיק,
אַז חיימל וויל מיט דעם חוזקן, שפּאַטן פונעם חשובן אַל-
טיטשקן, האָבן זיי אים געשלאָגן מכות-רצח.

אין שטעטל סמילאָוויטש איז געוואָרן באַלד אַ רעש, אַ
קאָכעניש. די שלעגערס האָבן זיך פון דעם זייער דער-
שראָקן. ר' שלמה שניידער און זיין ווייב שרה זיינען
געווען אויפגעבראַכט פון דער עוולה, וואָס מען איז
באַגאַנגען לגבי זייער קינד. די שלעגערס האָבן זיך באַ-
מיט דעם ענין, וואָס איז געקומען ביזן „נאַטשאַלניק" פון
שטעטל, צו פאַרטושן. און אַז מען פרעגט חיימלען, צי ער
וויל זיך לאָזן איבערבעטן, ענטפערט דאָס יינגל, דעם קאָפּ
אַראָפּגעלאָזט, מיט „ניין".

מ'האָט קוים אָפּגעמאַכט, אַז די שלעגערס וועלן פאַר די



ח. סוטין — פּייזאַזש, אוילבילד
קאָלעקציע בינג

קלעפּ, וואָס חיימל האָט פון זיי באַקומען, אים געבן פופצן
רובל.

**

חיים סוטין, דאָס אָרעמע יינגל, וואָס האָט זיך טייל מאָל
פאַרדינט עטלעכע קאָפּיקעס אין שטעטל, האָט פאַרמאָגט
אַ ברייטע האַנט: אַז ער איז אַ מאָל געגאַנגען צום
שטעטלשן פריזירער, האָט ער אים געגעבן תמיד מער פאַר
זיין טירחה, ווי די נגידים פון שטעטל, און דער שטעטל-
שער פריזיער האָט געזאָגט צום פאָטער:

— איר ווייסט, ר' שלמה, וואָס איך וועל אייך זאָגן?
קיינער אין שטאָט האָט מיר נאָך נישט אַזוי גוט באַצאָלט
ווי חיים.

**

די עלטערן האָבן אָנגעהויבן צו זוכן פאַר זייער זון, וואָס
האַלט, מחמת דעם „דיבוק" זיינעם, אין איין „מאַלעווען",
עפּעס אַ תכלית, מאַכן פון אים אַ שטיקל לייט.

זיי האָבן אים געשיקט צו זיין שוועסטער קיין מינסק. זיי
האָבן געוואָלט, אַז ער זאָל זיך אויסלערנען ביי זייער איי-
דעם אין מינסק שניידעריי.

ווען חיימל איז געקומען קיין מינסק צו זיין שוועסטער זיך
לערנען ביי איר מאַן שניידעריי, איז ער אַלט געווען ניין



ח. סוטין — די קאָנפירמאַנדין, אײלבילד

יאָר... אַחוץ אין חדר, האָט ער אין קיין שום שול נישט געלערנט.

נישט לאַנג איז דאָס סמילאָוויטשער ייִנגל, מיט זײַן באַנו־מענקייט צו צייכענען, צו מאָלן, געבליבן בײַ נאָדל און פאָדעם...

אין מינסק, ווו היימל האָט זיך באַדאַרפט אָפּגעבן מיט שער און אײַזן, האָט זיך געפונען דער אָפּיציעלער ייִדישער מאָלער קלוגער, וואָס האָט געהאַט אין שטאָט אַ צייכנשול. חיים סוטין און זײַן פרײַנד מיכאל קיקאָין, דער הײַנט באַוווסטער מאָלער־קינסטלער, זײַנען אַרײַן אין קלו־גערס צייכנשול. ער, קלוגער, האָט זיי ביידע מבטיח גע־ווען, אַז האָבנדיק געלערנט בײַ אים בלויז זעקס חדשים, וועלן זיי זײַן ביכולת צו מאַכן פּאָרטרעטן סיי פון פאָטאָ־גראַפיעס, סיי פון נאַטור, און זיך פאַרדינען זייער ברויט.

אינטלעכע וואָך האָט חיים סוטין באַקומען צוגעשיקט פון סמילאָוויטש, פאַר זײַן גאַנצער דערנערונג, אַ קײַלעכדיק ברויט, וואָס די מאַמע האָט אַליין געבאַקן. פון צײַט צו צײַט קומט ער אַראָפּ אין זײַן שטעטל, וואָס ליגט צוועלף קילאָ־מעטער ווײַט פון מינסק, בכדי דאָרטן עפּעס איבערכאַפּן...

ער אַרבעט שפּעטער אַ שטיקל צײַט אין מינסק בײַ אַ פאָטאָגראַפיסט.

געטריבן פון אינעווייניקסטן פאַרבאַרגענעם כּוח, וואָס האָט אים נישט געגעבן קיין מנוחה, קיין רו, איז ער איין תּשוקה, איין מעכטיקער באַגער: זיך לאָזן קיין ווילנע און אַרײַנטרעטן אין דער דאָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע.

אַן מיטלען לאָזט זיך דאָס פּופּצן־יאָריקע ייִנגל אויף גאָטס באַראָט קיין ווילנע, כּדי צו לערנען אין דער ווילנער קונסט־אַקאַדעמיע מאָלערײַ.

כּדי צו ווערן אָנגענומען, דאַרף מען אָבער אַדורכגיין צו־ערשט אַן עקזאַמען. דער עקזאַמען אין דער אַקאַדעמיע הייבט זיך אָן אַ זייגער אַכט אין דער פרי. דרײַ אַ זייגער בײַ נאַכט שטייט דאָס פּופּצן־יאָריקע סמילאָוויטשער ייִנגל פאַר דער אַקאַדעמיע. מיט אַ קלאַפּנדיק, ציטערנדיק האַרץ שפּרייזט ער אַהין און צוריק איבערן טראָטואַר פאַר דער ווילנער אַקאַדעמיע.

ענדלעך ווערן זיי געעפנט, די טויערן פון דער קונסט־אַקאַדעמיע:

אַ צאַפּלדיקער און ציטערנדיקער שטעלט ער זיך צום עק־זאַמען. אַ גרויס אומגליק איז אים געשען: חיים סוטין, וואָס איז נאָך מי און מאַטערניש געקומען קיין ווילנע שטודירן מאָלערײַ, פאַלט אַדורך בײַם עקזאַמען. ער ווערט פאַרצווייפלט און צעבראָכן: צו נישט זײַנען מיט איין מאָל געוואָרן זײַנע רײַכע, פאַרביקע האָפענונגען.

אין זײַן גרויסן צער און טיפער פאַרצווייפלטקייט פאַלט ער ממש צו די פיס פון פּראָפעסאָר ריבאַקאָוו, בעטנדיק זיך רחמים. דער אַלטער דירעקטאָר פון דער ווילנער קונסט־אַקאַדעמיע, טרוטניעוו, ווערט טיף גערירט פונעם דאָזיקן צער און פאַרצווייפלטקייט פון יונגן בחור און איז מסכּים, אַז סוטין זאָל אָנהייבן נאָך איין מאָל דעם עקזאַמען.

מ׳האָט אים, דאָס ציטערנדיקע ייִנגל, אַרײַנגעפירט אין אַ באַזונדער חדר און חיים סוטין האָט זיך געשטעלט דאָרטן צייכענען. געפּרוּווט נאָך אַ מאָל זײַן מזל.

דאָס מאָל האָט ער הצלחה: די פּראָפעסאָרן פון דער קונסט־אַקאַדעמיע באַטראַכטן די אַרבעט, וואָס ער האָט געמאַכט דאָרטן אין פאַרשלאָסענעם חדר, און אָפּגעמאַכט תיכף, אַז חיים סוטין איז ראוי צו זײַן אַ תּלמיד פון דער ווילנער קונסט־אַקאַדעמיע.

**

שפּעטער איז חיים סוטין געוואָרן פאַררעכנט צו די בעסטע תּלמידים פון דער אַקאַדעמיע. ער האָט דאָרטן באַזונדער נושא חן געווען בײַם יונגן פּראָפעסאָר ריבאַקאָוו, וואָס האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך בײַ אַלע זײַנע געוועזענע תּלמידים אַ שם־טוב. דער דאָזיקער יונגער און סימפּאַטי־שער פּראָפעסאָר האָט אַרויסגעוויזן פאַר סוטינען אַ גאָר באַזונדערן אינטערעס און סימפּאַטיע.

אין ווילנע קומט אוים חיים סוטינען — ווי תמיד — זיך צו ראַנגלען פאַר זיין נאַקעטער עקזיסטענץ: צוויי מאָל אין דער וואָך עסט ער ביים ווילנער יידישן דענטיסט ראַפאַל־קעס. נאָך אַ ווילנער יידישער דאָקטאָר פלעגט אים העלפן.

***

די ערשטע צייט האָט סוטין באַזוכט די קונסט־אַקאַדעמיע מיט גרויס התמדה: קיין איין טאָג נישט פאַרפעלט צו קומען צו די קורסן. שפּעטער קומט ער שוין זעלטענער. דער תמימותדיקער סמילאָוויטשער בחור האָט אָבער תמיד גע־האַט צוגעגרייט זיינע אַרבעטן פאַר די עקזאַמענס.

בעת די עקזאַמענס ווערן די געמעלן זיינע שטענדיק אָנגע־נומען. ער פלעגט באַקומען אַ גוטע נאָטע און אַריבערגיין אין אַ העכערן קלאַס.

אין ווילנע הייבט אָן דער שטילער חיים סוטין זיך אויך צו אינטערעסירן מיט טעאַטער. ער הייבט אָן ליב צו האָבן צו גיין דאָרטן צו די טעאַטער־פאָרשטעלונגען. דאָס האַרץ פון עניוותדיקן סמילאָוויטשער בחור ווערט באַוועלטיקט, פאַרפלייצט פון אַ נייער בענקעניש, פון אַ נייער תשוקה: חיים סוטינען, וואָס איז געווען ווי אַ באַנו־מענער וואָס שייך מאָלעריי, ציט צו נייע, צו ברייטערע האָריזאָנטן. גאָרנישט קען אים מער צוריקהאַלטן אין זיין רצון, אין זיין מעכטיקן באַגער זיך צו לאָזן אין וויטן פאַריז, אין יענעם גרויסן קונסט־צענטער.

אָן מיטלען און אָן דער מינדסטער קענטעניש פון דער פראַנצויזישער שפּראַך קומט דער פון דער מאָלעריי באַ־זעסענער חיים סוטין אין יאָר 1912, אין עלטער פון 19 יאָר, קיין פאַריז, וווּ ער טרעט אַריין אין דער קונסט־אַקאַ־דעמיע. ער ווערט דער תלמיד פון פּראָפעסאָר קאָרמאָן.

צו דער נסיעה קיין פאַריז האָט אים געהאָלפן אַ ווילנער מעצענאַט.

איידער ער לאָזט זיך קיין פאַריז, פאַרפעלט ער נישט צו קומען צוערשט אין זיין געבוירן־שטעטל.

זיין לעבן אין פאַריז איז איין קייט פון נייע, שווערע, טאָג־טעגלעכע זאָרגן און געראַנגלען פאַר אַ שטיקל ברויט. ער לעבט דאָ אין הונגער און דחקות. אַ הונגעריקער און אויסגעמאַטערטער פאַלט ער אָפט מאָל אַוועק אויף זיין געלעגער אין זיין אַטעליע, וואָס האָט זיך געפונען אין „בינשטאָק" („לאַ ריש").

ווי ס'גיט איבער דער באַוווּסטער מאָלער־קינסטלער מיכאל קיקאָין, סוטינס יוגנטפריינד, האָט סוטין צוליב זיין ביטע־רער מאַטעריעלער נויט געוואָלט איין מאָל זיך שוין נע־מען דאָס לעבן אין פאַריז.
אָבער דער מאָלעריי - „דיבוק", וואָס האָט אים נישט אָפּ־



ח. סוטין — דאָס קיך־ייִנגל, אייִלבילד

געלאָזט, האָט זיך אַרויסגעוויזן שטאַרקער ווי דער טויט. ער האָט אים גובר געווען...

אין פאַריז באַקענט זיך חיים סוטין מיטן גרויסן, טראַגישן, יונג־פאַרשטאָרבענעם איטאַליעניש־יידישן מאָלער אַמאַדעאָ מאָדיליאַני (1885־1920). ביידע, אַמאַדעאָ מאָדיליאַני, וואָס האָט געשטאַמט פון אַ רייכער, יחוסדיקער יידישער היים אין זוניקן, פאַרבנרייכן איטאַליע, און חיים סוטין, וואָס האָט געשטאַמט פון אָרעמען יידישן שטעטעלע סמילאָוויטש אין מינסקער גובערניע, זיינען געוואָרן גאָר נאָענטע פריינד. אַמאַדעאָן האָבן די עלטערן אויפגעהערט צו שיקן געלט און ער האָט — ווי סוטין — געלעבט אין נויט. ער האָט שפּע־טער געשלאָפן ביי זיין פריינד סוטין אין דער אַטעליע אויף „סיטי פאַלגער".

אָט ווי עס האָט איין מאָל געזען די דאָזיקע ביידע פריינד דער באַוווּסטער יידישער מאָלער־קינסטלער פּינחס קרעמען:

— „איך קום אַריין איין מאָל אין סוטינס אַטעליע — זאָגט דער קינסטלער. ביי נאַכט איז עס געווען: קיין טיש, קיין מעבל. אין איין ווינקל אויף דער ערד ליגט סוטין, מיט אַ ליכט אין האַנט, און לייענט אַ צייטונג, און מאָדיליאַני, מיט אַ ליכט אין האַנט, ספּינאָזאַ..."

אויך סוטין האָט ליב געהאַט זיך צו פאַרטיפן אין אַן ערנסט ווערק: ער האָט ליב געהאַט צו לייענען דאָסטאָיעווסקין, ראַבלע'ן און גאָר באַזונדער באַלזאַקן. געלייענט אַ מאָל אויך שלום עליכמען.

היים סוטינס פריינד אַמאַדעאָ מאָדיליאַני, וואָס איז געשטאָרבן אין פּאַריזער שפּיטאָל „לאַ שאַריטע" אין עלטער פון פינף און דרייסיק יאָר, פלעגט זיך אַוועקזעצן אין קאַפע „לאַ ראָטאָנד" צייכענען. ער פלעגט מייסטנס דערנאָך מיט אַ ברייטער האַנט אַוועקגעבן במתנה די מענטשן אין קאַפע זיינע צייכענונגען.

דער געבוירענער גייסטיקער אַריסטאָקראַט, מיטן ברייטן זיידענעם פלאַטערדיקן שניפּס און מיט ברענענדיקע אויגן, פלעגט זיך אַוועקשטעלן פאַר דער טעראַסע פון קאַפע „לאַ ראָטאָנד" און דעקלאַמירן — צום געלעכטער פון די, וואָס זיינען דאָרטן געזעסן — דאַנטעס „גיהנום"...

דאָס קינד פון זוניקן איטאַליע פלעגט אָפט מאָל אויסשרייען, איבערהזרן: — „איך בין נישט קיין איטאַליענער, איך בין אַ ייד און די קונסט מיינע איז אַ יידישע."

דער דאָזיקער גרויסער, טראַגישער קינסטלער פלעגט אָפט מאָל דערשטיקן זיין גרויסן ווייטיק און צער אין אַלקאָהאָל.

**
*

חיים סוטין, דער קינסטלער־וויזיאָנער, וואָס ווערט פאַרצערט פון זיין וועלט פון פאַרבן און פון פאַרעמען, פון אַן אינעווייניקסטער באַזעסנקייט, פאַרלאָזט פּאַריז.

אַן מיטלען פאַר זיין טעגלעך פיזיש לעבן לאָזט זיך דער יונגער קינסטלער קיין סערע, וואָס ביי דער שפּאַנישער גרענעץ.

אין סערע אַרבעט ער מיט ברען, מיט גרויס התפעלות. נישט האָבנדיק קיין פענדזל, מאָלט ער זיינע געמעלן מיט די פינגער.



ח. סוטין — דער גרויסער בוים, 1942, אוילבילד

דער פּאַריזער קונסטהענדלער לעאָפּאָלד זבאָראָווסקי שיקט אים אַ מאָל עטלעכע פראַנק.

***

סוטינס בעסטע געמעלן געהערן צו צוויי תקופות: צו דער תקופה, איידער ער איז געפאָרן פון פּאַריז קיין סערע, און צו דער תקופה, בעת ער האָט געשאַפן אין סערע.
חיים סוטין פלעגט ריידן אָפט וועגן זיין „סערער תקופה“.

***

געווען איז חיים סוטין אַ מענטש פול מיט רירנדיקער פּשטות און עניוות. ער האָט נישט געהאַט קיין חוש פאַרן אַזוי גערופענעם „פּראַקטישן לעבן“. זייענדיק תמיד פאַרזונקען אין זיינע חלומות, אין זיינע גרויסע מאָלערישע וויזיעס, באַוועלטיקט פון זיין גרויסער ליידנשאַפט פאַר דער מאָלעריי, אַריינגעטאָן אין גאַנצן אין זיין וועלט פון פאַרבן און פאָרעמען — האָט אים, דעם גרויסן בעל־הלומות פון קליינעם יידישן שטעטל סמילאָוויטש, פּאַסירט תמיד עפּעס אַ מכשול: צעברעכן זיך אַ מאָל אַ פוס, ווערן באַפאַלן פון אַ הברה לאָבוזעס וכדומה.

געפינענדיק זיך אין סערע, ווערט דער גרויסער וויזיאָנער איין מאָל אַרעסטירט ווי אַ שלעפּער. אַן אַנדער מאָל, בשעת ער פאָרט צוריק קיין סערע פון אַ באַזוך ביי זיין יוגנטפריינד, דעם מאָלער־קינסטלער קיקאָין, וואָס האָט זיך בשעתו געפונען אין דאָרף אַנע־סיר־סערען, קומען אין דער באַן זשאַנדאַרן זוכן אַ מערדער און זיי פאַרהאַלטן סוטינען אין לאַ ראָש, אין בורגאָן, פערציק קילאָמעטער פונעם דאָרף, ווו ס'האָט זיך אויפגעהאַלטן דענצמאָל דער מאָלער־קינסטלער מיכאל קיקאָין.

די זשאַנדאַרן פרעגן סוטינען, וואָס איז שטענדיק געגאַנגען דעם קאַפּעליוש אַראָפּגעלאָזט ביז צו די אויגן, פון וואַנען ער קומט? און ער, חיים סוטין, וואָס האָט געלעבט אין גאָר אַן אַנדערער, אין זיין וועלט פון פאַרבן, פון וויזיעס, האָט נישט געדענקט דעם נאָמען פונעם דאָרף, ווו ער איז נאָר וואָס געווען. די זשאַנדאַרן האָבן אים אָנגענומען פאַרן מערדער, וואָס זיי האָבן געזוכט, און אים גוט צעממיתט... געווען איז דאָס אין יאָר 1920.

■

דער מאָלער־וויזיאָנער קומט צוריק קיין פּאַריז פון סערע, ווו ער האָט זיך געהאַט צוריקגעצויגן און ווו ער האָט — נישט געקוקט אויף די כלערליי שווערע מניעות — ממשיך געווען זיין קינסטלערישע יצירה. ער ברענגט מיט זיך מיט די געמעלן, וואָס ער האָט דאָרטן, אַ צוריקגעצויגענער אין יענעם שטילן מקום, געהאַט געמאָלן.

דער שווערער מאַטעריעלער מצב זיינער איז אויך דאָס מאָל, קומענדיק צוריק קיין פּאַריז, נישט געוואָרן אויף אַ האָר לייכטער. דער אייביקער שאָטן פון דחקות און נויט הערט נישט אויף אים צו באַגלייטן. ער ראַנגלט זיך מיט אים. ער וויל נישט, אַז ער זאָל האָבן אויף אים אַ שליטה. דווקא אַרבעט ער זייער אַ סך. ער אַרבעט ממש מיט פאַרצווייפלונג.

ער ווערט מאַטעריעל געשטיצט אַ ביסל פון געוועזענעם פּרעפעקט ה' קאַסטען און פרוי (זיי פאַרמאָגן אַ רייכע קאָלעקציע פון סוטינס ווערק).

ווי עס פּאַסירט בדרך־כלל מיט איטלעכן גאון, האָט מען אויך חיים סוטינען, אים און זיין מאָלעריי, נישט פאַרשטאַנען, נישט תופס געווען. מ'האָט פון זיי, זיינע געמעלן, נישט געהאַלטן און, פאַרשטייט זיך, אַז קיינער האָט זיי אויך נישט געקויפט.

געוויסע חברים האָבן אים אפילו שוין געעצהט זיך צו געזעגענען מיט דער מאָלעריי און זיך צו נעמען צו אַן אַנדער מלאכה...

■

סוטין מיט זיין תמיד ערנסט־אומעטיקן, פאַרטראַכטן געמיט, וואָס האָט טיף אין האַרצן געטראָגן אַ ווולקאַניש פייער, אַ פייער, וואָס ער האָט איבערגעגעבן אויף זיינע לייוונטן, ווערט מיט אַ מאָל נתגלה. ער ווערט באַרימט ווי „איינער פון די גרעסטע קינסטלער פון אונדזער תקופה“:

פון פילאַדעלפיע, אַמעריקע, קומט קיין פּאַריז אַ קונסט־קאָלעקציאָנער. זיין נאָמען איז: ד"ר באַרנעס.

דער אַמעריקאַנער קונסט־קאָלעקציאָנער ווענדט זיך צום פּאַריזער קונסטהענדלער לעאָפּאָלד זבאָראָווסקי, וואָס ווייזט דעם אַמעריקאַנער געמעלן פון פּאַריזער קינסטלער. די געמעלן פון חיים סוטין קווענקלט זיך צוערשט זבאָראָווסקי צו ווייזן דעם אַמעריקאַנער קאָלעקציאָנער. צום סוף נעמט ער אַרויס איין בילד נאָך אַ בילד פון דעם ביז איצט אין גאַנצן אומבאַקאַנטן קינסטלער. יענער, דער ד"ר באַרנעס, הייסט זיך ווייזן נאָך בילדער פון דעם זעלביקן קינסטלער. ד"ר באַרנעס ווערט פון די געוויזענע בילדער פון אומבאַקאַנטן מאָלער נתפעל: ער קויפט אָפּ ביי זבאָראָווסקין סוטינס אַלע בילדער — עטלעכע צענדליק בילדער, וואָס זיינען געלעגן ביי זבאָראָווסקין און וואָס קיינער האָט נישט געקויפט.

מען הייבט אָן זיך צו אינטערעסירן מיט סוטינס מאָלעריי. ס'הייבן אָן זיך צו אינטערעסירן מיט סוטינס בילדער כלערליי קונסטהענדלער.

חיים סוטין, דער צוריקגעצויגענער, עניוותדיקער מענטש, דער מענטש, וואָס האָט פיינט געהאַט איטלעכן רעש און געטומל, ווערט תיכף מצד זיי „לאַנסירט“. זיינע געמעלן ווערן ביי די הענדלער אַן אָביעקט פון ספּעקולאַציע.

דער זון פון אָרעמען יידישן שניידער פון שטעטל סמילאָווישט, וועלכער איז געווען אַ זייער פילבאַרער, צניעותדיקער מענטש און נישט געהאַט קיין חוש פאַרן „פּראַקטישן לעבן“, האָט געליטן מאָראַליש פונעם רעש, וואָס מ'האָט געמאַכט אַרום אים און אַרום זיין קונסט.

ווען חיים סוטין איז געוואָרן באַרימט ווי אַן אָנדערקענטער, גרויסער קינסטלער, ווי אַ נאָר וואָס אַנטפּלעקטער גאון

אין דער מאָלעריי, האָט ער אָנגעהויבן צו ליידן שווערע יסורים פון אַ מאָגן־קראַנקייט. די שווערע פיזישע יסורים האָבן אים געפּייניקט און אָפט מאָל געשטערט אים צו אַרבעטן.

אַזוי ווי חיים סוטין האָט געהאַט אַ מאָל זיך צו ראַנגלען מיט זיין מאַטעריעלער נויט, אַזוי האָט ער זיך אָנגעהויבן ראַנגלען מיט זיינע פיזישע יסורים און פּיין. ער האָט זיך באַמיט זיי גובר זיין און ממשיך זיין זיין קינסטלערישע שאַפונג.

ער, וואָס די גאַנצע תמצית, דער גאַנצער זין פון זיין לעבן איז געלעגן אין דער מאָלעריי, אין קאָלירן, האָט זיך — ווען די פיזישע יסורים און פּיין זיינען געווען באַזונדער שטאַרק — געמוזט צייטנווייז אָפּזאָגן פון זיין שאַפן.

ווען די יסורים לאָזן אָפּ אַ ביסל, נעמט ער זיך, ווי אַ באַפרייטער, ווי אַן אויסגעלייזטער און אויסגעלייטערטער, באַלד צוריק צו זיין אַרבעט, צו זיין עבודת־הקודש. ער איז דענצמאָל גוט און מילד, ווי אַ באַרואיקט קינד, און שטייט מיט די שוואַרצע, טיפע נייגעריקע אויגן, מיט זיינע זייער שיינע שוואַרצע האָר און שיינע ווייסע ציין, וועלכע ער האָט ליב געהאַט צו פלעגן, ביי זיין מאָלער־עמוד, דעם פּענדזל אין איינער פון די שיינע, לאַנגע ווייסע הענט, און דער חוזה פון יידישן שטעטל סמילאָוויטש גיט איבער אויף דער לייוונט זיינע גרויסע, פאַרביקע וויזיעס, זיין אינעווייניקסט וווּלקאַניש פייער.

עס צעפלאַקערט זיך די צווייטע גרויסע וועלט־שרפה.

חיים סוטין, דאָס קינד, וואָס איז געקומען פון די טיפענישן פון דער יידישער פאָלקסמאַסע, פון יידישן לייד, ווערט שטאַרק אומרואיק. ער ציטערט פאַר דעם, וואָס די דייטשן זיינען נאָך מסוגל צו טאָן. דער זייער פילבאַרער קינסטלער ליידט מאָראַלע יסורים פונעם שווערן קלעם, אין וועלכן עס געפינט זיך זיין אומה, די וועלט, בימי היטלער הרשע — אַ צולאָג צו די פיזישע.

אָט שפּרייזן זיי שוין, די ברוינע מחבלים, מיט זייערע שווערע, אַלץ צעטרעטנדיקע שטיוול איבער די גאַסן פון פּאַריז, וווּ ער, חיים סוטין, און אַנדערע האָבן געלעבט, זיך געראַנגלט, געדאַגהט און געשאַפן און וווּ אַ יעדער האָט געחלומט זיין חלום. זיי זיינען נאָך מסוגל אַלץ, אַלץ צו צעטרעטן און אָפּצומעקן.

דאָס לעבן פון די יידן אין פּאַריז, פון פראַנקרייך, ווערט מיט אַ יעדן טאָג אַלץ שווערער און סכנהדיקער. יידן האָבן מורא זיך צו ווייזן אין די גאַסן, מען זוכט זיי שוין אין זייערע היימען. אים אַליין איז די פּאָליציי געקומען איין מאָל זוכן אין זיין אַטעליע, אויף 28 ווילאַ סעראַ. צום גליק האָבן די יידן־כאַפּערס אים נישט געטראָפן. ער איז גראָד דענצמאָל געווען ביי זיין שכנה, דער סקולפּטאָרין חנה אָרלאָוו.

ער פאַרלאָזט זיין אַטעליע, ער פאַרשטעקט זיך, כדי נישט אַריינצופאַלן אין די הענט פון די פאַרפאָלגערס.

ער מוז אָפּהיטן די שטרענגע דיעטע, וואָס די דאָקטוירים האָבן אים פאַרשריבן. מילך און אַנדערע לייכטע נערונג, וואָס זיי האָבן אים דערלויבט, איז שווער צו באַ־קומען. עסן מעג ער אַ בוליאָן פון גרינסן אָדער אַ לייכטע גריץ, וואָס ער האָט ליב זיך אַליין צוצוגרייטן, און פאַררייכערן נאָך די דערלויבטע, לייכטע מאכלים דאָס ציגאַרעטל, אויף וועלכן די דאָקטוירים זיינען איינגעגאַנגען.

ביי נאַכט זעצט ער זיך אַוועק ביים ראַדיאָ־אַפּאַראַט, כדי אויפצוכאַפּן אַ נייעס פון ענגלאַנד, וווּ די מחבלים האָבן נישט געוועלטיקט.

חיים סוטין פאַרלאָזט לסוף פּאַריז. ער ציט זיך צוריק קיין



ח. סוטין — שטיללעבן, אוילבילד

שאַמפּערי, אין קליינעם דאָרףביים ברעג פון טייך וואַנד, אין טורען.

ס'האָט זיך אים איינגעגעבן איינצואָרדענען זיך אין יענעם דאָרף אַן אַטעליע. ווען ער איז באַפרייט פון זיינע יסורים, אַרבעט ער דאָרטן אין דער אַטעליע. ער אַרבעט אויך אין דרויסן.

■

אין איינעם מיט די פיזישע יסורים ליידט דער קינסטלער מאָראַלע יסורים פון די רדיפות, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין איין שיטן אויף יידן, פונעם מוראַדיקן קלעם, אין וועלכן זיי האָבן זיך געפונען. ווען די פיזישע יסורים זיינען שוואַכער, שטעלט ער זיך אַוועק מאָלן. ער מאָלט דער עיקר פּייזאַזשן פון יענער געגנט, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען.

אָנגעטאָן אין אַ בלויען אַרבעט-קאָסטיום מיט אַ גערטנער-קאַפּעליוש אויפן קאָפּ, די לייוונט אונטערן אָרעם, דאָס קעסטל מיט פאַרבן אין דער האַנט, לאָזט ער זיך אַוועק מאָלן זיינע פּייזאַזשן. מאָלן מאָלט ער דער עיקר ביימער, די הויכע שלאַנקע טאָפּאָלעס.

מ'האָט די דאָזיקע קונסטווערק אויסגעשטעלט שפּעטער אין פּאַריז, אין „האַרבסט-סאַלאָן“, ווען דער שונא איז געווען פאַרטריבן.

בעת סוטין איז געשטאַנען ביי זיין מאָלער-עמוד און געמאָלן, האָט קיינער זיך נישט געטאָרט נענטערן צו אים. ער האָט נישט געקענט פאַרליידן, ווען ער האָט דערפילט, אַז עמעצער שטייט הינטער אים. בשעת ער איז געשטאַנען און געאַרבעט — האָט ער זיך זייער שטאַרק אָנגעשטרענגט. דאָס העמד פלעגט ווערן אויף אים נאַס. ער איז געבליבן שטיין ווייטער און געמאָלן. אָפט מאָל פלעגט ער אַרבעטן לאַנג ביז נאָך שקיעה.

אין שאַמפּערי האָט סוטין געמאָלן די רירנדיקע פאַרטרעטן „די זקנה און דאָס קינד“ און „דאָס קינד מיט דער שול-טאַש“.

דאָס קינד, וואָס האָט פאַזירט פאַרן ערשטן בילד, איז געווען דער זון פונעם יונגן ברעטאָנישן שרייבער אַנרי פּאָלעס. פאַרן אַנדערן בילד, „דאָס קינד מיט דער שול-טאַש“, האָט פּאָזירט דאָס ייִנגעלע פונעם דאָרטיקן געמיינדע-אָנגעשטעלטן וואַרוואַו. אַזאַ צווייט בילד געפינט זיך ביי אַ קונסט-ליבהאָבער אין וואַלאַנס.

■

חיים סוטין האָט זייער ליב געהאַט קינדער און זיי, די קינדער, האָבן אים אויך ליב געהאַט. ער פלעגט זיי צערטלען, גלעטן זיי, געבן צוקערלעך, אַז זיי זאָלן פאַר אים פּאָזירן.

ער איז געווען אַ זייער גרויסער פאַרערער און באַוואונדערער פון רעמבראַנדטן.

■

די מלחמה מיט די אַלע מוראַדיקע באַגלייט-דערשיינונגען איז אויך אַריינגעדרונגען אין יענעם שטילן מקום, ווו דער קראַנקער סוטין האָט זיך צוריקגעצויגן. אויך דאָרטן האָט ער נישט געפונען קיין מנוחה, קיין רו פאַר זיך, פאַר זיין שאַפן.

אָט ווערט ער ווידער גערופן צו קומען אין דער געמיינדע אָפּגעבן אַ דעקלאַראַציע און זי חתמענען, אַז ער, חיים סוטין, איז קיין ייד נישט.

אָט ווערט ער ווידער גערופן צו קומען אין דער געמיינדע נאָך דער געלער לאַטע. ער האָט זי געטראָגן, די געלע לאַטע. אין זעלביקן דאָרף האָט זיך געפונען נאָך איין ייד. אָט האָבן זיך באַוויזן אין דאָרף די דייטשן און דער ליידנדיקער, קראַנקער קינסטלער האָט זיך באַהאַלטן פאַר זיי, די מחבלים.

איין מאָל, אין אַן אָוונט, ווען זיי האָבן זיך דאָרטן באַוויזן, האָט ער זיך פאַרשטעקט צווישן די הויכע גראָזן ביים ברעג טייך.

עס ווערט סכנהדיקער און סוטין מוז בייטן אָפט זיין דירה. שטיל קלייבט זיך דער קראַנקער קינסטלער אַריבער אין אַ קליינער, זייטיקער פערמע, וואָס איז געלעגן אַנדערהאַלבן קילאָמעטער פון שאַמפּערי. זיינע לייוונטן און אַנדערע זאַכן פירט מען אַריבער אויף אַ האַנטוועגעלע.

דער בירגערמייסטער פון שכנישן רישעליע, מעסיע מולען, האָט אים פּראָטעזשירט, דעם איינזאַמען, קראַנקן קינסטלער.

אין דער דאָזיקער קליינער, אָפּגעלעגענער פערמע, ווו ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן, האָט זיין געזונט-מצב זיך פלוצעם שטאַרק פאַרערגערט. חיים סוטין ווערט גאָר שווער קראַנק. דער אָרטיקער ד״ר פראַנוואַזע קומט אין אַ הייסן זומערטאָג שנעל צום שווער קראַנקן קינסטלער אויף אַ ביסיקלעט. ער הייסט תיכף ומיד דעם חולה אַריבערפירן קיין שינאָן אין שפּיטאָל.

אין שפּיטאָל שלאָגן זיך די דאָקטוירים מיט דער דעה: יאָ אָפּערירן, נישט אָפּערירן? — לסוף באַשליסן זיי אים נישט צו אָפּערירן. אַנדערש ווי דורך איינשפּריצונגען קען מען נישט דערהאַלטן ביי אים דאָס לעבן.

חיים סוטין ליגט אַ גוסס אין שפּיטאָל.

■

נאָך אַ וואָך פון מוראַדיקע יסורים, אין וועלכע דער קינסטלער האָט זיך געקאָרטשעט, געשעט אַ נס: ער איז אויפגעשטאַנען תחית-המתים. זיך אויפגעכאַפּט. ער הייבט זיך אָן צו פילן בעסער און ער בעט צו דערלאַנגען אים אַ ביסל קאַווע מיט מילך.

זיך פילנדיק בעסער — נעמט חיים סוטינען אַרום אַ געוואַלטיקע תשוקה: ער וויל דאָרטן נישט בלייבן לענגער. ער וויל תיכף אַוועק צוריק קיין פּאַריז. אַוועק פאַר יעדן פּרייז. פון פּאַריז קומט צו פאָרן די דאָקטערין לאַנגגראַז, אַן אַסים-

טענטין פֿונעם ד״ר גוטמאַן. נאָך לאַנגע קווענקלענישן און ישוב־הדעת באַשליסט מען אַריבערצופֿירן דעם קראַנקן סוטין קיין פּאַריז און אַריינגעבן אים אין אַ קליניק.

אַכט אַ זייגער אין דער פֿרי קומט צו פֿאָרן נאָך אים אַן אַמ־בולאַנץ: לאַנגע שעהען שלעפּט זיך דער וואָגן, ביז ער קומט ענדלעך קיין פּאַריז. ער פֿאַרפֿאָרט פֿאַר דער פּאַריזער קליניק פֿון נומער 10 רי ליאָטע, וואָס אין פּאַסי־קוואַרטאַל. געווען איז דאָס 7טן אויגוסט 1943.

דעם אַנדערן טאָג, אַ זייגער צוועלף ביי נאַכט, ווערט סוטין אָפּערירט. זעקס שעה שפּעטער, דעם 9טן אויגוסט 1943, זעקס אַ זייגער אין דער פֿרי, האָט דער איינזאַמער, קראַנ־קער קינסטלער אויסגעהויכט זיין נשמה אין פּאַריז, ווו ער האָט זיך יאָרן לאַנג געראַנגלט מיט זיין מאַטעריעלער נויט, ווו ער איז נתגלה געוואָרן פֿאַר דער וועלט ווי „איינער פֿון די גרעסטע היינטצייטיקע מייסטער“.

ער איז אַלט געווען בסך־הכל פֿופֿציק יאָר.
דריי טעג שפּעטער, דעם 12טן אויגוסט 1943, דריי אַ זייגער נאָך מיטאָג, האָבן עטלעכע מענטשן, צווישן זיי פּיקאַסאָ, באַגלייט חיים סוטינען צו זיין לעצטער רו.

צוויי ייִדן זיינען נאָכגעגאַנגען נאָכן אָרון פֿון חיים סוטין: דער קינסטלער אַבערדאַם און דער קונסטקריטיקער באַז־לער.

דער טאָג פֿון חיים סוטינס איינזאַמער לוויה איז געווען אַ טריבער, אַ רעגנדיקער און אַן אומעטיקער. אַזוי טריב און אומעטיק, ווי ס׳איז געווען די יוגנט פֿון חיים סוטין, איינעם פֿון די גרעסטע היינטצייטיקע קינסטלער, וואָס דאָס קליינע, אָרעמע ייִדישע שטעטל סמילאָוויטש האָט אַרויסגעגעבן פֿון זיך.

חיים סוטינס לוויה איז געווען איינער פֿון די סימבאָלן פֿון טראַגישן ייִדישן פֿאָלק אין די טראַגישסטע טעג, אין וועלכע עס האָט זיך געפֿונען.

דאָס ייִדישע פּאַריז האָט נישט געקענט אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד איינעם פֿון די גרעסטע היינטצייטיקע ייִדישע מייס־טערס. נישט געווען קיין ייִדישע פּרעסע, וואָס זאָל כאָטש קענען דערמאָנען די גרויסע אבדה.

***

משמעות, אַז חיים סוטין, וואָס האָט אין פּאַריז נישט גע־וואָלט הערן ריידן פֿון זיין ביטערער יוגנט, פֿון דער גאַנצער פֿאַרגאַנגענהייט זיינער, זאָל — איידער מ׳האָט אים גע־פֿירט צום אָפּעראַציע־טיש — האָבן אויסגעדריקט איין רצון: זען זיין געבוירן־שטעטל סמילאָוויטש.

דאָס אָרעמע, גרויע ייִדישע שטעטל, וואָס האָט אַרויסגע־געבן פֿון זיך חיים סוטינען, איינעם פֿון די גרעסטע קאָלאָ־ריסטן פֿון אונדזער צייט, איז שוין געלעגן דעמאָלט אַ צעטרעטנס, אָן ייִדן.



חיים סוטינס אַ פֿאָטאָ פֿון די לעצטע יאָרן פֿון זיין לעבן

# צוויי שטימען וועגן חיים סוטין

## I

חיים סוטין איז איינער פון די באַדייטנדיקסטע מאָלער פון אונדזער צייט בכלל, און איינער פון די טראַגישסטע מאָלער פון אונדזער רויער, טראַגישער צייט. אפשר דער טראַגישסטער. און דער טראַגישסטער, ווייל איינער פון די רעאַליסטישסטע קינסטלער פון אונדזער צייט. און נישט נאָר פון אונדזער צייט. סוטין איז געווען אַ רעאַליסט, ווייל ער האָט געמאָלן לעבן, בלויז און נאַקעט לעבן, ווי ער האָט עס געזען. אין יעדן מאָטיוו, וואָס ער האָט געמאָלן, האָט ער געמאָלן בלויז און נאָר דאָס צאַפּלענדיקע, אַנימאַלישע... מענטשן, שטיללעבנס, קינדער און פרויען, קעכער, הענגענדיקע הינער, זייטלעך פלייש — אין זיי אַלע און אין דער נאַטור האָט ער געזען און געמאָלן דאָס עלעמענטאַר-לעבעדיקע, דאָס ביאָלאָגיש-לעבעדיקע, וואָלט איך געזאָגט: בלוט און פלייש.

קיין סאָציאַלע אָדער עסטעטישע טעאָריעס אָדער אָנצוהערענישן אין זיינע בילדער. בלויז שטיקער נאַטור, שטיקער רוי לעבן, אָבער אַזוי רייך און פאַרביק, און מיט אַזאַ רעמבראַנדטישן כוח געמאָלן, אַז זיי ווירקן אַזש, נישט אויסנזייענדיק עס, אָפּטי־מיסטיש.

ל ע אָ ק ע נ י ג: חיים סוטין („לשון און לעבן", לאָנדאָן יוני 1947).

## II

זיין שאַפן קומט מיר פאָר ווי אַ מין בלוטיקן. איידער ער גיט זיין נשמה — שפייט ער, דער קינסטלער, אויס זיין בלוט. און יעדער בלוט-גאָס שאַפט אַ נייע וויזיע, אַ געוואַלדיק-אינטענסיווע, אַ טראַגישע און אַ ווייטיקלעכע.

דער סוד פון סוטין באַשטייט אין דער נאַטור פון זיין ריטם און אין זיין געפיל. דער דאָזיקער ריטם, ווי אַ שאַלנדיקע פאַליע, טראָגט זיך דורך די רוימען און לאָזט נאָך זיך איבער שפורן פון זיין גאַנג.

אָפט דערפירט ער האַרמאָנישע שטיללעבנס פון פרוכטן אָדער בלומען צו דער מדרגה פון שטיקלעך שמאַטעס. אָפט לאָזט ער גאָר הייזער זיך וואַקלען אויף זייערע פונדאַמענטן, וואָס עס באַלעבט זיינע שטרענגע פייזאַזשן, וואָס זיינען ווי איבער־געקערט דורך אויפטרייסלונגען.

אַן ענלעך פייער פאַרצערט זיינע פערסאָנאַזשן. די שחיטה-קעפ פון רואַל זיינען אידילישע פנימער אין פאַרגלייך צו זיינע געשטאַלטן מיט די שלעכט אָפּגעשונדענע אברים, מיט די צעריסענע גופים, מיט פנים-אויסדרוקן, צעקרימט דורך אַ מאַרטירער־ווייטיק.

אפשר זעט ער אין פראָצעס פון צעפוילונג פון דער אונטערגייענדיקער מאַטעריע דעם מיסטישן פרינציפּ פון צוריקקום אויף דער ערד, פון תחית-המתים, פון איבערגע־שטאַלטונג.

זיין קאָליר איז אַ לאַווע-שטראָם, וואָס צעגיסט זיך אין רוישיקע פלוסן.

קיין שום ליניען-צונויפבונד, קיין שום סקעלעט, קיין שום גראַפישע רושטעוואַניע האַלט נישט אונטער זיינע בילדער. זיינע עקסצענטרישע קאָמפּאָזיציעס, זיינע קאָרטן־פּאַלאַצן, וואָס זיינען אויפגעשטעלט על פי נס, טרייסלען זיך אויף זייערע פונדאַמענטן.

אין אַלע זיינע ווערק איז פאַרצווייפלט געבעט, חרטה, פרוון פון עלית-הנפש, פאַל פון ווידערשפעניקע מלאכים און אויפשטייענדיקע אין יסורים.

וואַלדעמאַר זשאָרזש: חיים סוטין

פאַרלאַג „לע טריאַנגל", פּאַריז, סעריע יידן-קינסטלער

# זיגמונד סיגור-וויטמאַן

# SIGISMOND SIGUR-WITTMANN

1910-1944



אָרעמקייט, נויט, הונגער — דאָס איז דער קענצייכן פאַר דער ביאָגראַפיע פון מאָלער זיגמונד סיגור־וויטמאַן, וואָס איז געבוירן געוואָרן דעם 27טן דעצעמבער 1910 אין בודאַפּעשט.

אַנדערע מענטשן האָבן כאָטש געהאַט אַ ביסל גליק בעת זייער קינדהייט: די צערט־לעכקייט פון אַ מאַמען, די זאָרגעוודיקע אויפפּאַסונג פון אַ טאַטן.
ער איז אויך פון דעם באַרויבט געוואָרן:

ווען ער איז נאָך אַ פּיצל קינד געווען, זיינען זיך טאַטע־מאַמע פונאַנדערגעגאַנגען און אים איבערגעלאָזט ביי אַן אַלטער, אָרעמער באָבען, וואָס האָט אַליין געהאַט צו ליידן פון דחקות און וואָס איר נויט איז געווען באַזונדער גרויס אין די מלחמה־יאָרן פון 1918-1914.

נישט קענענדיק צוזען, ווי איר איינִיקל ציטערט אין די פראָסטיקע ווינטערן פון קעלט, פלעגט די באָבע מקריב זיין איין אָרעם מעבלשטיק נאָכן אַנדערן, כדי אָנצוּוואַרעמען איר פאַרפרוירענע שטוב, און אַרויפשטעלן, אויב ס׳איז נישטאָ עפּעס אַנדערש, טאָ כאָטש אַ טעפּל וואַסער צו דער־וואַרעמען אויפן פייער.

דער הונגער איז אין דער דאָזיקער שטוב געווען אַ שטענ־דיקער חבר.

אַ דערוואַקסענער האָט וויטמאַן דערציילט, ווי ער איז אין זיין קינדהייט געווען געפאַנגען פון איין חלום: אַז ער וועט גרעסער ווערן, וועט ער גיין אַרבעטן אין אַ געשעפט פון עסנוואַרג...

אָנגעהויבן צו צייכענען האָט ער פרי: דאָס צייכענען איז פאַר אים נישט בלויז געווען אַ שטיקל פאַרגעניגן, נייערט אויך אַ מיטל אויף פאַרדינען אַ מאָל אַ פּאָר גראָשנס.

ער האָט, אַזוי צו זאָגן, זיין צייכן־פעיקייט איינגעשפּאַנט אין זיין נויטוואָגן:

ער פלעגט זיך מיט אַ שטיקל קרייד אַוועקשטעלן אויף די גאַסן פון דער אונגערישער הויפּטשטאָט און אויסצייכענען אויפן טראָטואַר פאַרשיידענע פיגורן, לאַנדשאַפטן וכדומה. פון דעם פלעגן אַריינפאַלן אַ פּאָר נעבעכדיקע גראָשנס פון באַרעמהאַרציקע פאַרבייגייער.

אַ גליקלעכער איז ער דערנאָך מיט די פּאָר פאַרדינטע גראָ־שנס אַהיימגעלאָפן צו זיין באָבען, וואָס ער האָט זייער ליב געהאַט, און איר געהייסן קויפן ברויט.

ווען ער ווערט אַ ביסל עלטער, הייבט ער אָן אַרבעטן אין אַ פאַבריק פון גלעזערנע כלים. זיגמונד דאַרף זיי מיט דער האַנט באַמאָלן.
אין דער פאַבריק, ווו ער באַמאָלט די גלעזערנע כלים, הערט ער נישט אויף צו חלומען וועגן אַריינטרעטן אין דער קונסט־אַקאַדעמיע פון זיין געבוירן־שטאָט און דאָרטן שטודירן מאָלעריי.

ווי אַזוי קומט מען אָבער צו דעם? די פאַרדינסטן אין דער פאַבריק זיינען אַ קנאַפּע פּרנסה און שכר־לימוד אין דער קונסט־אַקאַדעמיע דאַרף מען באַצאָלן!

ער ווערט אַן אַקראָבאַט, אַ צירק־מענטש.
ערשט שפּעטער קען ער זיך דערלויבן אַריינצוטרעטן אין דער קונסט־אַקאַדעמיע, הגם דער שכר־לימוד קומט אים אויך איצט אָן מיט „גרינע ווערעם".

***

ער ווערט אין יענער צייט דער תּלמיד פון דעם אונגערישן מאָלער סטעפאַן רעטי.

אין יאָר 1930 פאַרלאָזט ער בודאַפּעשט און פאָרט קיין בערלין, ווו ער קומט אָן אין דער אַקאַדעמיע פון קאַרל האָפער.

ער איז אָבער נישט די גאַנצע צייט אין בערלין, וואָרעם אויך דאָ הברט זיך מיט אים די נויט. ער פאַרברענגט, פון צייט צו צייט, ביי זיינס אַ פריינד אין פלענסבורג.

ס׳איז פאַרשטענדלעך, אַז ביי מענטשן, וואָס האָבן הינטער זיך אַ פּיינפולע קינדהייט און יוגנט, זאָל זיך אָנהייבן פרי אַ פילן און אַ פאַרשטיין פון סאָציאַלע אומגערעכטיקייטן און אַז זיי זאָלן זיך שפּעטער רעוואָלטירן קעגן זיי.

זיגמונד סיגור־וויטמאַן האָט זיך אָפּגעגעבן מיטן סאָציאַלן קאַמף נאָך אין זיין געבוירן־לאַנד און דערנאָך, זייענדיק אין דייטשלאַנד.

ווען היטלער נעמט איבער די ממשלה, אַרבעט ער אונטער־ערדיש קעגן נאַציזם. ער מאַכט קינסטלערישע פּלאַקאַטן קעגן דער ברוינער מגפה. ער פאָרט מיט זיי פון איין שטאָט צו דער צווייטער און גיט זיי איבער דעם ביסל אַקטיוויסטן צום ווייטערדיקן פאַרשפּרייטן.

באַלד ווערט דאָרטן דער באָדן פאַר אים צו הייס און ער איז געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דייטשלאַנד. ער קומט, אין יאָר 1933, פון דאָרטן קיין פּאַריז. עס גיט זיך אים איין מיטצו־ברענגען מיט זיך די פאָטאָגראַפישע אויפנאַמעס, וואָס ער האָט געמאַכט, ווי די אַלמנה גיט איבער, אין בערלין, בעת דער שׂרפה פונעם „רייכסטאַג" (ער האָט דעמאָלט געוווינט אַקעגן איבער דעם רייכסטאַג־בנין).

זיי זיינען שפּעטער אַריינגעפֿאַלן אין מאַרסעי אין די הענט פֿון דער געשטאַפּאָ.

סיגור־וויטמאַן ווערט אין פּאַריז אָנגענומען אין „סאַלאָן פֿון די אומאָפּהענגיקע“ און אין „פֿאַראיין פֿון די מאָדערנע מאָ־לער און גראַפֿיקער“.

■

ער האָט בעיקר געמאָלן אַקוואַרעלן און גואַשן. געמאָלן אויך תנכישע מאָטיוון.
ווען עס ברעכט אויס די מלחמה, אַנגאַזשירט ער זיך ווי אַ פֿרייוויליקער אין דער פֿראַנצויזישער אַרמיי.
נאָכן וואָפֿנשטילשטאַנד ווערט ער דעמאָביליזירט. ער קומט קיין מאַרסעי, ווו ער ווערט געיאָגט און עטלעכע מאָל פֿאַרהאַלטן.

ווען די ברוינע חיילות דרינגען אַריין אין דער כלומרשטער „פֿרייער זאָנע“, נעמט ער צונויף זיינע מאָל־מכשירים, אַ ביסל וועש, און לאָזט זיך, מיט אַ רוקזעקל אויף די פּלייצעס, קיין פּאָ. ער האָט פֿון דאָרטן געוואָלט קומען קיין שפּאַניע. ביים אַריבערגיין די גרענעץ ווערט ער פֿאַרהאַלטן דורך דער פֿראַנקאָ־פּאָליציי. מען פֿאַרשפּאַרט אים אין דער תפיסה פֿון פּאַמפּעלאָנאַ. פֿון דאָרטן פֿירט מען אים אין קאָנצענטראַציע־לאַגער פֿון מיראַנדאַ.

נאָכן אָפּזיצן צען חדשים אין קאָנצענטראַציע־לאַגער ווערט ער באַפֿרייט. ער פֿאָרט תיכּף קיין צפֿון־אַפֿריקע. קומענדיק קיין קאַסאַבלאַנקאַ, טרעט ער אַריין אין די „פֿרייע פֿראַנ־צויזישע מיליטערישע כּוחות“.

די גאַנצע צייט, וואָס ער געפֿינט זיך אין צפֿון־אַפֿריקע, איז ער שאַפֿעריש אַקטיוו. דעקאָרירט אין טוניס, און שפּעטער אין איטאַליע, שולן.
דער קינסטלער לאַנדעט שפּעטער מיט די אַמעריקאַנער אין סען־פּאָל, פֿראַנקרייך.

אין אַ בריוו, וואָס איז דערגאַנגען צו זיין פֿרוי, דריקט ער אויס זיין בטחון:
— „איך פֿאַרהאָף, שרייבט ער אין בריוו, אַז ס'וועט בקרוב נעמען אַ סוף צו די דאָזיקע אַלע מיאוסקייטן און מיר וועלן קענען אָנהייבן אויף דאָס ניי צו אַרבעטן אויף אַ פּאַפּיר, וואָס וועט זיין אין גאַנצן ווייס.“

צום באַדויערן איז די דאָזיקע האָפֿענונג פֿון קינסטלער נישט מקוים געוואָרן: בעת דעם שטורעם אויף דער שטאָט בעל־פֿאָר טרעפֿט אים, דעם 22טן נאָוועמבער 1944, אַ קויל.
דעם געפֿאַלענעם קינסטלער האָט מען מקבר געווען אין דערפֿל רואַ.



ז. סיגור־וויטמאַן
קאָמפּאָזיציע, אייל־בילד

קאָלעקציע ה. פענסטער

# לעאָפּאָלד סינאַיעוו-בערנשטיין

# LEOPOLD SYNAYEFF-BERNSTEIN

## 1867-1944



דער סקולפּטאָר לעאָפּאָלד (ליבמאַן) סינאַיעוו-בערנשטיין איז געבוירן געוואָרן דעם 4טן דעצעמבער 1867 אין אַ פרומער יידישער היים אין ווילנע.

ער האָט באַקומען אַ טראַדיציאָנעל-יידישע דערציונג: געלערנט אין חדר און שפּעטער אין דער ישיבה, ווו ער האָט מיט התמדה געלערנט די „דראָבנע אותיות“.

ער וואָלט מן הסתם אויסגעוואַקסן אַ למדן און אַ גאַנץ לעבן עוסק געווען בתורה, ווען נישט די ליבשאַפט און פעיקייט צו צייכענען, צו קנעטן און צו שניצן, וואָס האָט זיך ביי אים פרי אַנטפּלעקט און אים געשטויסן אויף אַנדערע וועגן.
ער באַזוכט די ווילנער קונסט-אַקאַדעמיע און עס עפנט זיך פאַר אים אַ נייע וועלט.

אין אַ קורצער צייט אַרום, אַלט זייענדיק קוים פערצן יאָר, לאָזט ער זיך פון זיין געבוירן-שטאָט קיין פּאַריז.

אין פּאַריז טרעט דאָס יונגע ווילנער בחורל מיטן עילוישן קאָפּ אַריין אין דער קונסט-אַקאַדעמיע און ווערט דער פלייסיקער תלמיד פון באַרימטן פראַנצויזישן סקולפּטאָר דאַלו (1838-1902), וועמענס סקולפּטור „דער נצחון פון דער פראַנצויזישער רעפּובליק“ באַשיינט עד היום איינעם פון די באַרימטע פּאַריזער פּלעצער, דעם „פּלאַס-דע-לאַ-נאַסיאָן“.

שפּעטער איז דער יונגער קינסטלער פון ירושלים דליטא ממשיך זיין קינסטלערישע אויסבילדונג ביי אַ צווייטן פראַנצויזישן גרויסן סקולפּטאָר, ביי אָגיסט ראָדען. ער ווערט איינער פון זיינע געטרייע תלמידים.

אין יאָר 1893 האָט לעאָפּאָלד סינאַיעוו-בערנשטיין אויסגעשטעלט צום ערשטן מאָל אין איינעם פון די באַרימטע פּאַריזער קונסטסאַלאָנען זיין ווערק „דער פאַרצווייפלטער“, אַן איוב-געשטאַלט.

פאַר דער דאָזיקער שאַפונג באַקומט ער דעם „ערן-צייכן“. ווען ער שטעלט אויס צום צווייטן מאָל, אין יאָר 1900, ווערט ער באַשאָנקען מיטן „זילבערנעם מעדאַל“.
און אַזוי גייען די יאָרן פון קינסטלערישן וואַקסן. ער ווערט פון יאָר צו יאָר באַרימטער און דער נאָמען זיינער ווערט באַקאַנט ווייט מחוץ די קרייזן פון דער קינסטלערוועלט.

אין די דעמאָלטיקע יאָרן איז געווען זיין חתונה-האָבן מיט אַ טאָכטער פון די פּאַריזער ראָטשילדס אַ סענסאַציע. דער שידוך איז אָבער נישט קיין מזלדיקער. דאָס פּאָרפאָלק צעשיידט זיך און דער קינסטלער וויל שפּעטער אַ גאַנץ לעבן אויסמיידן, פאַרגעסן, דעם דאָזיקן עפּיזאָד.

ער איז געווען אַן אינטענסיווע, שאַפערישע נאַטור. אַ גאַנץ לעבן האָט ער געאַרבעט אָן אויפהער: געקנעטן, געהאַמערט און געשניצט פּאָרטרעט-ביוסטן אין בראָנדז און אין מירמלשטיין פון באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן, אָנהייבנדיק פון יאַסנאַיאַ-פּאָליאַניער גאָטזוכער לעוו טאָלסטאָי און פון דעם באַרימטן פראַנצויזישן פּאָעט אַרטור רעמבאָ, ביז צו דעם פראַנצויזישן וויאָלאָנטשעליסט לעאָן רעניע.

זיין נאָמען ווערט נאָך מער באַרימט און קלינגט שוין ווייט מחוץ די גרענעצן פון פראַנקרייך:

קיסרים, אַדלליייט, פּויפּסטן, קאַרדינאַלן, דיפּלאָמאַטן פאַרבעטן אים צו זיך, ער זאָל פאַר זיי אויספירן פאַרשיידענע קונסטווערק.

אויך די צאַרישע משפחה האָט דעם קינסטלער עטלעכע מאָל פאַרבעטן קיין פּעטערבורג, כדי צו מאַכן ביוסטן פון די קייזערלעכע משפחה-מיטגלידער. אויך אַנדערע רוסישע אַדעליקע האָבן ביי אים באַשטעלט קינסטלערישע אַרבעטן. האָט מען דעם געוועזענעם ווילנער ישיבה-בחור איבערגעגעבן צו מאַכן, נאָך אַ קאָנקורס, דעם מאָנומענט פון צאַר אַלעקסאַנדער דעם דריטן.

בעת זיינע אָפטע נסיעות פון פּאַריז קיין פּעטערבורג פלעגט ער תמיד זיך אָפּשטעלן אין ווילנע, אין זיין געבוירן-שטאָט, וואָס ער האָט זייער ליב געהאַט און ווו ס'האָט זיך געפונען זיין משפחה.

**

ל. סינאַיעוו-בערנשטיין (דעם נאָמען „סינאַיעוו“ האָט ער זיך צוגעגעבן, כדי זיך צו אונטערשיידן פון אַן אַנדערן קינסטלער, וואָס האָט, ווי ער, געהייסן בערנשטיין), האָט אויך געאַרבעט אין הויף פון קיסר פראַנץ יאָזעף אין שענברון-ווין, און פאַרן ענגלישן הויף.

**

אין יאָר 1902 ווערט דער קינסטלער פאַרבעטן קיין רוים. ווו ער מאַכט די ביוסטן פון דעמאָלטיקן פּויפּסט און פון קאַרדינאַל ראַמפּאָלאַ.

**

זיין „פאַרצווייפלטער עזרא“, געמאַכט אין יאָר 1897 אין מירמלשטיין, האָט געקויפט די פראַנצויזישע רעגירונג. דאָס דאָזיקע ווערק האַלט מען פאַר איינע פון זיינע בעסטע שאַפונגען.

אַ גיפּס-אָפּגאָס פון ווערק געפינט זיך אין מוזיי פון סענס, פראַנקרייך.

ער האָט אויך געמאַכט פּאָרטרעט־ביוסטן פון גראַף וואַל־דעק, פון רוסישן אַמבאַסאַדאָר גירס, פון גענעראַל־אינ־ספּעקטאָר פאַר בילדונג אין פראַנקרייך, עדואַרד פּעטי, מעדאַליאָנען פון דער פרוי פון באַרימטן פראַנצויזיש־יידישן געלערנטן סאַלאָמאָן רײנאַך אאַז״וו.

זיינע ווערק געפינען זיך אין רוסלאַנד אין דער „טרעטיאַ־קאָוו־גאַלעריע“.

אין אַמאָליקן פּאַריזער לוקסענבורג־מוזיי האָט זיך געפונען אַ סקולפּטאָר פון קינסטלער, אַ ליגנדיקע פיגור אין מירמל־שטיין, וואָס האָט פאָרגעשטעלט איובן.

די דאָזיקע טעמע האָט דער קינסטלער זייער ליב געהאַט.

***

אין דער קונסט איז לעאָפּאָלד סינאַיעוו־בערנשטיין געווען קלאַסיש.

ער איז געווען אַ גרויסער חסיד פון מיקעל־אַנדזשעלאָ און ליב געהאַט דער עיקר זיין „משה“.

ער האָט אויך זייער ליב געהאַט די ווערק פון זיין לערער ראָדען.

***

אין די לעצטע יאָרן האָט ער געאַרבעט איבער אַ גרויס, מאָנומענטאַל ווערק.

דאָס דאָזיקע גרויסע ווערק האָט באַדאַרפט סימבאַליזירן יונגקייט און זיקנה. עס האָט באַדאַרפט זיין די קרוין פון זיין שאַפן.

***

פּערזענלעך איז ער געווען און געבליבן אַ באַשיידענער, צו־געלאָזענער מענטש, פול מיט הומאָר און יוגנטלעכקייט.

ער איז געווען מוזיקאַליש און אַליין געשפּילט פידל, און לאַנגע יאָרן געווען אַ פריינד פונעם באַרימטן פראַנצויזישן מוזיקער קאָלאָן.

כאָטש געבוירן אין ירושלים דליטא אין אַ טראַדיציאָנעל־יידישער היים, געגאַנגען אין חדר און אין ישיבה, האָט ער אין פּאַריז זייער ווינציק פאַרקערט אין יידישע קרייזן. אַז ער האָט אָבער, צופעליק, זיך צונויפגעטראָפן מיט אַ היי־מישן ייד, ווער שמועסט נאָך, ווען יענער האָט נאָך געקענט די „קליינע אותיות“, האָט ער זיך זייער דערפרייט, איס געגעבן אַ ברייטן, היימיש־האַרציקן „שלום־עליכם“, זיך אַוועקגעשטעלט אויסטענהן, און מיט הומאָר דערציילט, ווי מ׳האָט דאָס אַ מאָל אין דער ישיבה געלערנט גמרא, ווי מען פלעגט אַריינלייגן די פיס אין אַ שעפעלע קאַלט וואַסער, כדי אין די נעכט נישט איינצודרעמלען ביים לערנען תורה.



ל. סינאַיעוו־בערנשטיין

דער פאַרצווייפלטער עזרא
Musée de Sens, France

ווי ס'גיט איבער זיין פריינד, דער באַוווסטער פראַנצויזיש-
יידישער מאָלער-סקולפּטאָר ה' עליזעי קאַוואַיאָן, אַ קוזין
פון בערנאַר לאַזאַר, איז לעאָפּאָלד סינאַיעוו-בערנשטיין,
דער אַלטער קינסטלער מיטן יונגן גייסט, נישט געווען זייער
פּאָרזעעוודיק, בעת די ממשלת-זדון האָט געהאַט אויסגע-
שפּרייט איר נעץ איבער פראַנקרייך : ער פלעגט גיין אין
קאַפע, אין רעסטאָראַן, ווי געוויינטלעך, און געהאַט אַ
הנאה, וואָס ער טוט דאָס הינטער דער נאָז פון די דייטשן,
און אפילו זיך געגרויסט דערמיט.
— „שטעל אויף, האָט ער אַ מאָל געזאָגט מיט אַ שמייכל צו
זיין פריינד קאַוואַיאָן, דעם קאָלנער. מען וועט גאָרנישט
זען.“
געמיינט האָט ער די געלע לאַטע, וואָס יידן האָבן געמוזט
טראָגן.



ל. סינאַיעוו-בערנשטיין יוגנט און זיקנה
רעכטס : דער קינסטלער ביים פאַרענדיקן זיין לעצט גרויס ווערק

עס האָט אים געפעלט, ווי עס דריקט זיך אויס ה׳ קאַוואַיאָן, די פאַרזעעוודיקייט, וואָס מען טרעפט, געוויינטלעך, ביי אַ זקן. דאָס באַווייזט אויך די באַהעמישקייט פון זיין כאַראַקטער.

אָפט מאָל האָט ער זיין בענקשאַפט נאָך דער אַמאָליקער היימישער סביבה געברענגט צום אויסדרוק דורך זיין פידלשפיל, וואָס פלעגט אים אויסזינגען אַלטע יידישע ניגונים.

***

ווען ס׳האָבן זיך אַ שיט געטאָן די מוראדיקע רדיפות און געיעגן אויף יידן, איז אויך דער אַלטער קינסטלער אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די רודפים.

נאָך צוויי וואָכן זיין פאַרשפאַרט אין לאַגער פון דראַנסי, האָט מען אים, דערוויל, באַפרייט. די רוצחים האָבן אָבער נישט פאַרגעסן אין קרבן:

ווינטער, דעם 22טן יאַנואַר 1944, ווערט דער זקן אויף דאָס ניי צוגענומען. ער ווערט נאָך אַ מאָל געפירט קיין דראַנסי.

***

פון דאָרטן איז ער געוואָרן דעפּאָרטירט דעם 3טן פעברואַר 1944, נישט קיין גאַנצע צוויי וואָכן נאָך זיין אַרעסט.

***

געשטאַפּאָ-לייט זיינען דערנאָך געקומען אין קינסטלערס דירה און, ווי עס פּאַסט פאַר בירגער פון ברוינעם רייך, צוגענומען אַלץ, וואָס זיי האָבן דאָרטן געפונען.

דאָס גרויסע, מאָנומענטאַלע ווערק, ביי וועלכן דער קינסטלער האָט שוין געהאַט געאַרבעט איבער צען יאָר, האָבן זיי צעהאַקט אויף שטיקלעך.

און דער טרויעריק-באַרימטער „קאָמיסאַריאַט פאַר יידישע ענינים“ האָט זיך, פון זיין זייט, מתעסק געווען מיטן שיינעם אַכט-גאָרנדיקן נייעם הויז, אויף רי לעאָן דעבעל 4, וווּ צוזאַמען מיטן אַלטן קינסטלער האָט אין די לעצטע יאָרן געוווינט זיין שוועסטערן-טאָכטער, די ווילנער סטודענטין פריילין ברוידאָ.

מ׳האָט זיין שיין הויז קאָנפיסקירט און שפּעטער פאַרקויפט.

די לעבנסגעשיכטע פון לעאָפּאָלד סינאַיעוו-בערנשטיין וואָלט געקענט אויסזען ווי אַ וווּנדערלעכע מעשה פון „טויזנט און איין נאַכט“, ווען נישט איר טרויעריקער און ספּעציפיש-יידישער פינאַל.

ער, וואָס האָט ביי זיין לעבן דערגרייכט, אין איינעם מיט אַ מאַטעריעלן וווילזיין, רום, אויסצייכענונגען, אָנערקענונג פון גרויסע שררות, פון געקרוינטע קעפּ, געווען „קאַוואַליר פון פראַנצויזישן ערן-לעגיאָן“, דער מענטש, וואָס פויפּסטן און קאַרדינאַלן האָבן גערופן צו זיך צו מאַכן פאַר זיי זייערע ביוסטן, האָט אין עלטער פון זיבן און זיבעציק יאָר געטיילט דעם טראַגישן גורל פון זעקס מיליאָן קדושים פון זיין אומה, געוואָרן, אין איינעם מיט זיי, פאַרפייניקט און פאַרברענט אין איינעם פון די דייטשישע קאַלך-אויוונס.

## ארץ אל-תכסי דמי

# מאַרסעל סלאָדקי
# MARCEL SLODKI
## 1892-1943

זיין פּאָרטראַכט פּנים האָט אויסגעדריקט אינעווייניקסטע שלווה, וואָס איז געקומען פון אַן אינעווייניקסטן גלייכגעוויכט.
עס איז געווען עפּעס אַ באַזונדערע ערנסטקייט אין דעם לומדיש-איידעלן שטערן. און פון הינטער די ברילן־גלעזלעך האָבן געקוקט אויף דער וועלט אַ פּאָר רואיקע, מילדע אויגן.
ער איז געווען אַ צאַרטער און פיינפילנדיקער מענטש. נישט פעיק געווען אַ פליג אויף דער וואַנט צו טשעפּען. דערצו געווען ביז גאָר מוזיקאַליש, געשפּילט אויף פידל און גיטאַרע און פלעגט אויך נישט שלעכט זינגען. תמיד אָנגעטאָן באַשיידן און ציכטיק־ריין.

אַחוץ מיט קונסט האָט ער זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט סאָציאַלע און וויסנשאַפטלעכע פּראָבלעמען.
ער האָט אַרויסגעוויזן אַ טיפן אינטערעס פאַר דער לערע פון פּסיכאָ־אַנאַליז, געווען באַקאַנט מיט אַ סך געלערנטע פּסיכאָ־אַנאַליטיקער. דערביי איז ער געווען אַ פריינדלעכער, איבערגעגעבענער מענטש, אַ גוטער און געטרייער פריינד.



מ. סלאָדקי
אויטאָ־פּאָרטרעט, געצייכנט אין לאָנדאָן 1938

גערעדט האָט ער געלאַסן, רייכערנדיק דערביי זיין קליין ליולקעלע.

וועגן זיך, וועגן זיין פּערזענלעך לעבן, וועגן זיינע דאגות און גראַנגלען האָט ער קיין מאָל נישט גערעדט. דער קונסט איז ער געווען איבערגעגעבן בלב ונפש. מיט התלהבות זיך אַריינגעטאָן אין אַלע פּראָבלעמען, וואָס האָבן אַ שייכות צו קונסט. און כדי אַליין צו קענען זיין אַ קונסט־שאַפער, האָט ער מקריב געווען זיין פּערזענלעך לעבן.
מאַרסעל סלאָדקי איז געווען אַן אומאָפּהענגיקער גייסט. כדי צו האָבן די מעגלעכקייט צו מאָלן לויט זיין אייגענעם געשמאַק, פלעגט ער כסדר זיך לערנען מלאכות, וואָס האָבן אַ שייכות מיט קונסט. ער האָט עס געטאָן, כדי צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט: אָט אַרבעט ער ביי קריצעריי דורך זויערשטאָף, ביים באַגילדן גלעזער אָדער גאָר ווי אַ ליטאָגראַף אין דער שווייץ.

***

דער קדוש מאַרסעל סלאָדקי איז געבוירן געוואָרן דעם 8טן נאָוועמבער 1892 אין לאָדזש. זיין פאָטער, אַדאָלף סלאָדקי, איז געווען אַ באַנק־דירעקטאָר. ער האָט געגעבן זיין זון אַ ליבעראַלע, וועלטלעכע דערציונג.
אין זיין געבוירן־שטאָט לאָדזש האָט מאַרסעל סלאָדקי באַזוכט די פאָלקשול און מיטלשול. ווען ער איז אַלט געווען דרייצן יאָר, איז אים זיין מוטער געשטאָרבן. אויפגעצויגן האָבן אים זיינע שוועסטער.
ווען דער קינסטלער ווערט אַלט אַכצן יאָר, פאַרלאָזט ער זיין היים. ער פאָרט קיין מינכען שטודירן אין דער קונסט־אַקאַדעמיע מאָלעריי.
פון דאָרטן לאָזט ער זיך קיין איטאַליע. ער ווערט קראַנק אויף מאַלאַריע און קומט צוריק קיין מינכען זיך היילן.
אויסגעהיילט פון דער מאַלאַריע, קומט מאַרסעל סלאָדקי אין יאָר 1913 קיין פּאַריז.
אין פּאַריז וווינט ער אין זעלביקן הויז, וואָס דער באַרימטער מאָלער דואַניע־רוסאָ.
בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה פאָרט דער קינסטלער אין דער שווייץ. ער ווערט דאָרטן מיטגליד פונעם קרייז, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום טריסטאַן טזאַראַ.
אין ציריך מאַכט ער די פּלאַקאַטן פאַרן דאַדאַיסטישן קאַבאַרעט „די בינע".
אין יענער צייט האָבן זיך אין דער שווייץ געפונען אַ היפּש ביסל קינסטלער־פּליטים, וואָס האָבן געזוכט צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט.
סלאָדקי נעמט זיך צו אַרכיטעקטאָנישע צייכענונגען, וואָס ער מאַכט פאַר אַ שווייצאַרישן אַרכיטעקט. עס דערוועקט זיך אין אים בכלל אַן אינטערעס פאַר אַרכיטעקטור.
זיינע אַרכיטעקטאָנישע צייכענונגען זיינען געוואָרן נוציק פאַר זיין שפּעטערדיקן קינסטלערישן שאַפן. ער האָט זיך מיט די עקספּערימענטן און דערפאַרונגען שפּעטער באַנוצט אין דער קונסט.
ער האָט אויך דערנאָך געמאַכט צייכענונגען, וואָס האָבן געהאַט פאַר אַ סוזשעט: אַספּעקטן פון שטעט.

פון אַ באַזוך אין פּוילן האָט ער געבראַכט צייכענונגען פון מאָלעריש־ראָמאַנטישן שטעטל קוזמיר (קאַזשימיערזש).
אויך פון לאָנדאָן האָט מאַרסעל סלאָדקי געבראַכט צייכענונגען פון גאַסן, פון די גערטנער, פונעם טייך „טאַמיזע" וכדומה.
אַחוץ זיינע אַרכיטעקטאָנישע צייכענונגען האָט דער קינסטלער געמאַכט אַקטן, וואָס ער האָט געצייכנט מיט קויל. ער האָט אַרויסבאַקומען זייער שיינע ליכט־ און שאָטן־עפעקטן.
זיינע צייכענונגען זיינען רייך, דעליקאַט און געפּילפּול.
ער האָט אילוסטרירט מערערע ווערק פון באַרימטן רוסישן שרייבער טשעכאָוו, צווישן זיי „די געשיכטע פון אַ הונט".
ער האָט אויך אילוסטרירט די „אַספאַלט־באַלאַדן" פון האַנס יאַנאָוויטץ און ווערק פון אַנדערע שרייבער.
ווען ס'האָט זיך געענדיקט די מלחמה פון 1914-1918, פאָרט ער קיין בערלין, ווו ער אַרבעט פאַרן טעאַטער, און פאַרדינט אפילו אַ סך געלט.
אין בערלין האָט מאַרסעל סלאָדקי חתונה מיטן פּויליש־יידישן מיידל מיטשיאַ ענדעלמאַן, מיט וועלכער ער האָט זיך געהאַט באַקענט אין ציריך, ווו מיטשיאַ האָט באַזוכט אַ גימנאַזיע. זיי האָבן זיך אָבער שפּעטער געגט.



מ. סלאָדקי — עטיוד, סקולפּטור

אַרום 1923 קומט מאַרסעל סלאָדקי צוריק קיין פּאַריז און נעמט זיך אויף דאָס ניי צו דער אַרבעט. ער צעשטערט אָבער מיט די אייגענע הענט אַלין, וואָס ער האָט געהאַט געמאַכט. שפּעטער באַדויערט ער, אגב, דאָס זייער.

דער קינסטלער פלעגט אַ יעדעס יאָר פאָרן אין דער שווייץ און אויסשטעלן דאָרטן זיינע ווערק.



מ. סלאָדקי — עטיוד, סקולפּטור

אין יאָר 1937 פאָרט ער קיין פּוילן, ווו ער האָט אַ גרויסע, דערפאָלגרייכע אויסשטעלונג. ער באַזוכט אויך ראַטנפאַר-באַנד. אין יאָר 1938 האָט סלאָדקי אויסגעשטעלט אין לאָנדאָן, אין דער „בלומבערג-גאַלעריע".

די קריטיק איז געווען זייער אַ גוטע און לאָנדאָנער פאַר-לעגער האָבן זיך אָנגעהויבן מיט אים צו אינטערעסירן.

אין פּאַריז האָט זיך מאַרסעל סלאָדקי געמאַכט באַקאַנט אַ דאַנק זיינע אויסשטעלונגען אין דער קונסט-גאַלעריע „בינג" און אין גאַלעריעס פון רי באָנאַפּאַרט.

ער האָט געמאָלן פּאָרטרעטן, שטיללעבנס און פּייזאַזשן (די לעצטע ווינציקער).

ער איז אין זיין קונסט געווען באַווירקט פון געוויסע „פאָוויסטן". מען דאַרף אָבער דעם קינסטלער נישט אויס-מישן מיט זיי.

מיר געפינען אין זיינע בילדער אַ כסדרדיק זוכן פון פאָרעם.

***

מאַרסעל סלאָדקי האָט אין יאָר 1940 חתונה געהאַט מיט דער מאָלערין מאַשאַ בולענגער פון סאַרבריקען (זי האָט אירע בילדער געחתמעט „מאַבול"). זי איז געשטאָרבן אין 1947.

ווען די ברוינע חיילות דערנענטערן זיך צו פּאַריז, לאָזט זיך דער קינסטלער מיט זיין פריינד רעי צו פוס אין וועג. ער קומט קיין בריוו. ער טרעפט דאָרטן זיך מיט זיין פרוי. ער ציט זיך צוריק אין דאָרף סענט-אַנטואַן-לע-פּלאַנטאַד, וואָס לעבן בריוו. ער אַרבעט דאָרטן. מאָלט און פאַרנעמט זיך אויך מיט סקולפּטור. ער שטעלט אויס עטלעכע מאָל זיינע קינסטלערישע שאַפונגען אין בריוו.

***

אין חודש פעברואַר 1943, פיר אַ זייגער פאַר טאָג, זיינען לאָטרינגישע זשאַנדאַרן געקומען נאָך אים.

אַ דאַנק דעם סוב-פּרעפעקט פון בריוו, מיט וועלכן דער קינסטלער האָט זיך גוט געקענט, ווערט ער ניצול פון זייערע הענט. ער, דער סוב-פּרעפעקט, האָט אין דער לעצ-טער רגע אים צו וויסן געטאָן וועגן דער סכנה, און מאַרסעל סלאָדקי האָט זיך אין יענער נאַכט אויסבאַהאַלטן אין וואַלד.

ער פאַרשאַפט זיך דערנאָך פאַלשע פּאַפּירן און פאָרט קיין שאַמבערי, וואָס האָט געהערט צו דער איטאַליענישער זאָנע.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין דערפל בור-סען-מאָרים.

כל זמן די איטאַליענער האָבן געהאַלטן זייער זאָנע, האָט זיך מאַרסעל סלאָדקי, פּונקט ווי אַלע יידן, געפילט זיכער.

ווען די איטאַליענער האָבן זיך צוריקגעצויגן פון זייער זאָנע אין פראַנקרייך, האָט זיך דער קינסטלער מיט זיין פרוי באַהאַלטן אין אַ „שאַלע" (הילצערן הייזל), צוויי טויזנט מעטער הויך. דאָרטן האָבן זיי געלעבט אין גאַנצן איזאָלירט.

בעת ס'האָבן אָנגעהויבן צו פאַלן די גרויסע שנייען, זיינען זיי, נישט האָבנדיק קיין אַנדערע ברירה, צוריק אַראָפּגעקו-מען אונטן אין דערפל בור-סען-מאָרים.

נישט האָבנדיק קיין לעבנסמיטל-קאַרטן, האָט זיך דער קינסטלער נישט געקענט רירן פון אָרט, וואָרעם אחוץ אַנדערע דאָקומענטן האָט מען אין די באַנען, בעת אַ רע-וויזיע, אויך געפאָדערט צו ווייזן די לעבנסמיטל-קאַרטן.

במשך פון אַ חודש האָט ער געלעבט ערגעץ פאַרשטעקט, ביז מ'האָט אים געמסרט.

דעם 14טן דעצעמבער 1943 האָט זיך באַוויזן די געשטאַפּאָ און אים אַוועקגעפירט קיין דראַנסי.

פון דאָרטן איז דער שטילער, ערנסטער מאַרסעל סלאָדקי געוואָרן דעפּאָרטירט דעם 17טן דעצעמבער 1943, דריי טעג נאָך זיין אַרעסט מצד דער געשטאַפּאָ.

# יחיאל ספּאָליאַנסקי
# YEHIEL SPOLIANSKY
1889-1942

דער מאָלער יחיאל ספּאָליאַנסקי איז געבוירן געוואָרן אין חודש דעצעמבער 1889 אין מעליטאָפּאָל אין קרים, רוסלאַנד.

זיינע עלטערן האָבן זיך שפּעטער אַריבערגעצויגן קיין זשאַנקאָיע.

ער האָט פון די יינגסטע יאָרן אַרויסגעוויזן אַ נטיה צו צייכענען און צו מאָלן.

ווען ער וואַקסט אונטער, פאַרלאָזט ער זיין היים און קומט קיין אָדעס שטודירן אין דער קונסט־אַקאַדעמיע מאָלעריי.

האָבנדיק געענדיקט די אָדעסער אַקאַדעמיע, פאָרט ער קיין פּעטערבורג און קומט אָן אין דער אָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע.

ער פאַרלאָזט שפּעטער רוסלאַנד און פאָרט קיין מינכען. אין דער מינכענער קונסט־אַקאַדעמיע ווערט ער דער בעסטער און פלייסיקסטער תלמיד פון פּראָפ׳ מאַקס דערנער, וועלכער האָט אַ סך געשריבן וועגן דער מאָלעריי־טעכניק, אַן ענין, מיט וועלכן דער קרימער יידישער קינסטלער האָט במשך פון זיין גאַנץ לעבן זיך נישט אויפגעהערט צו אינטערעסירן. אויף דעם דאָזיקן געביט האָט ער אַרויסגעוויזן אַ נישט־געוויינטלעכע באַהאַוונטקייט, און ער פלעגט זיינע פריינד־מאָלער געבן אָפט וויכטיקע עצות בנוגע דער טעכניק פון מאָלן. ער איז



י. ספּאָליאַנסקי — אויטאָ־פּאָרטרעט, אוילבילד

בכלל געווען איינער פון די ווייניקע קינסטלער אין פראנקרייך, וואס האט אזוי פיל געוווסט וועגן דער טעכניק פון מאלעריי.

ער איז אויך געווען איינער פון די געציילטע קינסטלער, וואס האט פארשטאנען ווי אזוי צו רעסטאווירן אן אלט בילד.

די פארבן פאר זיינע געמעלן פלעגט ער אליין פאבריצירן. דאס אפגעבן זיך, און דאס מיט גרויס ליידנשאפט, מיט דער טעכניק פון מאלעריי האט אבער אים אפט געשטערט אין פראצעס פון קינסטלערישן שאפן.

אין דער מאלעריי איז ער געווען באווירקט פון דער פראנצויזישער שול. דער עיקר אבער פון קארא און מארקע.

ער האט געמאלן פייזאזשן, שטיללעבנס און פארטרעטן. אויסשטעלן פלעגט ער זיינע ווערק אין „הארבסט-סאלאן" און אין „סאלאן פון די אומאפהענגיקע".

אין זיינע בילדער איז דא ערלעכקייט און אויפריכטיקייט. דער קינסטלער-קדוש האט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין הויכער, אלגעמיינער קולטור, מיט זיין וויסן און פאר אלעם: מיט זיין ערלעכקייט, מיט זיין הויכער מאראל און שטענדיקער, רירנדיקער גרייטקייט צו טאן עמעצן א טובה. ער איז געווען א שטילער, דעליקאטער, איידעלער מענטש.

ער איז געווען א גרויסער פארערער און ליבהאבער פון מוזיק און געשפילט אליין אויף א וויאלאנטשעל.

ער איז אויך געווען א פארעקשנטער וועגעטאריער מחמת איבערצייגונג און זיך באצויגן מיט דרך-ארץ און יראת-הכבוד צו א לעבעדיק באשעפעניש.

דער קינסטלער, וואס איז געקומען פון וויטן קרים, האט גערעדט א פליסיקן, זאפטיקן יידיש.

***

דעם 27טן יוני 1941 ווערט ער פארהאלטן אין שטעטל לע-וועזינע, וואס לעבן פאריז.

אין איינעם מיט אים זיינען אויך דעמאלט ארעסטירט געווארן זיין אכציק יאר אלטע פרומע מאמע, זיין ברודער, וואס איז געווען א באקאנטער אינדוסטריעלער, ביי וועלכן ער האט געוווינט, און נאך א סך אנדערע יידן, וואס האבן זיך געפונען אין שטעטל.

מ'האט אים אוועקגעפירט אין לאגער קיין קאמפיען, ווו ער איז געהאלטן געווארן א יאר צייט. דערנאך האט מען אים אריבערגעפירט קיין דראנסי און פון דארטן דעפארטירט.

אין איינעם מיט אים זיינען אומגעקומען זיין אלטע מאמע, זיין ברודער און די אנדערע יידישע תושבים פון שטעטל לע-וועזינע.



י. ספאליאנסקי — פעלדארבעטער, אוילבילד

# חיים עפּשטיין

# HENRI EPSTEIN

## 1891-1944



דווקא זי, די פאַררייכערטע, גרויע אינדוסטריעלע שטאָט לאָדזש, מיט אירע הויכע פאַבריקן-קוימענס, וואָס האָבן אָנגעפילט דעם חלל מיט רויך, האָט אַרויסגעגעבן פון זיך די גרעסטע צאָל יידישע מאָלער-קינסטלער.

צו דער גרויסער ליכטיקער עדה פון טרוימער-קינסטלער, וואָס דאָס פאַררייכערטע לאָדזש האָט פון זיך אַרויסגעגעבן, לאָדזש, וואָס יידן האָבן אויפגעבויט און אויסגעבויט, און וואָס איז געוואָרן „דער פּוילישער מאַנטשעסטער", געהערט דער קינסטלער-קדוש חיים עפּשטיין, וואָס האָט אין זיינע פּראַכטיקע געמעלן אויסגעדריקט זיין לאָדזשער יידישע בענקשאַפט, זיין מאָלערישע וויזיע.

ער איז געבוירן געוואָרן דעם 14טן יאַנואַר 1891 אין לאָדזש, ווו דער דיכטער-קדוש יצחק קאַצענעלסאָן האָט אויסגעזונגען זיין ליריש ליד „די זון פאַרגייט אין פלאַמען" און וואָס ער האָט שפּעטער געזען פאַרגיין אין דער רויטקייט פון בלוט פון „אויסגעהרגטן יידישן פאָלק".

אין לאָדזש, ווו זיין פאָטער איז געווען בוכהאַלטער, האָט חיים (אַנרי) עפּשטיין אָנגעהויבן צו מאָלן זיינע ערשטע בילדער. ער האָט דאָרטן געאַרבעט אין דער אַטעליע, וואָס האָט זיך געפונען אויף פּיעטריקאָווער גאַס 51 אין הויז פון יידישן טעקסטיל-פאַבריקאַנט פּאָזנאַנסקי.

זי איז געווען אַ בשותפותדיקע אַטעליע. אַלע לאָדזשער יידישע קינסטלער האָבן דאָרטן געקענט אַרבעטן.

זי איז אויך געווען די היים פון דער לאָדזשער יידישער יוגנט, וואָס האָט דאָרטן מקבל-פּנים געווען דעם זיידן ר' מענדעלע מוכר ספרים און י. ל. פּרץ, ווען זיי זיינען געקומען קיין לאָדזש.

חיים עפּשטיין האָט זיך שפּעטער געלאָזט קיין מינכען און שטודירט אין דער אָרטיקער קונסט-אַקאַדעמיע.

ווי אַלע קינסטלער האָט אויך אים געצויגן קיין פּאַריז, ווו ער האָט פאַרברענגט אַ וועלכע צייט, און דערנאָך צוריקגעפאָרן פון דאַנען קיין רוסלאַנד. מען האָט אים דאָרטן גענומען צו מיליטער און אַוועקגעשיקט דינען קיין קיעוו. דאָס איינטאָניקע, גרויע קאַזאַרמע-לעבן האָט אין קיעוו געדריקט דעם יונגען קינסטלער.

אַרום 1913 קומט ער צום צווייטן מאָל קיין פּאַריז, ווו עס האָט זיך שוין דעמאָלט געפונען אַ גאַנצע פּלעיאַדע פון יונגע, באַגייסטערטע יידישע קינסטלער, צווישן זיי: מאַרק שאַגאַל, חיים סוטין, אַמאַדעאָ מאָדיליאַני, פּאַסקין, מיכאל קיקאָין, פּינחס קרעמען, יצחק ליכטנשטיין, דוד שטערנבערג, לעאָן אינדענבוים, לעאָ קעניג, טשייקאָוו, בן-ציון צוקערמאַן, מענדזשיצקי און דער מאָלער און סקולפּטאָר בראַזער, וואָס איז שפּעטער געשטאָרבן אין מינסק.

זיי אַלע האָבן געלעבט אין די שווערסטע מאַטעריעלע תנאים. אָבער נישט געקוקט אויפן מאַטעריעלן דלות, האָט איטלעכער פון זיי געאַרבעט מיט ברען און חסידישער התלהבות. מען האָט אויך געהאַלטן אין איין ריידן און דיסקוטירן וועגן קונסט בכלל און וועגן יידישער קונסט בפרט.

זיי, די יונגע התלהבותדיקע יידישע קינסטלער, האָבן אָרגאַניזירט אַן אויסשטעלונג פון בילדער, כדי צו באַווייזן, אַז עס איז דאָ בנימצא אַ קונסט, וואָס איז אין איר מהות אַ יידישע.

מיט דעם אַליין האָט מען זיך נישט באַנוגנט: מען האָט זיך גענומען אַרויסגעבן העפטן מיט רעפּראָדוקציעס פון יידישער קונסט, די באַרימטע „מחמדים".

חיים עפּשטיין, וואָס האָט, קומענדיק קיין פּאַריז, באַזוכט די קורסן פון דער מאָנפּאַרנאַסער קונסט-אַקאַדעמיע „לאַ גדאַנד שאָמיער" (די גרויסע כאַטע"), איז צווישן דער דאַזיקער מאַטעריעל אָרעמער, אָבער התלהבותדיקער יידישער קינסטלער-כאַליאַסטרע, וואָס האָט געוווינט אין „בינשטאָק" („לאַ ריש" *), געווען, אַזוי צו זאָגן, אַ שטיקל פּריווילעגירטער מיט דעם, וואָס ער פלעגט, אין אָנהייב אַ יעדן חודש באַקומען צוגעשיקט פון זיינע עלטערן און פון אַ קרוב אַ קליינע שטיצע.

אָבער אויך ער, „דער גליקלעכער" צווישן די קינסטלער-קבצנים, האָט זיך געמוזט ראַנגלען פאַר זיין מאַטעריעלער עקזיסטענץ.

וואָס מער ער איז געגאַנגען פאָרויס אין זיין קינסטלערישן שאַפן, אַלץ שווערער און האַרבער איז געווען ביי אים דער געראַנגל פאַר זיין מאַטעריעל לעבן.

ער האָט אין פּאַריז חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון באַוווּסטן פראַנצויזישן מאָלער דאָרינייאַק, אַן אידעלע פרוי, וואָס האָט אים געהאָלפן אין זיינע געראַנגלען.

ער איז געווען אַ פריינד פון אוטרילאָ.

ווען אוטרילאָ האָט חתונה געהאַט, איז חיים עפּשטיין געווען איינער פון די מחותנים. דאָס איז געווען, אַזוי צו

---

* אַ באַקאַנטער גרויסער בנין אין פּאַריז, ווו עס געפינען זיך קינסטלער-אַטעליעס.

זאגן, א באזונדער זכות, ווארעם דער גרויסער פראנצויזי־שער קינסטלער האט צו זיין התונה נאר פארבעטן גע־ציילטע מענטשן, זיינע גאר אינטימע גוטע־ברידער.

היים עפשטיין, דער קליינגעוויקסיקער מענטש מיטן יידישן אויסזען, שארפן בליק, שטיפערישן שמייכל און שטענדיק דעליקאטן געזונט, איז געווען א סימפאטישע, סובטילע קינסטלער־געשטאלט.

ער איז געווען אין זיין לעבן זייער דינאמיש. ער האט פאר־מאגט א פעסטן, שטארקן רצון און אויסהאלטעוודיקייט, א דאנק וועלכע ער האט געקענט גיבר זיין די מניעות, וואס האבן זיך אים געשטעלט אין וועג.
ער איז געווען א פריינדלעכער, קלוגער, קולטורעלער מענטש.

זיינע מיינונגען און געדאנקען, וואס שייך דער קונסט, פלעגט ער ארויסזאגן מיט א זעלטענער קלארקייט.

דער קלוגער מענטש האט פארמאגט א סך עניוות: ווען מען האט, למשל, אנגעהויבן מיט אים צו ריידן וועגן זיין אייגענער קונסט, פלעגט ער באלד אריבערגיין צו זיינע זכרונות וועגן זיינע פריינד חיים סוטין און אמאדעא מא־דיליאני.

ער האט ליב געהאט זיך צונויפצוטרעפן מיט מענטשן, הבריש זיך מיט זיי צו צעשמועסן, זיי עפעס דערציילן. און א דערציילער איז עפשטיין, וואס איז געווען באהאוונט און זיך אינטערעסירט מיט אלץ, וואס האט געהאט א שייכות צום לעבן, געווען א פרעכטיקער.

דער יידישער שרייבער עוזר ווארשאווסקי, מיט וועלכן ער איז געווען באפריינדעט, האט טאקע געקוקט אויף אים ווי אויף א גרויסן דערציילער־טאלאנט.

ער האט ליב געהאט מוזיק און ליטעראטור און געהאט א באזונדערן סענטימענט פאר דער יידישער ליטעראטור. ער פלעגט אפט וועגן איר ריידן מיט זיינע פריינד.



ח. עפשטיין פארטרעט פון ב. ה. קאלעקציע האדעבער

דער מאַלער-קינסטלער, וואָס איז געקומען פון רוויכיקן, פאַרשמאַיעטן און פאַרהאַוועטן אינדוסטריעלן לאָדזש, האָט זייער ליב געהאַט דאָס דאָרף, די נאַטור, און געבענקט צו זיי.

ווען ער איז אַלט געוואָרן פערציק יאָר, האָט ער זיך טאַקע ענדגילטיק באַזעצט אויפן לאַנד, אין עפּערנאָן, ווו ער האָט זיך, אַחוץ מיט זיין קונסט, אָפּגעגעבן מיט באַאַרבעטן און פלעגן זיין גאָרטן, זיינע ביימער, בלומען און כלערליי געוויקסן, וואָס ער האָט דאָרטן פאַרפלאַנצט.

ער האָט אַרויסגעוויזן דאָ אַ סך בקיאות, און די פּויערים, זיינע שכנים, זיינען פון דעם געווען נשתומם.

ער האָט אין זיין דאָרף ליב געהאַט צו גיין אויף פישפאַנג. און מאָדנע: דער סובטילער מענטש מיטן דעליקאַטן געזונט פלעגט אויך אַ מאָל גיין מיטן בירגערמייסטער און דאָקטער פון יענעם אָרט אויף... געיעג. ווי נעמט זיך דאָס צו אַ ייד? צום לאָדזשער ייד חיים עפּשטיין?

זינט חיים עפּשטיין איז געקומען קיין פּאַריז, האָט ער מיט זיין קינסטלעריש שאַפן געהאַט באַלד אַ דערפאָלג. מיט זיין קונסט האָט זיך, צווישן אַנדערע, אויך אינטערעסירט אַריסטיד בריאַן. אין זיין דירה האָבן זיך געפונען ווערק פון דעם יידישן קינסטלער, וועלכער האָט בשעת אַן אויסשטעלונג באַזונדער צוגעצויגן דעם אויפמערק פון באַוווסטן פראַנצויזישן קונסטקריטיקער גיסטאַוו קאָקיאָ, וואָס האָט מיט גרויס התפעלות געשריבן וועגן איר.

דער קינסטלער האָט שפּעטער דריי זומערן נאָך אַנאַנד פאַרברענגט אין דער פערמע פון קונסטקריטיקער אין דער פראַנצויזישער פּראָווינץ אָווערניע, מאָלנדיק דאָרטן אַ גרעסערע צאָל בילדער, וואָס זיינען געווען דער פּועל-יוצא פון זיין אַרומוואָגלען, פון זיינע מעדיטאַציעס אין דער ברייט צעעפנטער לאַנדשאַפט. זיי זיינען אויך געווען דער פּועל-יוצא פון קינסטלערס באַצויבערט ווערן פון דער נאַטור, פון די מענטשן, וואָס לעבן אויף יענער ערד, פון די פּאַסטוכער און פּאַסטוכערינס, און פון די בעלי-חיים, וואָס ער האָט דאָרטן באַגעגנט.

זיי זיינען אויך דער פּראָדוקט פון די אָנצאָליקע צייכענונגען, וואָס ער האָט דאָרטן געמאַכט בשעת זיינע שטילע, איינזאַמע וואָגלענישן און נאָכטראַכטענישן.

דער אינטימער קאָנטאַקט מיט די דאָרפמענטשן האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף דער קינסטלערישער געשטאַלטיקייט פון חיים עפּשטיינען, אויף זיין גאַנצער קינסטלערישער יצירה.

אינעם הויז פון קונסטקריטיקער קאָקיאָ האָט זיך עפּשטיין צונויפגעטראָפן מיט די באַרימטע פראַנצויזישע מייסטער: אַנדרעי דערען, ראַול דיפי, רואָ, פּיקאַסאָ, סיזאַן וואַלאַדאָן און מיט איר זון מאָריס אוטרילאָ.

***

ער האָט אויך באַזוכט די פּירענייען און געברענגט פון דאָרטן אַ ריי בילדער.

דער ים, וואָס ער האָט שטאַרק ליב געהאַט, די פישערהאַפנס און די פישערס, מיט וועלכע ער פלעגט אין משך פון לאַנגע חדשים לעבן ווי זייערס אַ פריינד און ליב געהאַט זייערע קליינע פישערשיפלעך, האָבן דעם קינסטלער שטענדיק געצויגן צו זיך.

דעם ים, די ים-מענטשן און אַלץ, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שייכות מיט זיי, האָט ער געמאָלן מיט ליבשאַפט און מיט התלהבות.

ער האָט זיך אין די דאָזיקע געמעלן אויף אַ באַזונדערן אופן אויסגעצייכנט.

ער האָט ליב געהאַט דעם „אַלטן האַפן" פון מאַרסעי.

ער האָט אויך ליב געהאַט דאָס זוניקע, הייס-בלוטיקע, מאָלערישע לענדל קאָרסיקאַ, ווו ער איז עטלעכע זומערן אַהינגעפאָרן מאָלן.

אַחוץ איילבילדער האָט דער לאָדזשער יידישער קינסטלער אויך געמאָלן אַקוואַרעלן פון ברעטאַניע און פון אַנדערע פראַנצויזישע מקומות.

ער האָט אונדז איבערגעלאָזט אַ ריי ווערק פונעם לעבן פון פאָלק. כדאי בלויז צו דערמאָנען זיינע „יאַרידים".

זיינע צייכענונגען האָבן צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון מבינים. און געצייכנט האָט ער זייער אַ סך.

ער איז געווען אויך ביכער-אילוסטראַטאָר און האָט אילוסטרירט דאָס ווערק „וואַגאַבאָנדאַזש" פון קונסטקריטיקער קאָקיאָ (פאַרלאַג אָלענדאָרף, פּאַריז 1921) און אַ בוך פון באַוווסטן פראַנצויזישן קאָרסיקאַנער שרייבער פּיער באָנאַרדי.

ער איז געווען אַ גרויסער פאַרערער פון סעזאַן.

ער איז געווען פול מיט כסדרדיקע זוכענישן נאָך שלמות אין זיין שאַפן. אין דער לעצטער צייט, איידער ס'האָט זיך אַזוי טראַגיש איבערגעריסן דער גילדענער פאָדעם פון זיין יצירה, דערשיינט זיין קונסט פאַר אונדז נאָך קראַפטיקער און נאָך אייגנאַרטיקער און מיט אַ פערזענלעכן חותם. די וויזיע פון לעבן איז נאָך מער אויסגעברייטערט.

***

אין יאָר 1934, האָט ער, ענלעך ווי סעזאַן, וואָס ער האָט באַוווּנדערט, געמאָלן אַקטן-קאָמפּאָזיציעס.

אין זיינע פריערדיקע קונסט-שאַפונגען באַמערקן מיר ביי אים אַ רויטע גאַמע, ווי ביי סוטינען. מיר זעען דאָס אין זיינע „קעלבלעך" און „קי", וואָס ער האָט געמאָלן, זייענדיק אין דער פראַנצויזישער פּראָווינץ אָווערניע. אין זיין שפּעטערדיקער תקופה דאָמינירן שוין מער די בלויע און גרינלעכע טענער.

ער איז געווען אַ קינסטלער מיט אַ ברייטער, שאַרפער אָבסערוואַציע.

אויף אים, חיים עפּשטיינען, קען מען, בלי גוזמא, זאָגן, נעמענדיק אין אַכט די ווערק, וואָס ער האָט אונדז איבערגעלאָזט, אַז ער האָט געשפּילט אַ באַטייטיקע און וויכטיקע ראָלע ווי איינער פון די פאָרגייער פון דער קונסט, וואָס ווערט אָנגערופן מיטן נאָמען „די פּאַריזער שול".

***

אין חודש פעברואַר 1944, נישט קיין גאַנצע דריי חדשים פאַר דער באַפרייונג, האָבן זיך באַוויזן אין שטילן הויז, ווו

דער קינסטלער האָט געשאַפן זיינע ווערק, באַאַרבעט און געפלעגט זיין גאָרטן, פיר געשטאַפּאָ־לייט.

ער האָט דעמאָלט נאָר וואָס געהאַט פאַרענדיקט זיין בילד „בלומען".

די געשטאַפּאָ־לייט האָבן אים געגעבן אַ פערטל שעה צייט זיך צוצוגרייטן צו זיין וועג פון אומקום.
דער קינסטלער האָט געוואָרפן, פאַרן פאַרלאָזן זיין היים, זיין אַטעליע, זיין לעצטן בליק אויף זיין פרוי, אויפן בילד „בלומען", וואָס ער האָט געהאַט נאָר וואָס פאַרענדיקט, און איז, באַגלייט פון די פיר פאַרשטייער פון „דריטן רייך", אַרויס פון זיין שטילער דאָרפישער היים.

אין דרויסן פאַר זיין הויז איז געשטאַנען אַ וואָגן. אין דאָזיקן וואָגן, וואָס האָט באַדאַרפט אָוועקפירן דעם קינסטלער, האָבן זיך געפונען אַנדערע יידישע קרבנות.

פאַרגעסנדיק זיין אייגענעם גורל, האָט ער זיך גענומען טרייסטן די אַנדערע.

חיים עפשטיינען האָט מען אַוועקגעפירט אין תפיסה קיין שאַרטר, דאָס שכנישע, שיינע שטעטל, וואָס ער פלעגט באַוווּנדערן.

דעם 24טן פעברואַר 1944 האָט מען חיים עפשטיינען געפירט אין גרויען לאַגער פון דראַנסי, אים, וואָס איז פאַרליבט געווען אין צאַרטן בלוי.

פול מיט פיעטעט און יראת־הכבוד האָט מען אין חודש דעצעמבער 1946 אויסגעשטעלט זיינע איבערגעבליבענע ווערק אין דער פאַריזער קונסט־גאַלעריע „בערי־ראַספּאַי".

⁂

דער קינסטלער־קדוש פלעגט אויסשטעלן אין פאַריז זיינע שאַפונגען אין „האַרבסט־סאַלאָן", אין „סאַלאָן פון די אומאָפּהענגיקע" און אין „טיולערי־סאַלאָן".

וועגן אים האָבן, צווישן אַנדערע, געשריבן:

גיסטאַוו קאָקיאָ און זשאָרזש וואַלדעמאַר.

(זשאָרזש וואַלדעמאַרס מאָנאָגראַפיע איז דערשינען אין פאַרלאַג „לע טריאַנגל" אין פאַריז).



ח. עפשטיין — דער טויטער פויגל, אוילבילד

# צוויי אַרטיקלען פון ח. עפּשטיין

## אַ) אַ יידישער באַלעט אין פּאַריז

די דאָזיקע צוויי אַרטיקלען האָט חיים עפּשטיין פאַרעפנטלעכט אין לאָנדאָנער חודש־זשורנאַל „רענעסאַנס" (רעד' לעאָ קעניג) אין יאָר 1920. — ער האָט אויך דאָרטן געשריבן וועגן מאָלער משה קיסלינג.

אייניקע פון די יונגע יידישע קינסטלער אין פּאַריז שטרעבן נאָך אַלץ באַוווּסטזיניק יידישע פאָרעמען צו שאַפן, אָבער אויך די ווייניקע ווייסן נאָך נישט אונדזערע פאָלקס־טימלעכע־רעליגיעזע צירונגען אָדער די פאַרשידענע מיסטישע קבלה־צרופים און סימבאָלן — דאָס ביסל, וואָס איז אונדז פאַרבליבן פון אונדזער פאַרגאַנגענהייט און וועלכע וואָלטן זייער פיין געקענט און געדאַרפט אויסגענוצט ווערן אינעם מאָדערנעם יידישן שאַפן.

דער ערשטער קינסטלער, וועלכער האָט מיט געשמאַק אויסגענוצט די פאָלקס־טימלעכע מאָטיוון אונדזערע, איז מאַדאַם שרה בת־יוסף אין איר דעקאָראַציע צום העברעישן קאָנצערט און צו איר באַלעט „יפתחס טאָכטער".

מאַדאַם שרהס אַרבעט איז ווי דאָס יידישע פאָלק: געשטיקעוועט פון פאַרשיידענע שטאָפן און מאַטעריאַלן. און פון אַלעס, וואָס זי מאַכט, ווייעט עטוואָס יום־טובדיקס, ווייבלעך־רעליגיעזעס.

מאָדנע יום־טובדיק און אינטים־יידיש ווירקט איר ווייסער פאָרהאַנג, אויסגענייט מיט שוואַרצע פּערל אַרום הבדלה־ליכט...

צום קאָנצערט גיט זי אַ בלויע דעקאָראַציע, באַצירט מיט קאַבאַליסטישע פיגורן און אותיות.

אפילו פונעם מאָטיוו „יפתחס טאָכטער" וואַרפט זי אַרום דאָס באַנאַל־אָריענטאַלישע און אויפן דעקאָר „דער שטאָט־טויער" האָט זי אויסגעשטרעקט לייבן, וואָס שיינען אויסגעוואַקסן פון אַ חנוכה־לאָמפּ. אין די טענץ פון יפתחס טאָכטער און אירע חבר־טאָרינס מיט דעם אונטערגרונט האָבן אויסגעזען אַזוי צניעותדיק־חסידיש, דאָס מען האָט געגלייבט, אַז מען זעט פאַר זיך אמתע ביבלישע מאָטיוון...

## ב) וועגן אַמאַדעאָ מאָדיליאַני

דעם 23טן יאַנואַר איז פאָרגעקומען אין פּאַריז די לוויה פון דעם יונג פאַרשטאָרבענעם יידישן קינסטלער אַמאַדעאָ מאָדיליאַני. ביים לעבן, מיין איך, וואָלט ער זיך קיין מאָל נישט געקענט פאָרשטעלן די רעזולטאַטן פון זיין גרויסער צוציונגס־קראַפט, די אמתע סימפּאַטיע צו אים פון דער גרויסער מאַסע פּאַריזער קינסטלער. ער האָט זיכער נישט געחולמט, אַז אַזעלכע אָנגעזעענע קרעפטן ווי פּיקאַסאָ, דערען און מאַקס זשאַקאָב, וועלן אים מיט אַזאַ סך טרויער, פּאָמפּ, מיט בלומען און קדיש באַגלייטן צום קבר.

אפשר קיינער האָט נישט אַזוי דערעסן די קינסטלער מיט זיין שטאָלץ, מיט זיינע טעגלעכע קאַפּריזן, מיט זיין צער און זיין תאווה — ווי מאָדיליאַני. נאָר וואָס איז מען נישט מוחל איינעם, וועלכער האָט געטראָגן אין זיך אַזאַ סך חן און אַרויסגעוויזן דאָס אַזוי בולט אין זיין יעדן וואָרט, אין יעדער באַוועגונג, און אין דער מינדסטער צייכענונג זיינער.

זעלטן איז אַדורך אַ לוויה אין אַזאַ מרה־שחורהדיק־געדריקטער שטימונג — אפשר אויך צוליב דעם טראַגישן טויט, וואָס זיין פרוי האָט זיך גענומען אין טאָג, ווען ער איז געשטאָרבן.

אַז מאָדיליאַני איז געקומען קיין פּאַריז פון איטאַליע, וווּ ער איז געבוירן געוואָרן, וואַרפט ער אַוועק זיין מאָלעריי און נעמט זיך צו סקולפּטור. מיט זיינע ערשטע ווערק, אויסגעשטעלט אין „סאַלאָן פון די ענדעפּאַנדאַן", וועלכע טראָגן שוין דעם כאַראַקטער פון זיין גאַנצן ווערק, פאַראינטערעסירט ער אַלע יונגע זוכנדיקע קינסטלער. ער

געפעלט מיט זיין איינפאכקייט און סטיל. ער האט אויך דערפאלג, נאר ער נעמט זיך ווידער צו מאלעריי און צייכענונגען. ער פארברענגט זיין צייט נישט ווי אנדערע אין זייערע אטעליעס, נאר אין וואנדערן, אן אומצופרידענער, געטונקט אין צער און אין אלקאהאל אין די נאכט-קאפעען, וווּ ער צייכנט אדער מאלט ערגעץ איינעם, וואס געפעלט אים.

ער איז נישט דער מאלער אינעם געוויינלעכן זין פון ווארט: נישט א פארבן-פראבלעם אדער כאראקטער אינטערעסירט אים זיין מאדעל, נאר די אים נייטיקע עמאציע פון שיינעם און עקספרעסיוון, א געפיל, מיט וועלכן עס איז אפשר געווען באנומען א גאטישער פרימיטיוו אדער א נאיווער נעגער, ווען ער האט זיך אליין זיין גאט גע-מאכט. און צוליב דעם געפיל ענדערט ער אזוי אין זיינע קעפ די פארמען און די פראפארציעס און רייניקט זיי אזוי פון דעם פראסט זינלעכן. עס איז שווער צו זאגן, וואס מאדיליאני האט געוואלט אין קונסט און לעבן, ווי עס איז שווער וועגן יעדן יונג פארשטארבענעם קינסטלער.

צום באדויערן פארלירן מיר אין מאדיליאני, וועלכער האט זיך נאך נישט אין גאנצן ארויסגעוויזן, דעם טיפ קינסטלער מיט א שטארקן רעליגיעזן געפיל. — א מיסטיקער, — ער, וועלכן איך געפין פאר א חסידישן, דעם טיפ קינסטלער, וועלכער איז א פראבלעם — ווייל א סך געפינען אין אים דעם ריין לאטייניִשן „עספרי“ און אנדערע דעם אריענטאלישן אידעאליזם.



ח. עפשטיין — דער יאריד, אוילבילד

# לעא קעניג וועגן חיים עפשטיין

איך קען איצט אויף זיכער נישט זאָגן, צי דער קרעפּטיקער מאָלער חיים (אַנרי) עפּשטיין האָט אָנטייל גענומען אין „מחמדים". און אויב נישט, פאַר וואָס? מסתמא צופעליק נישט. ער האָט דאָך נישט באַלאַנגט צו די דערפאָלגרייכע יידן־קינסטלער, ווי צום ביישפּיל: פּאַסקין, קיסלינג, זאַדקין א"אַ, וואָס מיינען, אַז דערפאָלגרייכע קינסטלער דאַרפן שוין נישט האָבן צו טאָן מיטן יידישן לעבן.

ער איז געווען אַ פּוילישער ייד (פון לאָדזש, וואָס האָט אַ סך עלטערע און ייִנגערע קינסטלער אַרויסגעגעבן) און פאַר אַ פּוילישן ייד איז חיים עפּשטיין געווען מערקווירדיק ראַציאָנאַל און נישט ראָמאַנטיש. (דאָס קען מען זען אויך פון זיינע „געזונטע" בילדער און צייכענונגען).

אין מינכען, ווו איך האָב זיך מיט אים דאָס ערשטע מאָל באַקענט, קומענדיק פון „בצלאל" („אַפּגעברענט ווי אַן אַראַבער" — עפּשטיינס ערשטע באַמערקונג), האָט זיך דער יונגער עפּשטיין אויסגעצייכנט מיט זיין באַוווסטזיניק „איירָאָפּעיזירן" זיך און וועלן „אַסימילירן" אין שפּראַך. ווען מען זוכט עם באַוווסטזיניק, קומט אַרויס אַ ביסל קאַריקאַטוראַל...

אַ טייל פון דער פּויליש־יידישער יוגנט איז דעמאָלט אַסימילאַטאָריש געווען געשטימט. אָבער עפּשטיין, ווי געזאָגט, איז בטבע נישט געווען קיין ראָמאַנטיקער און ער האָט אַ סך געקלערט און געדענקט. און דווקא אין פּאַריז, און אפילו שפּעטער, ווען ער האָט אָנגעהויבן אָנערקענט צו ווערן און האָט אפילו געקראָגן אַ „מאַרשאַן", דער אידעאַל פון אַלע נויטבאַדאַרפטיקע קינסטלער, האָט ער אָנגעהויבן אַלץ לאָגישער און ראַציאָנעלער דענקען אויך וועגן דער „יידן־פראַגע", וועלכע האָט אים, אגב, אַלץ מער און מער אָנגעהויבן מוטשען...

איך געדענק, ווען איך האָב אים, אין 1919, פאַרבעטן מיטצואַרבעטן אין „רענעסאַנס", האָט ער מיר גלייך צוגעשיקט צוויי אַרטיקעלעך וועגן מאָדיליאַני, וועלכער איז דעמאָלט באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, און דווקא אין יידיש... זאַכלעכע, גוטע יידישע אַרטיקעלעך פון עפּשטיינען. און אין די לעצטע יאָרן איז עפּשטיין אַלץ עמפּפינדלעכער געוואָרן וועגן דער „יידן־פראַגע" און האָט געלעבט, קען מען זאָגן, מיט זיין מאָלן און מיט זיין „יידישקייט", נישט קוקנדיק דערויף (און אפשר טאַקע אויך דערפאַר?), וואָס ער האָט התונה געהאַט אין אַ פיינער, קינסטלערישער פראַנצויזישער פאַמיליע און האָט אַזאַ איבערגעבענע פרוי געהאַט...

איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן די טענה, וואָס ער האָט צו מיר געהאַט, ווען איך האָב מיט אַ פּאָר יאָר פאַר דעם איצטיקן פאַטאַלן קריג אים געטראָפן אין פּאַריז: ס'האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז דער פּאַטערן אויף מיין „פּולאָווער" זעט אויס ווי אַ האַקן־קרייץ:

— „איך וואָלט אַזאַ „פּולאָווער", האָט ער געזאָגט, נישט געטראָגן."

צי עפּשטיין האָט גענומען אָנטייל אין די פּאָר נומערן „מחמדים" צי נישט, אָבער איינער פון די „מחמדים" איז ער זיכער געווען. אין „מחמדים" האָבן אַ פינף צי זעקס יונגע קינסלער זיך דירעקט באַטייליקט. אָבער זיי זיינען דאָ אַ סך מער, אין די צענדליקער, אין די הונדערטער אפשר. איך האָב זיי געטראָפן אומעטום: אין ניו־יאָרק, אין טשיקאַגאָ און אין אַנדערע אַמאָליקע אַלטע היימען: אין ארץ־ישראל, אין רוסלאַנד און אין טרעבלינקע און בערגען־בעלזען „זיינען זיי יאָ געווען".

ביודעים ובלא יודעים „מחמדימניקעס".

איך קען איצט אַ פּאָר יידישע קינסטלער אין לאָנדאָן, וואָס זיינען ווילנדיק און נישט ווילנדיק „מחמדימניקעס". ווי די דירעקטע מיטאַרבעטער און מיטגרינדער פון די פּאָר „מחמדים"־נומערן וואָלטן זיי אפשר איצט געלאַכט פון די אומבאַהאָלפענע „יידישע צייכענונגען" אין „מחמדים". אָבער אַזעלכע נאַיווע יידישע צייכענונגען וועלן זיי געפינען אין זייערע אייגענע סקיצן־ביכער פון יענער צייט, פון יענע פּאָר יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען מיר האָבן ווי פּלוצלינג אַנטדעקט אַ יונגע מאָדערנע יידישע ליטעראַטור, אַן אויפגעלעבט יידיש פאָלק און אַ פאָלקסטימלעכע אינטעליגענץ, וואָס בענקט נאָך נייע, לעבעדיקע און שעפערישע פאָרמען.

אפשר נישט קיין איבעריק געראָטענע און נישט צו דרייסטע „יידישע שפּראַצונג" איז „מחמדים" געווען.

אָבער ס'איז אויך נישט אין גאַנצן צופעליק, וואָס דער נאָמען און די פירמע „מחמדים" ווערן איצט אויפגעלעבט אין אַמעריקע.

און ווער ווייסט, עס קען זיין, ווען די בעסערע צייטן וועלן קומען און אונדזער געזעלשאַפטלעכקייט וועט מער קאָפּ האָבן פאַר די „פרפראות לחכמה", וועט דער נאָמען „מחמדים" אפשר סימבאָליזירן נייע און רייפערע שעפערישע כוחות.

# פאַל פּיטום

# PAUL PITOUM

## 1896-1940

גרויס איז די צאָל פון די, וואָס האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות הינטער די לאַגער־צוימען, נאָך איידער מ'האָט זיי אָוועקגעשיקט צום אומקום אין די קרעמאַטאָריעס. זיי זיינען אויסגעגאַנגען פון שמוץ, קעלט, הונגער: פון פיזישער אויסגעשעפּטקייט. נישטאָ קיין אָרט ביי די לאַגערן, ווו עס זאָלן זיך נישט געפינען דאָס אָרעמע, אויס־געמאַטערטע געביין פון די קרבנות.

צו דער גרויסער צאָל יידן, וואָס האָבן אויסגעהויכט אין די כלערליי לאַגערן זייערע נשמות, געהערט אויך דער מאָלער פאַל פּיטום.



ער איז געבוירן געוואָרן דעם 30טן אָקטאָבער 1896 אין טאַגאַנראָג, רוסלאַנד, ווו עס האָבן געלעבט בסך הכל פיר יידישע משפחות.

פאַל פּיטום האָט געענדיקט אין ראָסטאָוו די מיטלשול און אויך די אָרטיקע שול פאַר צייכענען.

אין ראָסטאָוו, ווו ער איז שפּעטער געוואָרן אַ לערער פון צייכענען אין איינער פון די דאָרטיקע שולן, פלעגט ער אויסשטעלן זיינע שאַפונגען.

אַחוץ מיט מאָלעריי האָט זיך פאַל פּיטום זייער אַ סך אינ־טערעסירט מיט טעאַטער און פלעגט נאָך אין ראָסטאָוו אַרויסטרעטן ביי פאַרשיידענע טעאַטער־פאָרשטעלונגען.

ער איז, אַרום 1921, געפאָרן מיט אַ רוסישער טעאַטער־טרופּע אויף זעקס חדשים קיין מילאַן, איטאַליע. נאָך איי־דער זי איז אַרויסגעטרעטן, איז זיך אָבער די דאָזיקע טעאַ־טער־טרופּע דאָרטן פונאַנדערגעגאַנגען.

פאַל פּיטום איז דעמאָלט אַריינגעטרעטן אין „סקאַלאַ־טעאַטער" פון מילאַן, ווו ער האָט געמאַכט די דעקאָראַציעס פאַר די פאָרשטעלונגען.

האָבנדיק פאַרבראַכט דריטהאַלבן יאָר אין מילאַן, איז ער פון דאָרטן געקומען קיין בערלין און אַרויסגעטרעטן ביי די פאָרשטעלונגען פון דער רוסישער טעאַטער־טרופּע „סי־ניאַיאַ פּטיצאַ" („דער בלויער פויגל").

ער האָט אויך געמאַכט די דעקאָראַציעס פאַר די פאָרשטעלונגען פון דער דאָזיקער טרופּע, מיט וועלכער ער איז, אגב, שפּעטער געפאָרן אויף אַ טורנע קיין פראַנקרייך, בעלגיע און אַלזשיר.

אין יאָר 1923 האָט ער זיך ענדגילטיק באַזעצט אין פּאַריז. זיינע אייל־בילדער, צייכענונגען און גואַשן פלעגט ער אויסשטעלן אין „האַרבסט־סאַלאָן".

אין יאָר 1936 האָט זיך פאָל פּיטום אויך גענומען אַרבעטן ביים פילם אין דער שטודיע „פראַנסואַ פרעמיע" אין פּאַריז.

ער האָט אויך געמאַכט די קינסטלערישע אַפּישן פאַר די ראַטנפאַרבאַנדישע פילמען, פאַר די פילמען „פּאַטהע־נאַטאַן" און געאַרבעט בעת דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאַריזער אויסשטעלונג פון 1937 אין סאָוועטישן פּאַוויליאָן.

***

דעם 1טן סעפּטעמבער 1939 איז ער אַרעסטירט געוואָרן אין זיין דירה און אַריינגעזעצט געוואָרן אין דער פּאַריזער תפיסה „לאַ סאַנטע". אַ חודש שפּעטער האָט מען אים פון דאָרטן געפירט קיין ראָלאַן־גאַראָ און צוויי וואָכן דערנאָך אין לאַגער פאַר פּאָליטיש־פאַרדאַכטיקע פון ווערנע, וואָס איז געווען איינער פון די ערגסטע לאַגערן אין פראַנקרייך. פאָל פּיטום, וואָס איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכער שאָכשפּילער, האָט דעם 2טן יולי 1940, אין מיטן שאָכשפּילן, באַקומען אין לאַגער אַ געדערעם־אַטאַק, וואָס איז, בלי ספק, געקומען צו אים ווי אַ פּועל־יוצא פון דער שלעכטער דערנערונג.

מ׳האָט אים אויף אַ לאַסטוואָגן אַוועקגעפירט קיין פואַ אין שפּיטאָל, וווּ ער איז געוואָרן אָפּערירט. עטלעכע שעה נאָך דער אָפּעראַציע האָט מען דעם קראַנקן צוריקגעפירט קיין ווערנע.

דאָס תיכּפדיקע שנעלע צוריקפירן אים אין לאַגער נאָך דער אָפּעראַציע איז געווען פאַר אים פאַטאַל.

ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה צווישן זיינע חברים בצרה, הינטער די צוימען פון שווערן ווערנע׳ער לאַגער, דעם 5טן יולי 1940.



פּ. פּיטום — דער לאַגער אין ווערנע, צייכענונג



# אַלעקסאַנדער פֿאַזיני
# ALEXANDRE FASINI
1892-1942

און זיין פּנים איז געלעגן אַ טיפֿע ערנסטקייט, אַן אידעלע פֿאַרטראַכטקייט און טרויער. דער בליק — אַן אַדורכנעמענדיקער.
אַז מ׳האָט אָנגעקוקט דעם דאָזיקן קינסטלער מיט זיין שיינעם, הויכן שטערן, דעם גאַנצן אויסדרוק פֿון זיין פּנים, איז מען עפּעס באַלד אַליין אַרומגענומען געוואָרן מיט אַ טיפֿער ערנסטקייט און שטילן אומעט.
בטבע אַ שתקן האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט עפּעס אַ באַזונדערקייט, וואָס האָט אים, דעם שתקן, געמאַכט אָריגינעל.
קיינער, אחוץ די גאָר נאָענטע, האָט נישט חושד געווען, אַז דער דאָזיקער ערנסט־שווייגנדיקער, פֿון נאַטור טרויעריקער קינסטלער, פֿאַרמאָגט אַ דינעם, פֿיינעם הומאָר און אַ זעלטענע פֿעיקייט צו אָבסערווירן מענטשלעכע שוואַכקייטן אין זיך און אַרום זיך.
אין דעם פּרט איז ער זיכער געווען זייער ענלעך צו זיין ברודער, דעם באַרימטן סאָוויעטישן שרייבער אילף (איליאַ פֿיינזילבערג), וואָס איז געשטאָרבן פֿון טובערקולאָז, בעת ער איז צוריקגעקומען פֿון אַ רייזע אין צפֿון־אַמעריקע.
ווער ס׳האָט געקענט אַלעקסאַנדערן, וועט זיכער געפֿינען אַ קרובֿישע ענלעכקייט צווישן זיין הומאָר און דעם הומאָר, וואָס קומט צום אויסדרוק אין די ווערק פֿון זיין ברודער אילף.

די משפּחה פֿיינזילבערג איז בשעתו באַקאַנט געווען אין אָדעס. מען האָט געקענט דעם פֿאָטער פֿיינזילבערג, דעם שעף־בוכהאַלטער פֿון די אָדעסער דאַמפֿמילן, און זיינע דריי זין, פֿון וועלכע צוויי זיינען אויסגעוואַקסן מאָלער און איינער אַ שרייבער.

שאול פֿיינזילבערג — אַלעקסאַנדער פֿאַזיני איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1892, אין אָדעס. דאָרטן האָט ער פֿאַרברענגט זיין קינדהייט און יוגנט, באַזוכט די פֿאָלקשול און מיטלשול. ווען ער איז נאָך זייער יונג געווען, איז אים די מוטער געשטאָרבן.



אַ. פֿאַזיני

קאָמפּאָזיציע, אוילבילד

ער האָט געענדיקט די אָדעסער קונסט־אַקאַדעמיע, ווו ער איז געווען דער תלמיד פונעם אימפּרעסיאָניסטישן מאָלער קאָסטאַנדאַ.

אַלעקסאַנדער פּאַזיני, וואָס די נאָענטע האָבן מיט ליבשאַפט גערופן „סאַשאַ", האָט אַלע זיינע יאָרן גערעדט מיט דרך־ארץ און אָנערקענונג וועגן זיין לערער, וואָס איז געווען פון גריכישן אָפּשטאַם.

אַרום 1922 פאַרלאָזט ער אויף אַ קליין שיפל ראַטנפאַרבאַנד און דערשלאָגט זיך קיין פּאַריז, כדי זיך צו פאַרפולקומען אין דער קונסט פון מאָלן.

ער האָט אין זיין בעסטער תקופה געמאָלן בילדער, וואָס מיט זיין באַגאַבטקייט פאַר אַלע מינים טעכניק איז ער אָבער געווען אַ גרויסער זוכער און עקספּערימענטאַטאָר.

כאָטש ער האָט מיט גרויס הצלחה עטלעכע יאָר געאַרבעט אין דעם נוסח, וועגן וועלכן מיר האָבן פריער גערעדט, האָט ער זיך אָבער נישט געקווענקלט צו מאַכן, אַרום 1937-1938, אַ חשבון־הנפש און אַריבערצוגיין צו אַ מאָ־לערײ, וואָס איז געווען אין גאַנצן נאַיוו, תמימותדיק און אָן פּרעטענציעס: ער האָט אָנגעהויבן מאָלן עניוותדיקע שטיללעבנס.

געקוקט האָט ער אויפן דאָזיקן פּעריאָד ווי אויף אַ פּעריאָד פון עקספּערימענט, פון וואַנען עס דאַרף אַרויס עפּעס נייעס.



אַ. פּאַזיני — קאָמפּאָזיציע, אייל־בילד

מען קען זיי נישט פאַררעכענען צום קוביזם און אויך נישט צו דער אַבסטראַקטער קונסט: אַ מין עפּיר־מאָלערײ, ווו דער שטח און די פּערסאָנאַזשן זיינען דורך עטלעכע רע־דוצירטע עלעמענטן געווען מער סוגערירט איידער בולט אָנגעוויזן.

אין יענער צייט איז זיין טאַלאַנט ווי אַ מאָלער און גראַפי־קער געקומען צו אַ גליקלעכער האַרמאָניע.

די עלעגאַנץ פון דער גראַפישער סכעמע איז געווען פאַרזען מיט אַ נישט־געוויינטלעכער דעליקאַטער מאָזאַיִק פון טאָן. עטלעכע שטריכן האָבן געגעבן דער דאָזיקער האַרמאָניע די שפע פון לעבן.

זיין טראַגישער טויט האָט געמאַכט אַ סוף צו אַלע זיינע זוכענישן און דערוואַרטונגען.

***

אַלעקסאַנדער פּאַזיני פלעגט אין פּאַריז אויסשטעלן אין „טיולערי־סאַלאָן", אין „סאַלאָן פון די אייבער־אומאָפּהענ־גיקע" — צו די לעצטע האָט דעם קינסטלער דערנענטערט דאָס זוכן פון נייע דרכים אין דער פּלאַסטישער קונסט.

מיט אַלעקסאַנדער פּאַזיניס טאַלאַנט האָט זיך באַזונדער אינטערעסירט די קונסט־גאַלעריע „וואַווען" אונטער דער דירעקציע פון ה' בערזשע.

אין דער דאָזיקער קונסט־גאַלעריע, באַקאַנט מיט אירע

אולטרא־מאָדערנע טענדענצן, האָט ער אין משך פון צוויי יאָר כסדר אויסגעשטעלט זיינע קינסטלערישע שאַפונגען, אין איינעם מיט די ווערק פון די קינסטלער באַרעס, וויניעס, לירסאַ און פּאַפּאַזאָוו, דעם בולגאַרישן מאָלער.

***

ער איז געווען אַ באַגייסטערטער קאָלעקציאָנער פון דער פּרימיטיווער נעגערקונסט.

ער פלעגט מאַכן פון האָלץ און מעטאַל זייער שיינע קליינע מאָדעלן פון כלערליי מינים פּאַרצייטישע שיפן. געמאַכט האָט ער זיי מיט זייערע קלענסטע דעטאַלן.

ער איז אויך געווען באַהאַוונט אין סטאָליערײַ און ליב געהאַט אַ מאָל זיך צו מאַכן עפּעס אַ מעבלשטיק פאַר זיין דירה.

ער האָט זיך אויך אויסגעצייכנט אין דער פאָטאָגראַפישער קונסט. זיינע אויפנאַמעס זיינען געוואָרן אויסגעשטעלט אויף דער פּאַריזער אינטערנאַציאָנאַלער אויסשטעלונג פון 1937.

ער האָט זייער אַ סך געאַרבעט, אפילו אין די שווערסטע מאָמענטן פון די אָקופּאַציע־יאָרן. נישט קוקנדיק אויף די שווערע באַדינגונגען, אין וועלכע ער האָט געלעבט, האָט ער נישט אויפגעגעבן זיין שאַפערישע טעטיקייט.

זיינע נאָענטע האָבן אים געעצהט צו פאַרלאָזן פּאַריז און אַריבערצופאָרן אין דער „פרייער זאָנע“. ער האָט זיך נישט געקענט דערצו דעצידירן: עס וועט אים אויסקומען, האָט ער געזאָגט, צו וועגעטירן, ער וועט נישט קענען שאַפן, און אָן שאַפערישער אַרבעט, וואָס טויג דעם קינסטלער דאָס לעבן?

דעם 20טן יולי 1942 איז דער יידישער קינסטלער שאול פיינזילבערג—אַלעקסאַנדער פאַזיני און זיין פרוי ראָזאַ (אַזאַ, פון דער היים זילבערשטיין, געבוירן אין 1880 אין נאָוואָזשאַרקאַ, רוסלאַנד) געוואָרן אַרעסטירט אין פּאַריז.

מ׳האָט זיי אַוועקגעפירט קיין דראַנסי און אין עטלעכע טעג שפּעטער פון דאָרטן דעפּאָרטירט.

ווי עס גיט איבער ה׳ משה באַרנהאָלץ, וואָס איז געווען אין דראַנסי, האָט דער קינסטלער פאַר זיין אַוועקגיין מיט זיין פרוי אין דער „אומבאַקאַנטער ריכטונג“ געזאָגט צו די דערווייל נאָך איבערגעבליבענע יידן:

— „מיר פאָרן גלייך צום קאַלך־אויוון!“

אַלע זיינען דעמאָלט פאַרציטערט געוואָרן פון די דאָזיקע ווערטער.

***

זיינע בילדער און אַנדערע זאַכן, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין אַטעליע און דירה, האָבן די אָקופּאַנטן אַוועקגעפירט אָדער צעשטערט.

סיי די אַטעליע, סיי די דירה זיינען שפּעטער דורך אַ באָמבאַרדירונג אין גאַנצן חרוב געוואָרן.

געבליבן זיינען בלויז זעקס העפטלעך אויטאָ־ביאָגראַפישע שילדערונגען פון די יוגנטיאָרן אין אָדעס.

דאָס זיינען שיינע, פּאָעטישע שילדערונגען פון ים, פון האַפן, דאָס אויסלאָדענען פון די שיפן אאַז״וו, געשריבן אין אַ זייער שיינער און קאָרעקטער רוסישער שפּראַך, מיט אַ ציכטיקן קאַליגראַפישן כתב.

אין די העפטלעך געפינען זיך עטלעכע גוט געצייכנטע פּערסאָנאַזשן.

# עטיען פאַרקאַש
# ETIENNE FARKAS
## 1887-1944



עטיען פאַרקאַש איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1887 אין בודאַפּעשט ביי פאַרמעגלעכע אונגעריש-יידישע עלטערן.

זיין פאָטער איז געווען דער אייגנטימער פון איינער פון די גרעסטע און וויכטיקסטע ביכער-פאַרלאַגן אין אונגערן.

אין זיין פאַרלאַג זיינען דערשינען די ווערק פון די גרעסטע אונגערישע און אויסלענדישע שרייבער.

ווען עטיען פאַרקאַש האָט געענדיקט די גימנאַזיע, איז ער אַריין אין בודאַפּעשטער אוניווערסיטעט.

מאַלעריי האָט ער שטודירט אין דער קונסט-אַקאַדעמיע פון זיין געבוירן-שטאָט און געווען אַ תלמיד פון פּראָפ׳ לאַסלאָ מעדיאַנסקי.

ער האָט דערנאָך אויך געאַרבעט אַ צייט אין נאַג-באַניאַ, אונגערן, און שפּעטער אין מינכען.

קיין פּאַריז איז ער געקומען אין יאָר 1925. אין זעלביקן יאָר איז אין פּאַריזער פאַרלאַג „קראַניק די זשור" דערשינען אַן אַלבאָם מיט רעפּראָדוקציעס פון זיינע ווערק, באַגלייט מיט פּאָעמען פון באַוווסטן פראַנצויזישן דיכטער און קונסטקריטיקער אַנדרעי סאַלמאָן.

אין יאָר 1932, פאַר זיין צוריקפאָרן קיין בודאַפּעשט, האָט עטיען פאַרקאַש אויסגעשטעלט זיינע קינסטלערישע שאַפונגען אין דער פּאַריזער קונסט-גאַלעריע „לע פּאָרטיק". די דאָזיקע אויסשטעלונג האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג. אַלע זיינע דעמאָלט אויסגעשטעלטע ווערק זיינען תיכף אָפּגעקויפט געוואָרן דורך דער אַמעריקאַנער קונסט-קאָלעקציאָנערין מרס. טשעסדערדעל פון ניו-יאָרק.

ער האָט אויך אויסגעשטעלט, מיט נישט קיין קלענערן דערפאָלג, אין זיין אונגערישער געבוירן-שטאָט.

עטיען פאַרקאַש האָט אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערע אָריגינעלקייט ביים באַדינען זיך מיטן מאַטעריאַל ביי זיין שאַפן — אַן אָריגינעלקייט אין דער קאָנצעפּציע.

ער איז פון בודאַפּעשט צוריקגעקומען קיין פּאַריז און דאָ געבליבן ביז זיין טראַגישן סוף.

ער איז געווען אַ מענטש פון אַ ברייטער קולטור. אַחוץ אין דער מאַלעריי איז ער אויך געווען זייער בקי אין דער פראַנצויזישער און ענגלישער קולטור און געקענט אויסגעצייכנט ביידע לשונות, זיי גערעדט פליסיק.

**



ע. פאַרקאַש — צייכענונג

דער דיסטינגירטער, הויך געוואַקסענער אונגעריש־יידי־שער מאָלער־קינסטלער מיט די געדיכטע בלאָנדע וואָנצעס האָט זייער ליב געהאַט דאָס דאָרף און די נאַטור בכלל.
ער האָט אויך זייער ליב געהאַט מוזיק.
ער פלעגט ליב האָבן זיך אַריינצולאָזן אין טיפע פילאָזאָפישע חקירות.

**
*

מאָנאָגראַפיעס וועגן אים האָבן געשריבן: אַויזשען קאָלב (אין יאָר 1935) און אַנדרעי סאַלמאָן (אין יאָר 1937).
אין דער לעצטער מאָנאָגראַפיע, וואָס איז דערשינען אין פאַרלאַג „קאַטר שמען", געפינען זיך רעפּראָדוקציעס, צום טייל אין קאָלירן, און צייכענונגען פון קינסטלער. איר מחבר, אַנדרעי סאַלמאָן, קוקט דאָרטן אויף עטיען פאַרקאַש ווי אויף אַ גרויסן, היינטצייטיקן מאָלער, ווי אויף אַ מייסטער פון אַ זעלטענער קונסט, און שטעלט אים אַוועק אין דער ריי פון די מאָלער־פּאָעטן פון אַלע צייטן.
דער קינסטלער, וועמענס פרוי איז געשטאָרבן בעת דער מלחמה, איז געוואָרן דעפּאָרטירט פון פּאַריז אין יאָר 1944 און איז אומגעקומען אין טויטנלאַגער פון אַשפּיצין (אויש־וויץ), איבערלאָזנדיק דריי גערעטענע קינדער, וואָס געפינען זיך אין בודאַפּעשט: צוויי זין און אַ טאָכטער.
איין זון, שאַרל, איז אַ סקולפּטאָר, און דער צווייטער, פּאָל, אַ מאָלער.



ע. פאַרקאַש — פּאָרטרעט, אייל־בילד



# מישעל פינק

# MICHEL FINK

## 1919-1945

מישעל פינק — משה פינקלשטיין איז געבוירן געוואָרן דעם 25טן אויגוסט 1919 אין יעקאַטערינאָסלאַוו, רוסלאַנד.

ווען ער איז אַלט געווען צוויי יאָר, איז זיין מוטער און אירע עלטערן געפאָרן מיט אים קיין פינסק, ווו ער איז געבליבן, מיט אַן הפסקה פון אַנדערטהאַלבן יאָר אין צאָפאָט, ביז צו זיין אַכטן לעבנסיאָר.

אָנגעהויבן צו צייכענען האָט ער, ווען ער איז אַלט געווען זעקס יאָר. אַלץ, וואָס מען האָט אים דערציילט, פלעגט ער אילוסטרירן. ער האָט געצייכנט אַלע פנימער, וואָס זיינען אים געפעלן, אַלע געשעעענישן און אַלע זיינע יונגע איינדרוקן.

פאַרשרייבנדיק איין מאָל די וועש, וואָס זיין באָבע האָט געציילט, איידער זי האָט זי געגעבן צום וואַשן, האָט ער בשעת־מעשה געצייכנט די וועשין, ווי זי שטייט ביי דער באַליע און וואַשט. און געצייכנט האָט ער שוין דעמאָלט מיט אַ זעלטענער זיכערקייט, נישט באַנוצנדיק זיך דערביי קיין מאָל מיט קיין מעק־גומי און קיין מאָל אויך נישט קאָריגירט דאָס, וואָס ער האָט געצייכנט.

משה פינקלשטיין, דער איינציקער זון פון באַוווּסטן יידישן שרייבער י. פינק, האָט אַרויסגעוויזן אַ חוש פאַר פּראָפּאָרץ, געוווּסט, ווען אָפּצוהאַקן מיט דער צייכענונג, וואָס ער האָט געמאַכט, און נישט פּטרן דעם אַלגעמיינעם איינדרוק.

ווען ער איז אַלט געווען אַכט יאָר, איז ער מיט זיינע עלטערן געקומען קיין פראַנקרייך. זיי האָבן זיך באַזעצט אין אַראַס, צפון־פראַנקרייך, ווו ער איז, נישט קענענדיק קיין וואָרט פראַנצויזיש, אַריינגעטרעטן אין אַ דאָרטיקן קאָלעדזש.

אַ יאָר שפּעטער איז ער שוין דאָרטן דער ערשטער שילער אין קלאַס און באַקומט אַן אויסצייכענונג, וואָס איז שוין ביי אים געבליבן אַ חזקה. צו צוועלף יאָר באַזוכט ער צום ערשטן מאָל אין אַראַס אַ קונסטשול. ער אַרבעט דאָרטן לויט די אָנווייזן פונעם קאָנסערוואַטאָר פון שטאָטישן מוזיי, אַן אַקאַדעמישער מאָלער.

ער איז געווען זייער מוזיקאַליש און האָט גאָר באַזונדער ליב געהאַט די מוזיק פון בעטהאָווען, שומאַן, באַך און פראַנק. פון די נייע קאָמפּאָזיטאָרן האָט ער ליב געהאַט ראַוועל. ער פלעגט זעלטן ווען פאַרפעלן אַ סימפאָנישן קאָנצערט און אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט געהערט, איז געבליבן אין זיין זכרון.

מאָלעריי האָט ער באַזונדער ליב געהאַט: האָבנדיק פּאַפּיר און פאַרבן האָט ער געקענט בלייבן. שעהען לאַנג איינער אַליין אין שטוב און מאָלן.

ווען ער איז איין מאָל געקומען אויף פינף טעג קיין פּאַריז, איז ער צען מאָל געגאַנגען אין „לוואוור". און אַלט געווען איז ער דעמאָלט בסך הכל צוועלף יאָר.

ער האָט געקענט אַלע פּאַריזער מוזייען און געוווּסט, ווו אַ יעדעס בילד געפינט זיך. ער האָט בכלל געהאַט אַ זעלטענעם זכרון.

אין זומער 1934 האָבן זיך די עלטערן באַזעצט אין פּאַריז און ער האָט דאָ באַזוכט דעם „ליצעום מישלע". ער האָט דאָרטן געשאַפן אַ ליטעראַריש־קינסטלערישן קרייז און געהאַלטן רעפעראַטן וועגן קונסט, דער עיקר וועגן מאָלעריי און מוזיק. אין עלטער פון זעכצן יאָר האָט ער דאָרטן געהאַלטן אַ זייער אינטערעסאַנטן רעפעראַט וועגן רעמבראַנדט, וועלכן ער האָט שטאַרק פאַרערט און וואָס איז געווען זיין אידעאַל אין דער קונסט.

זייענדיק פון נאַטור דאָס, וואָס די פראַנצויזן רופן אַן „עספּרי מאָקער" (אַן אָפּלאַכערשער גייסט), פלעגט ער ליב האָבן צו מאַכן קאַריקאַטורן. ער האָט טאַקע געמאַכט אַ היפּש ביסל קאַריקאַטורן פון זיינע לערערס און פּראָפעסאָרן.

ער פלעגט אילוסטרירן די פּראָגראַמען פון די יאָריקע ליצעום־פייערונגען און מאַכן די דעקאָראַציעס צו די פאָרשטעלונגען פון די תלמידים.

ער איז בעת דעם אַלגעמיינעם קאָנקורס פון צייכענען פון די תלמידים פון די ליצעומס אויסגעצייכנט געוואָרן מיטן בראָנדזענעם מעדאַל.

געענדיקט די מיטלשול מיט אַן אויסצייכענונג אין יאָר 1937, איז ער אַריינגעטרעטן אין אוניווערסיטעט, אָפּגעגעבן דאָרטן עטלעכע עקזאַמענס און זיך געגרייט אָנצוקומען אין דעם באַרימטן אינסטיטוט „עקאָל נאָרמאַל", ווו עס האָבן געהאַט שטודירט די גרעסטע פראַנצויזישע גייסט־מענטשן: זשאַן זשאָרעס, ראָמאַן ראָלאַן און אַנדערע.

מיט מאָלעריי פלעגט ער זיך דעמאָלט נאָר אָפּגעבן אין דער פרייער צייט.

געמאָלן האָט ער לכתחילה פּאָרטרעטן, קעפּ. ער איז אַ ביסל שפּעטער אויך אַריבער צו פּייזאַזשן און שטיללעבנס.

דעם 15טן אַפּריל 1940 איז דער זייער באַגאַבטער און אַ סך צוזאָגנדיקער יידישער יונגערמאַן געוואָרן מאָביליזירט. ער האָט זיך, זייענדיק ביים מיליטער, אויך אָפּגעגעבן מיט מאָלעריי. פון יענער צייט שטאַמט טאַקע זיין פּייזאַזש פון דער אַנעסי'ער אָזערע און צוויי זייער געלונגענע שטיללעבנס: אַ העמד מיט אַ מיליטער־קאָלדרע אויף אַ בענקל, און אַ מיליטער־רעקל, אויך אויף אַ בענקל.

די דאָזיקע צוויי בילדער האָט ער געמאָלן, בעת ער האָט

זיך געפונען אין יאָר 1941, אין מיליטער־שפּיטאָל אַנעסי. ווען מען האָט אים געהאַט צוגעטיילט צו אַן אַנדערן רעגימענט, אין דער שטאָט פּעריגע, האָט ער דאָרטן באַצירט מיט זיינע פרעסקן די ווענט פון עסזאַל און פון אָפיצירן־צערקל.
פון זיינס אַן איינטאָגיקן אורלויב ביי זיינע עלטערן שטאַמט זיין נישט געענדיקט, אָבער געראָטן בילד פון זיין מוטער.

און אָט הייבט זיך אָן פאַר משה פינקלשטיין אַ ניי קאַפּיטל אין זיין יונג, פּרוכפּערדיק לעבן: מיטן גאַנצן ברען פון זיין יונגער נשמה, מיט זיין טיפן געפיל פון אחריות אין דער שווערער, ערנסטער צייט, וואַרפט ער זיך אַריין אין דער אונטערערדישער אַרבעט פון די יידישע אָרגאַניזאַציעס: אין דער אונטערערדישער אַרבעט פון דער „פעדעראַציע פון די יידישע פאַראיינען אין פראַנקרייך" און פון דער ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג. און ווען עס הייבט אָן אַרויסצוגיין די ערשטע יידישע אונטערערדישע צייטונג „קאָן־מעם" („דווקא"), ווערט ער איר רעדאַקציע־סעקרעטאַר. ער שמוגלט אויך דעמאָלט אַריבער יידן צו דער שפּאַנישער גרענעץ און גיט זיך אָפּ באַזונדער מיט פאַרשפּרייטן דערציונג־מאַטעריאַלן פאַר דער יידישער יוגנט.



מ. פינק — אויטאָ־פּאָרטרעט, אייל־בילד

דעם 26טן מאַי 1944 ווערט דער אַקטיווער יונגער יידישער אינטעליגענט, דער באַגאַבטער יונגער מאָלער אין טולוז פאַרהאַלטן דורך דער פאַרהאַסטער פאַשיסטישער מיליץ. מען פאַרשפּאַרט אים אין דער דאָרטיקער קאַזאַרמע „קאַפּאַרעלי".

דעם 15טן יוני 1944 ווערט ער פון דאָרטן געבראַכט קיין דראַנסי.



מ. פינק — פּייזאַזש, אייל־בילד

צוויי וואָכן שפּעטער, דעם 30טן יוני 1944, ווערט ער פון דראַנסי דעפּאָרטירט קיין מאָנאָוויץ־אויסשוויץ.
די ערשטע זיבן חדשים זיינען דאָרטן פאַר אים אַדורך פאַרהעלטענישמעסיק נישט שלעכט: ער אַרבעט נישט זייער שווער אין אַ מאָלער־קאָמאַנדאָ. דאָס קענען מאָלן גיט אים אַ מעגלעכקייט צו באַקומען אַ ביסל צוגאָב־עסן, מיט וועלכן ער טיילט זיך מיט זיינע אחים בצרה.

דעם 19טן יאַנואַר 1945 הייבן אָן די דייטשן צו עוואַקוירן דעם לאַגער, ווו משה פינקלשטיין און זיינע חברים האָבן זיך געפונען: אָן עסן, אָן טרינקען, שלעפּט מען זיי אַרום, אין משך פון צען טעג און נעכט, איבערן פאַרשאָלטענעם לאַנד. אין קיין שום אַנדערן לאַגער איז נישטאָ פאַר זיי קיין פּלאַץ.

מען האָט די אומגליקלעכע איבערגעלאָזט אין ביירישן שטעטל גאַנאַקער צו בויען אַן אונטערערדישן אַעראָדראָם.
דער יונגער קינסטלער ברעכט דאָרטן צוזאַמען פון דער שווערער אַרבעט און הונגער. ער איז פיזיש אויסגעשעפּט, קראַנק. מען לייגט אים אַריין, אָנהייב אַפּריל 1945, אין „שפּיטאָל" פון דעם צופעליקן לאַגער.
עטלעכע טעג שפּעטער אַנטלויפן פון דאָרטן די דייטשן. די קראַנקע בלייבן אין „שפּיטאָל".

דעם 26טן אַפּריל 1945, דריי טעג פאַרן אָנקום פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי קיין גאַנאַקער, האָט משה פינקלשטיין, דער מענטש פון האַרץ און אינטעלעקט, אויסגעהויכט זיין יונגע, צאַפּלדיקע נשמה.

משה פינקעלשטיין — מישעל פינק

# רעמבראַנדט

אַן אויסצוג פון אַ רעפעראַט, וואָס משה פינקעלשטיין האָט געהאַלטן
אין עלטער פון 16 יאָר

## I

לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי האָט איין מאָל געברענגט צו פירן אַ כאָפּטע פּויערים, זיי געגעבן צו טרינקען, זיי דערציילט די נאַרישסטע לצנות, און בשעת די פּויערים האָבן זיך געקאַטשעט פון געלעכטער, האָט ער דערווייל שטודירט זייערע אויסדרוקן און האַלטונגען.

מען קען זיך משער זיין, אַז רעמבראַנדט האָט געטאָן עפּעס ענלעכס. בכל אופן, אַז אים האָט אויסגעפעלט אַ מאָדעל — איז ער תמיד דאָ געווען אים צו פּאָרטרעטן, און פּאָזירט האָט ער בעסער, ווי ווער עס זאָל נישט האָבן געווען. אַז ער האָט יאָ געהאַט אַ מאָדעל — האָט ער אים אַוועקגעשטעלט פאַר זיך און נישט אינטערעסירט זיך מיט עפּעס אַנדערש, ווי נאָר דעם מאָדעל גוט צו קאָפּירן. נישט די ענלעכקייט זיינע, נייערט דעם אויסדרוק.

פאַר רעמבראַנדטן איז די נאַטור געווען אַ נישט-אויסשעפּלעכער מקור פון נשמה-צושטאַנדן. פּונקט אַזוי ווי זי איז פאַר אים געווען אַ רעזערוו פון פאָרעמען און פאַרבן.

רעמבראַנדט איז איינער פון די שלמותדיקסטע קינסטלער: מיר געפינען ביי אים אינטואיטיווע פּסיכאָלאָגיע, דימיון, טיפקייט פון געדאַנק, אויפריכטיקייט און כוח פון געפילן. צו דעם צו נאָך די זיכערקייט פונעם אויג און האַנט. און די פאַרבן וואונדערלעך אַוועקגעשטעלט און האַרמאָניזירט.

די עיקרדיקסטע טענות, וואָס די קריטיק האָט געהאַט צו רעמבראַנדטן, האָבן זיך באַצויגן דער הויפּט אויף זיין טעכניק.

מען קען פאַרפּלייצט ווערן פון די רעמבראַנדט-קריטיקן און גאָר נישט קליגער ווערן. ער ווערט אַ רעטעניש, וואָס מען איז גאָר נישט מסוגל צו דערקלערן. די איינע האַלטן אים פאַר אַ גרויסן קאָלאָריסט, די אַנדערע ווידער לייקענען עס.

די איינע האָבן צו אים טענות: הלמאי זיינע בילדער זיינען נישט פאַרענדיקט לויט זייער ווונטש, אַנדערע ווידער זעען די זעלביקע בילדער יאָ פאַרענדיקט, און דווקא נאָך מער גאָר, ווי מ'האָט זיך געקענט פאָרשטעלן.

## II

אָנגעהויבן צו מאָלן אַזוי ווי מ'האָט אים געהאַט געלערנט — האָט רעמבראַנדט זיך גענומען אַרבעטן אויף אַן אופן, וואָס איז געווען פאַר זיינע בני-דור נישט פאַרשטענדלעך. אין דער אמתן אָבער זייער פּשוט און זייער לאָגיש: ער האָט געמאָלן דאָס, וואָס ער האָט געזען, און געהאַלטן זיין פּענדזל, אַזוי ווי אים האָט אויסגעזען צום באַקוועמסטן פאַר דעם, וואָס ער האָט געהאַט צו מאָלן. די חסידים פון פּוסען (1594—1665), וואָס האָבן אים אָפּירגעוואָרפן, אַז ער שפּרייט נישט אויס זיין קאָליר אין אַ שכלדיקער גלאַזור — האָט ער איין מאָל מיט הומאָר געענטפערט:

— „איך בין אַ מאָלער און נישט קיין פאַרבער.“

מ'האָט עפּעס נישט געקענט פאָרשטיין בילדער, וואָס פון דער ווייטנס מאַכן זיי אַ גוטן עפעקט און פון דער נאָענט שטעלן זיי פאָר מיט זיך אַ שפּיל פון אומפאַרשטענדלעכע פלעקן.

רעמבראַנדטן זיינען די דאָזיקע קריטיקן געווען באַקאַנט. די פאַרחידושטע באַזוכער, וואָס האָבן צעעפנט זייערע מיילער צום פּראָטעסטירן, האָט ער געעצהט: — „נישט צוגיין צו נאָענט, ווייל דער ריח פון בוימל איז נישט געזונט.“

אָבער דער עיקר-פאַרדינסט פון דער רעמבראַנדטישער קונסט ליגט אינעם העל-טונקל. און וואָס שייך דעם, איז טאַקע דאָ אַ סך צו זאָגן.

איך וועל זיך באַמיען, ווי ווייט מעגלעך, צו טאָן דאָס בקיצור: פראָמאַנטען, דער בעסטער פּרשן פון רעמבראַנדטן, האַלט, אַז דאָס העל-טונקעלע איז די קונסט בולט צו מאַכן אַ בילד דורך אַקעגנשטעלן שאָטן און ליכט, „די איינגעבוירענע און נייטיקע פאָרעם פון זיינע איינדרוקן און אידעען“. דאָס איז ביז אַ געוויסן פּונקט אמת, אָבער דאָס העל-טונקעלע איז בדרך כלל דער יסוד פון דער גאָרער האָלענדישער קונסט, און פראָמאַנטען אַליין זאָגט אונדז, אַז: — „די גאַנצע האָלענדישע מאָלעריי איז קאָנקאַוו, דאָס הייסט, אַז זי איז צונויפגעשטעלט פון בויגונגען, געשילדערט אַרום אַ באַשטימטן פּונקט, דורך דעם אינטערעס פון צירקולירנדיקע שאָטנס אַרום אַ דאָמינירנדיק ליכט. ביי רעמבראַנדטן דאַרף דאָס „העל-טונקעלע“ זיין עפּעס מער סובטילס און מער טיפערס“. עס ווערט, ווי טען (1828—1893) האָט דאָס אַזוי ריכטיק באַמערקט „די טראַגעדיע פון שטאַרבנדיקן ליכט, פונאַנדערגעוואָרפן, אַן אויפהער באַקעמפט, דורך דעם אַריינדרינגען פון שאָטן“. רעמבראַנדט האָט נישט אויסגעפונען דאָס „העל-טונקעלע“. עס קומט פון לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי — אַדורכגעגאַנגען דורך די הענט פון קאַראַוואַדזשיאָ. אַזוי האָט רעמבראַנדט עס באַקומען פון זיין רבין לאַסטמאַן.

רעמבראַנדט האָט קיין מאָל נישט פאַרלאָזט די טונקעלע מאָלעריי. דאָס העל-טונקעלע, וואָס איז אַ דראַמאַטישער עלעמענט פאַר עקסעלאַנס, איז אַ וואונדערלעכער מיטל אויסצודריקן אַ נשמה-מצב. די מאָלעריי איז ערנסט און מעלאַנכאָליש.

## III

די תנכישע סוזשעטן ריידן צו דער מעכטיקער גוטסקייט פון זיין האַרץ.

מען קען נאָך פונאַנדערטיילן די דאָזיקע סוזשעטן אין צוויי גרופן: די פּלאַסטישע, געמאַכט פאַרן אויג, מער קאָלאָרירט און מער העל, ווו דאָס ליכטשפּיל שפּילט אַ גרויסע ראָלע: ווי למשל אין „שושנה" פון בערלין אָדער אין „בת שבע" פון „לואוור". די אַנדערע, די עמאָטיווע, וואָס זיינען אויסגעפירט טייל מאָל בקיצור, מיט די הויפּטשטריכן. דערפאַר אָבער מער גענישטערט, מער אינספּירירט און מער פּאָעטיש. זיי זיינען געמאַכט געוואָרן פאַר דעם פאַרטראַכטן און פאַרטיפן: „דער הייליקער מאַטעוס", „דער גוטער שומרוני" און, פאַרשטייט זיך, „די עולי-רגל פון עמאַוס".

איך וועל נישט פּרוון אפילו אייך זיי צו שילדערן און אויך נישט אייך צו אַנאַליזירן די איינדרוקן, וואָס די דאָזיקע מייסטערווערק פון גוטסקייט, פון אמונה און פון מיסטיציזם אינספּירירן.

נאָר איין ליאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי וואָלט געקענט מיט מי אויסהאַלטן דעם פאַרגלייך, וואָרעם די קונסט איז נאָך קיין מאָל ווייטער נישט געגאַנגען.

### די הזכרה-אויסשטעלונג

עס זיינען נאָך דעם יונגן און טאַלאַנטירטן מאָלער פאַרבליבן אַ פּאָר צענדליק מאָלערייען און צייכענונגען, וועלכע זיין פאָטער האָט אונדז איצטער מיט פיל פּיעטעט באַוויזן.

מיט אַ טרויעריקן בליק וואַנדערן מיר איבער די לעצטע בילדער זיינע, וואָס זאָגן עדות, אַז דער יונגער מאָלער האָט פאַרמאָגט אַן עמפּינדלעכע און סענסיבלע מאָלערישע נאַטור, אַ גוט אויג און אויפריכטיקייט. דער עיקר זעט מען עס אין זיינע צייכענונגען און פּאַסטעלן. דער ערשט ווערנדיקער מאָלער האָט נאָך נישט באַוויזן זיך צו קאָנקרעטיזירן אין די איילבילדער. עטוואָס האַרטקייט און נישט געשליפנקייט איז דאָ אין זיי. אָבער זין און פילבאַרקייט פאַר פאָרם און פלעק איז פאַראַן אין זיינע פּאָרטרעטן.

די דאַטעס, וואָס געפינען זיך אונטער די בילדער באַווייזן, אַז זיין אומבאַשטרייטבאַרער טאַלאַנט האָט זיך אַלץ מער און מער אַנטוויקלט מיט דער צייט.

דער פּאַריזער פּייזאַזש וויברירט מיט זונפלעקן און מאָלערישן טעמפּעראַמענט, וואָס זאָגן עדות פון דער אומרואיקייט, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן יידישן מאָלער. פון אַ טרויעריקן, כמעט טראַגישן אַספּעקט איז אין זיין פאַרבן-גאַמע דאָס איבערגעוואָרפענע איבער אַ שטול מיליטערישע רעקל.

אינעם אומגעקומענעם יונגן מאָלער פּינק דורך די דייטשע מענטשן-אויסראָטער באַווייזן מיר אַ יונגן טאַלאַנט, וואָס איז געווען מסוגל צו באַרייכערן אונדזער יונגע יידישע פּלאַסטישע קונסט.

באָרווין-פרענקל

„אונדזער שטימע", פּאַריז, דעם 13טן מאַי 1947

# אייזיק פעדער
# ADOLPHE FEDER
## 1887-1943



אייזיק פעדער איז געבוירן געוואָרן דעם 16טן יולי 1887 אין אָדעס ביי באַלעבאַטישע עלטערן, וואָס האָבן מיט זייערע קינדער געלעבט אין דער פּאָלקישער, פון באַלעמעלאָכעס, אַרבעטער און קרעמער באַוווינטער „מיעשטשאַנסקאַיאַ״.

זיין פאָטער, וועלכער איז געווען אַ קליינער סוחר, האָט אים געשיקט אין חדר, אין אַ רוסישער פאָלקשול און מיטלשול.

קליינערהייט פלעגט ער זינגען אין איינער פון די אָדעסער שולן ביי אַ חזן.

ווי דער רוב פון דער דעמאָלטיקער יידישער יוגנט, איז אויך ער, דער בטבע שטילער און צוריקגעצויגענער מענטש, מיטגעריסן געוואָרן פונעם רעוואָלוציאָנערן אויפבּרויז אין צאַרישן רוסלאַנד.

ער איז צווישן 1905 און 1906 געווען טעטיק אין אָדעסער „בונד״ און אַדורכגעמאַכט דאָס שטורעמדיקע יאָר 1905 און די כוואַליע פּאָגראָמען.

צוליב זיין טעטיקייט אין „בונד״ האָט ער געמוזט אַנטלויפן פון רוסלאַנד.

ער איז אין עלטער פון ניינצען יאָר געקומען קיין בערלין און דאָרטן אַ וועלכע צייט שטודירט מאָלעריי. ער איז שפּעטער געפאָרן קיין שווייץ און באַזוכט, אין די יאָרן 1908-1909, די קונסט־אַקאַדעמיע אין זשענעוו.

אין יאָר 1910 איז ער פון דאָרטן געקומען קיין פּאַריז, וווּ דאָס פעלד פון אַרבעט איז פאַר אונדזער קינסטלער געווען אַ סך ברייטער און גרעסער.

ער האָט דאָ אין אַ משך פון צוויי יאָר געאַרבעט אין דער קונסט־אַקאַדעמיע „זשיליאַן״ און איין יאָר אין דער אַטעליע פון אַנרי מאַטיס.

אין פּאַריז פלעגט ער פאַרברענגען מיט די מאָלער אַמאַדעאָ מאָדיליאַני, אַטאָן פריעס, אַנדרעי ל׳האָט און מיטן סקולפּטאָר זשאַק ליפּשיץ אין קינסטלער־קאַפע „לאַ ראָטאָנד״, וווּ זיי האָבן גערעדט און דיסקוטירט מכוח קונסט.

ער איז געווען אַ גרויסער ליבהאָבער, קענער און זאַמלער פון פּרימיטיווער נעגערקונסט, און וויפל געלט ער האָט נאָר געהאַט, פלעגט ער עס אויסגעבן אין קאָלעקציאָנירן די דאָזיקע פּרימיטיווע קונסט, וועמענס נשמה ער האָט פאַרשטאַנען און געפילט. כדי זיך צו קענען זי איינשאַפן, פלעגט ער זיך אָפּזאָגן פון סאַמע נייטיקסטן.

אַחוץ דער פּרימיטיווער נעגערקונסט, פּרימיטיווער פאָלקסקונסט בכלל, האָט מען אין זיין שטילער אַטעליע געקענט זען כלערליי אַלטע, דאָרפישע געשניצטע זאַכן. דער קינסטלער האָט ליב געהאַט די דורות־אַלטע זאַכן און פלעגט אָפט זיי זוכן אויף אַלטוואַרג־מערק.

צווישן די באַליבטע זאַכן, וואָס האָבן באַצירט זיין אַטעליע, איז ער אַרומגעגאַנגען, אַנגעטאָן אין זיין כאַלאַט און אַ קאָלירט פּערסיש יאַרמלקעלע אויפן קאָפּ. שטייענדיק ביי דער אַרבעט, פלעגט ער אָפט זינגען.

ער איז געווען זייער באַליבט ביי זיינע חברים־קינסטלער. זיי האָבן אים געשאַצט און געאַכפּערט און זיך באַצויגן מיט צוטרוי צו אים און צו זיינס אַ וואָרט.

אין די אָוונט־שעהען פלעגט מען אים טייל מאָל זען זיצן, דעם פיזיש פעסט געבויטן מענטש מיטן שטילן, ערנסטן פּנים, ביי אַ טישל פון אַ טעראַסע פון אַ קאַפע פון מאָנפּאַרנאַס, אַרומגערינגלט מיט באַקאַנטע און פריינד. ער פלעגט זיך מער צוהערן, וואָס די מענטשן האָבן דערציילט, איידער אַליין גערעדט. זיין פּנים האָט אויסגעדריקט פּשטות און גוטקייט.

ער, דער בטבע צוריקגעצויגענער שטילער מענטש, האָט טייל מאָל געקענט אַריינפאַלן אין פריילעכקייט און דערציילן מעשיות, גלייכווערטלעך, אַנעקדאָטן.

ווען ער האָט צום ערשטן מאָל אויסגעשטעלט זיינע בילדער, אין יאָר 1912, אין פּאַריזער „האַרבסט־סאַלאָן״, איז ער תיכף נאָמינירט געוואָרן ווי אַ מיטגליד פון דעם סאַלאָן.

דער אָדעסער יידישער קינסטלער באַזוכט שפּעטער דעם רחבותדיקן פאַרבנרייכן פראַנצויזישן דרום. דאָרטן, אינעם זוניקן מקום, מיטן זיידן־בלויען הימל און שפע פון פּאַלמען־און איילבירט־ביימער און בלומען, מאָלט ער זיינע לאַנדשאַפטן און שטיללעבנס.

מיר זעען אים אויך באַלד אין נאָרמאַנדיע און באַלד אין דער טיף־ערנסטער ברעטאַניע, מיט איר ים, אירע ים־לייט און פישערס, און אינעם באַסקן־לענדל.

זיין טיפער באַגער, זיין שטענדיקע בענקשאַפט צו נאָך אַנדערע הימלען, צו נאָך אַנדערע פאַרבן, צו מענטשן און צו זאַכן פון פאַרשיידענע קלימאַטן, פירן אים קיין אַלזשיר. ער קומט פון דאָרטן צוריק מיט בילדער פון פאָלקסלעבן מיט דער גאַנצער וואַרעמקייט און פאַרבן־שפע: בילדער פון וואַסער־טרעגערס, פון בלינדע מעשיות־דערציילערס, פון מאַריטאַנערינס און פון יידישע פרויען, געהילט אין זייערע קאָלירטע טיכער און שיינע, העלע קליידער. ער האָט אויך דאָרטן בלומען געמאָלן.

שפּעטער, אין יאָר 1926, פאָרט ער קיין ארץ־ישראל. דער קינסטלער ווערט דאָרטן באַצויבערט פון דער שיינקייט

פון דער לאנדשאפט, פון די קאלירן, פונעם הימל. ירושלים מאכט אויף אים א גאר באזונדערן איינדרוק. ער איז אויך דארטן שטארק נתפעל געווארן פון די תימנער יידן.

אויך די אראבער, די אראבישע פרויען, זייער לעבן, האבן געצויגן דעם קינסטלערס אויפמערק.

ער איז צוריקגעקומען פון ארץ־ישראל מיט בילדער פון אלטן און נייעם לעבן פון אלט-נייעם לאנד. מיר זעען אין זיינע ווערק פון ארץ־ישראל די טראדיציאנעלע יידישע טיפן מיט זייער לעבנסשטייגער, די יונגע חלוצים, וואס פרישן אויף דאס אלטע לאנד: יידישע זקנים בשעת התפילה, ישיבה־בחורים, יידישע פרויען אין יומטובדיקער טראכט. בילדער פון אראבישן לעבן. בעדואינער מיט

אן אילוסטראטאר פון ביכער: ער האט אילוסטרירט די ווערק פון בארימטן פראנצויזישן סימבאליסטישן פאעט ארטיר רעמבא, דאס בוך „צוריק פון ירושלים“ פונעם פראנצויזישן שרייבער פיער באנארדי און דאס ווערק וועגן ארץ־ישראל „די ערד פון ליבשאפט“ („טער ד'אמור“) פונעם פראנצויזיש־יידישן שרייבער זשאזעף קעסעל.

אט וואס עס זאגט וועגן קינסטלער און זיין שאפן דער פראנצויזיש־יידישער שרייבער און קונסט־קריטיקער גיס־טאוו קאהן אין זיין שיינער מאנאגראפיע וועגן אים: „פעדער איז נישט קיין בעל־חלומות. ער איז א באשריי־בער. ער איז נישט קיין אידעאלאג, ער איז א נאטור־גע־טרייער. זיין טאלאנט פארמאגט פון איין זייט א גרויסע,



א. פעדער — פארטרעט פון פראנצ.-יידישן פאעט אנדרעי ספיר, איילבילד

זייערע קעמלען, פארשלייערטע אראבערינס, אן אראבישע קאפע וכדומה.

ער איז געווען א באגאבטער פארטרעטיסט און עס איז כדאי צו דערמאנען זיין פארטרעט פון פראנצויזיש־יידישן פאעט אנדרעי ספיר.

אחוץ פייזאזשן און פארטרעטן האט פעדער ליב געהאט צו מאלן סוזשעטן ווי: „מוטער און קינד“, פיש־הענדלע־רינס, און בכלל פונעם פאלקסלעבן.

דער קינסטלער, וואס פלעגט, אחוץ אייל־בילדער, מאלן אקווארעלן און גואשן, האט זיך אויך אויסגעצייכנט ווי

שטראמיקע קראפט ווי א טייך, און פון דער אנדערער זייט דעם ריכטיקן אפשאץ, די אויפריכטיקייט, אמת; א דירעקטע, קלארע וויזיע, וועלכע ווערט מיט גארנישט פארנעפלט. דעם אויפגאב פון קלאר באווייזן האט ער זיך אויסגעקליבן אדער ער איז אים אנטפלעקט געווארן דורך איינגעבוירנשאפט, פראפארציאנאליזירט אין לאנגע שטו־דיומס און אין א געדולדיקער ארבעט. זיינע ווערק זיינען קראפטיק און שלמותדיק. א פולקומע אויסשטעלונג, ווען זי וואלט געקענט קומען צו שטאנד, וואלט באוויזן פארן באזוכער דעם שיינעם רייץ פון דער געגנט פון ים התיכון, פון דרום, פון אלזשיר, פון ארץ־ישראל, מיט דער גארער געשמאקלעכקייט פון די הערלעכע קלימאטן, מיט די שיינע



א. פעדער — אַ ייִנגל אין ירושלים

אימאַזשן פון די מענטשן, וועלכע ווינען דאָרטן. אינעם אָפּקלייב פון לענדער און פון טעמען ווערט אויפגעלעבט דעם קינסטלערס טעמפּעראַמענט, זיין חלום וועגן שיינקייט. פעדער דער פייזאַזשיסט און מאַסן-מאָלער ווערט אין טעכניק וואָס אַ מאָל פאַרשידנדיקער פון דער נאַטור. די דאָזיקע טעכניק איז עלאַסטיש און שטאַרק. פעדער איז אין פולער צייטיקייט. זיין ווערק, וואָס איז שוין גענוג פעסט, וועט נאָך ווערן פּראַקטיקער, נאָך מער געשפּייזט ווערן מיט דער צייט, וואָס קומט". *

דער קונסטקריטיקער זשאַק דע לאַפּראַד האָט אין גרויסן פּאַריזער קונסט-אָרגאַן „באָז אַר" („שיינע קונסטן") פון 14טן יוני 1935, אין שייכות מיט אַן אויסשטעלונג פון פעדערס ווערק, אָט וואָס געשריבן:

„זיין (פעדערס) קונסט האָט זיך תמיד אינספּירירט פון מענטש. ער, פעדער, האָט שטענדיק מיט אַ געווויסן מין צערטלעכקייט זיך אַראָפּגעבויגן צו די פּשוטסטע און הכנעהדיקסטע מענטשן. אין זיינע פּאָרטרעטן איז פאַראַן אַ געוויסע מרה-שחורה, אַנטוישונג, דאָס, וואָס איטלעכער מענטש באַהאַלט אין זיך אַליין פון נאָסטאַלגיע. די סובטילע נישט-פאַראייַנבאַרלעכקייט מיטן לעבן, וואָס ער דריקט אויס.

אַ פאַרזיכטיקע, אַדורכגעטראַכטע און צאַרטע הכנעה אַנטפּלעקט זיך פון זיינע ווערק. אויך פונעם פּאָרטרעט, וואָס דער קינסטלער האָט געצייכנט פון זיך אַליין.

אַלע זיינע פּערסאָנאַזשן לעבן זייער אייגן לעבן און הערן נישט אויף צו טראָגן זייער אייגענע נשמה מיט זיך. דעם קינסטלערס מאָלעריי רייסט זיי נישט אַרויס פון זיי אַליין. זי דריקט זיי אויס ווי זיי זיינען, מיט די פאַרבאָרגענע חלומות זייערע. זיי זיינען נישט בלויז דער פּרעטעקסט פונעם ווערק, נייערט זיין סוזשעט. אָדער דער קינסטלער אינספּירירט זיך גאָר פון זיי, כדי אויסצודריקן אַזאַ און אַזאַ געפיל.

דאָס גיט די לעבעדיקסטע צוציונג-קראַפט פאַר אָט דער ערלעכער, נאָבעלער, אמתער און איבערגעטראַכטער

* Gustave Kahn, Adolphe Feder. Ed. Le Triangle — Paris.
איז אויך דערשינען אין יידיש אין זעלביקן פאַרלאַג.

קונסט, וואָרעם אויפגענומען און אויסגעדריקט מיט אַ פּרעציזיע, וואָס איז נוגע נישט נאָר די פאָרעמען און פאַרבן, נייערט אויך די נשמה פון די באַשעפענישן און זאַכן.
אַ דעליקאַטער קאָלאָריט. אַ דיסקרעטע ליכט באַלייכט דאָס ווערק. אַ ליכט, דורך וועלכן ס'דריקט זיך אויס דער קינסטלער. וואָרעם ליכט איז דער מעכטיקסטער אויסדרוק־מיטל פונעם מאָלער. ביי אים, פעדערן, איז די ליכט סובטיל, צאַרט און לייכט און געשיקט אַריינגעפירט. זי באַצירט, אָבער אַנטפּלעקט. זי גיט דער לייוונט זיין גייס־טיקן זכות."

***

ווען די ברוינע מחבלים האָבן זיך דערנעענטערט צו פּאַריז, האָט, ווי ס'גיט איבער די אלמנה פון קדוש, פרוי סימע פעדער, דער קינסטלער בשום אופן נישט געוואָלט פאַר־לאָזן די שטאָט. ער האָט געוואָלט, אַז עס זאָל אין די שווערע טעג עמעצער בלייבן אין שטאָט, נישט לאָזן די איבערגעבליבענע יידן אליין, זיי העלפן.
עס האָט דעמאָלט אויפגעוואַכט אין קינסטלער זיין קעמ־פערישער גייסט פון 1905 אין רוסלאַנד. ער האָט זיך גע־שטעלט אין קאָנטאַקט מיט דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. פאַרשטעקט די, וואָס מען האָט געזוכט.



א. פעדער — אַ יודיש קינד אין דראַנסי, קויל-צייכענונג
Photo Studio Yves Hervochon — Paris

ער איז, נאָך אַ מסירה, דעם 10טן יוני 1942 אַריינגעפאַלן מיט זיין פרוי אין די הענט פון דער געשטאַפּאָ.

מען האָט דעם קינסטלער פאַרשפאַרט אין דער פאַריזער מיליטערישער תפיסה „שערש מידי", ווו ער איז אָפּגעזעסן פיר חדשים. פון דאָרטן האָט מען אים געברענגט צו פירן קיין דראַנסי.

אין די פון דראַנסי איבערגעבליבענע אַרכיוון, וואָס די דייטשן האָבן נישט באַוויזן צו פאַרברענען און וואָס געפינען זיך איצט אין פראַנצויזישן „מיניסטעריום פאַר מלחמה־געפאַנגענע און דעפּאָרטירטע", איז אָנגעגעבן וועגן פעדערן: „האָט באַהאַלטן מיטגלידער פון ווידערשטאַנד".

***

בעת פעדער האָט זיך געפונען אין דראַנסי און זיין פרוי אין אַן אַנדערן לאַגער, האָבן זיך די רוצחים דערווייל מתעסק געווען מיט זיין אַטעליע, אַרויסגעשלעפּט פון דאָרטן קונסט־קאָלעקציעס, מעבלשטיק און אַנדערע זאַכן. ביי דער אלמנה פון קדוש געפינט זיך אַ מאַפּע מיט צייכענונגען, וואָס דער קינסטלער האָט געמאַכט, בשעת ער איז געווען פאַרשפאַרט מיט טויזנטער יידן אין דראַנסי: בלייפעדער־סקיצן פון די קרבנות.

אָט ווייזט ער אונדז אַ ייד מיט אַ קאַפּעליוש אויפן קאָפּ, דעם עלנבויגן אָנגעשפּאַרט אויף אַ טיש און זיין וואַליזקע ביי די פיס. ער וואַרט...

און אָט זעען מיר אַ יידיש מיידעלע, פון אַ יאָר אַכט, ניין, ווי עס זיצט דאָרטן אינעם לאַגער אויף אַ הילצערנער באַנק, די הענטלעך פאַרלייגט, מיט אייגעלעך פאַרחידושטע, וואָס קענען גאָרנישט פאַרשטיין, וואָס דאָ קומט פאָר. איין בליק פון הונדערטער טויזנטער פאַרחידושטע בליקן פון יידישע קינדער; פון אונדזערע משהלעך, שלמהלעך און שיינדעלעך, וואָס האָבן, ווי דאָס דאָזיקע קינד, נישט געקענט פאַרשטיין, פאַר וואָס קומט זיי דאָס, זיי און זייערע עלטערן.

***

דעם 13טן דעצעמבער 1943 איז אייזיק פעדער פון דראַנסי דעפּאָרטירט געוואָרן. מען האָט אים אַוועקגעשיקט אין דער „ריכטונג אוישוויץ־מאַנאָוויץ".

געבליבן זיינען פון קדוש אַ טייל פון זיינע פילצאָליקע געמעלן, זיינע אין דראַנסי געצייכנטע בלייפעדער־סקיצן פון פאַרשפאַרטע יידישע מאַנצבילן, פרויען און קינדער מיט די פרעגנדיקע, כשרע אייגעלעך, וועמענס אויסדרוק מען קען נישט פאַרגעסן, און וואָס גיט נישט קיין רו!

אַ טראַגישער דאָקומענט פון אַ טראַגישער צייט, פאַרפּיקסירט, ווי אַ זכר פון יידישן מאַטירערטום פאַר קומענדיקע דורות, דורך דעם יידישן קינסטלער און קדוש אייזיק פעדער.

אין איינעם מיטן קינסטלער זיינען אויך אומגעקומען על קידוש השם זיין ברודער לעאָן פעדער, וואָס מען האָט צוגענומען אין ליאָן און איז, איידער מען האָט אים דעפּאָרטירט, געווען אַ לענגערע צייט פאַרשפאַרט אין דער תפיסה „מאָנליק", זיינע ביידע אין פראַנקרייך וווינענדיקע שוועסטער: ווערא פעדער און די אלמנה קאַטיאַ קוקולעוויטש.

***

### אייזיק פעדערס לעצטע ווערטער צו זיין פרוי

לאַגער דראַנסי, מאַטריק. נומער 66566, טרעפּ 21, צימער 13, דעם 12/12 1943.

„איך גיי אַוועק מאָרגן. מיין מאָראַלישער מצב איז אַ גוטער. אונדזער צעשיידונג וועט נישט לאַנג דויערן. איך באַשווער דיך נישט אַריינצופאַלן אין קיין עצבות. מיר וועלן זיך בקרוב צוריק זען. פאַרנעם זיך מיט מיינע זאַכן. אַלץ, וואָס געהערט מיר, געהערט דיר. מוט! מוט! מוט!

אַדאָלף."

***

בילדער פון א. פעדער געפינען זיך אין די מוזייען פון: לוקסענבורג, גרענאָבל, לע־האַוור, מאָסקווע. אין די קונסט־גאַלעריעס פון: זשאָרזש פעטי, מאַרסעל בערנהיים, דרוע. אין די קאָלעקציעס פון: אַנדרעי ספּיר, שלום אַש, ישראל עפרויקין און אין יאָהאַנעסבורג, דרום־אַפריקע.

וועגן אים האָבן, צווישן אַנדערע, געשריבן: וואַלדעמאַר זשאָרזש, אַנדרעי סאַלמאָן, לואי וואָסעל, מאָריס רייגאַל, ראָבער רעי, שאַראַנסאָל, אַנדרעי לעווינסאָן, טיעבאַ סימאָן, אַרסען אַלעקסאַנדר, מאַרטען, גאָטיע און נח פּרילוצקי. דער קינסטלער־קדוש איז פאַר דער מלחמה געווען פאַרזיצער פונעם „פאַרבאַנד פון די יידישע קינסטלער אין פראַנקרייך".

# OTTO FREUNDLICH – אָטאָ פרוינדליך

## 1878-1943

אָטאָ פרוינדליך, וואָס איז געווען איינער פון די באַטייטיקסטע אַבסטראַקטע קינסטלער, איז געבוירן געוואָרן דעם 10טן יולי 1878 אין דער פּאָמערישער שטאָט סטאָלפּ, דייטשלאַנד, ווו זיין פאָטער, עמיל פרוינדליך, איז געווען אַ טראַנספּאָרט־אונטערנעמער.

ווען ער איז קוים צוויי יאָר אַלט געווען, איז אים זיין מוטער, בערטאַ פרוינדליך, בשעת דער געבורט פון זיין ייִנגערן ברודער געשטאָרבן, איבערלאָזנדיק זעקס יתומים, וואָס האָבן זיך געהאָדעוועט אָן מאַמעשער השגחה און צערטלעכקייט.

זיין פאָטער איז תמיד געווען פאַרטאָן מיט זיינע געשעפטלעכע עסקים און נישט



אַ פאָטאָ־פּאָרטרעט פון אָטאָ פרוינדליך

געהאַט קיין צייט זיי צו שענקען קיין סך אויפמערקזאַמקייט. כל זמן זיין אַלטע מוטער האָט געלעבט, האָט זי זיך אָפּגעגעבן מיט דער שטוב און מיט די קינדער. איר ראָלע האָבן שפּעטער איבערגענומען זיינע דריי אונטערוואַקסנדיקע טעכטער.

אָטאָ פרוינדליך, וואָס איז אין זיין פּאָמערישער געבוירן־שטאָט געגאַנגען אין דער פאָלקשול, אין גימנאַזיע און געמאַכט זיין בר־מיצווה, האָט זייער פרי אָנגעהויבן אַרויסצוווייזן אַ באַגאַבטקייט פאַר מוזיק און פאַר צייכענען.

אין זיינער אַ שפּעטערדיקער קורצער אויטאָביאָגראַפיע דערציילט אונדז דער קינסטלער, ווי ער האָט זייענדיק נאָך אַ קינד אַ סך געצייכנט. אָבער ווי נאָר ער איז אַריבער די שוועל פון דער שול, האָט זיך די באַגאַבטקייט זיינע פאַר צייכענען פון אים אָפּגעטאָן.

װען אָטאָ פרוינדליך האָט געהאַט געמאַכט זײַן אײניאָריקן דינסט בײַ מיליטער, איז ער אױפן פאַרלאַנג פון זײַן פאָטער געפאָרן קײן האַמבורג און דאָרטן אַרײַן אין אַ האָלצ־געשעפט װי אַן אָנגעשטעלטער. אָפּזײַענדיק צװײ יאָר אינעם האַמבורגער האָלצגעשעפט, האָט ער עס פאַרלאָזט, װאָרעם ער האָט אײַנגעזען, אַז ער איז נישט צוגעפּאַסט בכלל פאַר אַ סוחרישן באַרוף. ער האָט זיך גענומען צוריק צום לערנען און נאָך אַ קורצער צײַט אָפּגעלײגט מאַטורע אין אַ קלײנער פּראָװינץ־שטאָט.

ער איז נאָך דער מאַטורע געפאָרן קײן מינכען שטודירן קונסט־געשיכטע און איז דאָרטן געװאָרן אַ תּלמיד פון באַרימטן שװײַצאַרישן קונסט־היסטאָריקער הײנריך װעלפלין. אײן טאָג נעמט ער דאָרטן צונויף זײַן ביסל זאַכן און לאָזט זיך, װאָגלנדיק צו פוס איבער די מאָלערישע דאָלאָמיטישע בערג, קײן איטאַליע.

ער שטעלט זיך אָפּ אין פלאָרענץ און הײבט דאָרטן אָן, אין עלטער פון 27 יאָר, צו מאָלן.

נאָך צװײ יאָר זעלבשטענדיקער, פון אַ יעדער שול אומאָפּהענגיקער אַרבעט, הײבט ער אָן זיך צו באַנוצן מיט בולטע, פאַרביקע, רײן קאָנסטרוקטיװע פלענער, פרײַ פון נאַטוראַליסטישע אָדער אימפּרעסיאָניסטישע עלעמענטן.

(זײַנע ערשטע נישט־פיגוראַטיװע געמעלן שטאַמען פון יאָר 1911).

ער קומט דערנאָך פון איטאַליע צוריק קײן דײַטשלאַנד, באַזוכט אַ װעלכע צײַט אין בערלין אַ קונסט־אַקאַדעמיע און אַרבעט צו גלײַך פאַר זיך. ער מאָלט און מאָדעלירט קעפּ, מאַסקן, אַקטן, בעיקר אין אַ מאָנומענטאַלער גרײס. אויסשטעלן שטעלט ער אויס זײַנע קינסטלערישע שאַפונגען אין בערלינער קונסטסאַלאָן „נויע סעצעסיאָן“.

אין יאָר 1908 קומט ער צום ערשטן מאָל צו פאָרן קײן פאַריז. זײַן אַטעליע געפינט זיך בשכנות מיט דער אַטעליע פון פּיקאַסאָ. ער פירט שמועסן און דיסקוסיעס װעגן דער קונסט טײל מאָל אין זײַן אײגענער אַטעליע און טײל מאָל אין די אַטעליעס פון פּיקאַסאָ און אַנדערע קינסטלער, מיט די באַרימטע מאָלער בראַק, דערען, מיטן שפּאַניער כואַן גריס, מיטן דיכטער און מאָלער מאַקס זשאַקאָב *, מיט די שרײַבער גיאָם אַפּאָלינער און רענאַל, און, פאַרשטײט זיך, מיט זײַן נאָענטסטן שכן פּיקאַסאָ.

געקומען איז ער קײן פאַריז מיט גרױסע פּלענער, באַפליגלטע, רײַכע געדאַנקען און... מיט קעשענעס ליידיקע. פּיקאַסאָ האָט דעמאָלט גענומען אונדזער קינסטלער און געגאַנגען אים פאָרשטעלן פאַרן באַלעבאָס פון אַ שכנישן קאַפע, בײַ װעלכן קינסטלער האָבן גענומען „אויף קרעדיט“.

צוליב דעם כסדרדיקן מאַטעריעלן דלות, אין װעלכן פרוינדליך געפינט זיך, מוז ער אָפט מאָל עמיגרירן פון אײן אַטעליע אין אַן אַנדערע, איבערלאָזנדיק די באַלעבאַטים פון די אַטעליעס, אָנשטאָט דירה־געלט, בילדער...




אָ. פרוינדליך — פּאָרטרעט, אײלבילד מיט פאַקסימילע פון קינסטלער

אָבער, נישט געקוקט אויף דעם, טוט ער זײַנס: ער אַרבעט אָן אויפהער.

עס קומט אים, אגב, אין צװישן אונטער אַ שטיקל פאַרדינסט: ער הײבט אָן צו באַגלײטן די דיכטער־זינגער (די „שאַנסאָניעס“) אין קאַבאַרעט „דאָס פלינקע קרוליקל“ („לע לאַפּען אַזשיל“) בײַם קלאַװיר.

אין זײַנס אַ ראַדיאָ־רעפּעראַט האָט טאַקע דער קינסטלער שפּעטער געשילדערט דאָס אָרעמע און צוגלײַך אַזױ פאַרביקע פאַריזער קינסטלער־לעבן פון פאַר דער ערשטער װעלט־קאַטאַסטראָפע. אָטאָ פרוינדליך, װאָס איז געװען אַ זײער אַקטיװער, דינאַמישער קינסטלער, האָט אין יאָר 1909 געמאָלן אין פלערי־אָן־ביער גרױסע װאַנטגעמעלן. ער איז דערנאָך געפאָרן מיט זײַן פרײַנד, דעם מאָלער האָלצער, קײן מינכען מיט דער כּװנה דאָרטן עװענטועל צו עפענען אַ קונסטשול.

אַזױ װי פון דעם איז גאָרנישט געװאָרן, קומט ער אַ יאָר דערנאָך צוריק קײן פאַריז און נעמט זיך צוריק צײכענען, סקולפּטירן, גראַװירן, מאָלן אײלבילדער, װאָס ער שטעלט אויס, אין אײנעם מיט די װערק פון פּיקאַסאָ, בראַק, הערבען, אין דער פאַריזער קונסט־גאַלעריע „סאַגאָ“.

אין יאָר 1911 שטעלט ער אויס באַנאַנד מיט אַלע פאַריזער אַװאַנגאַרד־קינסטלער אין „קונסטקרינק“ פון אַמסטערדאַם אַ פיר קװאַדראַט־מעטער גרױס אײלבילד.

* מאַקס זשאַקאָב איז געשטאָרבן אין דראַנסי אין קאָנצענטראַציע־לאַגער.

ער שטעלט אויך אויס זיינע ווערק אין לאָנדאָן, באַזעל, ציריך און אין מוזיי פון האַג. אַ מאָנומענטאַלער קאָפּ פון אים האָט זיך געפונען אין מוזיי פון האַמבורג. דאָס דאָזיקע ווערק פון יידישן קינסטלער איז דערנאָך געוואָרן דאָס צילברעט פון די נאַציס, וואָס האָבן דעריין, און אין נאָך אַן אַנדער ווערק, וואָס האָט זיך געפונען אין קעלנער מוזיי, דערזען „דעם סימבאָל" פון דער „דעגענערירטער קונסט", און, פאַרשטייט זיך, ווי עס פּאַסט פאַר נאַצישע קונסט־מבינים, פון דאָרטן באַזייטיקט.

אַ רעפּראָדוקציע פון קינסטלערס „דעגענערירט ווערק", וואָס האָט זיך געפונען אין האַמבורגער מוזיי, האָט מען טאַקע געקענט זען אויף דער סאַמע ערשטער זייט פונעם „בוך" „די רייניגונג דעם קונסט־טעמפּעלס", אויך אין „פעלקישן בעאָבאַכטער" און אין שטרייכערס „שטירמער". ווען עס צעפלאַקערט זיך די ערשטע וועלט־שרפה, ווערט אָטאָ פרוינדליך, וואָס איז געווען שטענדיק אַ דם־שונא פון מיליטאַריזם און מלחמה, מאָביליזירט.

צוליב זיין טויבקייט מיידט ער אויס דעם אַקטיוון מיליטער־דינסט. מען גיט אים איבער דאָס פלעגן פון די קראַנקע און צעשעדיקטע פראַנצויזישע מלחמה־געפאַנגענע. צוליב זיינע פרייהייטלעכע, רעוואָלוציאָנערע אידעען ווערט ער ביי מיליטער איין מאָל פאַרשפאַרט אין תפיסה.
אין יאָר 1916 האָט ער חתונה מיט דער קעלנער פּיאַניסטין דאָרע לעעזער, האָט מיט איר אַ קינד, וואָס שטאַרבט אין עלטער פון זעקס יאָר. דאָס פּאָרפאָלק האָט זיך שפּעטער געגט.

נאָך דער מלחמה קומט ער קיין בערלין, שליסט זיך אָן אין „ספּאַרטאַקוס־בונד" און מיר זעען דעם קינסטלער מיטן הייסן טעמפּעראַמענט און טיפן געפיל פאַר סאָציאַלן יושר שטיין אין די אויפגעברויזטע „נאָוועמבער־טעג" פון 1918 אַקסל ביי אַקסל מיט ראָזאַ לוקסעמבורג און מיט קאַרל ליבקנעכט.

אָטאָ פרוינדליך, וועמען מען האָט אָנגעבאָטן נאָך דער מלחמה צו ווערן פּראָפעסאָר אין ווייִמאַר און אין מאַגדע־בורג, איז דעמאָלט זייער אַקטיוו, קעמפעריש. ער טרעט אויך דעמאָלט אַרויס מיט רעפעראַטן.

ער איז נישט נאָר אַ מאָלער, אַ צייכענער, אַ סקולפּטאָר און אַ גראַפיקער: ער איז אויך אַ פיינער און טיפער שרייבער און אַרבעט מיט אין דער בערלינער לינק־סאָציאַליסטישער „אַקציאָן". איינע פון די אויסגאַבן פון דעם דאָזיקן אָרגאַן איז אים געווידמעט. אין דעם דאָזיקן נומער פאַרעפנטלעכט ער זיין אינטערעסאַנטע אַרבעט „פּערפּעטואום מאָבילע", מיטן אונטערקעפּל „אַקטיווע קונסט".

ער אַרבעט אויך מיט אין קעלנער קונסט־אָרגאַן „אַ. צ." און אין דער „געמיינשאַפט", וואָס עס גיט אַרויס לודוויג רובי־נער און אַרום וועלכער עס זאַמלען זיך, צומאַרגנס נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, די בעסטע און סאַמע ערנ־סטע שרייבער, דיכטער, דענקער און קינסטלער: די גייס־טיקע יחידי־סגולה, וואָס באַשטייט, אַזוי צו זאָגן, פון כמעט בלויז יידן, צווישן זיי גוסטאַוו לאַנדאַוער, דער גרויסער פרייהייטלעכער יידישער סאָציאַליסטישער דענקער און קעמפער און טיף עטישער רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט אין זיין באַרימטן ווערק „אויפרוף צום סאָציאַליזם" (יידיש פון ד"ר ה. פראַנק), גערופן מיט דער ליידנשאַפט פון אַ ישעיהו הנביא צו אַ באַנייט מענטשיש לעבן, צו באַנייטער מענטשישער טואונג. אויב נישט, וואָרנט דער דאָזיקער גרויסער, טראַגישער ייד, וועט די וועלט, די מענטשהייט פאַרזינקען אין אַ מבול פון גראָבקייט און אכזריות*.
נאָך דעם נצחון פון דער רעאַקציע אין דייטשלאַנד האָט אָטאָ פרוינדליך געמאַכט אַ פעדער־צייכענונג „דאָס פנים פון דער מלחמה", ווו מיר זעען דעם קינסטלערס טראַגישע וויזיע פון די קומענדיקע קאָנצענטראַציע־לאַגערן.



אָ. פרוינדליך — סקולפּטור

---

* גוסטאַוו לאַנדאַוער, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן אינטערעס פאַר די קבוצות אין ארץ־ישראל, איז אויף אַ בעסטיאַלישן אופן, ווי זיין פריינד, דער נאָבעלער יידישער סאָציאַליסט קורט אייזנער, וואַלטער ראַטענאַו, טעאָדאָר לעסינג און אַנדערע יידישע מענער פון גייסט, אומגעבראַכט געוואָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה מצד דער דייטשישער רעאַקציע.



א. פרווינדליך — פּאָרטרעט, איילבילד

ער האָט נאָך געמאַכט עטלעכע שיינע וויטראַזשן און זיך אָנגעהויבן באַמיען צו קומען קיין פראַנקרייך און פאַרלאָזן ענדגילטיק דייטשלאַנד, נישט קענענדיק מער פאַרטראָגן איר פאַרסמטע לופט.

**

אין זומער 1924 קומט ער צוריק קיין פּאַריז, ווו ער האָט אַ סך פריינד און ווו ער נעמט אָנטייל ביי די קונסט-מאַניפעסטירונגען פון די אַבסטראַקטע קינסטלער. ער איז אַ מיטגליד פון „סאַלאָן פון די אומאָפּהענגיקע", ביי דער קינסטלער-גרופּע „אַבסטראַקציע-קרעאַציע" און ביי די „מוזיקאַליסטן", ווו ער איז איינער פון די גרינדער.

ער האָט אויך גענומען מיט זיינס אַ דעקאָראַציע אָנטייל ביי דער גרויסער פּאַריזער אינטערנאַציאָנאַלער אויסשטעלונג פון 1937.

אין יאָר 1938, צו זיין זעכציקסטן געבוירנטאָג, האָבן זיינע פריינד לכבוד אים אָרגאַניזירט אַ גרויסע אויסשטעלונג פון זיינע קינסטלערישע ווערק אין דער פּאַריזער קונסט-גאַלעריע „זשאַן בושע" און אַ גרויס איילבילד פון דער אויסשטעלונג איז דורך אַ סובסקריפּציע שפּעטער איבער-געגעבן געוואָרן במתנה דעם פּאַריזער מוזיי „זשע דע פּאָם".

דאָס איז געשען נאָך אַ מאַניפעסט, וואָס די יחידי-סגולה פון דער פראַנצויזישער קונסט, קונסטקריטיק און ליטע-ראַטור האָבן פאַרעפנטלעכט לטובת דעם קינסטלער.

**

מיטן אויסבראָך פונעם צווייטן וועלט-קאַטאַקליזם הייבן זיך אָן פאַר אָטאָ פרווינדליך, דעם פרייען מענטש און פרייען קינסטלער, טעג שווערע, ביטערע:

ער ווערט אין חודש סעפּטעמבער 1939 אינטערנירט ווי אַ „דייטשישער בירגער" און פאַרבריינגט אַ ווינטער אין לאַגער פון פראַנסיאַן.

פון דאָרטן שיקט מען אים שפּעטער אין אַ צווייטן לאַגער, וואָס האָט זיך געפונען אין סעפּואַ.

ווען ער ווערט, נאָכן פעסטשטעלן פון זיין אַנטיפאַשיסטי-שער טעטיקייט, פון דאָרטן באַפרייט, נעמט ער זיך באַלד מאָלן אַ פיר קוואַדראַט-מעטער גרויס איילבילד.

ער מוז אָבער תיכף איבעררייסן מיט דער אָנגעהויבענער אַרבעט, ווערנדיק בשעת דעם שנעלן אַוואַנסירן פון די ברוינע חיילות נאָך אַ מאָל פאַרשפּאַרט.

אין חודש יולי 1940 ווערט ער שוין „ענדגילטיק" באַפרייט פון די לאַגערן און ער פאָרט קיין פּערפּיניאַן. ווען ער קומט דאָרטן אַהין, נעמען אים די אָרטיקע זשאַנדאַרן צו און שיקן אים קיין סען-פּאָל-דע-פּענוע.



א. פרווינדליך — סקולפּטור אין אַ גאָרטן

ער איז דאָרטן אין גאַנצן אָן מיטלען. ער לעבט בלויז פון דעם, וואָס דער בעקער פון יענעם מקום איז זיך מרחם איבער אים און גיט אים צו שטיקלעך ברויט צו דערהאַלטן דאָס חיות.

ער טרעפט דאָרטן שפּעטער אַ מלאך הגואל אין דער געשטאַלט פון אַ שפּאַנישער פרוי, מן הסתם אַליין אַ קרבן פון שפּאַנישן פאַשיזם. זי צאָלט פאַר אים דאָס דירה־געלט און ער האָט ווו דעם מידן קאָפּ אַנידערצולייגן.

עס קומט שפּעטער אַהין זיין פרוי, וואָס איז אַליין אַ טאַלאַנטירטע קינסטלערין. זיי לעבן ביידע אין גרויס דחקות. און ווי עס גיט איבער די אלמנה פון קדוש, האָט אָטאָ פרוינדליך זיך איין מאָל גענומען טאַנצן און זי, די פרוי, האָט צוגעזונגען און צוגעפּליעשטשעט מיט די הענט, כדי צו פאַרגעסן אַ ביסל דעם הונגער, וואָס האָט זיי ביידע געקוועלט.

בעת עס האָבן זיך אָנגעהויבן די רדיפות און דעפּאָרטאַציעס אין דעם אַזוי גערופענעם „נישט־באַזעצטן" פראַנקרייך, האָט זיך דער קינסטלער באַהאַלטן, אין משך פון זיבן טעג און נעכט, אין שייער פון אַ וויינגערטנער אין שכנישן סען־מאַרטען־דע־פּענוע.

ווערנדיק כסדר נאָכגעשפּיאָנירט, איז ער פון דאָרטן דעם 21טן פעברואַר 1943 צוגענומען געוואָרן דורך צוויי פראַנצויזישע ווישי־זשאַנדאַרן.

מען האָט אים, מיט נאָך אַנדערע יידישע קרבנות, געפירט אין לאַגער פון גירס, ווו מען האָט טויזנטער מענטשן געהאַלטן פאַרשפּאַרט און וואָס אַ סך פון זיי זיינען דאָרטן אויסגעגאַנגען פון הונגער, קעלט און שמוץ, נאָך איידער מען האָט זיי אַוועקגעשיקט אין דער „אומבאַקאַנטער ריכטונג".

עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען אָטאָ פרוינדליכן פון דאָרטן געפירט קיין דראַנסי, פון וואַנען ער איז דעפּאָרטירט געוואָרן דעם 4טן מאַרץ 1943.

דער זוכער פון נייע וועגן און פאָרמען אין דער קונסט, וועלכער איז אויך געווען אַ הויכע מאָראַלע פּערזענלעכקייט, האָט אונדז איבערגעלאָזט סקולפּטורן, אייל־בילדער, פּאַסטעלן, צייכענונגען, גראַווירונגען, האָלצשניטן, וויטראַזשן, מאָזאַיק־פּראָיעקטן און אויך אַ רייכע ליטעראַרישע ירושה, וואָס וואַרט פאַרעפנטלעכט צו ווערן.



אָטאָ פרוינדליך אין די פּירענייען, פּאָטאָ

I

מיין געליבסטע —
דו ווייסט האָבן דערהאַלטן מיין טעלעגראַמע. וואָס טוסטו, טייערינקע? איך קלער אַזוי פֿיל נאָך. חברים האָבן מיך געטרייסט. אפֿשר וועלן מיר זיין בקרוב פֿאַראייניקט. דאָס זיינען זייער טרויעריקע טעג פֿאַר מיר.
זאָל דיך גאָט באַשירעמען און באַשיצן און איך זאָל זוכּה זיין דיך צו קענען אַרומנעמען.
דער עיקר: קוראַזש.
איך טראַכט אָן אויפֿהער וועגן דיר, מיין געליבטע פֿרוי. מיר זאָלן נאָך האָבן אַ צוקונפֿט. דו האָסט עס ערלעך פֿאַרדינט. איך האָב תּמיד געבענקט נאָך אַ בעסער לעבן. דו פֿעלסט מיר כּסדר.
טויזנט מאָל קוש איך דיך.

II

עטלעכע טעג שפּעטער שרייבט דער קינסטלער צו זיין פֿרוי:

טולוז...
מיין געליבסטע.
מיר פֿאָרן אויף ס'ניי פֿאַרביי ט. איך טראַכט וועגן דיר, מיין געליבטע זשאַן, מיט אַ געפּייניקט האַרץ. אָבער מיט מיין גאָרער ליבשאַפֿט פֿאַר דיר, מיין פֿרוי, מיין נשמה. מיר גייען אַצינד צו צו צפֿון. פֿאַרפֿאַלן. זאָל דיך גאָט שטענדיק באַשירעמען און באַשיצן.
מיינע צאַרטסטע קושן.

III

און שוין פֿון דראַנסי, די לעצטע ווערטער:

ענדלעך קען איך דיר אַ פּאָר ווערטער שרייבן. איך נעם דיך אַרום מיט דער גאַנצער ליבשאַפֿט מיינער. איך בעט גאָט, אַז ער זאָל שענקען דיר מוט, און מיר אויך, בכדי מיר זאָלן קענען תּמיד האָפֿן. מיר ווייסן, ווי ליב מיר האָבן זיך. ווי ליב ס'איז מיר צו טראַכטן וועגן דיר. עס דערנענטערט זיך דיין געבוירן-טאָג. ווען ער וועט קומען, וועל איך נישט האָבן די מעגלעכקייט דיר איבערצוגעבן אַ וועלכע מתּנה.
דאָס קליינע בילד, וואָס איך האָב געוואָלט פֿאַרענדיקן פֿאַר דיר, איז פֿאַרבליבן אין מיין נשמה.
די גאַנצע נשמה מיינע געהערט דיר, מיין געליבטע זשאַן.

■

דעם 9טן מערץ 1943 האָט די אלמנה פֿון קדוש באַקומען פֿון דער סאָציאַלער אַסיסטענטין פֿון לאַגער פֿון גירס, מאַד' מ. ט. דיפּרע, אָט די שורות:

מאַדאַם —
איך קען אייך זאָגן, אַז צווישן די אָוועקגייענדיקע איז אייער מאַן געווען דער מוטיקסטער.
ווען איך האָב געשריבן די שורות, וואָס ער האָט מיר דיקטירט מיט אַזאַ קאַלטבלוטיקייט און אָפּגעבנדיק זיך דערביי אין גאַנצן אַ דין-וחשבון פֿון דער אויפֿריכטיקייט און שטאַרקייט פֿון זיינע געפֿילן, האָב איך זיך נישט געקענט צוריקהאַלטן פֿון וויינען. און גלייבט מיר, מאַדאַם, אַז ס'איז דאָס ערשטע מאָל ווי דאָס פּאַסירט ביי מיר.
אין אונדזער פּראָפֿעסיע דאַרפֿן מיר זיין שטאַרק, וואָרעם מיר זעען נישט מער ווי זאַכן פּיינלעכע. ווען איר וועט האָבן שפּעטער די געלעגנהייט צו שרייבן אים, גיט אים איבער מיין באַוווּנדערונג.

אַ צווייטער בריוו איז דאַטירט פֿון 1טן יוני 1943:

ליבע מאַדאַם —
איך האָב דערהאַלטן אייער בריוו. איך פֿאַרשטיי אייער אומרואיקייט, נישט האָבנדיק נאָך קיין ידיעות פֿון אייער מאַן.
איך זע אים תּמיד פֿאַר מיר, בעת ער האָט מיר דיקטירט די שורות, וואָס איך האָב אייך געשיקט.
אַזוי פֿיל מענער האָבן זיך געהאַט אין יענער נאַכט געווענדעט צו מיר מיט אַזעלכע בקשות. איך ווייס נישט, פֿאַר וואָס אייער מאַן האָט מיך אַזוי שטאַרק גערירט.
ער האָט אויסגעזען אַזוי אויפֿריכטיק און דערביי אַזוי רואיק. ער האָט דערדריקט זיין ווייטיק, און מ'האָט געזען, אַז ריידנדיק צו מיר, האָט ער געהאַט אייך פֿאַר די אויגן.

■

# הירש פוסטשעוואי

# HIRSCH POUSTCHEVOY

1880-1945

הירש פוסטשעוואָי איז געבוירן געוואָרן אַרום 1880 אין קיעוו, ווו זיין פאָטער האָט געהאַט אַ געשעפט פון מוזיק-אינסטרומענטן.

ער האָט אין זיין געבוירן-שטאָט באַזוכט די שול פאַר צייכענען. אין עלטער פון פופצן יאָר איז ער געקומען קיין מינכען און האָט דאָרטן שטודירט מאָלעריי אין דער קונסט-אַקאַדעמיע.

ער איז בעיקר געווען אַ פאָרטרעטיסט און האָט געמאָלן אַ סך פאָרטרעטן.
ער האָט אויך שטיללעבנס געמאָלן, לאַנדשאַפטן וויניקער.

אין זיין קונסט איז ער געווען אַ רעאַליסט. ער האָט פאַרמאָגט אַ ברייטע פיקטוראַלע קולטור און בכלל געווען זייער בקי אין דער מאָלעריי.
ער איז אין דייטשלאַנד געווען באַוווסט ווי אַן אויסגעצייכנטער רעסטאַווראַטאָר פון אַלטע געמעלן און געאַרבעט ווי אַ זעלכער ביי דער מינכענער „פינאַקאָטעק".
ווען היטלער האָט איבערגענומען די מאַכט, איז ער געקומען מיט זיין אַלטער מוטער קיין פאַריז. ער האָט זיך דאָ, אַחוץ מיט זיין אייגענער מאָלעריי, אָפגעגעבן ווייטער מיט רעסטאַווירן אַלטע געמעלן. מען פלעגט אים אין פאַריז אָפט נעמען ווי אַן עקספּערט פון אַלטע בילדער.
אין יאָר 1945 איז דער קינסטלער, וואָס איז געווען באַקאַנט מיט זיין רירנדיקער פשטות און באַשיידנקייט, צוריקגעקומען קיין פאַריז פון די דייטשישע אויסראָט-לאַגערן, אַן אויסגעמאַטערטער און צעבראָכענער פון זיינע מוראדיקע איבערלעבענישן דאָרטן. לאַנג האָט ער נישט אויסגעהאַלטן נאָך זיין צוריקקומען.

ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה דעם 6טן אָקטאָבער 1945.
ער איז געקומען צו קבר ישראל אויף דעם פאַריזער בית-עלמין פון באַניע, דעם 10טן אָקטאָבער 1945.

הירש פוסטשעוואָי, וואָס איז אַליין געווען זייער מוזיקאַליש, האָט איבערגעלאָזט צוויי טעכטער, טאַלאַנטירטע מוזיקערינס.

■

# עליזאבעט פאלאק

# ELISABETH POLAK

1891-1943

עליזאַבעט פּאָלאַק איז געבוירן געוואָרן אַרום 1891 אין ניזשני-נאָווגאָראָד, דעם היינטיקן גאָרקי, רוסלאַנד.

געוווינט האָט זי אין פעטראָגראַד.

זי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אירע אין זייער שיינע קאָלירן געמאַכטע העפטרייען.
זיי פאַרמאָגן אַ סך חן.

די קינסטלערין האָט נאָך דער רעוואָלוציע פאַרלאָזט רוסלאַנד און איז געקומען קיין פאַריז און דאָ ווייטער אָנגעגאַנגען מיט אירע קינסטלערישע אַרבעטן.

זי איז געוואָרן דעפּאָרטירט פון ניצע אין יאָר 1943.

■

# יעקב ציטרינאָוויטש
## JACQUES CYTRYNOVITCH
1893-1942



עס שטייט פאַרן גייסטיקן אויג דער קליינער, אַטלעטיש געבויטער מענטש מיטן געדיכטן קאָפּ טונקל־בלאָנדע האָר און געזונטע, פעסטע פּנים־שטריכן. פון אים שפּראָצט פיזישע און מאָראַלישע געזונטקייט און נאַטירלעכקייט. דער בליק — אַ פרייער.

די הלבשה, וואָס ער טראָגט — אַ באַשיידענע, אַ ריינע. דער קאָלנער פון העמד און שניפּס — פריי, ווי ער וואָלט געוואָלט קענען פריי באַוועגן מיט זיין האַלדז.
ער שטייט אין אַ ווינקל, אין אָוונט נאָך דער אַרבעט, ביים וואַנטשפּיגל, וואָס אַקעגן דעם צינענעם אויסשענקטיש פון קאַפע „דאָם“ אויף מאָנפּאַרנאַס, איין פוס לייכט אָנגעשפּאַרט אונטן אויפן פאָרענטשברעט פון דער וואַנט, און מיטן ציגאַרעטל אין מויל, פון וועלכן עס טראָגן זיך אין די לופטן לייכטע, דינע וואָלקנדלעך, אָבסערווירט ער, פאַרמאַכנדיק ביי יעדן צי איין אויג, דעם עולם.

עס קומט צו זיין אינטימער פריינד, דער יידישער שרייבער עוזר וואַרשאַווסקי, וואָס איז, ווי ער, אומגעקומען אין אַן אויסראָט־לאַגער. זיי שטייען דאָרטן ביידע און שמועסן, זעצן זיך דערנאָך אַוועק ביי אַ טישל פון קאַפע אָדער לאָזן זיך אַ ביסל אויף אַ קליינעם שפּאַציר פאַר די קאַפעס איבערן באַלויכטענעם מאָנפּאַרנאַס־בולוואַר. זיינע טריט — שטענדיק רואיקע און זיכערע.

געקומען פון די טיפענישן פון דער יידישער פאָלקסמאַסע, האָט ער געטראָגן מיט זיך איר געזונטקייט, איר ערלעכקייט און איר רירנדיקע פשטות און גוטקייט. אים, דעם מענטש פון פאָלק, איז געווען פרעמד אַ יעדע געקינצלטקייט, אַ יעדער הינטערגעדאַנק. ער איז געווען אין אַלעם ערלעך און אמתדיק: ערלעך אין זיין לעבן, ערלעך אין זיין שאַפן.

דער מאָראַליש און פיזיש געזונטער מענטש האָט ליב געהאַט אַ גלייכווערטל, אַ וויין. ער האָט פאַרמאָגט מאָס און טאַקט. אַ שטאַרק אַנטוויקלט געפיל פאַר סאָציאַלן יושר. פול מיט פערזענלעכער, מענטשישער חשיבות און טיף־איינגעבוירענעם חוש פאַר גערעכטיקייט, איז ער געווען אין שטאַנד צו פאַרטיידיקן די חשיבות פון מענטש, די גערעכטיקייט מיט ענערגיע און באַשלאָסנקייט.



י. ציטרינאָוויטש — סקולפּטור (מוזיי פון פילאַדעלפיע)

טראַכטנדיק וועגן אַט דעם מענטש, וועגן זיין טיף־פאַראַנ־
קערטן יושר־געפיל און זיין גורל, קומט באַלד אויף דער
מחשבה אַ יונגער לייב, וואָס מען האָט געכאַפּט און פאַר־
שפּאַרט אין אַ שטייג און ווי ער, דער יונגער פאַרשפּאַר־
טער לייב, ברומט און צאַרנט.

מיט זיין אַטלעטיש־געבויטן קערפּער, מיט זיינע אַלע גלי־
דער, איז ער אַ יעדע רגע גרייט זיך צו וואַרפן אויף די, וואָס
האַלטן אים, דעם פרייען, פאַרצוימט אין אַ שטייג,
אים, וואָס האָט זיך נישט געוואָלט און נישט געקענט בייגן
און דערנידעריקן פאַר קיינעם.

ער איז געווען בכוח דאָס צו טאָן נישט נאָר פאַר זיך,
נייערט אויך פאַר אַנדערע.

ער איז געבוירן געוואָרן דעם 30טן אָקטאָבער 1893 אין
קליינעם פּוילישן שטעטל אַדזשיוואַל, וואָס לעבן נאָוואָ־
ראַדאָמסק.

זיין פאָטער, ר' גדליה ציטרינאָוויטש, וואָס ער האָט
שטאַרק ליב געהאַט, איז געווען אַ שוסטער. שפּעטער, אויף
די עלטערע יאָרן, איז ער געוואָרן אַ פאַרמיטלער ביי בוי־
האַלין.

ער האָט זיין זון יאַנקל געשיקט אין לאָדזש אין אַ חדר, אַ
פּנים אויך אין אַ פאָכשול.

יאַנקל האָט ביי פערצן יאָר אָנגעהויבן צו מאָדעלירן כלער־
ליי פיגורן. מאַטעריאַל דערצו פלעגט אים זיין שוועסטער
קויפן. ער פלעגט אויך חוץ לזה מאַכן שיינע צייכענונגען.
ער איז אין פוילן געווען דער ערשטער תלמיד פון פּראָפ'
שומאַנסקי, דעם גרינדער פון דער קונסט־צייכנשול.
ער האָט זיך באַקענט מיטן באַרימטן סקולפּטאָר נחום
אַראָנסאָן און אים געוויזן זיין ערשטע קינסטלערישע
אַרבעט. דאָס איז געווען אַ ביוסט פון אים אַליין. אויף נחום
אַראָנסאָן האָט די דאָזיקע קינסטלערישע אַרבעט געמאַכט
אַ שטאַרקן רושם און ער האָט דעם יונגן קינסטלער פון
קליינעם פּוילישן שטעטל אַדזשיוואַל געעצהט צו קומען
קיין פּאַריז, ווו ער וועט זיך געפינען אין אַ סביבה פון
קונסט און קינסטלער און קענען פונאַנדערוויקלען זיין
קינסטלערישן טאַלאַנט.

בינו־לבינו איז אָבער אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־
מלחמה און האָט דאָס געמאַכט צו נישט.
די דייטשן זיינען אַריין קיין פּוילן. אים און זיין ברודער
האָבן זיי צוגענומען און געשיקט צו אַ געצוווּנגענער אַר־
בעט, צו בויען שאָסייען. לכתחילה אין לאָדזש און שפּע־
טער אין אָסטראָלענקאַ.

זיי האָבן דערנאָך ביידע ברידער אַוועקגעפירט אַרבעטן
אין אַ קוילנגרוב, אין בראַדע־גרובע, לעבן קאַטאָוויץ,
אויבער־שלעזיע.

אין יאָר 1917 האָט ער זיך באַקענט מיטן דירעקטאָר פון
קוילנגרוב, ווו ער האָט געאַרבעט. יענער איז שטאַרק
נתפּעל געוואָרן פון זיינס אַ צייכענונג, אים געהאָלפן מאַ־
טעריעל און אים געגעבן אַ מעגלעכקייט צו זיין ביכולת
צו אַרבעטן אין די פרייע שעהען ביי זיין קונסט.



י. ציטרינאָוויטש — אַקט, סקולפּטור

ער האָט אין די נאָוועמבער־טעג פון 1918 גענומען אָנטייל אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין דייטשלאַנד, אַריינגעטרעטן אין „ספּאַרטאַקוס־בונד".

מיטן גאַנצן ברען און התלהבות פון זיין נאָך יושר און צדק צאַפּלדיקער נשמה האָט ער זיך דעמאָלט אַריינגעוואָרפן אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט.

ווען דער רעוואָלוציאָנערער אויפברויז איז געוואָרן איינגעשטילט, האָט ער זיך געקליבן צו פאָרן פון בערלין קיין פּאַריז. פון פּוילן איז אָבער דעמאָלט צו אים דערגאַנגען די טרויעריקע ידיעה, אַז זיין פאָטער, וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק ליב, גוססט.

ער האָט אַלצדינג געלאָזט שטיין, און מיט זיין ליבשאַפט און פיעטעט שנעל געפאָרן צו זיין גוססדיקן טאַטן, אים נאָך איין מאָל זען, איידער ער הויכט אויס זיין נשמה.
(ס'איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז ער האָט אָפּגעהיט אַ שטיקל ציגאַרעטל, וואָס זיין קראַנקער פאָטער האָט נישט באַוויזן אויסצורייכערן).

ער איז נאָכן טויט פון זיין פאָטער געקומען קיין פּאַריז, וווּ ער האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן ביי נחום אַראָנסאָן ע"ה. געשלאָפן האָט ער אין שטיבל פון סקולפּטאָר און שרייבער אהרן בזשעזינסקי, וועגן וועלכן מיר שרייבן באַזונדער. ער האָט זיך אין פּאַריז באַקענט מיטן באַרימטן פראַנצויזישן סקולפּטאָר אַנטואַן בורדעל, וועמענס אַטעליע האָט זיך געפונען בשכנות מיט דער אַטעליע פון נחום אַראָנסאָן. ער האָט באַוווּנדערט די קונסט פון די פראַנצויזישע מייסטערס ראָדען און מאַיאָל.

ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן שפּעטער אין דער קוביסטישער באַוועגונג, נישט פאַרלאָזנדיק דערביי די קלאַסישע מייסטערס.

נישט געקוקט אויפן שווערן לעבן, וואָס עס איז אים אויסגעקומען צו פירן, האָט ער כסדר געאַרבעט מיט התמדה, מיט עקשנות און אויסהאַלטעוודיקייט.

פאַר איר, דער קונסט, איז ער תמיד געווען גרייט צו ברענגען די גרעסטע קרבנות.

אָפט מאָל פלעגט ער גאַנצע טעג און נעכט אַרבעטן ווי אַ סקולפּטאָר־דעקאָראַטאָר אין פילם־סטודיעס, כדי צו זיין ביכולת זיך אָפּצוגעבן מיט זיין באַליבטער אַרבעט: מיט דער סקולפּטור. ער איז שטענדיק געווען גרייט צו טאָן די שווערסטע פיזישע אַרבעט, אַבי נאָר צו קענען אַרבעטן ביי זיין קונסט.

ער, יעקב ציטרינאָוויטש, איז געווען פעיק נישט צו עסן, כדי זיך צו קענען פאַרגינען אַ מאָל אַ מאָדעל. ער האָט אַ צייט באַזונדער שווער געהאָרעוועט, כדי צו קענען לאָזן אָפּגיסן אין בראָנדז אַ טייל פון זיינע יוגנט־שאַפונגען.

אין זיינע אָנצאָליקע ווערק פון אַ פאַרטיפט שטודיום, און וואָס ער פלעגט אויסשטעלן אין „האַרבסט־סאַלאָן" און אין „סאַלאָן פון די אומאָפּהענגיקע", דאָמינירט אַ שטאַרקע ערלעכקייט און אמתדיקייט, אַ גרויסע ליבשאַפט פאַר דער נאַטור.

זיין טאַלאַנט האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן, אין איין פונאַנדערבליען.

***

אַן אכזריותדיקע האַנט האָט געמאַכט צו נישט די האָפענונג, וואָס מ'האָט געלייגט אויף אים.

ווען ער האָט אין חודש יולי 1941 מיט זיין שוועסטער, ברודער, שוועגערין און זייערע דריי קינדער פאַרלאָזט פּאַריז און געוואָלט מיט זיי אַריבער אין דעם „נישט־באַזעצטן פראַנקרייך", איז ער מיט זיי, ביים אַריבערגיין די גרענעץ, אַריינגעפאַלן אין די הענט פונעם פאַרפאָלגער. אים, יעקב ציטרינאָוויטש, האָט מען געשיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער פון באָן־לאַ־ראָלאַנד און די משפחה קיין דראַנסי.

ער איז געוואָרן דעפּאָרטירט פון באָן־לאַ־ראָלאַנד דעם 27טן יוני 1942.

לויט אַ ידיעה פון „מיניסטעריום פאַר מלחמה־געפאַנגענע און דעפּאָרטירטע" האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה דעם 28טן יולי 1942, אין טויטן־לאַגער פון אָשפּיצין (אוישוויץ). דער פרייער לייב האָט דאָרטן קיין גאַנצן חודש נישט אויסגעהאַלטן.

# זשאָרזש קאַרס

# GEORGES KARS

## 1880-1945



אין די פרימאָרגן־שעהען פון 5טן פעברואַר 1945 האָט מען אויף דער טעראַסע פון האָטעל „טורינג־באַלאַנס“ אין זשענעווע געפונען אַ הענגענדיקן דעם פּראָגער יידישן קינסטלער זשאָרזש קאַרס.

אויפן טיש פון האָטעל־צימער זיינען געלעגן צעוואָרפן פאַרשיידענע פּאַפּירן. זעט אויס, אַז דער קינסטלער האָט געוואָלט אָנשרייבן אַ צוואה, איידער ער האָט געמאַכט אַ סוף צו זיין לעבן, צו זיין טיפן, אומבאַקאַנטן צער, און אומעט, אָבער נישט באַוויזן עס צו טאָן. בלויז אויף איינעם פון די צעוואָרפענע קאָנווערטן האָט מען באַמערקט עטלעכע, נישט דייטלעך געשריבענע ווערטער, וואָס זיינען פאַרצייכנט געוואָרן דורך אַ ציטערדיקער האַנט:

— „מודיע זיין ה׳ קאָפּעצקי, מיניסטער פון טשעכאָסלאָוואַקיע.“

דער דאַזיקער זעלבסטמאָרד האָט אַלעמען איבערראַשט און ווייטיקלעך געטראָפן. ער איז געקומען אין אַ מאָמענט, ווען דער קינסטלער האָט זיך געגרייט צוריקצופאָרן קיין פּאַריז און צוליב דעם איז ער מיט עטלעכע טעג צוריק געקומען קיין זשענעווע פון זיין שוועסטער אין ציריך.

אין דעם לעצטן בריוו, דאַטירט פון 18טן יאַנואַר 1945, צו זיין פרוי אין פּאַריז, איז קאַרס מודיע, אַז ער וועט בקרוב קומען. ער דריקט אויס זיין צופרידנקייט, וואָס ער וועט זיך באַלד געפינען אין דער היים, אין פּאַריז. ער האָט אַוועקגעשיקט פון זשענעווע צו זיין פרוי זיינע מלבושים, די בילדער, צייכענונגען און סקולפּטורן, וואָס ער האָט געמאַכט, זייענדיק אַ פּליט אין דער שווייץ.

אמת, אין זעלביקן בריוו קען מען אויך לייענען די ווערטער:

— „מיינע נערוון זיינען נישט מער די זעלביקע, וואָס אַ מאָל.“

דאָך האָט זיך קיינער נישט געריכט, אַז גראָד איצט, ווען פּאַריז איז באַפרייט, די מלחמה כמעט פאַרענדיקט, וועט זשאָרזש קאַרס מאַכן אַ סוף צו זיין לעבן, פאַר וועלכן ער האָט געקעמפט אין די גרויליקע מלחמה־יאָרן.

זיין טראַגישער טויט איז אויפגענומען געוואָרן ווי אַ גרויסע אבידה פאַר דער קונסט. ער איז אַלט געוואָרן 65 יאָר.

***

זשאָרזש קאַרס איז געבוירן געוואָרן דעם 2טן מאַי 1880 אין שיינעם דאָרף קראַלופּי לעבן פּראָג. זיין אמתער נאָמען איז געווען זשאָרזש קאַרפּעלעס. ער איז געווען אַ קרוב פון באַרימטן יידישן ליטעראַטור־היסטאָריקער גוסטאַוו קאַרפּעלעס, דעם מחבר פון דער „געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור“ (יידיש פון פ. היילפּערין, וואָס איז דערשינען אין פאַרלאַג „טאָמאַר“ פון יוסף קאַמערמאַכער, אין ווילנע 1927).

זיין פאָטער איז געווען אַ פאַרמעגלעכער מיל־אייגנטימער אין דערמאָנטן דאָרף.

ביז זיין אַכטן לעבנסיאָר האָט ער פאַרבראַכט אין דעם שיינעם, שטילן דאָרף און האָט דאָרטן געלערנט אין דער פאָלקשול.

צוליב דער ווייטערדיקער בילדונג פון זייערע קינדער האָבן זיך די עלטערן אַריבערגעטראָגן קיין פּראָג.

ביי צוועלף יאָר האָט מען אָנגעהויבן צו באַמערקן זיינע מאָלערישע פעיקייטן. זיינע עלטערן האָבן צו אים גענומען אַ לערער, וואָס פלעגט אים אַ יעדן טאָג געבן לעקציעס פון צייכענען און מאָלן.

מאָלן, צייכענען, זען בילדער — איז פון דער פריסטער יוגנט געווען זיין ליידנשאַפט. און איר גיט ער אַוועק זיין גאַנצע פרייע צייט.

אין יאָר 1900 פאַרלאָזט זשאָרזש קאַרס די שטאָט פון מהר״ל. ער פאָרט קיין מינכען שטודירן אין דער קונסט־אַקאַדעמיע מאָלעריי. ער שטודירט צוגלייך אויפן אָרטיקן אוניווערסיטעט קונסט־געשיכטע.

***

אין מינכען פאַרברענגט דער יונגער קינסטלער פינף יאָר. אָפּזייענדיק דערנאָך אַ יאָר צייט ביי זיינע עלטערן אין פּראָג, פאָרט ער קיין פּאַריז און פון דאַנען קיין שפּאַניע, וווּ ער באַקענט זיך מיטן באַרימטן שפּאַנישן קוביסטישן מאָלער כואַן גריס.

צווישן דעם יידישן קינסטלער פון פּראָג און דעם שפּאַנישן קינסטלער אַנטשטייט אַ טיפע פריינדשאַפט, וואָס האַלט אָן דאָס גאַנצע לעבן.

פון מאַדריד פאָרט קאַרס צוריק קיין פּראָג, וווּ ער פאַרברענגט אַ יאָר צייט. ער קומט דערנאָך קיין פּאַריז און בלייבט שוין דאָ וווינען.

זיין אַטעליע געפינט זיך אויפן פינפטן גאָרן פון רי קולענקור נומער 89, אויפן מאָנמאַרטר־היגל. פון דער דאַזיקער אַטעליע האָט מען געהאַט אַ פּרעכטיקן רחבותדיקן אויסבליק. ער אַרבעט דעמאָלט זייער אַ סך. ער מאָלט אַקטן,

פּאָרטרעטן און טייל מאָל אויך פּייזאַזשן און שטיללעבנס. ער ווערט פאַררעכנט צו די גרויסע צייכן־מייסטערס. זיינע פּרעכטיקע צייכענונגען פאַרמאָגן אַ טיפע פּשטות.

אין די לעצטע יאָרן זיינען זיי באַהויכט מיט אַ טיפן אומעט. אין פּאַריז האָט ער געהאַט אַ גרויסן קרייז פון פריינד, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען באַרימטע מאָלער, מוזיקער און שרייבער. צו זיינע נאָענטע פריינד האָבן גע־הערט די באַרימטע מאָלער זשיל פּאַסקין, וואָס האָט אין פּאַריז טראַגיש פאַרענדיקט זיין לעבן; סיזאַן וואַלאַדאָן, מאָריס אוטרילאָ, וועמענס פּאָרטרעט ער האָט געמאָלן, און אַנדערע.

אַ באַזונדערע טיפע פריינדשאַפט האָט אים פאַרבונדן מיט משה קאָגאַן ע"ה, דעם אויסגעצייכנטן סקולפּטאָר, דעם קדוש, וואָס איז אומגעקומען אין די דייטשישע קאַלך־אויוונס.

**
*

אַחוץ פאַר פּאַריז ווו ער האָט במשך פון 35 יאָר געלעבט, געחלומט און געשאַפן, האָט דער קינסטלער פאַרמאָגט אַ שטאַרקן סענטימענט פאַר דעם פאַרביקן שפּאַניע און, פאַרשטייט זיך, אויך פאַר פּראָג.

ער האָט זיך, עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה, געקויפט אין טאָסאַ־דעל־ראָסאַ, לעבן באַרצעלאָנע, אַ קליין הייזל ביים ים־ברעג, ווו ער פלעגט זומער פאַרברענגען. זיינע פריינד, וואָס זיינען געקומען צו אים, האָט ער אַרויסגעוויזן די זעלביקע גאַסטפריינדלעכקייט, וואָס אין זיין שיינער פּאַ־ריזער אַטעליע אויפן מאָנמאַרטר־היגל.

אַ יעדן אָוונט פלעגן זיך אין זיין הויז אין טאָסאַ־דעל־ראָסאַ פאַרזאַמלען מאָלער, מוזיי־דירעקטאָרן, קונסט־קריטיקער, אייגנטימער פון קונסט־גאַלעריעס, שרייבער אאַז"וו.

זיי פלעגן דערנאָך אַלע זיך לאָזן צום ים־ברעג.

ביים ים־ברעג האָט דער עולם געשפּילט אויף גיטאַרעס, געזונגען פאָלקסלידער, זיך אָוועקגעלאָזט שווימען אויפן ים, און, פאַרשטייט זיך, דיסקוטירט וועגן פאַרשיידענע קונסט־פּראָבלעמען.

ער איז געווען אַ צאַרט־פּיליקער, טרוימערישער קינסטלער, געווען זייער מוזיקאַליש און אויך נישט שלעכט געשפּילט פידל (ער האָט פאַרמאָגט צוויי אַלטע זייער באַרימטע פידלען).

**
*

זשאָרזש קאַרס האָט אַרויסגעוויזן אַן אינטערעס פאַר יידי־שע פּראָבלעמען און, ווי ס'האָט איבערגעגעבן זיין אלמנה, אויך געווען זייער צוגעבונדן צו יידישע טראַדיציעס, צו יידישע ימים־טובים, און פלעגט אין אַ יידישן יום־טוב נישט פאַרפעלן צו גיין אין שול.

**
*

דער קינסטלער, וואָס האָט אין זשענעווע געמאַכט אַ סוף צו זיין לעבן, איז געווען אַ מענטש פון אַ פיינעם „עספּרי" און געפונען ביי איטלעכער געלעגנהייט אַ פּאַסיק וואָרט. ער האָט פאַרמאָגט אַ פיינעם, שפּרודלדיקן הומאָר. מיט זיין הומאָר, מיט זיין ליצנות, האָט ער אָפט מאָל פאַרהוילן זיין טיפן אומעט און שטילן צער, וואָס האָבן אים אַלע מאָל גענאָגט.



זש. קאַרס — פּייזאַזש, אייל־בילד — קאָלעקציע מאַד' קאָנטאָראָוויטש - פּראָג



זש. קאַרס — פּייזאַזש פון ראָשמער (אַרדעזש, פראַנקרייך), אוילבילד (1925)
קאָלעקציע באַראָן אויזשען דע ראָטשילד, פּאַריז

ער האָט קיין מאָל נישט געוואָלט זאָגן זיין מיינונג וועגן די שאַפונגען פון זיינע חברים-קינסטלער; אַז מען האָט אים געפרעגט, פלעגט ער גוטמוטיק ענטפערן:

— „אין דער מאָלעריי פאַרשטיי איך גאָרנישט.“

ער האָט קיין מאָל נישט געוואָלט זאָגן, ווי אַלט ער איז.

***

ער איז געווען אַ מענטש פון אַ הויכער קולטור, אַ צוגע-לאָזענער און אַ גוטער, און פלעגט העלפן אַ יעדן, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ נויט.

ער האָט געשענקט אַ סך אויפמערקזאַמקייט די יונגע קינסטלער.

***

עס זיינען געווען ביי אים מאָמענטן פון אַ טיפער דעפּרע-סיע. ער פלעגט זיך אָבער שנעל באַפרייען פון זיין דער-שלאָגנקייט און דערנאָך ווערן אויפגעלייגט און לעבעדיק. אויסגעלייטערט און באַפרייט פונעם אינעווייניקן קלעם, האָט ער זיך דעמאָלט גענומען מיט נאָך מער חשק צו זיין עבודה: צו זיין קונסט.

אין די שווערע מלחמה-יאָרן האָט ער מאָראַליש שטאַרק געליטן פון די רדיפות אויף יידן, פון דער צעבושעוועטער שינאה און רשעות.

ווען די דייטשן זיינען אַריין קיין פּאַריז, האָט זיך זשאָרזש קאַרס געפונען מיט זיין פרוי אין אַנס, לעבן ליאָן. זיי זיי-נען געווען די געסט פון באַוווּסטן פראַנצויזישן קאָלעקציאָ-נער ה' מאַריען דעפּרע.

בשעת די דייטשן זיינען געשטאַנען פאַר אַנס, איז דער קינסטלער מיט זיין פרוי אַוועק קיין ליאָן.

אין ליאָן, וואָס האָט געהערט שפּעטער צו דער אַזוי גערו-פענער „נישט-באַזעצטער פרייער זאָנע“, האָבן זיך דע-מאָלט געפונען אַ סך יידישע פּליטים און אפילו גאַנצע יידישע אָרגאַניזאַציעס.

ער האָט דאָרטן געאַרבעט און אויסגעשטעלט צוויי מאָל זיינע ווערק אין דער קונסט-גאַלעריע „טראַנסי“.

זיינס אַ ווערק פון יענער צייט געפינט זיך אין ליאָנער מוזיי.

אין ליאָן האָט ער זיך באַפריינדט מיט דער אלמנה פון דעם אין פּאַריז פאַרשטאָרבענעם מאָלער לעאָפּאָלד גאָט-ליב, פרוי אוירעליע גאָטליב * און זשאָרזש קאַרס האָט אויף דער חתונה פון איר טאָכטער געמאַכט אַ גרעסערע צייכענונג („אונטער דער חופּה“).

---

* אוירעליע גאָטליב, אַ נאָבעלע יידישע טאָכטער, מיט יידיש און אַלגעמיין וויסן, האָט איבערגעזעצט אין פראַנצויזיש אחד העמס „על פּרשת דרכים“. זי האָט, אַרבעטנדיק אין ליאָן אין דער „פעדעראַציע פון די יידישע געזעלשאַפטן אין פראַנקרייך“, זיך מקריב געווען פאַר איר געפּלאָגטער אומה. מ׳האָט זי דעפּאָרטירט מיט אַלע יידן, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין די לאָקאַלן פון דער „פעדעראַציע“, צווישן זיי די צוויי אידעלע יידן בנימין זאב אַלטער און דעם אינזשי-נער דוד פרידמאַן-גאַרין און אסתר גרינבערג, די טאָכטער פון באַקאַנטן פּאַריזער עסקן ר. גרינבערג. זיי זיינען אַלע אומגעקומען אויף קידוש השם און קידוש האומה.

דעם 7טן דעצעמבער 1942 איז זשאַרזש קאַרם אַן געלט, בלויז מיט אַ ביסל וועש צום איבערטאָן, אַריבער נישט־לעגאַל די שווייצאַרישע גרענעץ. ער איז אָנגעקומען קיין זשענעווע און געהאַלטן געוואָרן זעקס וואָכן אין לאַגער, „לע שאַרמי“.

ווען ער ווערט פון דאָרטן באַפרייט, פאָרט ער צו זיין שוועסטער קיין ציריך און נעמט זיך ווידער צו זיינע קינסטלערישע אַרבעטן, מאָלנדיק בעיקר קליינע, פּרעכ־טיקע אייל־בילדער.

אין אַ רגע פון טיפער דערשלאָגנקייט און צער האָט ער געמאַכט אַ סוף צו זיין שטילן, פאַרהוילענעם פּיין, און דאָס איז געשען ערב זיין צוריקקער קיין פּאַריז.

פון זיינע עטלעכע פופציק משפחה־מיטגלידער אין זיין געבוירן־לאַנד איז קיין איינציקער נישט געבליבן לעבן.

אפשר איז זייער אומקום און דער אומקום פון מיליאָנען אַנדערע קדושים געווען די סיבה, וואָס האָט דעם באַ־רימטן קינסטלער געטריבן צום טראַגישן שריט?



זש. קאַרס — פּאָרטרעט פון מאָלער אוטרילאָ, אייל־בילד
Photo Bernès Marouteau et Cie — Paris.

זשאַרזש קאַרם האָט אויסגעשטעלט אין פּאַריז אין „האַרבסט־סאַלאָן“, אין „סאַלאָן פון די אומאָפּהענגיקע“, אין „טיולערי־סאַלאָן“ און אַנדערע באַוווסטע פּאַריזער קונסט־גאַלעריעס, אין „סאַלאָן פון גרענאָבל“, אין באָרדאָ, ליאָן, זשענעווע, ווין, ביי די האָלענדישע אומאָפּהענגיקע אין אַמסטערדאַם, אין דער „ראָיאַל־גאַלערי“. אין לאָנדאָן, אין „קאַרנעדזשי־אינסטיטוט“, אין יאַפּאַן, בעת דער אויס־שטעלונג פון מאָדערנער קונסט.

זיינע ווערק געפינען זיך אין די מוזייען פון גרענאָבל, ליאָן, פּראָג, ווין, קעלן, שטעטין, האַמבורג, וויסבאַדען, האַנאָווער, עלבערפעלד (מיר ווייסן נישט, וואָס היטלער האָט געטאָן מיט זיינע בילדער אין די דייטשישע מוזייען) און לאָס־אַנזשעלעס, אין די קאָלעקציעס פון באַראָן אויזשען דע דאָטשילד, מאַריען דעפּרע און אַנדערע.

צייכענונגען פון קינסטלער געפינען זיך אין די גראַוויר־קאַבינעטן פון ווין („אַלבערטינאַ“) און מאַנהיים.

נאָך זיין טראַגישן טויט איז אין פּאַריז פאָרגעקומען אין דער גאַלעריע „באָז־אַר“ אַ זשאָרזש־קאַרם־אָנדענק־אויסשטעלונג (נאָוועמבער־דעצעמבער 1945).

אָט וואָס באַוווסטע פראַנצויזישע קונסטקריטיקער האָבן געשריבן אין שייכות מיט דער דאָזיקער אויסשטעלונג:

„קאַרם — שרייבט ה' זשאַק דע לאַפּראַד — איז געווען אַ ליטערער, סובטילער צייכענער, וואָס איז געווען פאַרליבט אין דער קאָמפּאַקטקייט און לאָגיק פון דער פאָרעם, ווי אין דער פעסטקייט און לעבעדיקער עלעגאַנץ פונעם ריטם. ער איז געווען אַ ראַפינירטער קאָלאָריסט. פאַר וואָס פילן מיר היינט ערשט די פאַרבאָרגענע אומרואיקייט, וואָס מיר געפינען אין זיין שלמותדיקן ווערק? פאַר וואָס פילן מיר ערשט היינט, אַז עס שפּיגלט אָפּ דעם דאָזיקן מענטש? קאַרם האָט צונויפגעמישט פאָלקלאָר, קינדהייט, זכרונות, איראָניע און דעם ביטערן חלום פון אַ פאַרוואונדיקטן מענטש. ער האָט געקענט דעם זאַפטיקן טעם, וואָס דאָס לעבן רע־זערווירט פאַר אַ טייל, און די ווייטיקלעכע פיילן, מיט וועלכע עס שטעכט אַריין אין האַרץ פון די, וואָס זיינען געחתמעט פונעם גורל.

איך גלייב, אַז זיין ליבסטער מחבר איז געווען היינע. ער איז נישט געווען אָן אַ גייסטיקער קרובהשאַפט מיט אים.

ער האָט געזען די פערסאָנאַזשן פון זיינע לייוונטן מיט אַן אָפּגעריסענעם און צוגלייך צאַרטן בליק, רחמנותדיק און שטאַרק העליק, וואָס דערמאָנט אין פּאָעט. ער האָט גע־בענקט צו אַן אַנדער לעבן, אָבער זיך אַמוזירט פון ספּעק־טאָקל פון פאַראַנענעם לעבן.

ער איז דער גרעסטער טשעכישער מאָלער און מיר פאָדערן אים פאַר זיך.“



זש. קאָרם — דאָס בלויע הויז (שפּאַניע), אוילבילד (1935)

„די קליינע לייוונטן זיינע — שרייבט ה' קלאָד ראָזשע מאַרקס — שפּיגלען אָפּ דעם קאָנטראַסט פון אַ נשמה אַ צאַפּלדיקער און אַ שעמעוודיקער, אַ סענסועלער און אַ צניעותדיקער און אומרואיקער, וואָס באַווייזט אָבער, זיך צו קענען באַוועלטיקן.

דער קאָליר, פון וועלכן ס'ווייזט זיך אַרויס אָריענטאַלישער אָפּשטאַם און דער כּישוף פון די ליכטיקע טענער, איז שוין פאַר זיך אַליין אַן אויסגעחלומטער קאָליר. אַ צירונג, וועמענס וואַרעמקייט שטעלט זיך אַנטקעגן דער טיפער שטרענגקייט פון דער ליניע, ווי אַ נחמה-געזאַנג."

ה' רעימאָן קאָניאַ דריקט זיך אויס וועגן דער קונסט פון זשאָרזש קאַרס:

„דאָס איז אַ קונסט, וואָס איז צאַפּלדיק און צוגלייך דיסקרעט. אַ קונסט, וואָס האָט זיך אויסגעאַרבעט אָן רעש, אָבער נישט אָן ליידנשאַפט. אַ קונסט, וואָס איז פּונקט אַזוי אַדורכגעפילט ווי אַדורכגעטראַכט. זאָל זיין גענוג דאָס, וואָס איך וועל זאָגן, אַז זי דערשיינט פאַר די, וואָס האָבן זי געזען, ווי איינע פון די שלמותדיקסטע פון אונדזער צייט."

## זשאָרזש קאַרס וועגן זיך

(Georges Kars par Florent Fels. Ed. « Le Triangle », Paris)

ווען איך בין געווען אַ קינד, האָב איך זיך געבעטן ביי מיין סביבה, מען זאָל מיך לאָזן צייכענען דאָס אַלץ, וואָס איך האָב ליב געהאַט. די צייכענונג האָט אויסגעדריקט פאַר מיר אַ רעאַלקייט, וואָס לאָזט זיך נישט באַגרייפן, אָנכאַפּן.

אַ יונגער מאָלער, וואָס האָט געוווינט ביי אונדז, האָט אויפן פאַרלאַנג פון מיין פאָטער געמאַכט מיין פּאָרטרעט און דעם פּאָרטרעט פון מיין שוועסטער. דאָס איז געווען אַ געשעעניש, וואָס האָט מיך ביז גאָר פאַראינטריגירט. ווען איך האָב מיר אָנגעקוקט דעם דאָזיקן יונגן מענטש מיט זיינע שמייכלדיקע, מילדע אויגן, מיט זיין בלאָנדער באָרד, וועלכער האָט מיט זיין כּישופדיקער שטים אין די אָוונטן געזונגען צאַרטע פאָלקס-מעלאָדיען און זיך אַליין באַגלייט ביים קלאַוויר, האָט זיך ביי מיר דערוועקט דער חשק אויך צו ווערן אַ מאָלער.

זיין אַרבעט האָט מיך ביז גאָר אינטערעסירט. דאָס קינסטלער-לעבן האָט אין מיינע אויגן געהאַט אַ סך מער חן, איידער די קאַריערע פון אַ מילנער, ווי די אַרבעט פון מיין טאַטן, וועלכער איז געווען אַזוי גוט און מילד, פּונקט ווי ער איז טייל מאָל געווען אויפגעבראַכט. און וועמענס שטענדיקער אומרו האָט אונדז אימפּרעסיאָנירט.

אויב די איינדרוקן פון דער יוגנט לאָזן איבער דויערנדיקע שפּורן אויפן גאַנצן לעבן, בין איך זיכער, אַז דער קאָנטראַסט צווישן לעבן פון מיין תמיד פאַרדאגהטן פאָטער און דעם לעבן פונעם מאָלער, וועלכער האָט שמייכלדיק געאַרבעט ביי זיין איידעלער מלאכה, האָט געהאַט אויף מיר אַ שטאַרקע ווירקונג. דורך אים זיינען געווענדט געוואָרן מיינע בליקן צו אַ לעבן, וואָס איז געווען גיכער פון אַ ראָמאַנטישער אָריענטאַציע.

איך האָב געפּרוווט צו קאָפּירן אימאַזשן. אין שול האָב איך די ראַנדן פון מיינע העפטן אויסגעפילט מיט צייכענונגען, און אַז איך האָב געהאַט אַ ביסל פרייע צייט, בין איך געלאָפן זען די וויטרינעס, וווּ עס זיינען געווען אויסגעשטעלט ניי-צייטיקע בילדער.

אין פּראָג האָבן זיך דעמאָלט געפונען עטלעכע געציילטע הענדלער פון „אייז-קרעם און בילדער", ווי מ'האָט דאָס געקענט אַראָפּלייענען פון די שילדן זייערע. ס'איז אָבער אויך געווען בנימצא אַ קונסטהענדלער. אַ זייער טשעקאָווער מענטש. געהייסן האָט ער לעהמאַן. אַ יעדן מיטוואָך און שבת (די שולפרייע נאָכמיטאָגן) האָב איך זיך אַוועקגעשטעלט פאַר זיין געשעפט, וואָס איז געווען דעמאָלט לויטן שטייגער פון דער רי דע-לאַ-באָעסי.

איך וואָלט מיר געוווּנטשן, אַז די דאָזיקע פּרעכטיקע קינסטלערגאַס פון פּאַריז זאָל מיר היינט ברענגען כאָטש אַ מינימאַלן חלק פון די סענסאַציעס, וואָס איך האָב איבערגעלעבט דעמאָלט, בשעת איך בין געשטאַנען פאַר דער וויטרינע פון ה' לעהמאַן.

***

אין פּראָג איז יעדעס יאָר — לויטן פּאַריזער שטייגער — געווען אַ סאַלאָן. וואָס פאַר אַ יום-טוב דאָס איז געווען פאַר מיר, בעת איך האָב געקוקט אויף אָט די וווּנדער! זיי האָבן אַזוי שטאַרק גערייצט מיינע נערוון, אַז איך פלעג אַהיימגיין מיט אַ קאָפּ פול מיט אימאַזשן און מיט אַ בענקשאַפט אין האַרצן צו דער ליבסטער פון אַלע מלאכות אין דער וועלט: צו די מאָלעריי.

איך קען נישט פאַרגעסן אַ מענטש, וואָס האָט מיר אַ סך צוגעהאָלפן צו ווערן אַ מאָלער. געווען איז ער אַ פּעכטער, און, לויט דעם שטייגער פון געוויסע מעצענאַטן, וואָס זיינען דעמאָלט געווען בלויז צווישן די רייכע אַריסטאָקראַטן, איז ער געווען אַ קאָלעקציאָנער, און פאַר אַלעם אַ פריינד פון די מאָלער.

דאָס קליינע שלאָס, וואָס איז פאַר אים געווען רעזערווירט אין פעאָדאַלן גוט, מיט וועלכן ער האָט פאַרוואַלט, איז געווען אויסגעפילט מיט בילדער.

מאלער, וואס האבן זיך אין זייער התחלה געפונען אין א שווערן מצב האבן א דאנק אים, געקענט פארזעצן זייערע שטודיומס. ער האט זיי א סך געהאלפן צו ווערן באקאנט און געערט מצד זייערע מיטצייטלער.

דער דאזיקער מענטש פלעגט קומען צו מיין פאטער. ער האט צוגעהאלפן גובר זיין די קעגנערשאפט פון מיין משפחה פאר דער מלאכה, וואס איך האב מיר אויסגעקליבן. מיין פרעפערענץ האט לכתחילה באאומרואיקט מיין פאטער. מיין מאמע האט שפעטער געלאזט מיך נעמען פריוואטע לעקציעס ביי א יונגן מאלער. ער פלעגט קומען יעדן שבת און איך האב אונטער זיין השגחה געארבעט — קאפירנדיק צו ערשט גראווירונגען אדער רעפראדוקציעס, דערנאך — גיפסן. ביז איך האב לסוף זיך גענומען מאכן פארטרעטן פון די מענטשן, וואס זיינען געקומען פאזירן.

איך בין געווען אנטציקט צו קענען צייכענען פון דער נאטור.

דער דאזיקער לערער, וועלכער האט געגעבן לעקציעס אין באלעבאטישע הייזער, האט אבער, נישט געקוקט אויף דעם, שפעטער מבטיח געווען, אז איך בין איינער פון די תלמידים זיינע, וועלכע האבן צום ווינציקסטן טאלאנט.

ווען איך האב געענדיקט מיינע שטודיעס, האבן מיר מיינע עלטערן דערלויבט צו פארן קיין מינכען, וואס איז דעמאל געווען דער צענטער פאר פיקטוראלער קולטור פון צענטראל-אייראפע.

נאכן פארשרייבן זיך אויף געשיכטע פון קונסט אויף דעם מינכענער אוניווערסיטעט, בין איך אויך געווארן אויפגענומען אין אן אקאדעמיע פאר צייכענען און מאלן.

אין דער דאזיקער אקאדעמיע בין איך געבליבן צוויי יאר. איך האב זיך פארגעשטעלט שפעטער פאר א מייסטער, וואס האט דעמאלט געהאט א שם אין דער וועלט און איז געווען פראפעסאר אין דער „אקאדעמיע פון שיינע קונסטן”: געווען איז דאס פראנץ שטוק. איך האב אים געוויזן עטלעכע קאמפאזיציעס און ער האט מיך אריינגענומען צו זיך אין קלאס.

דעמאלט האט מען געקוקט אויף דעם ווי אויף א גרויסן כבוד: א קלייניקייט, זיין א תלמיד פון עמעצן! וואס פאר א שינוי זינט דעמאלט! מען וויל שוין זיין א מייסטער ביי צוואנציק יאר. אדער, לכל הפחות, וואלט קיינער נישט געוואלט, אז מען זאל קוקן אויף אים ווי אויף א תלמיד... ביי צוואנציק יאר.

מען איז צוגעצויגן געווארן דורך דער יונגקייט פון פראנץ שטוק (ער איז דעמאלט אלט געווען, נישט געקוקט אויף זיין רום, נישט מער ווי א פערציק יאר) און דורך דער לעגענדע, מיט וועלכער ער איז געווען ארומגערינגלט. מ׳האט דערציילט, אז ער פירט א לעבן פון א פרינץ, ענלעך צו די קינסטלער פון דעם רענעסאנס.

פרעמד איז שוין אבער פאר אונדז געווען זיין מהות. און אין וועלכן מיר האבן, אגב, זיך גאר נישט באמיט אריינצודרינגען. ס׳איז געווען די תקופה פון אימפרעסיאניזם און אונדזערע בליקן זיינען געווען געווענדט צו די קינסטלער פון דער דאזיקער שול: ליבערמאן און סלעפאגט אין דייטשלאנד. מיר האבן אנגעהויבן צו פארזוכן (לכל הפחות דורך רעפראדוקציעס) די מאלעריען פון מאנע, פון וואן-גאג, רענואר און סעזאן.

אבער זעלטן ווען האט מען געהאט די געלעגנהייט צו זען זייערע אריגינאלן. אויך איז מען נאך נישט געווען צוגענייגט זיי תופס צו זיין.

ארום 1904 האב איך געזען אין פראג סעזאנס א בילד (דעם פארטרעט פון וואלאברעג) און אן אויסשטעלונג פון וואן-גאגן אין ווין, וואס האט געמאכט אויף מיר א שטארקן רושם.

איך בין אוועק שפעטער קיין שפאניע, וואס האט מיך מיט איר ראמאנטישקייט תמיד צוגעצויגן: די אקסנקאמפן, די אריענטאלישע מינהגים האבן דעמאלט געמאכט אויף מיר אן איינדרוק.

מיר זיינען אין מאדריד, ווו איך האב קאפירט וועלאסקעז און גאיא, געווען מערערע חברים און פלעגן זיך א יעדן טאג טרעפן אין קאפע. זיך באקענט מיט כואן גרים. צוריקגעקומען קיין פראג.

איך האב געהאט בדעה צו מאלן אין מיין היימלאנד. איך האב אבער תיכף דערפילט, אז די קינסטלער, וואס זיינען געבליבן אין פראג, האבן נישט געהאט קיין השגה פון דער מעכטיקער עוואלוציע, וואס איז פארגעקומען אין דער מאלעריי. איך האב אפגעמאכט ביי זיך צו פארן קיין פאריז.

איך האב געוווסט, אז דארטן איז פאראן א יונגע שול, וואס ראנגלט זיך, כדי זיך צו באפרייען פון די ענגע רעמען פון פארעלטערטע קינסטלערישע טראדיציעס, און האב געגלייבט, אז איך וועל דארטן געפינען דערמוטיקנדיקע עצות ביי מאלער, וואס טראגן זיך ארום מיט זארגן, וואס זיינען ענלעך צו מיינע.

מ׳האט באדארפט איבעררייסן מיט די אלטע קאנצעפציעס, וואס שייך פארעם און פארבן.

# יצחק קאַגאַן

# ISAAC KOGAN

## 1898-1943



יצחק קאָגאַן איז געבוירן געוואָרן דעם 25טן נאָוועמבער 1898 אין שטעטל נאָוויבוג, כערסאָנער גובערניע, ביי אַן אָרעמער, אַרבעטזאַמער יידישער משפּחה.

אַרום זיין געבוירן־שטעטל, וואָס איז אַ מאָל געווען אַ יידישע קאָלאָניע, האָבן זיך געפונען יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע ישובים, צווישן זיי: שדה־מנוחה (איצט קאַלינינדאָרף), יפה־נהר און באַבראָווי־קוט, ווו ס'איז געבוירן געוואָרן דער יידישער דיכטער שמעון־שמואל פרוג ע"ה (1916-1860).

זיין פאָטער האָט אין נאָוויבוג געאַרבעט ווי אַן אָנגעשטעלטער אין אַ האָלצגעשעפט און די מוטער, די טאָכטער פון אַ יידישן קאָלאָניסט פון נישט ווייט פון יפה־נהר, האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אירע דאגות און זאָרגן פאַר איר אָרעם הויזגעזינד, וואָס איז באַשטאַנען פון ניין נפשות. זי, די טאָכטער פון יידישן קאָלאָניסט, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ מאָראַליש געזונטן מענטש, האָט אָפט געטראָגן אירע דאגות, אירע טאָג־טעגלעכע זאָרגן מיט אַ שמייכל.

יצחק קאָגאַן האָט פרי פאַרלאָזט די אָרעמע שטוב פון זיינע עלטערן. ער איז געפאָרן קיין אָדעס שטודירן אין דער אָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע מאָלעריי.

אין יאָר 1919 האָט ער גענומען אָנטייל אינעם בירגערקריג. ער איז אין יעקאַטערינאָסלאַוו אַריינגעטרעטן אין „אָט־ריאַד" פון מאַכנאָ.

אַ יאָר שפּעטער איז ער געקומען קיין מאָסקווע, מיט דער כוונה דאָרטן ווייטער צו שטודירן מאָלעריי אין דער קונסט־אַקאַדעמיע.

פון מאָסקווע ווערט ער שפּעטער געשיקט ווי אַ לערער פון קונסט ביי דער רויטער אַרמיי קיין קיעוו.

אין יאָר 1922 איז ער געקומען קיין קעשענעוו. ער האָט דאָרטן פאַרברענגט אַ קורצע צייט און געפאָרן דערנאָך גלייך קיין בערלין.

אין בערלין האָט ער באַזוכט די קורסן פון דער קונסט־אַקאַדעמיע און פאַרקערט אַ סך מיט די יידישע שרייבער און יידישע קינסטלער, וואָס האָבן זיך דעמאָלט דאָרטן געפונען און וואָס פלעגן קומען אין „ראָמאַנישן קאַפע".

ווילנדיק זיך באַקענען מיט דער פראַנצויזישער מאָלעריי און צוגלייך אויך ממשיך זיין אין דער פאַריזער קונסט־אַקאַדעמיע זיין קינסטלערישע געשטאַלטיקונג, קומט ער אין יאָר 1924 קיין פאַריז.

די מאַטעריעלע נויט, מיט וועלכער ער האָט געהאַט שטענדיק זיך צו ראַנגלען אין זיין לעבן, זיינע וואָגלענישן, זיין נע־ונד, האָבן סוף כל סוף אַרונטערגעריסן זיין שוואַך געזונט.

ער איז אין פאַריז געוואָרן טובערקולאָז און געמוזט פאַרברענגען עטלעכע יאָר אין אַ סאַנאַטאָריע.

ווען ער האָט פאַרלאָזט די סאַנאַטאָריע, האָבן אים די דאָקטוירים געעצהט זיך צו באַזעצן מיט זיין פרוי, וואָס האָט אויך געליטן אויף די לונגען, אין אַ דאָרף, ווייט פון דער גרויסער שטאָט.

כדי זיך צו קענען מפרנס זיין, האָבן זיי געעפנט, מיט דער הילף פון נאָענטע פריינד, אין דאָרף וואַדוע לעבן פאָנטענבלאָ אַ קליינעם פענסיאָנאַט.

די אַרבעט אַרום דעם פענסיאָנאַט אַבסאָרבירט אים לכתחילה אין גאַנצן און ער קען זיך נישט אָפּגעבן מיט זיין קינסטלערישער אַרבעט. דער קינסטלער ליידט דערפון מאָראַליש.

פּאַמעלעך גיט זיך אים איין אויך אַ ביסל צו ווידמענען זיין קונסט.

ער האָט געמאָלן פּייזאַזשן, שטיללעבנס, פּאָרטרעטן און אַקטן.

פאַרשטייט זיך, אַז אויך ער איז געוואָרן אין זיין שאַפן באַווירקט פון דער פאַריזער שול, פון איר אַטמאָספער.

אין יאָר 1940 איז יצחק קאָגאַן פאַרהאַלטן געוואָרן דורך די דייטשן. מען האָט אים פאַרשפאַרט אין לאַגער פון פּיטיוויע. נאָך אַ געוויסער צייט איז ער, זייענדיק קראַנק, באַפרייט געוואָרן.

די דייטשן און זייערע קנעכט האָבן נאָך דעמאָלט נישט געהאַט אַרויסגעוויזן דאָס, צו וואָס זיי זיינען געווען פעיק. מ'האָט נאָך לכתחילה אַ מאָל אַרויסגעלאָזט אַ קראַנקן פון אַ לאַגער.

ווען יצחק קאָגאַן איז אַרויס פון לאַגער, איז ער נישט מער צוריקגעפאָרן אין דאָרף, ווו ער האָט געוווינט. ער איז שוין געבליבן אין פאַריז.

אין יאָר 1942, בשעת די אַרעסטן און דעפּאָרטאַציעס, האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן מיט זיין פרוי פרידאַ און זייער קינד ביי זייערם אַ פאַריזער פריינד. אויך דעם קינסטלערס אַלטע שוויגער און אַ יונגע שוועגערין, וואָס איז פון ריגע געקומען קיין פאַריז שטודירן, האָבן זיך דאָרטן אויסבאַהאַלטן. עמעצער האָט זיי געמסרט און מ'האָט זיי אַלע צוגענומען. ניצול געוואָרן איז נאָר דאָס קינד, וואָס איז גראַד דעמאָלט נישט געווען אין שטוב.

יצחק קאָגאַן איז געוואָרן דעפּאָרטירט פון דראַנסי דעם 19טן פעברואַר 1943.

אומגעקומען זיינען אויך זיין פרוי, שוויגער און שוועגערין.

# משה קאַגאַן

# MOISE KOGAN

## 1879-1943



משה קאַגאַן איז געבוירן געוואָרן דעם 12טן מערץ 1879 אין אָרגעיעוו (אָריעוו), בעסאַראַביע.

זיין פאַמיליע, וואָס האָט געצויגן איר יחוס פון ר' ישראל סאַלאַנטער*), איז געווען אַן אָרעמע און ער האָט שוין אין זיינע יונגע יאָרן געליטן הונגער און נויט.

נישט געקוקט אויפן דלות, וואָס האָט געוועלטיקט ביי זיינע עלטערן אין שטוב, האָט ער מיט התמדה, אַחוץ יידישע לימודים אויך געלערנט איינער אַליין אַנדערע לימודים און איז שפּעטער געפאָרן קיין אָדעס, ווו ער האָט גענומען לערנען כעמיע; ער האָט געטראַכט צו ווערן אַ כעמיקער.

אָבער משה קאָגאָן, וואָס פלעגט אין דער היים פון זיינע יינגסטע יאָרן אַחוץ לערנען, אויך צייכענען, שניצן, מאַכן „מענטשעלעך", האָט, זייענדיק אין אָדעס, מיט אַ מאָל דערפילט אין זיך דעם קינסטלער: ער האָט באַלד די כע־מיע אוועקגעלייגט אין אַ זייט און זיך געלאָזט קיין מינכען, וואָס איז אַ מאָל געווען אַ צענטער פון קונסט, כדי צו שטו־דירן אין דער אָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע סקולפּטור.

***

ער האָט אין דייטשלאַנד, ווו ער האָט פאַרברענגט זיבן יאָר, מיט זיין קינסטלערישן טאַלאַנט שנעל צוגעצויגן דעם אויפמערק פון די יחידי־סגולה פון דער קינסטלערישער וועלט, וועלכע האָבן דערזען אין אים אַן אויפגייענדיקן שטערן אין דער פּלאַסטישער קונסט און אים פאָרויסגע־זאָגט אַ גרויסע קינסטלערישע צוקונפט.

דער באַרימטער בערלינער יידישער קונסטהענדלער אַלפרעד פלעכטהיים, וואָס איז נאָך היטלערס איבערנעמען די ממשלה געשטאָרבן אין לאָנדאָן ווי אַ פּליט, האָט זיך באַזונדער אינטערעסירט מיט משה קאָגאָנס שאַפן און פלעגט אין זיין בערלינער קונסט־גאַלעריע אָפט אויסשטעלן זיינע ווערק.

כדי זיך צו באַקענען נענטער מיט דער פראַנצויזישער קונסט, מיט די פראַנצויזישע מוזייען, איז משה קאָגאָן גע־קומען פון דייטשלאַנד קיין פאַריז און דאָ פאַרברענגט אַ געוויסע צייט.

באַזוכנדיק איין מאָל די פאַריזער מוזייען, איז ער ביים באַטראַכטן די קלאַסישע מייסטער שטאַרק נתפעל גע־וואָרן, זיך נישט געקענט אָפּרייסן פון זיי.

ער איז פון פאַריז צוריקגעפאָרן קיין דייטשלאַנד און נאָך אַ געוויסער צייט ווידער געקומען אין דער פראַנצויזישער הויפּטשטאָט. דאָס מאָל שוין זיך דאָ צו באַזעצן.

ער האָט אָנגעהויבן אין פאַריז צו אַרבעטן און אויסשטעלן זיינע ווערק אין „האַרבסט־סאַלאָן", ווו ער איז זינט זיין אויפקום, געווען אַ מיטגליד.

ער האָט אויסגעשטעלט אין דעם סאַלאָן, ווען דאָרטן זיינען געווען פאַרטרעטן אַזעלכע באַרימטע קינסטלער ווי מאַיאָל, מיט וועלכן ער איז געווען זייער באַפריינדט און וואָס האָט שטאַרק געהאַלטן פון משה קאָגאַנס קונסט.

אַחוץ אין פאַריז האָט ער אויך אויסגעשטעלט אין דייטש־לאַנד, ווו ער איז געווען זייער באַרימט, און זיינע קונסט־שאַפונגען האָבן זיך געפונען אין כמעט אַלע דייטשישע מוזייען: אין בערלין, לייפּציג, האַלע, האַמבורג, דרעזדן, מינכען, שטעטין, דאַנציג, אין „פאָלקוואַנג־מוזיי" פון עסען וכדומה.



מ. קאָגאַן — די פרוי און די חיה, צייכענונג
קאָלעקציע ה. פענסטער

* ר' ישראל סאַלאַנטער, באַגרינדער פון דער מוסר־באַוועגונג. געבוירן אין יאָר 1810 אין זאַגאַר, ליטע, און נפטר געוואָרן אין יאָר 1888 אין קעניגסבערג, דייטשלאַנד.

ער איז אויך געווען זייער באַוווּסט אין אַנדערע אייראָ־פּעישע לענדער, בעיקר אָבער אין האָלאַנד און שווייץ, און אין די מוזייען פון די דאָזיקע לענדער געפינען זיך זיינע ווערק. אויך אין אַמעריקע איז ער געווען באַקאַנט.
זיינע קינסטלערישע יצירות זאָגן עדות פון האַרמאָניש־קייט און אויסגעגליכנקייט.
זיינע „פיגורינס" האָבן אין זיך זויבערקייט און מעלאָדישע שיינקייט פון די אַלטע סטאַטועטקעס פון טאַנאַגראַ.

דערצו האָט ער נאָך פאַרמאָגט אַ פּערזענלעכע, אייגנ־אַרטיקע טעכניק.

ער האָט נישט בלויז געמאַכט סקולפּטורן, וואָס מ׳האָט באַוווּנדערט, ער האָט אויך געמאַכט זייער שיינע צייכע־נונגען, אילוסטרירט ביכער, צווישן זיי אַ בוך פון קאַרל וויטה, דעם געוועזענעם דירעקטאָר פון קונסטמוזיי אין קעלן.



מ. קאָגאַן
אַקט, סקולפּטור

עס ווערט איצט אַ סך גערעדט וועגן „טאַפּיסערים“ (קונסט־העפּטעריי). ער, משה קאַגאַן, איז געווען איינער פון די ערשטע מאָדערנע קינסטלער, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיטן דאָזיקן קונסטצווייג.

איידער היטלער האָט איבערגענומען די ממשלה, האָבן זיך אין די דייטשישע מוזייען געפונען „טאַפּיסערים“ פון אים, דעם בעסאַראַבער יידישן קינסטלער. זיי דאַרפן זיך אויך געפינען אין די מוזייען פון דער שווייץ.

ער האָט נישט נאָר געהאָפטן, נייערט אויך געוועבט.

ער, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע קינסטלערישע און אינטעלעקטועלע קולטור און געהאַט אַ זייער הויכן אידעאַל וועגן דער שליחות פון קונסט און קינסטלער, האָט פיינט געהאַט אַלץ, וואָס האָט געשמעקט מיט מיטלמעסיקייט. ער איז אין דעם פּרט געווען שטרענג.

קאָנפאָרמיסטן און אָפּאָרטוניסטן האָט ער נישט געקענט פאַרטראָגן.

וואָס שייך אים, האָט דער הויכער, געזונטער, ברייט־פּלייציקער בעסאַראַבער ייד ליבער געוואָלט ליידן הונגער און נויט, זיין איינזאַם, איידער צו דאַרפן פאַרראַטן דעם הויכן אידעאַל זיינעם וועגן קונסט און קינסטלער: קיין מאָל צוליב אַ מאַטעריעלן געווין נישט געמאַכט קיין שום פּשרות קיין מאָל אין זיין לעבן נישט אויסגעפירט קיין אַרבעט, וואָס זאָל נישט זיין בהסכם מיט זיין קאָנצעפּציע.

ער האָט זייער געשאַצט און געאַכפּערט זיין פריינד, דעם טראַגישן פּראָגער יידישן מאָלער־קינסטלער זשאָרזש קאַרס, דערפאַר ווייל ער, קאַרס, איז געווען אַן ערנסטער קינסטלער.

**

דער קנאי אין דער קונסט איז געווען אַ פילבאַרער, גוטער מענטש. ער האָט ליב געהאַט מוזיק.

דער מענטש, וואָס איז געווען, אַזוי צו זאָגן, אַ „סעלף־מייד־מען“, וואָרעם אַלץ, וואָס ער האָט געוווּסט און געקענט (און געוווּסט און געקענט האָט ער טאַקע אַ סך), איז געקומען ביי אים פון אים אַליין, פון זיין פּערזענלעכן אָנשטרענג, האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ פילזייטיקע פּערזענלעכקייט. ער האָט געקענט זיין ווערט און באַטייט ווי אַ קינסטלער.

**

אַרבעטן פלעגט ער נאָר דעמאָלט, ווען ער איז געווען אויף אַן אמת אינספּירירט.

**

ער האָט פאַרמאָגט אַ רייכע, באַפליגלטע פאַנטאַזיע.

ער האָט זייער אָפט געלעבט מער אין חלום ווי אין דער ווירקלעכקייט. שעהען לאַנג האָט ער געקענט זיצן פאַרזונקען אין זיינע רעיונות.

ער איז געווען בקי אין תנ"ך, יידישע געשיכטע, בכלל אין יידיש שאַפן.

**

ער האָט ליב געהאַט זיך צו פאַרטיפן אין פילאָזאָפישע פּראָבלעמען, אין פּראָבלעמען פון מענטשלעכן זיין בכלל. אין זיין ביבליאָטעק האָט מען געטראָפן, אַחוץ אַלע חמושים, פּיעטריקאָוו שנת תרס"ב, מיט די באַקאַנטע פירושים פון רש"י, בעל־הטורים, רשב"ם, שפתי־חכמים, מיט עברי־טייטש, און אַנדערע יידישע ספרים — ספרים וועגן קבלה, מיסטיציזם; שריפטן, וואָס האָבן צו טאָן מיט אַלטער אָריענטאַלישער חכמה פון אינדיע, פּערסיע, כינע, און אַנדערע לענדער פון ווייטן מיזרח. שוין נישט גערעדט וועגן די פילע קונסט־היסטאָרישע ווערק, וואָס זיינען נוגע פאַרשיידענע ווייטע און נאָענטע לענדער, וועגן פעלקער אמאָליקע מיט זייערע ציוויליזאַציעס.

ער, דער אומקאָמפּראָמיסלעכער ריטער פון דער קונסט, איז געווען אַ שטאָלצער ייד. ער דערשיינט אָפט פאַר אונדזערע אויגן ווי אַ טראַגישע פיגור.

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס מען האָט אויף אים אין די פּאַריזער קינסטלערישע קרייזן געקוקט ווי אויף אַ גרויסן קינסטלער, אויף אַ קינסטלער פון באַטייט, האָט זיך אָבער



מ. קאַגאַן — גרופּע, סקולפּטור

דאָס מזל עפּעס נישט געקלעפּט צו אים אויפן פּאַריזער באָדן.

אָפט מאָל איז ער געווען פאַרביטערט און געגלייבט, אַז מען ווייסט נישט צו שאַצן זיין ווערט אין דער קונסט. ער איז אָבער געווען זיכער, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווו מען וועט וויסן דאָס צו טאָן ווי עס באַדאַרף צו זיין.

⁂

ער האָט מאַטעריעל געלעבט אין שווערע תנאים, וואָס האָט אוודאי נישט ווינציק גורם געווען, אַז דער אין תוך גוטער מענטש זאָל זיין פאַרביטערט.

⁂

ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די רדיפות און געיעגן אויף יידן, האָט ער נישט געגלייבט, אַז מען וועט זיך דערוועגן אים, וועמענס קונסטווערק געפינען זיך אין אַזוי פיל מוזייען פון פאַרשיידענע לענדער, צו טשעפּען.

און אויב יאָ, האָט ער געגלייבט, וועלן באַרימטע קינסטלער, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר פריינד, אויסנוצן זייער גרויסע השפּעה, אַז מען זאָל אים נישט רירן.

קיינער אָבער, נישט דעספּיטאָ און נישט פּריעס און אַנדערע, האָבן, ווען מען האָט אים געהאַט צוגענומען, אַריינגעלייגט אַ פינגער אין קאַלטן וואַסער אים פון די בלוטיקע נעגל אַרויסצוראַטעווען.

אַרויסגייענדיק איין מאָל אין אַ פרימאָרגן פון זיין באַהעלטעניש זיך קויפן אַ שטיקל ברויט, איז ער אין דער גאַס שערש-מידי פאַרהאַלטן געוואָרן דורך אַ יונגן פּאָליציי-קאָמיסאַר און אַ פּאָליציסט מיט די ווערטער:

— „דו ביסט אַ ייד, ווייז נאָר דיינע פּאַפּירן.“

זיי האָבן משה קאָגאַן, וואָס האָט אין משך פון איבער פערציק יאָר געלעבט און געשאַפן אין פּאַריז, אַוועקגעפירט אין פּאָליציי-קאָמיסאַריאַט און פון דאָרטן האָט מען אים געפירט גלייך קיין דראַנסי.

זעקס טעג שפּעטער, דעם 22טן פעברואַר 1943, האָט מען אים פון דאָרטן דעפּאָרטירט.



מ. קאָגאַן — אַקט, סקולפּטור

מרדכי פּערעלמאַן

פּאָרזיצער פֿון פֿאַראיין פֿון די יידישע קינסטלער אין פּאַריז

# די לעצטע טעג פֿון משה קאַגאַן

משה קאַגאַן האָט געהאַלטן, אַז ער וועט נישט אַריינפֿאַלן אין די הענט פֿון די נאַציס. ער האָט געהאָפֿט, אַז זיין מזל איז אַזאַ, וואָס וועט אים אויך פֿון דער דאָזיקער סכנה פֿאַרהיטן.

ער האָט דערציילט, אַז אַ מאָל, בעת ער האָט באַדאַרפֿט פֿאָרן אין דער שווייץ, האָט ער בשום אופֿן נישט געוואָלט נעמען אַ באַן.

ער איז טאַקע דערנאָך געוואָר געוואָרן, אַז מיט דער באַן, וואָס ער האָט נישט געוואָלט נעמען, איז געשען אַן אומגליק און עס זיינען געווען אַ היפּש ביסל קרבנות. און וואָלט ער געווען גענומען, האָט ער געזאָגט, די דאָזיקע באַן — וואָלט ער באַשטימט געווען צווישן זיי. דער וואַגאָן, אין וועלכן ער האָט געהאַט באַשטעלט אַ פּלאַץ, איז אין גאַנצן צעשעדיקט געוואָרן.

***

ער האָט נישט געטראָגן די געלע לאַטע. אָבער אויף זיין אידענטיטעט־קאַרטע איז געווען אָנגעשריבן „ייד". אַזוי אַז די סכנה איז געווען פֿאַר אים גרויס: טאָמער פֿרעגט מען אים פּאַפּירן אין גאַס, ווערט ער תיכּף אַרעסטירט, נישט געקוקט אויף זיין עלטער. ער איז געווען אַ פֿיר און זעכציק יאָר אַלט. אין יענער צייט האָט מען נאָך געשאַנעוועט אַ ביסל דעם עלטער.

דאָס, וואָס ער טראַגט נישט די געלע לאַטע — וואָלט אָבער געווען אַ פּרעטעקסט אים גלייך צו פֿאַרהאַפּטן.

משה קאַגאַן האָט אַבער נישט געוואָלט הערן דערפֿון און אויך נישט געוואָלט אָפּווישן דעם שטעמפּל „ייד" פֿון זיין אידענטיטעט־קאַרטע.

געשלאָפֿן האָט ער ביי עלטערע פֿראַנצויזן, וווּ ער האָט געהאַט אַ ווינקל.

איין מאָל, אין אַ זונטיק, איז ער געקומען צו מיר אין מיין באַהעלטעניש און פֿאַרברענגט ביי מיר אַ גאַנצן נאָכמיטאָג.

אוועקגייענדיק פֿאַר נאַכט, האָט ער אַראָפּגערוקט דעם בערעט, וואָס ער האָט געטראָגן, כּדי מען זאָל אים נישט דערקענען, און אַוועק צוריק דאָרטן, וווּ ער האָט גענעכטיקט.

בעת ער האָט געהאַלטן ביים אַוועקגיין האָב איך אים געעצהט:

„גייט נישט אַרום, טוט דאָס נישט, מען כאַפּט יידן אין גאַס. ס'איז אַ גרויסע סכנה אַרומצוגיין."

„איך האָב שוין אין מיין לעבן, האָט ער געזאָגט, אַ סך אַדורכגעלעבט און אַלין אויסגעהאַלטן — האָף איך, אַז איך וועל אויך דאָס קענען אַריבערטראָגן. די נייעס, — האָט ער געזאָגט, — זיינען גוטע (מ'האָט דעמאָלט אָנגעהויבן צו פֿאַרניכטן די דייטשישע אַרמיי ביי סטאַלינגראַד), ס'זיינען דאָ גרויסע האָפֿענונגען."

אַז אַנדער מאָל, שמועסנדיק מיט אים, האָב איך אים געפֿרעגט:

„וואָס וועט מען קענען טאָן פֿאַר אייך, טאָמער מאַכט זיך עפּעס מיט אייך? וועמען זיינען אייערע איינפֿלוסרייכע באַקאַנטע, צו וועמען מען וואָלט זיך געקענט ווענדן?"

אויף דעם האָט משה קאַגאַן געענטפֿערט:

„מען דאַרף זיך נישט צו קיינעם ווענדן; אַז מען וועט זיך דערוויסן וועגן מיר, אַז די דייטשן האָבן מיך פֿאַרהאַלטן, וועלן מיינע באַקאַנטע, נישט־יידן, איבערקערן די וועלט און מיך אַרויסנעמען פֿון זייערע הענט. און אויב נישט — וועלן די דייטשן גוט באַצאָלן פֿאַר דעם."

זיין גלויבן אין יושר פֿון דער אַרומיקער וועלט איז געווען ביי אים נאָך שטאַרק פֿאַראַנקערט ווי ביי אַלע יידישע אינטעלעקטועלע.

אָבער איין מאָל, אין אַ פֿרימאָרגן, אַרויסגייענדיק אין גאַס קויפֿן ברויט, נישט ווייט פֿון דאָרטן, וווּ ער האָט זיך געהאַט אויסבאַהאַלטן, האָט מען אים אַרעסטירט.

און קיינער פֿון די, אויף וועלכע ער האָט געהאָפֿט, האָט זיך נישט גערירט.



# מאיר קאַדקין

## MEYER-MIRON KODKINE

1887-1940

אינעם הויף פון הויז רי דידאָ נומער 106 ציט זיך אַ לאַנגער, פאַרוואָרלאָזטער גאָרטן. אַ מאָל זיינען אויף ביידע זייטן הויף געשטאַנען צווישן אַנדערע הייזלעך קינסטלער־אַטעליעס. זיי זיינען געוואָרן אָפּגעראַמט און אויף זייער אָרט וואַקסן היינט ווילדע גראָזן, וואָס הייבן זיך אַלץ העכער און העכער. דאָ און דאָרטן ליגט איבער די ווילד־צעוואַקסענע גראָזן אַ גרעסערער אָפּגעהאַקטער שטיין, וואָס דערמאָנט אין אַן איינגעפאַלענער, קרישלנדיקער מצבה.

אין איינער פון די געוועזענע אַטעליעס פון דעם דאָזיקן הויף האָט געלעבט, געחלומט זיין חלום אַ מאָלער־קינסטלער פון ירושלים דליטאַ: מאיר קאָדקין.

***

מאיר קאָדקין איז געבוירן געוואָרן דעם 4טן דעצעמבער 1887 אין ווילנע. זיין פאָטער, ר׳ לייב קאָדקין, איז געווען אַ טינטנמאַכער. זיין מוטער חנה האָט געשמט אין שטאָט מיט איר שיינקייט.

דער קינסטלער, וועלכער האָט, דאַכט זיך, געענדיקט אַ רוסישע גימנאַזיע, האָט שטודירט מאָלעריי אין די קונסט־אַקאַדעמיעס פון ווילנע און מאָסקווע און אויסגעשטעלט זיינע קינסטלערישע שאַפונגען אין זיין היימשטאָט.

ער האָט אין ווילנע חתונה געהאַט מיט בערטע קצב, געהאַט מיט איר אַ זון. דאָס פאָרפאָלק האָט זיך שפּעטער געגט און דאָס קינד איז געבליבן ביי דער מוטער אין ווילנע.

אַרום 1924-1925 איז מאיר קאָדקין אַוועק קיין פּאַריז און זיך דאָ גענומען צו זיין באַליבטער אַרבעט: צו דער מאָלעריי. ער האָט אויך סקולפּטירט.

ער האָט בעיקר געמאָלן פּאַסטעלן. זיינע פּייזאַזשן און פּאָרטרעטן זיינען באַהויכט מיט אַ שטאַרקן רעאַליזם. דער קינסטלער האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט וואַנט־מאָלערייען אין דער פאָרעם פון „טאַפּיסערים“.

די קאָמפּאָזיציעס, וואָס ער האָט געמאָלן, זיינען געווען טיף אָדורכגעשטודירט און אַדורכגעטראַכט. ער פלעגט אָפּט גיין אין דער „נאַציאָנאַל־ביבליאָטעק“ אָדער אין דער ביבליאָטעק „סענט־זשענעוויעוו“, ווו ער האָט צוערשט גוט אויסגעפאָרשט און אויסגעשטודירט די געשיכטע פון די פּערסאָנאַזשן, וואָס ער האָט געוואָלט איבערגעבן אין זיינע ווערק. ער האָט זיך באַמיט צו זיין אין זיין קונסט אמתדיק.

דער מאָלער־קינסטלער, וואָס איז געווען באַווירקט פון דער רוסישער שול, האָט זיך באַמיט צו געפינען אין זיין שאַפן אַ סינטעז צווישן דער רוסישער און פראַנצויזישער שול. זיינע פאַרבן זיינען לעבעדיק און רעאַל.

ער האָט אין פּאַריז אויסגעשטעלט אין „סאַלאָן פון די אומאָפּהענגיקע“ און אין „נאַציאָנאַלן סאַלאָן“.

***

אין יאָר 1929 האָט ער אויסגעשטעלט אין „סאַלאָן פון די אומאָפּהענגיקע“ צוויי בילדער, באַטיטלט „מאָלערייען“. די קריטיק האָט געלויבט די דאָזיקע צוויי ווערק.

אָט זיינען די שורות, וואָס מיר האָבן געפונען אין איינעם פון די פּאַריזער קונסטאָרגאַנען, אין „לעז אַרטיסט ד׳אַזשורד׳הי“ (היינט־צייטיקע קינסטלער) פון 15טן אַפּריל 1929 וועגן מאיר קאָדקינס קונסט:

„מיראָן קאָדקין, שרייבט די צייטונג, האָט אויסגעשטעלט אין „סאַלאָן פון די אומאָפּהענגיקע“ צוויי מאָלערייען, צוויי בילדער פול מיט כאַראַקטער און פון אַ זייער פּערזענלעכן אויספיר. ער, קאָדקין, איז פון יענע קינסטלער, וואָס קיין שום פון זייערע מאַניפעסטאַציעס קען אונדז נישט לאָזן גלייכגילטיק. זייענדיק אַן אומאויפהערלעכער זוכער, אינטערעסירט ער זיך מיט די פאַרשיידענע פאָרמען אין דער קונסט. ער אַליין סקולפּטירט, אַזוי ווי ער מאָלט. דאָס הייסט: מיט אַ געוואַלדיקן טאַלאַנט. די פאָרעם, וואָס מען ברענגט אַרויס, שניידנדיק אין שטיין, רופט אַרויס ביי אים התלהבות. די קאָליר באַצויבערט אים, און מיט איר, — צי ער מאָלט מיט אייל, צי אין דער פאָרעם פון וואַנט־מאָלעריי, אָדער אין אַקוואַרעל־פאָרעם — ברענגט ער אַרויס די שלימותדיקסטע עפעקטן.

ווי ער איז געווען גערעכט, אָנרופנדיק פשוט זיינע בילדער „מאָלערייען“. זיי זיינען די העלע, שיינע מאַניפעסטאַציע פון דעם, וואָס מען איז ביכולת אַרויסצוברענגען מיט דער פאַרב, ווען מען איז געבענטשט מיט אַ שיינעם, פילבאָרן און אָריגינעלן טאַלאַנט און מיט אַ טעכניק, וואָס ווייסט נישט פון קיין מניעות. דאָס איז נישט אַ יעדן געגעבן געוואָרן.“

***

דער קינסטלער האָט, אין יאָר 1931, אויסגעשטעלט אין זעלביקן סאַלאָן אַ גרויס בילד: „זשאַן ד׳אַרק פאַר אָרלעאַן“. ער האָט געמאָלן אַ סך פּאָרטרעטן.

***

מאיר קאַדקין איז געווען, אַזוי צו זאָגן, אַ פאַרשלאָסענער מענטש. קיין מאָל נישט גערעדט וועגן זיך, זיך קיין מאָל נישט פאַר קיינעם געזשאַלעוועט, הגם ער האָט זיך אין פּאַריז ביטער געראַנגלט פאַר זיין מאַטעריעלער עקזיסטענץ.

ער איז געווען אַ קולטורעלער, געבילדעטער מענטש. כסדר געלערנט. ער האָט געפירט אַ צוריקגעצויגן לעבן, נישט געקומען קיין סך צוזאַמען מיט מענטשן.

ער, וואָס האָט איבערגעלאָזט אַ יינגעלע אין ווילנע, האָט זייער ליב געהאַט קינדער, זיי געצערטלט.

צערטלענדיק די קינדער אין פאַריז, האָט דער שטילער צו־ריקגעצויגענער קינסטלער צוגלייך אויך געצערטלט במח־שבה זיין אייגן קינד און געשטילט דערמיט זיין בענקשאַפט דערצו.

ווען די ברוינע חיילות האָבן זיך געפונען פאַר די טויערן פון פאַריז און דער רוב פון דער פאַריזער באַפעלקערונג איז געווען באַוועלטיקט פון אַ גרויסער בהלה, זיך גענו־מען אַנטלויפן פאַר דער ברוינער מגפה, איז אויך מאיר קאַדקין קעגן זיין ווילן מיטגעצויגן געוואָרן מיטן אַנטרי־נענדיקן מענטשנשטראָם.

ווי מ'האָט איבערגעגעבן אין הויז, ווו ער האָט געוווינט, האָט ער גאָרנישט געהאַט דעמאָלט קיין חשק צו פאַרלאָזן פאַריז. מ'האָט אים פשוט מיטגעשלעפּט און ער האָט זיך געלאָזט מיט די צענדליקער טויזנטער פאַריזער תושבים אין וועג.

די דייטשן האָבן דעם וועג מיטן מענטשנשטראָם באָמבאַר־דירט און דער קינסטלער האָט באַקומען אַ קויל אין זיין שלייף. ער איז אַ בלוט־באַפלעקטער געבליבן ליגן טויט אין מיטן וועג, בעת די כוואַליע מענטשן האָט געהאַלטן אין איין ווייטערשטראָמען.

מ'האָט אים מקבר געווען אויפן בית־עולם פון דאָרף שאַ־מאַראַנד, צוואַנציק קילאָמעטער ווייט פון פאַריז.

אין טויטנצעטל פון דער דאָרפישער געמיינדע ווערט גע־זאָגט: „דעם 18טן יוני 1940, אַ זייגער צען אין דער פרי, האָבן מיר קאָנסטאַטירט דעם טויט פון מיראָן־מאיר קאַד־קין, געבוירן אין ווילנע, פוילן, דעם 4טן דעצעמבער 1887“.

**
*

אין איינעם מיטן קינסטלער זיינען אויך אַוועקגעקומען אַלע זיינע ווערק, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין זיין אַטעליע אויף רי דידאָ 106.

אַ בריוו פון מאיר קאַדקינס בן־עיר, דעם ווילנער שרייבער און קולטור־טוער הירש אַבראַמאָוויטש

ברוקלין — ניו־יאָרק 12 פעב' 47.
זייער חשובער פריינד ה. פענסטער.
אין מיין זכרון איז געבליבן קאַדקינס בלאַסע געשטאַלט. אויך אַ שיין פון זיינע פּאָרטרעטן און בילדער. אויך איינע אָדער צוויי אויסשטעלונגען, ווו ער האָט פיגורירט אָדער אַראַנזשירט אַליין. איך געדענק, עפּעס צאַרטעס האָט גע־ווייעט פון זיינע מאָלערייען, אַן אָפּשפּיגלונג פון זיין פּער־זענלעכקייט. אַ דממה דקה, דאָס שטילע און פיינע פון אַ מענטש מיט איינגעבוירענער אינטעליגענץ.
אָבער די ריין אויסערלעכע פאַקטן פון זיין לעבן האָב איך לגמרי נישט געקענט. איך האָב געזען זיין פאָטער, דעם טינטנמאַכער. געדענק אפילו די אויסטערלישע בלאַסקייט פון זיין פנים. אָבער אויך אין פאָטערס געזיכט זיינען גע־ווען אינטעליגענטע שטריכן פון אַ פאַרגאַנגענעם יידישן יחוס (כ'מיין גייסטיק).
קאַדקין־פאָטער האָט געמאַכט טינט, מיט וועלכער אַ וועלט יידישע קינדער האָבן זיך אויסגעלערנט שרייבן. זיין זון האָט אויך געשריבן (לויטן רוסישן אויסדרוק) בילדער, שוין נישט מיט טינט, נאָר מיט פאַרבן. און אפשר אויך מיטן בלוט פון זיין האַרצן, ווי אַ באַדייטנדיקער טייל פון יידישע קינסטלער פון וואָרט, בילד און קלאַנג, און באַזונדער פון אונדזער טייערער שטאָט ווילנע, וועלכע איז איצט אַ קופּע — ווײ אונדז! — אַש און זאַמד (דער יידישער טייל)...



אַ יוגנטבילד פון מאיר קאַדקין



# חנה קאָוואַלסקי

# CHANA KOWALSKA

## 1904-1941

אין די אָוונט־שעהען פלעגט מען זען זיצן אין דרויסן אויף דער טעראַסע פון „קאַפע דאָם“ ביי אַ טישל אַ יונגע פרוי מיט גרויסע שוואַרצע אויגן און פעכשוואַרצע גלאַנציקע האָר, גלאַטיק פאַרקעמט, מיט אַ שרינט אין דער מיט.
אויף אירע הענט האָט זי געטראָגן דינע, לענגלעכע שוואַרצע לעדערנע הענטשקעס.
זי פלעגט זיי טייל מאָל אַוועקלייגן אויפן טישל, ביי וועלכן זי איז געזעסן אין קאַפע און גערייכערט אַ ציגאַרעטל.
די קליידער, וואָס זי האָט געטראָגן, זיינען נישט געווען קיין שפּאָגלנייע. זי האָט זיי אָבער אַזוי צורעכטגעמאַכט, אַז זי האָט אויסגעזען אין זיי עלעגאַנט און אַפילו דיסטינגירט.

זי האָט מיט אַ שמייכל געענטפערט אויפן באַגריסן פון אירע פריינד און באַקאַנטע, שרייבער און קינסטלער, וואָס זיינען געקומען אין אָוונט אין קאַפע, זיי פריינדלעך פאַרבעטן זיך צו זעצן ביי איר טישל אויף דער טעראַסע, דערלאַנגט, איידער זיי האָבן זיך נאָך געהאַט אַוועקגעזעצט, דאָס אָפענע פעקל ציגאַרעטן, וואָס איז געלעגן פאַר איר אויפן טישל.

די יונגע פרוי איז געווען חנה קאָוואַלסקי, די טאָכטער פון וולאָצלאַוועקער רב קאָוואַלסקי, מנהיג פון „מזרחי“ און געוועזענער סענאַטאָר פון פוילישן סיים.

זי איז געבוירן געוואָרן אַרום 1904 אין דער שיינער, ביי דער ווייסל ליגנדיקער שטאָט וולאָצלאַוועק.

אין דער שטוב פון חנהס פאָטער פלעגן זיך צונויפטרעפן כלערליי יידן: פאָרשטייער פון יידישע באַוועגונגען, יידישע שרייבער, צווישן זיי שלום אַש, וואָס האָט אין רבס הויז אָנגעשריבן זיין ערשטע דערציילונג „משהלע“.

דער וולאָצלאַוועקער רב האָט זיך אויסגעטיילט פון אַלע אַנדערע רבנים אין פוילן מיט זיין הייסן אַרויסטרעטן פאַרן ציוניסטישן רעיון, וואָס ער האָט אָפן געפּריידיקט, מיט זיין אַקטיוון אָנטייל אין דער ציוניסטישער באַוועגונג.

חנה פלעגט נישט איין מאָל ריידן וועגן איר פאָטער. מיט יראת־הכבוד פלעגט זי דערציילן וועגן דער נאָבלקייט פון זיין כאַראַקטער און וועגן זיינע אינעווייניקסטע געראַנגלען.
ביי איר אין שטוב האָט זי אַ מאָל געגעבן איבערצולייענען דאָס, וואָס די יידישע פרעסע האָט געשריבן נאָך זיין נפטר ווערן און וואָס איר מוטער, די וולאָצלאַוועקער רביצין, האָט איר צוגעשיקט.

ווען חנה האָט אָנגעהויבן צו מאָלן, איז זי אַלט געווען זעכצן יאָר. מיט אירס אַ לאַנדשאַפט האָט זי זיך באַטייליקט אין דער קאָלעקטיווער אויסשטעלונג פון די יידישע קינסטלער, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער וואַרשעווער קהילה.

אַרום 1922 פאָרט זי קיין בערלין שטודירן מאָלעריי און פאַרברענגט דאָרטן עטלעכע יאָר.

נאָך איר חתונה מיטן ליטעראַטור־קריטיקער ברוך ווינאָגורא זיינען זיי געקומען קיין פּאַריז, ווו זי איז אָנגעגאַנגען ווייטער מיט איר מאָלעריי, באַזוכט קונסט־אויסשטעלונגען, מוזייען, געלייענט ווערק וועגן קונסט, פאַרשיידענע ליטעראַרישע ווערק.
געלעבט האָט זי אין פּאַריז כמעט שטענדיק אין גרויסע מאַטעריעלע שוועריקייטן.
זי האָט אָבער קיין מאָל פאַר קיינעם נישט גערעדט וועגן די מאַטעריעלע דאגות, מיט וועלכע זי האָט זיך דאָ תמיד געהאַט צו ראַנגלען.
אין אירע צוויי שטיבעלעך אין הויף פון רי פּיער לערו 17, אויף מאָנפּאַרנאַס, פלעגט זי זייער פריינדלעך אויפנעמען די מענטשן, וואָס זיינען געקומען אַהין.
איר דירהלע האָט זי געהאַלטן ציכטיק און ריין. בילדער האָבן באַשיינט די ווענט. דער טיש איז געווען שטענדיק באַלייגט מיט יידישע און פראַנצויזישע ביכער. דאָ און דאָרטן איז געשטאַנען אין אַ וואַזאַניקל אָדער אין אַ גלאָז וואַסער פונאַנדערגעשפּרייט אַ פּאָר בלימלעך.



ח. קאָוואַלסקי — אַ פּאַריזער ווינקל, אייל-בילד



ה. קאָוואַלסקי — פּאָרטרעט פון דער קדושה מרים מושעל, אוילבילד
קאָלעקציע ה. פענסטער

זי האָט באַלד מכבד געווען מיט טיי און מיט קיכעלעך צום פאַרבייסן און בשעת מעשה גערעדט וועגן קונסט, ליטעראַטור אָדער סתם אַזוי.

טייל מאָל פלעגט די מיטלגעוואַקסענע רבנישע טאָכטער זיך נעמען זינגען יידישע פאָלקסלידער (זי איז אין פּוילן אַ מאָל געווען אַ לערערין פון געזאַנג אין אַ יידישער פאָלקשול).

זי האָט זייער ליב געהאַט צו זינגען, די יידישע פאָלקסלידער, לידער פון יידישע דינסטמיידלעך, מיט דער פּשוטער, האַרציקער פאָלקשפּראַך זייערער.

זי האָט ליב געהאַט עלעגאַנץ און געווען דערביי פול מיט פּשטות.

זי איז געווען אַ באַוועגלעכע, פול מיט שפּרודלדיק לעבן. זי האָט זייער ליב געהאַט פּאַריז, ליב געהאַט צו מאָלן פּאַריזער לאַנדשאַפטן, אַ שיין פּאַריזער ווינקעלע, זכרונות פון איר קינדהייט און יוגנט אין פּוילן, סצענעס פון אַלטן יידישן שטייגער אין דער אַלטער היים.

די טעמפּעראַמענטפולע קינסטלערין האָט אויך געמאָלן סאָציאַלע מאָטיוון.

ניטש האָבנדיק קיין אייגענע אַטעליע (און געבענקט האָט זי תמיד צו האָבן איר אייגן ווינקעלע, ווו צו קענען מאָלן), האָט זי אָפט מאָל געמאָלן אין די אַטעליעס פון אירע פריינד.

אין די לעצטע יאָרן פון איר לעבן איז איר חלום צו האָבן אַן אייגענע אַטעליע מקוים געוואָרן.

חנה קאָוואַלסקי האָט עטלעכע מאָל אויסגעשטעלט אירע בילדער אין פּאַריז: אין יאָר 1931 האָט זי אויסגעשטעלט אין סאַלאָן פון די „אומאָפּהענגיקע קינסטלער" צוויי געמעלן: „די גאַס פעלפּאָר" און „דער בית-עלמין פון מאָנפּאַרנאַס".

זי איז געווען אַן איבערגעגעבענער מענטש: אָט איז זי געקומען איין מאָל צו מיר און דערציילט וועגן אַ בוך אין דער פראַנצויזישער שפּראַך וועגן לעבן פון די טובערקולאָזקראַנקע אין די פּאַריזער שפּיטעלער, „די באַזיגטע", וואָס עס האָט אָנגעשריבן, אונטערן פּסעוודאָניום „עזשען סאַמי", ד"ר שמואל שטערקמאַן, אַ ברודער פון איר שוואָגער, דעם יידישן שרייבער י. ב. צפּור (דער פּסעוודאָניום פון קדוש ד"ר יצחק שטערקמאַן).

זי האָט מיך געוואָלט באַקענען מיטן קראַנקן שרייבער, וואָס האָט, זייענדיק אַ טובערקולאָזער, פאַרברענגט אַ צייט אין איינעם פון די פּאַריזער שפּיטעלער, מיך באַקענען מיט זיין ווערק. און אַז איך האָב נאָכן באַזוך ביים חולה אָנגעשריבן אַן אַרטיקל וועגן מחבר און זיין ווערק, איז זי געווען מלאה-שימחה.

חנה קאָוואַלסקי איז געווען אַקטיוו אין די פּאַריזער יידישע קאָמוניסטישע קרייזן. זי פלעגט אָפט מאָל דאָרטן אַרויסטרעטן מיט לעקציעס וועגן קונסט און קינסטלער.

די רבנישע טאָכטער האָט זיך תמיד באַמיט אַריינצוברענגען אין דער יידישער אַרבעטער-סביבה שיינקייט, קונסט און דערוועקן פאַר זיי אַן אינטערעס ביי די יידישע אַרבעטנדיקע פון פּאַריז.

אַ דאַנק איר איז טאַקע פאָרגעקומען אַ מאָל אין די זאַלן פון דער יידישער, קאָמוניסטיש-געוואָרענער פּאַריזער „קולטור-ליגע" אַן אויסשטעלונג פון ווערק פון פּאַריזער יידישע מאָלער און סקולפּטאָרן.

זי האָט אויך געשריבן, דער עיקר וועגן קונסט, אין דער פּאַריזער קאָמוניסטישער „נייע פּרעסע" און אין „פּאַריזער זשורנאַל".

זיך באַטייליקט ביים צוגרייטן אין פּאַריז דעם יידישן קולטור-קאָנגרעס פון 1937.

בעת דער אָקופּאַציע האָט זי זיך אין פּאַריז אַקטיוו באַטייליקט אין דער אונטערערדישער אַרבעט.

אין יאָר 1941 פאַלט זי אַריין אין די רוצחישע הענט. מען פאַרשפּאַרט זי אין דער פּאַריזער תפיסה „לאַ סאַנטע", פון דאָרטן פירט מען זי אין לאַגער „לאַ טורעל".

אין לאַגער האָט חנה געצייכנט סצענעס פון „לעבן" פון די פאַרשפּאַרטע פרויען.

זי איז געוואָרן דעפּאָרטירט פון דעם דאָזיקן לאַגער מיט נאָך אַנדערע 84 יידישע פרויען.

פאַר האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד — האָט מען, אַ טאָג פאַר דער דעפּאָרטאַציע, אָפּגעגאָלט אַלע פרויען די קעפּ.

# שלמה קליין

# KARL KLEIN

## 1898-1943

שלמה (קאַרל) קליין איז געבוירן געוואָרן דעם 15טן מאַי 1898 אין נימבערג, טשעכאָסלאָוואַקיע, ווו זיין פאָטער איז געווען אַ פאַרוואַלטער פון אַ לאַנדווירטשאַפטלעך גוט. ווען ער האָט געהאַט געענדיקט די מיטלשול, איז ער געפאָרן קיין פראָג און אַריינגעטרעטן אין דער אָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע און דאָרטן שטודירט סקולפּטור, וואָס ער האָט אַגב שפּעטער פאַרלאָזט און זיך אָפּגעגעבן אין גאַנצן מיט מאָלעריי.

ער האָט נאָכן ענדיקן די פּראָגער קונסט־אַקאַדעמיע זיך געלאָזט קיין בערלין און דאָרטן געאַרבעט אין משך פון זעקס יאָר ביי זיין קונסט, וואָס ער האָט זיך שטענדיק באַמיט צו דערפירן צו דער העכסטער שלמות.



ק. קליין — אויטאָ-פּאָרטרעט, אייל בילד
Studio Yves Hervochon, Paris.

ער האָט חתונה געהאַט מיט אַן אינטעליגענט גאַליציש־יידיש מיידל, געקומען מיט איר אין יאָר 1926 קיין פּאַריז און דאָ מיט גרויס התמדה ווייטער געאַרבעט.

שלמה קליין, וואָס איז געווען אַ קינסטלער מיט אַ טיפער קלאַסישער פּיקטוראַלער קולטור און וואָס האָט געשעפּט פון קלאַסיציזם, איז שפּעטער דערגאַנגען צו אַ זייער אייגנאַרטיקער און קרעפטיקער קונסט.

דער קינסטלער, וואָס האָט אַלץ מקריב געווען פאַר דער קונסט, און דאָס מאַטעריעלע לעבן האָט אים, אַזוי צו זאָגן, נישט אינטערעסירט, האָט געמאָלן זייער שיין קאָמפּאָזיציעס, פּייזאַזשן, שטיללעבנס און פּאָרטרעטן.

ער האָט זיך באַזונדער אויסגעצייכנט ווי אַ פיינער פּאָרטרעטיסט און האָט צווישן אַנדערע פּאָרטרעטן אויך געמאַכט דעם פּאָרטרעט פון זייער באַגאַבטן קינסטלער און קדוש טוביה האַבער.

ער האָט אויך געמאַכט שיינע אַקוואַ־פּאָרטן.

שלמה קליין, וועמענס טאַלאַנט האָט געהאַלטן אין איין כסדרדיקן וואַקסן און פונאַנדערבליען זיך, האָט זיך אויך אויסגעצייכנט אין דער גראַפישער קונסט.



ק. קליין — פרויען-פּאָרטרעט, אייל‎בילד
Studio Yves Hervochon, Paris.

ער איז געווען זייער צוגעבונדן צו יידישע טראַדיציעס, צו טראַדיציאָנעלער יידישער פרומקייט.
ער האָט זיך באַמיט צו פאַרטיפן און אויסצוברייטערן זיין יידיש וויסן.
ער איז געווען אַ הייסער ציוניסט, אַ שטאָלצער ייד:
ווען ער איז איין מאָל געשטאַנען אין „לואוור" און געהאַלטן נאָך עטלעכע חדשים אַרבעט ביים פאַרענדיקן דאָס קאָפּירן דאָס באַרימטע ווערק פון גרויסן פראַנצויזישן מייסטער ניקאָלאַ פּוסען (1594-1665) „דאָס פאַרכאַפּן פון די סאַבינערינס", האָבן זיך אָוועקגעשטעלט פאַר זיין בילד אַ בלאָנדע פרוי מיט אַ בלאָנד יונג מיידל און געהאַלטן אין איין אויסדריקן פאַרן קינסטלער זייער התפעלות:
— „אַך, ווי שיין, אַך, ווי פּרעכטיג דיזעס בילד איסט!"
דער קינסטלער, דערזעענדיק, אַז ער האָט פאַר זיך שטיין צוויי אויטענטישע פאָרשטייערינס פון דער אויסגעקליבענער אַריער־ראַסע, האָט דעמאָלט, נישט אָן שמייכלדיקער איראָניע און שטאָלץ, צו זיי געזאָגט:

— „צי ווייסט איר כאָטש, ווער ס'האָט געמאַכט די קאָפּיע, פאַר וועלכער איר באַגייסטערט זיך אַזוי? — אַ ייד האָט זי געמאַכט!"



ק. קליין — פּאָרטרעט פון מאָלער און קדוש טוביה האַבער, אייל‎בילד

ער איז געווען אַ מענטש פול מיט רירנדיקער פשטות און אויפריכטיקייט.

ווען די דייטשן זיינען געשטאַנען פאַר פאַריז, האָט ער פאַרלאָזט מיט זיין משפחה די שטאָט און זיך אויפגעהאַלטן אַ צייט אין אַ געגנט, וואָס איז נישט געווען באַזעצט פון זיי. היות מען האָט אין דער ערשטער צייט נאָך נישט געוווּסט פון קיין רדיפות, איז ער מיט זיין הויזגעזינד צוריקגעקומען צו זיך קיין פאַריז.

ווען די רדיפות האָבן זיך אָנגעהויבן, האָט מען אים צוגענומען און אַוועקגעפירט קיין פּיטיוויע אין לאַגער. צוליב זיין שוואַך געזונט האָט מען אים נאָך אַ געוויסער צייט פון דאָרטן אַרויסגעלאָזט. (דאָס האָט זיך נאָך געטראָפן באַלד אין אָנהייב.)

ווען ער איז אַרויס פון לאַגער, האָט ער תיכף גענומען זיין

פרוי און זיינע ביידע זין און זיך אַוועקגעלאָזט מיט זיי אין דער „פרייער זאָנע".

ער האָט זיך מיט זיי באַזעצט אין דאָרף ווער, צוואָנציק קילאָמעטער פון דער שטאָט פעריגע.

כדי זיך און זיין הויזגעזינד צו קענען מפרנס זיין אין דער קריטישער צייט, האָט שלמה קליין, וואָס האָט געהאַט אַ שוואַך האַרץ, זיך גענומען דאָרטן באַאַרבעטן אַ קליינע פערמע.

די פרוי און די צוויי קינדער האָבן צוגעהאָלפן ביי דער אַרבעט און מ'האָט זיך ווי ס'איז אַדורכגעשלאָגן.

ס'איז אָבער געשען אַ גרויס אומגליק אין הויז פון קינסטלער: מען האָט דעם עלטערן זון, יהודה, אַ סימפּאַטישער און פעיקער בחור, אין דאָרף צוגענומען און אים דעפּאָרטירט.

דער אומגליקלעכער פאָטער ליידט מוראדיק פון שווערן קלאַפּ, וואָס ער און זיין פרוי האָבן באַקומען. ער האָט נישט מער קיין מנוחה און קען שוין מער נישט איינזיצן אין יענעם דאָרף, פון וואַנען מען האָט אים אַוועקגעריסן זיין קינד. ער גייט אַוועק פון דאָרטן און קומט אין דעם איטאַליעניש-באַזעצטן טייל פון פראַנקרייך, אין דעפּאַרטעמענט פון האָט-סאַוואָא.

ווען די איטאַליענער ציען זיך פון דאָרטן צוריק, לאָזט ער זיך מיט זיי קיין איטאַליע.

צוויי מאָל זיינען דערגאַנגען פון אים ידיעות פון פלאָרענץ און מער האָט מען שוין פון אים נישט געהערט. ס'איז פאַרשוווּנדן אַ יעדע שפּור וועגן אים, וועגן זיין געביין.

לויט אַ ידיעה פון „מיניסטעריום פאַר מלחמה-געפאַנגענע און דעפּאָרטירטע" איז ער דעפּאָרטירט געוואָרן פון איטאַליע דעם 13טן אָקטאָבער 1943, ווען זיי, די דייטשן, האָבן געהאַט אויך דאָרטן אויסגעשפּרייט זייער פינצטערע נעץ.



ק. קליין — יידישע מוטער
אין טרויער, גראַווירונג

קאָלעקציע א. ב. אויס — ניו-יאָרק



ק. קליין — ביימער, גראַווירונג
קאָלעקציע ה. פענסטער



ק. קליין — לאַנדשאַפט, אײלבילד

## ווער איז קאַרל קליין ?

פון דער פרוי פון קדוש — ראָזאַ קליין

ווער איז קאַרל קליין? איך וויל נישט זאָגן „ווער ער איז געווען", ווארעם איך קען מיר נישט פאָרשטעלן, אַז דער מענטש, וואָס איז אין לעבן בייגעקומען די מאַטעריע, זאָל מער נישט זיין.

דער דאָזיקער מענטש האָט צוויי לייַדנשאַפטן: שלמות־דיקע יידישקייט מיט איר ערד, מיט איר זון — און די מאָ־לעריי. עפּעס אַנדערש: מאַטעריעלע הצלחה, דערפאָלג, זיינען פאַר אים גאָרנישט. ער זוכט נישט זיך צו מאַכן באַקאַנט, אויסשטעלן, פאַרקויפן.

ער איז אַ מסתפּק־במיעוט. ער האָט ראשית־כל מורא צו פאַרלירן זיין צייט, נישט גענוג חלילה צו קענען אַרבעטן. זיין דעוויזע איז: „איטלעכע מניעה, וואָס שטעלט אָפּ אַ ווערק, איז מסוגל צו דינען דעם ציל פון ווערק. אַלץ ווערט פאַר אונדז אַ וועג, וואָס שטעלט זיך אַקעגן אונדזער וועג" (מאַרק אַורעל).

ער זעט און פילט ווי אַ מאָלער און עס גיט זיך אים איין איבערצוגעבן אין זיינע ווערק זיין פּערזענלעכע וויזיע פון אָביעקט.

דער רוב פון זיינע בילדער איז אַוועקגעקומען. געבליבן זיינען אַן ערך פערציק בילדער פון פאַרשיידענע עפּאָכן: עטלעכע קליינע בילדער, שיינע פּאַסטעלן, מייסנסטנס פּאָר־טרעטן פון קינסטלער, געזען אַליין דורך אים, פּאָרטרעטן פון זיין משפחה. עטלעכע בליי־צייכענונגען, אַן אמתע ציי־רונג. מערערע פון זיי שטעלן פאָר צוויי פרויען אין אַ דע־ליקאַט באַלויכטענעם אינטעריער. אַקוואַ־פּאָרטן.

פאַראַן נאָך עטלעכע בלעטער: אַ פּרווו פאַר אילוסטראַ־ציעס צו פראַנץ קאַפקאַס דערציילונגען.

אין זיי איז אויסגעדרוקט פיין אַ מיסטישער ציטער פון די עולמות עליונים.



ק. קליין — פּאָרטרעט פון זיין אומגעקומענעם זון יהודה, איילבילד
Studio Yves Hervochon, Paris

# יעקב קרויטער
# JACOB KRAUTER
## 1910-1945



יעקב קרויטער איז געבוירן געוואָרן דעם 31טן דעצעמבער 1910 אין דער סלאָוואַקישער שטאָט קאָשיצע.

ווען ער איז נאָך אַ קליין קינד געווען, האָבן זיך זיינע עלטערן אַריבערגעקליבן קיין בודאַפּעשט, ווו דער פֿאָטער איז געווען אַ מיטגליד פֿון דער דאָרטיקער אָרטאָדאָקסישער קהילה.

יעקב האָט אין בודאַפּעשט באַזוכט די אונגערישע פֿאָלקשול און געמאַכט עטלעכע קלאַסן גימנאַזיע. ער איז פֿון דער גימנאַזיע אַריין אין „אינסטיטוט פֿאַר דעקאָראַטיווער קונסט“ פֿון דער אונגערישער הויפּטשטאָט און זיך דאָרטן ספּעציאַליזירט אין פֿאָלקסקונסט, אין צייכענען אַלטע אונגערישע צירונג און דעקאָראַציעס, וואָס האָבן אַ שייכות מיט עטנאָגראַפֿיע.

ער איז, אַרום 1931, געקומען קיין פּאַריז, ווו ער האָט שטודירט אין דער אַקאַדעמיע פֿון באַוווּסטן פֿראַנצויזישן מאָלער אַנדרעי להאָט.

דער הויכגעוואַקסענער, שלאַנקער קינסטלער, מיט זיין טונקל אָריענטאַליש פּנים, מיט זיינע פּעכשוואַרצע האָר און גליענדיקע שוואַרצע אויגן, וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט געווען אַ פֿאָרשטייער פֿון עפּעס אַ ווייט אָריענטאַליש לאַנד, האָט, נישט קוקנדיק אויף זיין שווערן מאַטעריעלן מצב, מיט וועלכן ס'איז אים אויסגעקומען כסדר זיך צו ראַנגלען, געאַרבעט אָן אויפֿהער ביי זיין קונסט, אָפּגעבנדיק זיך צוגלייך מיט אַלע קולטור-קינסטלערישע דערשיינונגען.

ער האָט אויך אָפּגעגעבן אַ סך צייט אויף צו פֿאַרפֿולקומען זיך און פֿאַרטיפֿן אין דער פֿראַנצויזישער שפּראַך און קולטור.

ער איז געווען אַן אולטראַ-מאָדערנער קינסטלער. אויסשטעלן זיינע קינסטלערישע שאַפֿונגען האָט ער נישט געוואָלט, האַלטנדיק, אַז ער איז נאָך נישט דערגאַנגען צו קיין שלמות אין זיין שאַפֿן. ער האָט געהאַלטן אין איין זוכן פֿאָרמען פֿאַר זיין קינסטלערישן אויסדרוק.

יעקב קרויטער איז געווען פֿאַרליבט אין אַלץ, וואָס שיין און דערהויבן. ער האָט זייער ליב געהאַט מוזיק, זיך אינטערעסירט מיט איר. אויך מיט פֿאָלקלאָר.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט ער זיך געשטעלט פֿרייוויליק צו דער פֿראַנצויזישער אַרמיי.

נאָכן „וואָפֿנשטילשטאַנד“ איז ער געוואָרן דעמאָביליזירט. ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אַרעסטן און דעפּאָרטאַציעס, האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן אין די נעכט ביי אַ לאָקאַטאָר פֿונעם הויז, ווו ער האָט געוווינט.

אָבער איין מאָל, אין דער פֿרי, ווען ער האָט געגלייבט, אַז די סכנה איז דערווייל שוין אַריבער, אַז מען וועט שוין דעם מאָרגן נישט מער קומען אים זוכן, איז ער אַראָפּגעגאַנגען צו זיך אין שטיבל. ער האָט געוואָלט זיך דערוואַרעמען אַ ביסל קאַווע. די יידן-כאַפּערס האָבן זיך דעמאָלט באַוויזן און אים תיכף צוגענומען.

געווען איז דאָס אין חודש אויגוסט 1941.
אין דראַנסי האָט זיך יעקב קרויטער אָפּגעגעבן מיט די קליינע יידישע קרבנות, וואָס מען האָט געברענגט צו שלעפּן פֿון אַלע עקן, כדי זיי דערנאָך איבערצוגעבן די פֿאַרצערנדיקע פֿלאַמען.

***

ער איז געוואָרן דעפּאָרטירט פֿון דראַנסי אין חודש סעפּטעמבער 1942.

לויט אַ ידיעה פֿון „מיניסטעריום פֿאַר מלחמה-געפֿאַנגענע און דעפּאָרטירטע“ האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה דעם 23טן פֿעברואַר 1945 אין גיהנום פֿון בוכענוואַלד.

# דוד מיכאל קרעווער

# DAVID-MICHEL KREWER

1904-1942



אויף מאָנפּאַרנאַס האָט מען אים גערופן „דער קליינער קרעווער“. דאָס וואָרט „קליינער“ האָט אויסגעדריקט אַ מין צערטלעכקייט, דערין איז געלעגן די ליבשאַפט, וואָס די פראַנצויזן לייגן אַריין אין דאָזיקן וואָרט.

דעם „קליינעם קרעווער“ פלעגט מען טייל מאָל טרעפן אַרום זעקס אַ זייגער פאַר נאַכט ביי אַ טישל אויף דער טעראַסע פון קאַפע „דאָם“ אויף מאָנפּאַרנאַס.

ער האָט אַרויסגערופן אויפמערקזאַמקייט מיט זיין דעליקאַטן פנים, מיט זיין קליינער, פיין געשניצטער נאָז, מיט דעם כוואַליעדיקן געקרייזלטן זיידענעם קאָפּ האָר.

געזעסן איז ער דעם קאָפּ אָנגעלענט אויף איין האַנט און מיט דער אַנדערער האַנט האָט ער צוגעהאַלטן דאָס קליינע ליולקעלע אָדער אַ ציגאַרעטל, פון וועלכן עס האָבן זיך געטראָגן לייכטע רויך-רינגעלעך.

טייל מאָל פלעגט ער זיצן פאַרטראַכט און האַסטיק באַוועגן מיט זיינע איידעלע, דינע, נערוועישע פינגער אויפן מירמל-שטיין-פלאַט פון קאַפעטישל. ס'האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט אויסגעשפּילט (ער איז אגב געווען זייער מוזיקאַליש) זיין אומרו און צער.

דערנאָך פאַרלאָזט ער די טעראַסע פון קאַפע „דאָם“ און גייט אַריבער אין שכנישן קאַפע „לאַ קופּאָל“, ווו עס זיצט דער אַלטער יידישער סאָציאַליסטישער דענקער און קעמפער אלחנן (שאַרל) ראַפּאַפּאָרט.

אויפן טיש, ביי וועלכן ראַפּאַפּאָרט זיצט, ליגן צעוואָרפן צייטונגען אין כלערליי לשונות. ראַפּאַפּאָרטס געדיכט-באַוואַקסן פנים איז פאַרשטעלט פון די בלעטער.

שטיל און פּאַמעלעך דערנענטערט זיך דער יונגער קינסטלער צום טישל, ווו עס זיצט דער אַלטער יידישער סאָציאַליסט, וואָס וועגן זיין הומאָר און חריפות גייען אַרום אין פראַנקרייך גאַנצע לעגענדעס.

דערזעען זיין יונגן פריינד, טוט ראַפּאַפּאָרט אויס די ברילן, לייגט אַוועק די צייטונג, וואָס ער האַלט אין האַנט, און פאַרבעט קרעווערן זיך צו זעצן לעבן אים.

דער מיט הומאָר שפּרודלנדיקער אַלטער יידישער סאָציאַליסט און דער יונגער ווילנער יידישער קינסטלער מיטן געקרייזלטן קאָפּ צעשמועסן זיך. ביידנס פּנימער זיינען צעשמייכלט און אויפגעהייטערט. פון קרעווערס פנים איז אַראָפּ די מרה-שחורה און ער לאַכט שוין איצט אויפן קול. זיי זיינען געווען האַרציקע פריינד.

*****

דער סקולפּטאָר און מאָלער דוד מיכאל קרעווער איז געבוירן געוואָרן דעם 6טן אַפּריל 1904 אין קראַניקאָוואַ, קאָוונער גובערניע.

זיין פאָטער, משה קרעווער, איז געווען אַ לערער פון פּיאַנאָ און געזאַנג אין דער שול פון דער „חברה מפיצי השכלה“ אין ירושלים דליטא.

ביז זיין צוועלפטן לעבנסיאָר האָט דוד מיכאל געלערנט אין חדר חומש מיט רש"י. ביים פאָטער לערנט ער שפּילן פּיאַנאָ. שפּעטער קומט ער אָן לערנען אין דער שול פון „מפיצי השכלה“.

די לימודים אין דער שול קומען פאָר אין דער יידישער שפּראַך.

צו דרייצן יאָר הייבט דוד מיכאל אָן מאָלן און צו סקולפּטירן.

נאָך אין חדר פלעגט ער אַרומגיין מיט קעשענעס אָנגעשטאָפּטע מיט ליים, פון וועלכן ער קנעט אויס „מענטשעלעך“.

נאָכן פאַרלאָזן דעם חדר, מאַכט דוד מיכאל אַ קליינע סקולפּטור. זי שטעלט פאָר אַ רבין מיט דריי תלמידימלעך. דער רבי דערקלערט, מיט דער הילף פון אַ פינגער, פאַר זיינע תלמידימלעך אַ שווערע סוגיא.
מען האָט צוליב דעם דעם יונגן קינסטלער גערופן „מיכאל דער חוצפּהניק“.

ביי זיינע דרייצן יאָר מאַכט ער אויך אַ סקולפּטור פון זיין לערער פון דייטש, וועלכע ער קנעט בשעת דער לעקציע. דער לערער באַשטראָפט אים מיט פאַרלאָזן דעם קלאַס. ווען דער זעלביקער לערער דערזעט אָבער שפּעטער די סקולפּטור, וואָס דער קליינער קרעווער האָט געקנעטן, ווערט ער פון איר נתפעל און רעדט אים שוין אַליין צו צו שטודירן סקולפּטור.

ווען „מיכאל דער חוצפּהניק“ ווערט פערצן יאָר אַלט, האָט ער נישט מער קיין חשק צו לערנען אין דער שול פון דער „חברה מפיצי השכלה“. אים ציט צו צייכענען, צו מאָלן און צו סקולפּטירן.

דאָס יונגע ווילנער בחורל פון דער סטראַשון-גאַס פלעגט טאָקע שטענדיק און אומעטום צייכענען און שניצן. ער האָט געצייכנט אויף בענקלעך, אויף טישן וכדומה.

איין מאָל ברענגט ער אהיים אַ גאַנצן וואָגן ליים און נעמט זיך מיט התמדה צו דער אַרבעט.

פון ליים מאַכט ער ניין סקולפּטורן: זיין „משה רבינו", זיין „יחזקאל הנביא על נהר כבר", זיין „שלמה המלך אויפן כיסא המלכות" און זיין „לעצטן קרעכץ פון אַ גוסס" א"אַ. דער „כיסא המלכות פון שלמה המלך" איז געווען געמאַכט פון באַריעלעפן. זיי גיבן איבער אַן ערך צוויי און דרייסיק מעשיות און לעגענדעס וועגן שלמה המלך.

די דאָזיקע ניין סקולפּטורן פון יונגן קינסטלער האָבן זיך פאַר דער מלחמה געפונען אין ווילנער יידישן עטנאָגראַפישן מוזיי אויפן נאָמען פון ש. אַנסקי, בשכנות מיט די ווערק פון באַרימטן יידישן סקולפּטאָר מרדכי אַנטאָקאָלסקי.

ער האָט פאַרמאָגט אַ פיינע שטים און האָט געזונגען אין כאָר פון „מפיצי השכלה", וואָס פלעגט אָפט אַרויסטרעטן מיט קאָנצערטן אין דער ווילנער פילהאַרמאָניע. ער פלעגט זינגען אַלס סאָליסט.

נאָך זייער יונג פּרעזענטירט ער זיך פאַר דעם ווילנער אוניווערסיטעט מיט זיין „אותו איש פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט": אַ צעבראָכענער נוצרי אויף אַ צעבראָכענעם צלם.

מיטן דאָזיקן ווערק איז דער יונגער קינסטלער געקומען צום קאָנקורס וועגן דער פּראָפעסור פון קונסט אין דעם דערמאָנטן אוניווערסיטעט.

די אַנטיסעמיטישע פּראָפעסאָרן האָבן פאַלש אינטערפּרעטירט די טעמע פונעם יונגן קינסטלער. און כאָטש די סקולפּטור גופא האָבן זיי באַהאַלטן, האָבן זיי אָבער דעם יונגן קרעווערן פאַר קיין פּראָפעסאָר נישט אָנגענומען.

אין יאָר 1922 פאַרלאָזט קרעווער ווילנע. ער פאָרט קיין בערלין און שטודירט דאָרטן אין דער קונסט־אַקאַדעמיע.

**

אין יאָר 1924 קומט ער קיין פּאַריז און טרעט אַריין אין דער קונסט־אַקאַדעמיע. ער ווערט דער תלמיד פון באַרימטן פראַנצויזישן סקולפּטאָר אַנטואַן בורדעל. ער באַזוכט אויך די קונסטשול „לאַ גראַנד שאָמיער" („די גרויסע כאַטע").

אין פּאַריז האָט דער קינסטלער אָנגעהויבן צו מאָלן גרויסע בילדער.

ער האָט אין דער מאָלעריי געפונען זיין אייגענעם וועג און נוסח. ער האָט זיך נישט אַזוי ווייט אינטערעסירט מיט דער אויסערלעכער ליניע אין דער מאָלעריי ווי מיטן אויסדרוק פון דער מענטשלעכער נשמה: ליידנשאַפט, דאגות, ליידן, אומעט — זיינען געווען די טעמעס פון זיין מאָלעריי, ווי ס'איז געווען צו זען פון זיינע בילדער „די צוויי יתומים", „די צוויי זקנים", „די פאַרבעטענע פון די אָרעמע" וכדומה. ער האָט אַריינגעברענגט די יאַפּאַנישע ליניע. דאָס קומט אפשר פון אַ השפעה פון באַוווסטן יאַפּאַנישן קינסטלער פוזשיטאַ, מיט וועלכן ער, דוד מיכאל, איז געווען באַפריינדט.

ער האָט אין דער מאָלעריי געהאַט אַ שוואַכקייט פאַר בלוי און רויטן פּורפּור.

אין דער סקולפּטור גייט ער אין די דרכים, וואָס פירן אים צו אַ מין סינטעז צווישן ראָדען־בורדעל און מיקעל־אַנדזשעלאָ. אָבער ער בלייבט דאָ פּערזענלעך, יידישלעך.

דער סקולפּטאָר און מאָלער דוד מיכאל קרעווער, וואָס האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט שניצן, האָט אויסגעשטעלט זיינע ווערק אין די יאָרן 1936 און 1937 אין „טיולעריסאַלאָן".

**

בעת עס האָבן אָנגעהויבן בושעווען די מוראדיקע רדיפות, די אומאויפהערלעכע געיעגן אויף יידן, איז דוד מיכאל געווען צווישן די סאַמע ערשטע קרבנות.

דער פּאָליציי־קאָמיסאַר פון דער פּאַריזער פאָרשטאָט קאַשאַן, ווו דוד מיכאל קרעווער האָט געהאַט זיין אַטעליע, האָט אים געלאָזט רופן. כלומרשט צוליב עפּעס אַ נישט וויכטיקן ענין.

דער יונגער ווילנער קינסטלער איז אַהינגעגאַנגען, אָבער דער פּאָליציי־קאָמיסאַר האָט אים שוין מער נישט אַרויסגעלאָזט פון זיינע הענט.



ד. מ. קרעווער — האָלץ־ביוסט, אויסגעפירט אין לאַגער פון באָן־לאַ־ראָלאַנד

Studio Yves Hervochon, Paris.

דאָס איז נישט געווען דער איינציקער פאַל: מען פלעגט שיקן צו יידן גרינע צעטעלעך וועגן קומען אויף דער פּאָליציי. די, וואָס זיינען געגאַנגען, האָט מען שוין מער פון דאָרטן נישט אַרויסגעלאָזט.

מען האָט דוד מיכאל קרעוווער געשיקט קיין באַן-לאַ-ראַלאַנד אין אינטערניר-לאַגער, ווו ער האָט פאַרברענגט אַ יאָר צייט. ער האָט דאָרטן אַ סך געאַרבעט: געצייכנט, געשניצט און סקולפּטירט.

זייענדיק אין לאַגער האָט דער יונגער קינסטלער זיך נישט געמאַכט קיין שטאַרקע אילוזיעס: ער האָט געפילט, אַז די דאַמאָקלעס-שווערד הענגט איבער זיין קאָפּ און אַז ער קען יעדן טאָג ווערן דעפּאָרטירט.

אין איינעם פון זיינע בריוולעך, וואָס ער האָט אַרויסגעשיקט פון לאַגער, לאָזט ער זיינע עלטערן וויסן, אַז ער האָט זיי אַרויסגעשיקט אַ פּעקל מיט מכשירים, „ווייל מען קען נישט וויסן, וואָס עס קען זיין“.

עס זיינען טאַקע באַלד נאָך דעם דעפּאָרטירט געוואָרן די ערשטע צוויי טויזנט יידן פון די לאַגערן באַן-לאַ-ראָלאַנד און פּיטיוויע.

קרעוווער טרייסט זיינע עלטערן: „מיר וועלן זיי איבערלעבן. איר זאָלט אייך נישט נעמען צום האַרצן. אַלץ וועט זיין גוט“.

די טרייסטנדיקע נביאות פונעם יונגען קינסטלער זיינען נישט מקוים געוואָרן. ער האָט נישט דערלעבט דעם טאָג פון „איבערלעבן זיי“.



ליבער זלמן, איך האב באקומען אייער
פעקל, פאר וועלכן איך דאנק אייך זייער,
פארוואס שרייבט איר נישט ?
און פעקל, די האנפטאר האט זיך אויסגעגאסן,
ס'איז אבער גוט געווען איינגעפאקט.
איך וואלט וועלן וויסן צו איר האט
באקומען מיין פעקל וואס איך האב אייך
געשיקט, ווייל מען קען נישט וויסן וואס עס
קען זיין און פארלירן, ווייל איך [illegible]
נישט. [illegible], איז אוועקגעשיקט געווארן
פון האם — 1000 מענטשן, און 1000 מענטשן
פון אנדערע לאגער. בקרוב מיר וועלן זיי
איבערלעבן און איר זאלט זיך נישט נעמען
צום הארצן, אלץ וועט זיין גוט

ד. מ. קרעוווערס אַ בריוול פון לאַגער צו זיינע עלטערן, פאַקסימילע



# אברהם ראָזנבוים

# ABRAHAM ROSENBAUM

## 1891-1942

פֿאַר אונדזערע אויגן שטייט דער קלײנגעוויקסיקער, פֿיזיש פֿעסט געבויטער מענטש, מיט די פֿעסטע פּנים־שטריכן, מיט זײַנע געדיכטע האָר, שוואַרצע געדיכטע ברעמען און שוואַרץ פּאַסיקל וואָנצעס.
ער איז פּשוט, באַשיידן און ערנסט. ער רעדט ווייניק. און אַז ער רעדט, באַווייזט זיך אַן אומשולדיקער שמייכל אויף זײַן פּנים.
שטיל און געלאַסן שפּרייזט ער נאָך דער אַרבעט איבער די פּאַריזער גאַסן. ער שטעלט זיך טייל מאָל אָפּ און באַטראַכט עפּעס מיט זײַנע טיפֿע, טונקעלע אויגן.
געקומען פֿון די געדיכטענישן פֿון דער יידישער פֿאָלקסמאַסע, האָט ער מיטגעפֿירט מיט זיך איר נאַטירלעכקייט, געזונטקייט און פּשטות.

ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1891 אין רודים (ראַדאָם), פּוילן, ביי אָרעמע עלטערן.

זײַן פֿאָטער איז אין רודים געווען אַ סאַרווער אויף יידישע שימחות.

אברהם ראָזנבוים האָט פֿון זײַנע פֿריסטע יאָרן שוין גע־האַט צו פֿילן דעם טעם פֿון אָרעמקייט, פֿון שווערן געראַנגל פֿאַרן שטיקל ברויט, פֿון מניעות און האַרבקייטן, וואָס אַן אָרעם קינד באַגעגנט אין לעבן.

ער האָט אָבער פֿאַרמאָגט אַ פּאָר געזונטע, ברייטע פּלייצעס, געזונטע הענט, און צו דעם צו אַ פֿעסטן ווילן, וואָס האָבן אים געהאָלפֿן גובר זײַן די אַלע שוועריקייטן, וואָס האָבן זיך אים געשטעלט אין וועג, און גיין מיט זיכערע טריט צום ציל, וואָס ער האָט געהאַט פֿאַר זיך אין לעבן.
ווען ער איז געווען אין רודים, האָט ער געבענקט צו קענען פֿאָרן קיין וואַרשע, גלייבנדיק, אַז דאָרטן, אין דער גרויסער שטאָט, וועט ער קענען אויסברייטערן זײַן וויסן. און צו וויסן האָט ער אַלע מאָל געהאַט אַ טיפֿן דראַנג.

עס האָט זיך אים איינגעגעבן צו ווערן אָנגענומען אין דער וואַרשעווער יידישער האַנטווערקער־שול אויף „סטאַווקע“.
אין דער דאָזיקער שול האָט ער צוגעצויגן די אויפֿמערק־זאַמקייט מיט זײַן צייכענען.

און ווען דער ד״ר אונגער, דער דירעקטאָר פֿון דער „איקאַ“ אין פּאַריז, באַזוכט איין מאָל די האַנטווערקער־שול און זעט די צייכענונגען פֿון יונגען רודימער בחור, האָט ער באַ־שלאָסן אים צו ברענגען קיין פּאַריז, כּדי ער זאָל קענען שטודירן אין דער פּאַריזער קונסט־אַקאַדעמיע.

אברהם ראָזנבוים איז טאַקע אין יאָר 1923, אָדער גאָר 1924, געקומען קיין פּאַריז און אַרײַנגעטרעטן אין דער קונסט־אַקאַדעמיע, אינעם אָפּטייל פֿאַר סקולפּטור.

די קליינע שטיפּענדיע, וואָס ער האָט באַקומען, האָט אָבער נישט געקלעקט צו קענען לעבן, און ער איז געניייט צו גע־פֿינען עפּעס אַ מקור, פֿון וועלכן ער זאָל קענען שעפּן חיונה.
ער האָט זיך גענומען צו רעטושירן ביי אַ פּאַריזער פֿאָטאָ־גראַפֿיסט (נישט איין יידישער קינסטלער האָט געמוזט אַדורכגיין דעם דאָזיקן וועג).

ער האָט אויך געאַרבעט אַ צייט ווי אַ גראַווירער אויף בראָנדז אין דער „וואָפֿן־מאַניפֿאַקטור“.
זייענדיק אָבער אַן אויסלענדער, האָט ער דאָרטן נישט לאַנג געקענט פֿאַרבלייבן.

ער איז אויך געווען באַשעפֿטיקט ווי אַ גראַווירער ביים אויסאַרבעטן די מטבעות פֿון דער פֿראַנצויזישער רעפּוב־ליק.

אַלץ, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שייכות מיט גראַווירערײַ און מיט אַלטע מטבעות, האָט אים אינטערעסירט. ער איז געווען אַ ליידנשאַפֿטלעכער זוכער און זאַמלער פֿון אַלטע מטבעות און פֿון מכשירים צום גראַווירן.

ער האָט געפֿירט מער אַ צוריקגעצויגן לעבן, וואָס איז גע־ווען אויסגעפֿילט אין גאַנצן מיט אַרבעט און מיט אַ טיפֿן אינטערעס צו זאַכן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו זײַן אַרבעט.

ער איז אָבער געווען זייער צופֿרידן, ווען ער האָט אין גאַס דערזען פּלוצעם אַ פֿרײַנד, אַ באַקאַנטן. ער פֿלעגט אים דעמאָלט אָנקוקן מיט אַ שמייכל און דערנאָך שוין גיין מיט אים צו פֿוס איבער די פּאַריזער גאַסן.

אַז ער איז אַ מאָל געקומען צווישן פֿרײַנד און באַקאַנטע, האָט ער וועגן זיך קיין מאָל נישט גערעדט. ער האָט בכלל, ווי געזאָגט, ווייניק גערעדט. ער האָט זיך מער צוגעהערט צו דעם, וואָס אַנדערע זאָגן און פֿלעגט, אין געזעלשאַפֿט, אַ מאָל, בעת די אַנדערע האָבן גערעדט, אַרײַנוואַרפֿן פּלוצעם אַ שפּאַסיק וואָרט און זײַן פּנים האָט זיך בשעת־מעשה צעשמייכלט.

ער פֿלעגט, פֿון צייט צו צייט, קומען אין הויז פֿון יידישן שרייבער וואָלף וועוויאָרקע ע״ה, וואָס איז אומגעקומען מיט זײַן פֿרוי און צוויי טעכטער על קידוש השם.

ער האָט געמאַכט אַ פּאַסטעל־פּאָרטרעט פֿון איין טאָכטער. די קדושה טעמע.

אברהם ראָזנבוים, וואָס האָט געמאַכט שיינע פּאַסטעל־

בילדער, שטיללעבנס און פּאָרטרעטן, האָט זיך אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן אויך אָפּגעגעבן מיט סקולפּטור.

שריפט-מאָלעריי האָט אים אויך אינטערעסירט און ער האָט אַדורכגעמאַכט אַ ספּעציעלן קורס פון שריפט-מאָלעריי.

ער איז געוואָרן דעפּאָרטירט פון דראַנסי דעם 16טן יולי 1942.



# פעליקס רויטמאַן

# FÉLIX ROITMAN

## 1902-1944

דער מאָלער-דעקאָראַטאָר פעליקס רויטמאַן איז געבוירן געוואָרן דעם 9טן מערץ 1902, אין קעשענעוו, בעסאַראַביע.

ער האָט אין זיין בעסאַראַבישער געבוירן-שטאָט געענדיקט די גימנאַזיע.

פעליקס רויטמאַן, וואָס האָט אָנגעהויבן צו צייכענען אין עלטער פון צוועלף יאָר, האָט אין רוסלאַנד געענדיקט אַ קונסט-אַקאַדעמיע.

נאָכן ענדיקן די קונסט-אַקאַדעמיע קומט ער קיין בערלין און אַרבעט דאָרטן, במשך פון צוויי יאָר, ווי אַ מאָלער-דעקאָראַטאָר.

אין יאָר 1925 קומט ער פון בערלין קיין פּאַריז און טרעט דאָ אַריין אין דער „אַקאַדעמיע פאַר דעקאָראַטיווער קונסט". ער גיט זיך צוגלייך אָפּ מיט קאָפּירן די ווערק פון די אַלטע מייסטער. ער קאָפּירט בעיקר די בילדער פון די באַרימטע פראַנצויזישע מאָלער פון אַכצנטן יאָרהונדערט: וואַטאָ, בושע און ראָבער.

פעליקס רויטמאַן האָט אויך קאָפּירט פאַרשיידענע מעבל-סטילן.

שפּעטער, אין יאָר 1926, נעמט ער זיך צום באַפּוצן שטאָפן און כלערליי חפצים פון גלאָז, גאַלאַליט, בלעך און האָלץ: טאַצן, וואַזעס, לאָמפּן, שפּיגלען וכדומה מיט זיינע אייגענע מאָטיוון און מיט די מאָטיוון פון די אַלטע מייסטער.

די זאַכן, וואָס ער באַפּוצט, האָבן אַ גרויסן דערפאָלג ביי די פּאַריזער אַנטיקן-הענדלער, ביי די גרויסע פּאַריזער הייזער, וואָס פאַרנעמען זיך מיט קונסט-חפצים און וואָס זיינען ספּעציאַליזירט אינעם קאָפּירן אַלטע מאָטיוון, סטילן.

פעליקס רויטמאַן פלעגט אָפט אויסשטעלן זיינע אַרבעטן, בעיקר אויף די אויסשטעלונגען פון דעקאָראַטיווער קונסט.

ווען ער נעמט, אין יאָר 1937, אָנטייל אין דער אינטערנאַציאָנאַלער גרויסער אויסשטעלונג אין פּאַריז, ווערט ער באַשאָנקען מיט דער ערן-אויסצייכענונג.

ער האָט אויף דער דאָזיקער אויסשטעלונג דעקאָרירט דעם ארץ-ישראל-פּאַוויליאָן.

פעליקס רויטמאַן, וואָס איז געווען אַ תלמיד פון פּראָפּ' פּאָל קאָלען פון דער פּאַריזער „אַקאַדעמיע פאַר דעקאָראַטיווער קונסט", האָט, אין איינעם מיטן זייער באַגאַבטן, יונג-פאַרשטאָרבענעם מאָלער אברהם מינטשין (1898-1931), אויך דעקאָרירט דעם טעאַטערזאַל פון דער סאָוויעטישער האַנדלס-מיסיע אין פּאַריז.

אַחוץ מיט דער קונסט האָט זיך רויטמאַן אין פּאַריז אויך אינטערעסירט מיטן געזעלשאַפטלעכן לעבן, מיט זיין בעסאַראַבער לאַנדסמאַנשאַפט, מיט דער אַרבעטער-באַוועגונג און מיטן קולטורלעבן.

ווען ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה, האָט ער זיך תיכף אַנגאַזשירט ווי אַ פרייוויליקער אין דער פראַנצויזישער אַרמיי.

און ווען ער ווערט נאָכן וואָפנשטילשטאַנד צווישן פּעטען און היטלער דעמאָביליזירט, טרעט ער באַלד אַריין אין דער ווידערשטאַנד-באַוועגונג און איז דאָרטן זייער אַקטיוו.

ער ווערט איין מאָל ביי זיין ווידערשטאַנד-אַרבעט געכאַפּט און מען זעצט אים אַריין אין דער פּאַריזער תפיסה „לאַ סאַנטעי". נאָכן אָפּזיצן פיר חדשים, שיקט מען אים פון דאָרטן, אָן אַ מישפּט, אין אינטערניר-לאַגער „לאַ טורעל".

אין לאַגער ווערט ער ערנסט קראַנק אויף די געדערים און מען מוז אים פון דאָרטן פירן אין איינעם פון די פּאַריזער שפּיטעלער, ווו ער ווערט די גאַנצע צייט שטרענג באַוואַכט.

אַ ביסל שפּעטער שיקט מען אים פון שפּיטאָל גלייך קיין דראַנסי, פון וואַנען מען האָט אים דעפּאָרטירט דעם 14טן סעפּטעמבער 1942.

אַ פיזיש אויסגעשעפּטער און אַ קראַנקער הויכט ער אויס זיין נשמה דעם 15טן פעברואַר 1944 אין אַ קאַצעט פון אויבער-שלעזיע.

# יוסף ריינפעלד

# JOSEPH RAYNEFELD

1908-1940



יוסף ריינפעלד איז געבוירן געוואָרן דעם 1טן אַפּריל 1908 אין וואַרשע.

זיין קינדהייט און יוגנט איז אָפּגעפלאָסן אין דער וואַרשעווער יידישער געגנט.

די עלטערן האָבן מיט זייערע קינדער געוווינט אויף פּזשעיאַזד נומער 3.

ווען ער איז נאָך זייער יונג געווען, איז אים די מוטער געשטאָרבן.

ער האָט אין זיין געבוירן-שטאָט באַזוכט די מיטלשול און זי געענדיקט אין יאָר 1925. ער איז שפּעטער אָנגעקומען אין דער וואַרשעווער קונסט-אַקאַדעמיע. ווען ער האָט זי געענדיקט, איז ער געקומען קיין פּאַריז און געאַרבעט אין דער אַקאַדעמיע ראַנסאָן.



דער קינסטלער האָט אַ צייט אין „לואוור" געמאַכט קאָפּיעס פון די ווערק פון די קלאַסישע מייסטער.

ער האָט אין פּאַריז אויסגעשטעלט זיינע קינסטלערישע שאַפונגען.

יוסף ריינפעלד, וואָס ווערט פון זיינע באַקאַנטע און פריינד געשילדערט פאַר אַ זייער צאַרטן, געפילפולן מענטש און גרויסן ענטוזיאַסט, האָט באַזוכט איטאַליע, שפּאַניע, טריפּאָלים און טוניס.

ווען די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט קיין פּאַריז, האָט ער צו פוס פאַרלאָזט די שטאָט און איז אָנגעקומען קיין באָרדאָ. ער האָט זיך שפּעטער אויפגעהאַלטן אין שטעטל סענט-פּוּאַ-לאַ-גראַנד, לעבן באָרדאָ, און ווען די דייטשן זיינען אויך דאָרטן אריין, האָט דעם אָרעמען קינסטלער ארומגענומען אַ גרויסער אומרו און פּחד און ער האָט דאָרטן, דעם 12טן יולי 1940, געמאַכט אַ סוף צו זיין יונג לעבן. (מען גיט אויך אָן דאָס שטעטל מאָנפּאָן, דאָרדאָניע).

דער אומגליקלעכער יונגער קינסטלער האָט איבערגעלאָזט אַ צאָל שיינע צייכענונגען און גואַשן, וואָס אַ טייל פון זיי געפינט זיך ביים באַוווסטן פראַנצויזישן קונסטקריטיקער זשאַק לאַסען.

■

י. ריינפעלד — צייכענונג



# אַלעקסאַנדער רימער

## ALEXANDRE RIEMER

1889-1942

אַלעקסאַנדער רימער איז געבוירן געוואָרן דעם 31טן אויגוסט 1889 אין לעמבערג בײַ אַן אינטעליגענטער יידישער משפּחה.

זיין פאָטער איז געווען אַן אַרכיטעקט, באַקאַנט און געשאַצט דורך אַלע. אַז מען האָט דערמאָנט זיין נאָמען, פלעגט מען תמיד צוגעבן: „אַ פיינער מענטש“.

ווען אַלעקסאַנדער האָט געענדיקט די מיטלשול, איז ער אַריין אין דער „קונסט־ און פאַכשול“ פון זיין געבוירן־שטאָט.

ער איז שפּעטער געפאָרן קיין דרעזדען, דייטשלאַנד, ממשיך צו זיין זיין קינסטלערישע אויסבילדונג אין דער אָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע. ער ווערט דאָרטן דער „מייסטער־שילער“, דער בעסטער תלמיד, און זיינע בילדער האָבן זיך שפּעטער געפונען אין אַ טייל מוזייען פון דייטשלאַנד.

אין פוילן האָט ער געהערט צו דער פאַראייניקונג פון די מאָדערנע קינסטלער „אַרטעס“. און אין אַן אַלבאָם פון אויטאָ־ליטאָס, וואָס די דאָזיקע פאַראייניקונג האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1935, געפינט זיך אויך זיינס אַן אויטאָ־ליטאָ.

ער איז געקומען קיין פּאַריז אַרום 1927 און האָט זינט דעמאָלט נישט פאַרלאָזט די שטאָט, צו וועלכער ער האָט זיך שטאַרק צוגעבונדן.

ער האָט געמאָלן בעיקר קאָמפּאָזיציעס, שיינע גואַשן. ער האָט אויך לעצטנס געמאַכט אַ סך פּאַסטעל־בילדער. דער קינסטלער־קדוש האָט אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן זיך אָפּגעגעבן מיט אַ מאָלעריי, וואָס האָט זיך דערנענטערט צו דער קונסט פון לירסאַ אָדער פון סירוואַזש. זיין מאָלעריי האָט אָבער תמיד פאַרמאָגט אַן אייגנאַרטיקייט, וואָס האָט גערעדט וועגן רימערס אינדיווידואַליטעט. ער האָט אין די לעצטע יאָרן געשאַפן אַ נייעם מין רעאַליזם. ער פלעגט שטענדיק אַרומגיין מיט פּאַפּירבלאָקן אין האַנט און מאַכן שקיצן. לויט אָט די צייכענונגען האָט ער שפּעטער קאָמפּאָנירט זיינע קינסטלערישע ווערק. און אַ צייכענער איז ער געווען אַ גוטער. זיינע טעמעס זיינען בעיקר געווען מענטשן פון פּאַריזער לוקסעמבורג־גאָרטן. און כאָטש ער איז אין דער קונסט געווען זייער מאָדערן, האָט ער אָבער שטאַרק פאַרערט די קלאַסישע מייסטער.

ער איז געווען אַ גרויסער זוכער פון אויסדרוק־מיטלען אין דער קונסט.

אויסשטעלן פלעגט ער זיינע ווערק אין „סאַלאָן פון די אומאָפּהענגיקע“, און אַחוץ דעם, אַ יעדעס יאָר, אין „סאַלאָן פון די אייבער־אומאָפּהענגיקע“.

ער איז געווען אַ קולטורעלער, דעליקאַטער און פילבאַרער מענטש. געווען זייער מוזיקאַליש און פיין געשפּילט פידל. ער איז אויך געווען אַ צאַרטער פּאָעט און געשריבן לירישע לידער אין דער פוילישער שפּראַך.

דער מאָלער־פּאָעט האָט זייער ליב געהאַט קינדער און געווען גליקלעך, ווען ער האָט זיך געפונען צווישן זיי, זיי געקענט עפּעס דערלאַנגען. צייכענען אָדער מאָלן אַ קינד איז פאַר אים געווען אַ תענוג. ער אַליין איז אָפט מאָל געווען נאַיוו ווי אַ קינד.



אַ. רימער — קאָמפּאָזיציע, אייל בילד



א. רימער — קאָמפּאָזיציע, אייל־בילד

מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ גרויסן בעל־חלומות, וואָס האָט נישט קיין חוש פאַרן „פּראַקטישן לעבן“.

נישט געקוקט אויף זיין שטענדיקן מאַטעריעלן דלות, אויפן שטענדיקן געראַנגל פאַרן שטיקל ברויט, איז עצבות אים געווען פרעמד. ער האָט ליב געהאַט דאָס לעבן און ליב געהאַט מענטשן. ער פלעגט זייער אָפט אַריינפאַלן אין התפעלות, בעת ער האָט געהאַלטן אין ריידן מיט זיינע פריינד, זיי דערציילט וועגן זיינע פּראָיעקטן פאַר דער נאָענטער צוקונפט.

ער פלעגט שטאַרק אַכטונג געבן אויף אויסערלעכקייט, אויף זיין הלבשה. ער האָט נישט געוואָלט אַרויסווייזן זיין אָרעמשאַפט פאַר מענטשן. ער איז שטענדיק געווען אָנגע־טאָן זייער זאָרגפול און זויבער. דער איינציקער קאָסטיום, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, האָט ביי אים אויסגעזען פריש, גלייך פון דער נאָדל אַוועק. די הויזן, וואָס ער פלעגט אַליין פּרעסן, האָבן תמיד געהאַט דעם ריכטיקן קנייטש. און דער שניפּס לויט דער לעצטער מאָדע.

ווען די דייטשן זיינען אַריין קיין פּאַריז, איז ער געבליבן אין שטאָט.

אין איינעם אַ פרימאָרגן האָבן זיך אין דער ציכטיקער אַטעליע פון לעמבערגער יידישן מאָלער־פּאָעט (אויף 114, רי די שאַטאָ) באַוויזן פיר פּאָליציי־אַגענטן און אים אַרעס־טירט, אַוועקגעפירט קיין דראַנסי, פון וואַנען ער איז גע־וואָרן דעפּאָרטירט דעם 19טן יולי 1942.

## ארץ אל-תכסי דמי

# רחל שאַליט-מאַרקוס

# RAHEL SZALIT-MARCUS

## 1894-1942



רחל שאַליט-מאַרקוס איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1894, אין טעלשי, קאָוונער גובערניע. איר פאָטער, וואָס איז געווען אַ בערשטער, האָט פאַרמאָגט אַ נשמה פון אַ קינסטלער און דאָס איז אויך געלעגן אויסגעגאָסן אויף זיין גאַנצער אויסערלעכקייט. דער יידישער בערשטער מיט דער קינסטלער-נשמה, מיטן איינגעבאַקענעם חוש פאַר שיינקייט, פאַר קונסט, האָט שטאַרק געהאַלטן פון זיין טאָכטער רחלע, וואָס האָט פון אירע פריסטע יאָרן אַרויסגעוויזן גרויסע פעיקייטן, און ער האָט זיך זייער באַמיט, אַז זיין געראָטן קינד זאָל קענען אַנטוויקלען איר טאַלאַנט.

די מאַמע איז געווען אַ פשוטע יידישע פרוי, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר גוט האַרץ, מיט יידישער מאַמישער איבערגעגעבנקייט צו קינדער.

די עלטערן האָבן זיך שפּעטער אַריבערגעקליבן קיין לאָדזש און דאָרטן, אין דעם פּוילישן מאַנטשעסטער, איז אַדורך די יוגנט פון דער באַגאַבטער קינסטלערין. זי האָט, אין איינעם מיט דער פאַררויכטער, האַרטער אַטמאָספער פון דער פאַבריקשטאָט, אַריינגעזאַפּט אין זיך די באַפליגלטע חלומות, בענקעניש, אַספּיראַציעס און אַלע ליכטיקע האָפענונגען פאַר נייע, העלע מאָרגנס פון די יונגע לאָדזשער קעמפער מיט די פלאַטערנדיקע שוואַרצע אָדלער-שלייפן און ראָמאַנטישע פּעלערינעס, מיט וועלכע איר פאָטער, וואָס האָט, ווי זיי, געטראָגן לאַנגע האָר, האָט זיך געחברט און וואָס דאָס פאָלק האָט געקריינט מיטן נאָמען „די אחדות-לייט".

איר ערשטע קינסטלערישע אַרבעט איז געווען איר טאַטנס פּאָרטרעט, וועמען זי האָט זייער ליב געהאַט און באַוואונדערט. דערנאָך האָט זי געמאַכט איר אויטאָ-פּאָרטרעט. דער טאַטע און זיינע פריינד זיינען געווען באַגייסטערט פון אירע אָנהייב-אַרבעטן און געלייגט אויף איר גרויסע האָפענונגען און וואָס זיינען טאַקע שפּעטער מקוים געוואָרן.

דער פאָטער האָט געחלומט צו שיקן זיין געראָטן קינד שטודירן מאָלעריי אין דער מינכענער קונסט-אַקאַדעמיע. ער האָט אָבער געוואָלט, אַז זיין רחלע זאָל צו ערשט, איידער זי פאָרט אַוועק אין דער וועלט, לערנען אַ ביסל ביי איר געבילדעטער לאָדזשער קוזינקע, פריילין חזן. זי האָט ביי דער קוזינקע געלערנט דייטש, פּויליש, אַ ביסל פראַנצויזיש און אַנדערע לימודים.

אַרום 1911 האָט זיך איר טאַטן איינגעגעבן, נאָך אַ געוואַלטיקן אָנשטרענג, צו שיקן זי קיין מינכען אין דער קונסט-אַקאַדעמיע, ווו עס האָבן דעמאָלט אויך שטודירט די צוויי לאָדזשער מאָלער-קדושים חיים עפּשטיין און מאַרסעל סלאָדקי, מיט נאָך אַנדערע יונגע יידישע קינסטלער. און הגם זי האָט קומענדיק אַהין געבענקט נאָך איר פאָטער, נאָך דער מוטער און נאָך דער היימישער סביבה, איז איר שטודיום-צייט אין מינכען דאָך געווען פאַר איר די סאַמע גליקלעכסטע אין איר לעבן. זי איז אָבער באַלד געוואָרן די טרויעריקסטע און אָט פון דעם טרויער האָט זי שוין קיין מאָל נישט געקענט זיך מער באַפרייען: די שיינע, טעמפּעראַמענטפולע, שוואַרץ-אויגיקע און פעכשוואַרץ-האָריקע רחלע האָט זיך אין מינכען באַקענט מיטן באַרימטן יידישן אַקטיאָר יוליוס שאַליט, וואָס פלעגט דעמאָלט אויפטרעטן אין די גרעסטע טעאַטערן אין דייטשלאַנד און מיט זיין שפּילן אַלעמען באַגייסטערן. זי האָט מיט אים חתונה געהאַט, געווען גליקלעך. אין אַ צייט אַרום איז יוליוס שאַליט, וואָס איז שפּעטער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, פון איר אַוועק. זי, די יונגע קינסטלערין, האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן איינזאַם און פאַרלאָזן און אין אירע מאָראַלע יסורים זיך אפילו אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק צו מאַכן אַ סוף צו איר יונג לעבן, צו אירע ליידן. אָבער די קינסטלערין מיט דער ענערגיע פון אַ קינד פון פאָלק האָט סוף-כל-סוף גובר געווען דעם דאָזיקן פינצטערן געדאַנק. זי האָט במשך פון איר גאַנץ לעבן אָבער שוין זיך נישט געקענט מער באַפרייען פון דער מרה-שחורה און דעם איינזאַמקייט-געפיל, וואָס האָבן זי געהאַלטן געפאַנגעז פון איינדרוק פון יוליוס שאַליטס טראַגישן טויט.

זי האָט אין יאָר 1916 פאַרלאָזן מינכען און איז געפאָרן קיין בערלין, ווו זי האָט מיט אירע איילבילדער: פּאָרטרעטן, שטיללעבנס, בלומען, מיט אירע שיינע צייכענונגען, אַקוואַרעלן און גואַשן, געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג און איז דאָרטן באַלד געוואָרן אַ מיטגליד פונעם קונסטסאַלאָן „סעצעסיאָן" און שפּעטער פון „נאָוועמבער-גרופּע".

אין בערלין איז זי געווען אַ שטענדיקע איינגייערין פון דעמאָלט באַרימטן „ראָמאַנישן קאַפע". דאָרטן האָט זי אויך געטראָפן אַ מער היימישע סביבה, וואָס איז באַשטאַנען פון יידישע שרייבער, קינסטלער און וויסנשאַפטלער. אין בערלין האָט זי זיך גענומען לייענען און פאַרטיפן אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט זי, די אין מערב-אייראָפּע זיך איינזאַם פילנדיקע, פון יידיש פאָלקלעבן אָפּגעריסענע יידישע טאָכטער, געברענגט צוריק צום היימישן אַמאָל.

די טיפן פון זיידן מענדעלעס „פישקע דער קרומער" און פון שלום עליכמס „מאָטל פייסי דעם חזנס" האָבן דער קינסטלערין דערמאַנט אין אירע יונגע יאָרן אין פּוילן. זי




ר. שאַליט-מאַרקוס — דער „שוואַרצער דאָקטער" בײַם קראַנקן טאַטן.
(פון דער סעריע צײכענונגען צו שלום-עליכמס „מאָטל פּייסי דעם חזנס")
Photo Bernès, Marouteau et Cie — Paris

האָט זיך נישט געקענט אָפּרײסן פון זײ. זי האָט זיך נאָכן איבערלײענען פון די צװײ קלאַסישע װערק פון אונדזערע בײדע ייִדישע קלאַסיקער גענומען צײכענען די הײמישע טיפּן, װאָס װערן דאָרטן געשילדערט און װאָס זײנען, װי זי פלעגט שפּעטער דערצײלן, איר כסדר נאָכגעגאַנגען, װי זײ װאָלטן זיך בײ איר געבעטן זײ צו פאַרפיקסירן דורך איר אין בילד.

אין די צײכענונגען פון דער קינסטלערין צו שלום עליכמס „מאָטל פּײסי דעם חזנס", װאָס זײנען דערשינען אין יאָר 1922, אין בערלינער „כלל-פאַרלאַג", מיט אַן הקדמה פון בעל-מחשבות, און אין די צײכענונגען צו מענדעלעס „פישקע דער קרומער", װאָס זײנען דערשינען נאָר אין הונדערט לוקסוס-עקזעמפּלאַרן אָן טעקסט, בלויז מיט אַן אַרײנפיר פון יוליוס עליאַס, אין בערלינער „פּראָפּילעען-פאַרלאַג", קומט צום בולטסטן און צום שטאַרקסטן צום אויסדרוק דער קינסטלערישער טאַלאַנט פון רחל שאַליט-מאַרקוס. מיר געפינען אין זײ אַ סך פּאָעזיע, צערטלעכקײט און זכרונות פון דער אַלטער היים. די דאָזיקע צײכענונגען זײנען זײער לעבעדיק און דינאַמיש. זײ דריקן אויס די שימחה, די פרײד פון אײנעם, װאָס האָט צוריקגעפונען



ר. שאַליט-מאַרקוס — משה דער אײנבינדער שמײסט די קינדער מיט אַ טאָװל פון אַ קרבן מנחה. (פון דער סעריע צײכענונגען צו שלום-עליכמס „מאָטל פּײסי דעם חזנס")
Photo Bernès, Marouteau et Cie — Paris

זײן יוגנט. זײ זײנען געצײכנט מיט זײער אַ סך געפיל. קינדהײט און יוגנט טױכן מיט אײן מאָל צוריק אויף און פאַרפלײצן דאָס האַרץ, די נשמה, מיט אַ ליבן, הײמישן, װאַרעמען שטראָם, מיט אַ בענקשאַפט צו דעם, װאָס געװען.

זי האָט אויך — און נישט מיט װײניקער טאַלאַנט — אילוסטרירט הײנריך הײנעס „העברעישע מעלאָדיען", ישראל זאַנגװילס „דער קעניג פון די שנאָרער", מאַרטין בובערס „מעשיות פון ר' נחמן בראַצלאַװער" און „קינדער-מעשיות".

װי אַ סך גײסטיק שאַפערישע מענטשן האָט אויך די קינסטלערין מיטן פײנעם געשמאַק זיך געמוזט ראַנגלען פאַר איר עקזיסטענץ. און כדי צו פאַרדינען אויף איר טעגלעכער חיונה — פלעגט זי געבן לעקציעס פון... פעכטן, װאָס אײן גאָט װײסט, װען און װוּ זי האָט זיך אויסגעלערנט די דאָזיקע מלאכה און דאָס ביז צו פּערפעקציע.

***

װען היטלער האָט איבערגענומען די ממשלה — האָט רחל שאַליט-מאַרקוס, װאָס האָט העכער צװאַנציק יאָר געלעבט און געשאַפן אין דײטשלאַנד, פאַרלאָזט דאָס װילד-

געוואָרענע, פאַרהיהשטע לאַנד. זי איז געקומען קיין פּאַריז און דאָ געוואָרן באַוווּסט מיט איר קונסט.

זי האָט אין פּאַריז געפירט אַ זייער איינזאַם און צוריקגעצויגן לעבן: געמאָלן און... געגעבן לעקציעס פון פּעכטן. זי פלעגט, אַ מאָל אין אַן אָוונט, אַראָפּקומען אויף מאָנפּאַרנאַס אין קאַפע „דאָם", זעלטן ווען זיך אַוועקגעזעצט דאָרטן ביי אַ טישל, נאָר שטייענדיקערהייט פלעגט זי שמועסן מיט אַ באַקאַנטן, מיט אַ פריינד, וואָס זי האָט דאָרטן באַגעגנט.

איר טיף ערנסט בלאַס פּנים מיט די טרויעריקע גרויסע שוואַרצע אויגן און שוואַרצע האָר, גלאַטיק פאַרקעמט, האָבן געצויגן די אויפמערקלעכקייט פון די אַרומיקע.

זי האָט זיך אַ מאָל, אַ מאָל ביים רײדן געקענט אויפברויזן, זאָגן יענעם אַ האַרב און גערייצט וואָרט. אַבער וואָס שייך איר, האָט דאָס גיכער געמאַכט דעם איינדרוק, ווי עס וואָלט פּלוצעם נישט ווילנדיק אַרויסגעשריגן איר פאַרוויייטיקט און פאַרביטערט האַרץ, איר עלײנקייט און אפשר אויך עפּעס אַ מין אַנהיימקייט און אויסגעוואָרצלטקייט.

און געווען איז זי אין תוך אַ גוטער געפילפולער מענטש. די, וואָס האָבן זי געקענט נעענטער, האָבן זי געשאַצט און ליב געהאַט, וואָרעם זי האָט פאַרמאָגט אַן איידעלע קינסטלער-נשמה, מיט אַ וואָרעם האַרץ און שטאַרק אַנטוויקלטן יושר-געפיל. אַ האַרץ, וואָס האָט געלעכצט און געבענקט אין אַ צערטלעכער, כאַאָטישער וועלט, נאָך וואַרעמקייט און פריינדלעכקייט. און צו די, וואָס האָבן איר דאָס אַרויסגעוויזן, איז זי געווען זייער איבערגעגעבן.

די מענטשן, וואָס זיינען געקומען אין איר אַטעליע, האָבן באַוווּנדערט איר גאַסטפריינדלעכקייט, איר גוטקייט. זי פלעגט זיך מיט זיי פריינדלעך צעשמועסן, זיי געוויזן אירע קינסטלערישע אַרבעטן, אירע קונסט-קאָלעקציעס. איר פּנים האָט דעמאָלט באַקומען אַן אַנדערן שיין.

די קינסטלערין, וואָס איז געקומען פון די טיפן פון דעם יידישן פאָלקלעבן, עס אַריינגעזאַפּט אין זיך, האָט ליב געהאַט דאָס יידישע פאָלקסליד. זי איז געווען אומגעוויינטלעך צאַרט און צוגעבונדן צו חיות. ביי איר אין אַטעליע האָט מען געקענט תמיד זען קעצלעך, וואָס זי האָט געטראָפן אַרומבלאָנקענדיקע אין גאַס. די קינסטלערין מיטן גוטן האַרץ האָט זיך מרחם געווען איבער די אָרעמע, בלאָנדזשענדיקע שטומע באַשעפענישן, זיי אַריינגענומען צו זיך אין אַטעליע, זיי געקאָרמעט, געצערטלט און געגלעט.



ר. שאַליט-מאַרקוס — דער ברודער אליהו מאַכט קוואַס

(פון דער סעריע צייכענונגען צו שלום-עליכמס „מאָטל פּייסי דעם חזנס")

Photo Bernès, Marouteau et Cie — Paris

# בעל־מחשבות

## רחל שאַליט-מאַרקוס: „מענטשעלעך און סצענעס“

### אַ סעריע צייכענונגען צו שלום-עליכמס „מאָטל פּייסי דעם חזנס“

איטלעכע מאָנאָלאָגיזירנדיקע מעשה פֿון שלום-עליכם לאָזט זיך לײַכט פֿאַרוואַנדלען אין אַ פּרעכטיקן אײַנאַקטער, און אַ סך האָבן דאָס שוין געטאָן. איטלעכע פֿיגור איז אַ שוואַרץ-ווײַס-צייכענונג פֿון אַ שאַרפֿן קינסטלעראויג און כמעט קיינער, חוץ דער קינסטלערין שאַליט, האָט עס דערווײַל נישט געטאָן. אַ ייִדנס אַ מאָנאָלאָג איז נאָר לפֿנים אַ זעלבסט-געשפּרעך. דאָס איז נישט דער מאָנאָלאָג אין דעם אַמאָליקן טעאַטערשטיק, ווען מענטשן האָבן אויסגעדריקט זייערע געדאַנקען אין דער הייך. דער ייִדישער איז טאַט, דראַמאַטיזם, האַנדלונג, ער רעדט, כדי אוממיטלבאַר צו ווירקן. ער האָט כסדר די צוהערכנדיקע צווייטע פּערזאָן און האָט ער זי נישט, האָט ער דערפֿאַר דעם רבונו של עולם, וואָס איז אַלע מאָל, אַלע מאָל קעגנוווערטיק פֿאַר אים. דאַדורך דערקלערט זיך דער לעבעדיקער טאָן פֿון די ווײַבערישע תּחינות, וואָס ריידן זיך דורך מיטן אַלמעכטיקן, ווי די האַנדלענדיקע פּערזאָן מיט דעם האָרכער אויף דער סצענע. אפֿשר איז דאָס טאַקע די אורזאַך, פֿאַר וואָס שלום עליכם האָט אַזוי ליב געהאַט די מאָנאָלאָג-פֿאָרעם.

אויך דער בוך „מאָטל פּייסי דעם חזנס ייִנגל“ איז אַ מאָנאָלאָג פֿון אַ ייִדיש קינד, וואָס האָט ליב אַ קעלבל, אַ קראַנקן פֿאָטער, אַ מאַמען, וועלכעווישט זיך כסדר די אויגן, סײַ בײַ גוטס, סײַ בײַ שלעכטס, וואָס ווערט אויסגעפּליקט פֿון אַן עלטערן ברודער אליהו, און וואָס כאַפּט אַ פּסק פֿון אַ מנשה דעם רופֿא, פֿון דער שוועגערין רבֿקה אַאַז״וו. אין דעם דאָזיקן אײַלנלאַנגן מאָנאָלאָג שפּרינגען אַרויס פֿאַרשווינען און פֿאַרשווינדלעך, וואָס בעטן זיך רחמים, אַז מען זאָל זיי צייכענען מיטן פּענדזל און גריפֿל. אָט זעט איר דעם ברודער אליהון, אַ קליינשטעטישע פֿאַרביסענע ייִדישע נשמה, וואָס ראַנגלט זיך פֿאַר אַ בידנע חיונה מיט אַלע כּוחות. לויט די רעצעפּטן פֿון ביכער, וואָס זײַנען געמאַכט געוואָרן פֿאַר דער גרויסער שטאָט און פֿאַרן ברייטן מאַרק. אָט האָט איר פּיניען, דעם אָפּטימיסט מיט דער לאַנגער נאָז און דעם אידעאַליסטישן מוח, וואָס קלערט נאָר וועגן מעכאַניק און מאַכט דערווײַל קאַליע אַלע קליינשטעטלדיקע זייגערס. אָט האָט איר פּעסיען, די גוטע ייִדישע פֿרוי פֿון פֿאָלק, וואָס שפּריצט מיט גוטסקייט און האַרציקייט, און אַלץ מיט אַ בייזערדיקן קול. אָט זעט איר מנשה דעם רופֿא, משה דעם אײַנבינדער, וואָס שמײַסט אָפּ זײַן טוץ קינדערלעך מיט אַ טאָוול פֿון אַן אײַנבונד. אַלע די דאָזיקע פֿיגורן ליגן אין איין נעץ, פּלאָנטערן זיך אַרום מיט איין אײַנציקן מזל, וואָס יאָגט זיי פֿונעם אָפּגעשטאָרבענעם שטעטל אַהין אין דער וועלט קיין אַמעריקע, ווו זייערס גלײַכן מאַכט שוין דאָרטן אַ לעבן.

שווער אָנצורופֿן אַ ווערק פֿון אַ הומאָריסט, וואָס פֿאָדערט אַזוי דעם גראַפֿיקער, ווי די פֿון שלום-עליכם. דערווײַל האָט נאָר די קינסטלערין שאַליט דאָס פֿול באַגריפֿן און האָט עס געמאַכט פֿאַר אַ טייל פֿון איר לעבנס-אַרבעט.

מאַנכע צייכענונגען פֿון איר, ווו די גראָטעסקע קאָמיק מישט זיך צונויף מיט אַ טרויעריקן מזל פֿון אַן אַלטן קיבוץ, וואָס פֿוילט, דעגענערירט און קעמפֿט אינסטינקטיוו פֿאַר אַ בעסערע מערכה, דערגרייכן אַ גרויסן אויסדרוק און זײַנען עפּעס מער ווי אַ צולייגעכץ, נישט ווי אַן אילוסטראַציע צו דעם, וואָס זאָגט אַרויס שלום-עליכמס קינסטלערוואָרט.

נעמט, למשל, די צייכענונג „מיר פֿאָרן קיין אַמעריקע“:

מיר זעען אויפֿן וואָגן די אָנגעמאָטערטע, צעפֿלאָכטענע ווײַבער, וועלכע ליגן אויף די אײַנגעפּאַקטע קישנס און זײַנען שוין אַליין עפּעס אַזוי געפּגרט, ווי די געפּעק. אליהו מיט זײַן ווײַב, פֿאַראומערט און פֿול מיט ייִדישן ביטול, וועלכע לאָזן זיך פֿירן ווי די שעפּסן, אָן שום האָפֿענונג, פּיניע דעם מעכאַניק, וועלכער לעכערט דורך די לופֿט מיט זײַן לאַנגער נאָז און הויכן שפּיציקן שאַרבן און קוקט מיט גלויבן און דער רואיקייט פֿון אַ פֿאַנטאַסט אויף דער אונטערגייענדיקער זון — דעם פֿורמאַן, אַ שטאַרק באַזעסענעם בײַ זיך: ער עמיגרירט נישט חלילה, אדרבא, ער פֿירט פֿאַרשווינען צום באַן, און מאָטלען, ווען ס'איז סתּם גוט, ווײַל ער האָט אַ נשמהלע פֿון קוועקזילבער



ר. שאַליט-מאַרקוס — „מיר פאָרן מיר קיין אַמעריקע"

און אין גאַנצן זיבן זומערס אויפן יונגן קאַרק. צי איז נישט די דאָזיקע צייכענונג עפּעס אַ צוליבגעכץ פאַרן ליבהאָבער פון שלום עליכמס אַ בוך? העכער ווי אַלע וואַקסט אַרויס עפּעס אַ יידישע דאָן-קיכאָטישע געשטאַלט (פּיניע), אים צופוסנס אַ קליינשטעטלדי־קער איוב (אליהו), פאַרויס אַ סאַנטשאָ־פּאַנטשאָ־פיגור און נעבן אים אַ וואַקסנדיק לעבן, אַ לאַכנדיק מלאכל אין אַ יידיש צעריסן מלבושל.

אין שלום-עליכמס „מאָטל דעם חזנס" האָבן זיך דורכגעמישט דריי הויפּטמאָטיוון פון געבענטשטן יידישן נאַציאָנאַלן הומאָריסט: הינטער אליהוס טועכצן קוקט אַרויס מיט אַן אייגל די יידישע מאַניאַקאַלישע פיגור פון מנחם-מענדלען. זי שאָטנט זיך נאָר, אָבער זי איז דאָ. עס זיינען אויך פאַראַן בלאַסע קאָנטורן פון אַלערליי טוביהס, אָבער דער הויפּטמאָטיוו פון בוך איז דאָס יידישע קינד, דער ייד אין זיין פרילינגצייט, וואָס ראַנגלט זיך מיט טעמפּעראַמענט, פאַרשייטקייט און דעם הומאָר פון איינעם, מיט וועמען ס'הייבט זיך אָן אַ לעבן פון דאָס ניי. די מנחם-מענדעלס און די טוביהס זיינען שוין פאַרטיקע. די דעגענעראַציע און די אייגנשאַפט פון שטעטל אין איינעם מיט אַלע סתירות, וואָס מאַכן פון אַ מיטליאָריקן יידן אַ הויפן שפּענדלעך, האָט זיי שוין אָפּגע־פאַרטיקט. די מאָטלעך אָבער קומען באַוואָפנט מיט אַן איבערפלוס פון קרעפטן און באַגאַבונג, ווי איטליכס בלימל פון אַן אַלטער ראַסע, און פאַרווונדערן די אַרומיקע מיט זייער לעבנס-כוח, לעבנסמוט און לעבנס-העזה.

פאַרן ליבהאָבער און קענער פון שלום-עליכמס ווערק וועלן די צייכענונגען פון פרוי שאַליט געוויס זיין אַ שיינע מתנה, און מ'קאָן האָפן, אַז צוליב זיי וועט אויפגעפרישט ווערן דער חשק צו שאַפן מיט דער צייט אַ קינסטלערישן אַלבאָם, ווו ס'וועלן שטיין פאַר אונדז די צענדליקער, צענדליקער געשטאַלטן פון שלום-עליכמס וועלט, וואָס איז נאָך עד היום אין מיזרח-אייראָפּע סיי אַ טויטע, סיי אַ לעבעדיקע.

# רפאל שוואַרץ

# RAPHAEL SCHWARTZ

## 1874-1942



צווישן די קעסטעלעך מיט אַש, וואָס זיינען אַריינגעמויערט אין די קעלערוואַנט פון פּאַריזער קרעמאַטאָריע אויפן בית-עלמין „פּער לאַשעז“, געפינט זיך דאָס קעסטעלע מיטן ביסל אַש, וואָס איז געבליבן נאָך אַ קינסטלער-קדוש.

עס טראָגט די נומער 13064.

אויף דער קליינער, שוואַרצער, מירמלשטיינערנער מצבה-טאָוול זיינען אויסגעקריצט די ווערטער:

רפאל שוואַרץ, סקולפּטאָר. 1874—1942.

דאָס אין דער וואַנט אַריינגעמויערטע קעסטעלע, פאַרדעקט מיט דער קליינער, שוואַרצער, מירמלשטיין-טאָוול, איז דער טראַגישער פינאַל פון אַ קינסטלער, אַ זון פון אַ טראַגיש פאָלק.

אינעם טויטנשיין, אַרויסגעגעבן פון דעם שטאָטטייל-מאַגיסטראַט, וווּ ער האָט געוווינט, שטייט געשריבן:

„רפאל שוואַרץ, מאָלער-סקולפּטאָר, קאַוואַליער פון ערן-לעגיאָן, געבוירן דעם 1טן אָקטאָבער 1874 אין קיעוו, זון פון אהרן און דבורה שוואַרץ, איז געשטאָרבן דעם 3טן אויגוסט 1942 אַ זייגער זעקס אין דער פרי.“

***

ער איז געווען אַ מאָלער, אַ סקולפּטאָר און אַ גראַפיקער מיט אַ גרויסן טאַלאַנט.

ווי אַ סך אַנדערע קינסטלער האָט אים פּאַריז געצויגן פון די יינגסטע יאָרן אָן. ער איז געקומען אַהער אין עלטער פון אַכצן יאָר. דאָ געענדיקט די קונסט-אַקאַדעמיע, דאָ חתונה געהאַט מיט אַ פרוי פון פראַנצויזישן אַדל, מיט וועלכער ער איז זיך שפּעטער פונאַנדערגעגאַנגען.

ער האָט באַוווּנדערט די שיינקייט פון דער נאַטור און גע-זוכט די ריכטיקע פאָרעם אויסצודריקן די דאָזיקע שיינקייט אין זיין קונסט.

אָפּגעגעבן האָט ער זיך בעיקר מיט דער גראַפישער קונסט, וווּ ער האָט זיך באַזונדער אויסגעצייכנט. ער האָט אויך געזוכט אַנדערע מיטלען זיך אויסצודריקן: געמאָלן אייל-בילדער און געמאַכט סקולפּטורן.

אין דער קונסט איז ער געווען און געבליבן אַ רעאַליסט. ער איז געווען אַ פריינדלעכער, געזעלשאַפטלעכער מענטש, פול מיט זאָרג פאַר זיינע מיטמענטשן. געווען דיסטינגירט און האָט פאַרמאָגט אַ גוטן מענטשלעכן הומאָר.

דער באַרימטער יידישער סקולפּטאָר יעקב לוטשאַנסקי האָט זיך אויסגעדריקט, אין אַ שמועס וועגן אים, מיט די ווערטער:

— „אַ גוט האַרץ, אַ ווילער מענטש.“

די דאָזיקע ווערטער כאַראַקטעריזירן צום טרעפלעכסטן דעם קדוש.

רפאל שוואַרץ, דער קינסטלער, דער מענטש מיטן גוטן האַרץ, האָט נאָך דער ערשטער וועלט-שחיטה אַדאָפּטירט מערערע מלחמה-יתומים, אָן אונטערשייד פון גלויבן און נאַציאָנאַליטעט. ער האָט אויסגעהאַלטן די קליינע מלחמה-קרבנות, געזאָרגט פאַר זיי ווי אַ גוטער, איבערגעגעבענער פאָטער. אַליין האָט ער געפירט אַן עניוותדיק, צוריקגעצויגן לעבן, געווען איבערגעגעבן דער קונסט.

נישט געקוקט דערויף וואָס ער האָט געלעבט קרוב פופציק יאָר אין פראַנקרייך, געווען קאַוואַליער פון ערן-לעגיאָן, פאַרקערט אין די בעסטע פראַנצויזישע קרייזן, האָט ער נישט געביטן זיין בירגערשאַפט. זיך אָפּזאָגן פון אַ לאַנד, פון וואַנען מען איז געקומען, אָדער ביטן זיין אמונה, האָט דער קינסטלער געהאַלטן פאַר נישט שיין.

דאָס דערנענטערן זיך פון די ברוינע אַרמייען קיין פּאַריז, ווי ער האָט פאַרברענגט און געשאַפן, האָט אָנגעפילט מיט אומרו און מיט מרה-שחורה די נשמה פון דעם דאָזיקן גוטן מענטש און קינסטלער. שטיל און איינזאַם האָט ער געוויינטיקט אין זיין טרויער.

ווי ס'האָט איבערגעגעבן די יידישע מאָלערין, פרוי ליסי וואָרמסער, וואָס האָט געוווינט בשכנות מיטן קינסטלער, האָט זי, בשעת זי און איר מאַן האָבן געהאַלטן ביים פאַר-לאָזן פּאַריז (דעם 22טן יוני 1940), אים געבעטן מיטצו-פאָרן מיט זיי.

ער האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט. ער איז שוין דעמאָלט גע-ווען זייער דעפּרימירט און בעת דעם געזעגענען מיט זיי זיך צעוויינט.

ריידנדיק וועגן דעם מענטש און קינסטלער רפאל שוואַרץ, וועגן זיין נאָבעלן כאַראַקטער, האָט די מאָלערין דערציילט פאָלגנדיקן עפּיזאָד:

אין יאָר 1936 אָדער 1937 איז רפאל שוואַרץ אין זיין אַטעליע. אין מיטן דער אַרבעט באַפאַלן געוואָרן פון אַ גייסטיק-קראַנקן מענטש. יענער האָט זיך געוואָרפן אויף אים און אים שיר נישט דערוואָרגן. ער איז קוים אַרויס אַ לעבעדיקער פון זיינע הענט.

דער באַוווּסטער פראַנצויזישער סקולפּטאָר, ה' יאַנסעס, וואָס איז געווען רפאל שוואַרצס שכן אין דער „ווילאַ דע טערן“, האָט איבערגעגעבן, ווי ער האָט דעם קינסטלער געזען דריי טעג פאַר זיין טראַגישן טויט. ער איז געווען שטאַרק אַנידערגעשלאָגן און האָט אים געזאָגט:



ר. שוואַרץ — קלאָד דעביוסי, גראַווירונג

קאָלעקציע ה. פענסטער

— „איר, איר האָט נאָך פאַר אייך אַ צוקונפט, פאַר מיר איז אַלץ געענדיקט.“

דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען די דייטשישע אכזריות האָט זיך שוין געגעבן גאָר שטאַרק צו פילן אין יענער צייט דעם פראַנצויזישן יידנטום.

ה׳ יאַנסעס האָט נישט געוווּסט, אַז שוואַרץ איז אַ ייד. ביי רפאל שוואַרצן, וואָס איז אַרומגעגאַנגען אַן איינגעבויגע־נער, האָט מען די געלע לאַטע, וואָס ער האָט געטראָגן, נישט באַמערקט.

— „ווען מ׳וואָלט געווען געוווּסט — האָט געזאָגט דער פראַנצויזישער קינסטלער, אַז ער איז אַ ייד — און ס׳זיינען דאָך, גאָט צו דאַנקען, געווען אָנשטענדיקע פראַנצויזן — וואָלט מען שוין געווען געפונען עפּעס אַ מיטל אים צו העלפן ערגעץ ווו אַוועקצופאָרן.“

ער איז אָבער אַרומגעגאַנגען איינער אַליין מיט זיין טיפן צער. געווען מיד און טיף דערשלאָגן פון די שטענדיקע געיעגן אויף יידן.

דער טויט האָט אויסגעלייזט דעם יידישן קינסטלער פון אַלע פיינען, פון אַלע רדיפות, וואָס האָבן זיך געשיט אויף זיין פאָלק.

אויף דער טיר פון דער אַטעליע האָט געהאָנגען אַ קליין



ר. שוואַרץ — אַנרי בערגסאָן, גראַווירונג

צעטעלע, געשריבן צום הויזוועכטער, וואָס פלעגט אים ברענגען אַ יעדן פרימאָרגן אַ צייטונג:

— „גייט נישט אַריין, איידער איר האָט נישט צו וויסן געטאָן דער פּאָליציי.“

ווי עס גיט איבער ה׳ יאַנסעס, האָט מען געפונען דעם קדוש רפאל שוואַרץ אַ הענגענדיקן, אָנגעטאָן אין זיין ראָק מיט דער געלער לאַטע און מגן־דוד, וואָס האָבן זיך זייער בולט אָנגעזען, ווי ער, דער אומגליקלעכער יידישער קינסטלער, וואָלט דערמיט געזאָגט:

— „זעט, איך בין אַ ייד, און ווי אַזעלכער ווער איך גע־רודפט. מען זאָגט מיר אָפּ דאָס רעכט צו לעבן און צו שאַפן.“

*

צו זיין לוויה, וואָס איז פאָרגעקומען עטלעכע טעג שפּע־טער, זיינען געקומען געציילטע מענטשן. פאַר אַ ייד איז דעמאָלט געווען אַ גרויסע סכנה זיך צו ווייזן אין גאַס. אַלץ וואָס האָט זיך געפונען ביי אים אין דער אַטעליע: קונסטווערק, מעבל וכדומה, און אַן ערך פערציק טויזנט פראַנק מזומן, האָט דער קדוש איבערגעלאָזט לטובת די אָרעמע אין פאַריז.

די שטאָט, ווו דער קינסטלער האָט געלעבט און געשאַפן און אַזוי טראַגיש פאַרענדיקט זיין לעבן, האָט איבערגענו־מען אין איר רשות די ירושה.

עטלעכע חדשים נאָך זיין טראַגישן סוף זיינען די נאַציס געקומען אים נעמען.
דער הויזוועכטער האָט זיי געזאָגט:
— „איר קענט אים זוכן אויף יענער וועלט, ער האָט זיך אויפגעהאָנגען.“

***

רפאל שוואַרץ איז געווען אַ מיטגליד פון „טיולערי־סאַלאָן“ און פון „נאַציאָנאַלן סאַלאָן“ און ער פלעגט דאָרטן אויסשטעלן זיינע קינסטלערישע שאַפונגען. ער האָט געמאַכט פּאָרטרעטן פון אַ ריי גרויסע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אויפן געביט פון קונסט און וויסנשאַפט. אין יאָר 1912 האָט דער פּאַריזער פאַרלאַג ה. פלורי אַרויסגעגעבן, אונטערן טיטל „עטלעכע מענטשן“ („קעלקע ז'אָם“) אַן אַלבאָם פון רפאל שוואַרץ מיט אַן הקדמה פון אַנאַטאָל פראַנס.
דער גרויסער פראַנצויזישער שרייבער רימט אין זיין הקדמה רפאל שוואַרצס קונסט, די אויסגעצייכנטקייט און שלמות פון זיינע פּאָרטרעטן.

אין דעם דאָזיקן אַלבאָם, וואָס איז דערשינען אין בלויז הונדערט נומערירטע און פון קינסטלער געחתמעטע לוקסוס־עקזעמפלאַרן און וואָס איז היינט אַ יקר־המציאות, גייען אַריין די פּאָרטרעטן פון אַנאַטאָל פראַנס, פון אַנדרע זשיד, פון בעלגישן פּאָעט עמיל ווערהאַרן, פון די סקולפּטאָרן אָגיסט ראָדען, אַלבער באַרטאָלאָמע, פון די מאָלערס אַלבער בערנאַר, אַנרי מאַרטען, י. פ. ראַפּאַעלי, פּ. אַ. רענואַר, פון צייכענער אַ. ווילעט, פון די קאָמפּאָזיטאָרן אַלפרעד ברינאָ און קלאָד דעביוסי, וואָס איז געווען אַ פריינד פון רפאל שוואַרץ, פון ביאָלאָג ד'אַרסאָנוואַל, פון פילאָזאָף אַנרי בערגסאָן, פון פּאַטאָלאָג פּראָפּ' בושאַר, פון פּאָרשער זשאַן שאַרקאָ, פון דענקער און מאַטעמאַטיקער אַנרי פּואַנקאַרע, פון נאַטורפּאָרשער איוו דעלאַזש, פון באַקטעריאָלאָג דע־רו און פון געאָגראַף ווידאַל־דע־לאַבלאַנש.

משמעות, אַז דער קינסטלער האָט אויך געמאַכט אַ פּאָרטרעט פון בערנאַרד שאַו.

## אַנאַטאָל פראַנס

הקדמה צו „עטלעכע מענטשן“ פון רפאל שוואַרץ

דער סטיל איז דער עיקר — ער איז אַלץ און קיין שום זאַך קען נישט פאַרנעמען זיין פּלאַץ: נישט דער שכל, נישט דער גייסט און נישט דאָס וויסן.
נישט שטענדיק איז לייכט צו אַנטפּלעקן די עלעמענטן פון סטיל. אָבער מיר דאַכט זיך, אַז אין די פּאָרטרעטן פון רפאל שוואַרץ שטאַמען: סטיל, כאַראַקטער, אָריגינעלקייט פון דעם כוח פון זיין משקל־ראשון און פון דער פרייוויליקער פשטות פון אויספיר.
געמעסיקט אין זיין קונסט, זאָגט דער דאָזיקער צייכענער דאָס, וואָס מען דאַרף זאָגן, און נישט עפּעס אַנדערש.
עס זיינען דאָ ביי אים אימפּאָנירנדיקע פאַרקירצונגען און אַ מעכטיקע פּרעציזקייט.
ביי אים ווערט בולט אַנטפּלעקט דאָס, וואָס אַזוי פיל אַנדערע מאָלער פאַרשלייערן און פאַרגרימירן: דאָס פּנים. ער ווייזט אונדז דאָס פּנים.

און איר קענט גלייבן, אַז אין דער קונסט איז אַן אָפן פּנים אַ גאַנץ זעלטענע זאַך, וואָס שייך דעם פּאָרטרעט.

אין עטלעכע טיף אַדורכגעטראַכטע שטריכן גיט אונדז רפאל שוואַרץ דאָס אינעווייניקסטע לעבן. און וואָס שייך דעם, זיינען זיינע קעפּ ערשטעך אויסגעצייכנט.

ריידנדיק אַ מאָל וועגן איינעם פון די דאָזיקע פּאָרטרעטן, האָט אַנרי בערגסאָן געזאָגט, אַז ער, דער פּאָרטרעט, איזווירקלעך לעבעדיק און אַז ער שטעלט מיט זיך פאָר, לויטן אויסדרוק פונעם פילאָזאָף, די קווינטעסענץ פון מאָדעל. בעסער קען מען זיך נישט אויסדריקן און געבן דעם ווערק פון דעם יונגן מייסטער אַ מער פּאַסיקערן שבח.

דעצעמבער 1912.

# מאנפרעד שטארקהאוז
# MANFRED STARKHAUS
## 1925-1943

מאנפרעד שטארקהאוז איז געבוירן געווארן דעם 26טן יולי 1925 אין פירט, דייטש־לאנד, ביי פויליש־יידישע עלטערן, וואס האבן שפעטער געוווינט אין נירנבערג.
די נאצים האבן אין מיטן דער נאכט ארויסגעשלעפט פון זייער שטוב אים, זיין טאטן, זיין מאמען און זיין קליינע שוועסטער, אין איינעם מיט טויזנטער פון פוילן שטאמיקע יידן, און זיי געיאגט צו דער פוילישער גרענעץ.
די אין מיטן דער נאכט ארויסגעטריבענע פון זייערע שטיבער יידן האבן חדשים לאנג זיך ארומגעוואלגערט אין זבאנשין, ביי דער דייטשער גרענעץ. זייער געבוירן־לאנד פוילן האט זיי נישט געוואלט ארייגלאזן.

די מאמע, מאנפרעד, די קליינע שוועסטער, האבן שפעטער געקענט פון דארטן צוריקקומען קיין דייטשלאנד. דער טאטע איז געבליבן אין פוילן און איז דארטן אומגעקומען.
אין יאר 1939 האט די מוטער גענומען אירע צוויי קינדער און זיך געלאזט מיט זיי קיין פראנקרייך, געלעבט מיט זיי, ביז מלחמה־אויסבראך, אין שטעטל סען־לואי, וואס ביי דער שווייצער גרענעץ.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראכן, האט מען די תושבים פון שטעטל עוואקואירט קיין לעקטור, דעפארטעמענט זשער, אין אנדערע מקומות.
ער, מאנפרעד, איז געקומען קיין לעקטור מיט זיינע פערצן פרילינגען און מיט זיינע צוויי גלאנציקע, שווארצע אויגן און געקרייזלטן קאפ שווארצע האר.
נישט קענענדיק נאך די פראנצויזישע שפראך, איז ער אריין אין דער ארטיקער פאלקשול. ער ווערט באלד דארטן דער בעסטער תלמיד. ער גייט אריבער אין דער מיטלשול און איז פון אלע תלמידים דער שטארקסטער אין מאטע־מאטיק.

נאך צוויי יאר זיך לערנען דארטן, שטעלט ער זיך צו צום ערשטן מאטורע־עקזאמען און באקומט אן אויסצייכענונג.
ער האט אבער א ביסל עגמת־נפש: אנשטאט „זייער גוט", האט ער פון א יידנפיינדלעכן פראפעסאר באקומען „גענוג גוט". ער, מאנפרעד, האט געוווסט, אז ער האט זיך ערלעך פארדינט, אז דער דאזיקער פראפעסאר זאל אים געבן „זייער גוט".
אין שטעטל לעקטור האט מאנפרעדן, אחוץ צו מאטעמא־טיק, וואס ער האט געהאט בדעה צו שטודירן, געצויגן צו מאלעריי. ער האט זיך דארטן גענומען צו צייכענען און צו מאלן. אנגעוויזן איז ער דארטן געווען בלויז אויף זיך אליין, נישט באקומענדיק פון ערגעץ קיין שום עצה, קיין שום אנווייז.
די חנעוודיקע אקווארעל־פייזאזשן, וואס ער האט געמאכט, האבן צוגעצויגן דעם אויפמערק פון די תושבים פון שטעטל און זיי האבן איין מאל גענומען די פייזאזשן פון זייער שטעטל, וואס מאנפרעד האט געמאלן, און געפארן מיט זיי קיין אש, די הויפטשטאט פון זייער דעפארטע־מענט, און זיי דארטן אויסגעשטעלט.

אחוץ מיט מאלעריי האט מאנפרעד געחלומט זיך א סך אפצוגעבן מיט מאטעמאטיק. ער האט ארויסגעוויזן א פעסטן ווילן צו דערגרייכן דעם ציל זיינעם.

בכדי צו ראטעווען אירע ביידע קינדער פון דער סכנה, וואס האט געלאקערט אויף זיי נאכן „וואפנשטילשטאנד" מיט היטלערן, האט די מאמע זיך באמיט צו באקומען א דערלויבעניש ארויסצושיקן אירע קינדער קיין צפון־אמעריקע, כדי זיי זאלן נישט ווערן איינגעשלונגען פון דער חיה־רעה.

נאך שווערער מי האט זיך איר איינגעגעבן אפצוראטעווען איינס פון אירע ביידע קינדער, דאס טאכטערל. אים, מאנפרעדן, האט מען נישט געוואלט באוויליקן ארויסצו־פארן פון פראנקרייך. ער איז, לויט דער פארשריפט, גע־ווען מיט דריי חדשים צו אלט צו קענען ארויס פון דער געפאר.

אין דער נאכט פון 24טן פעברואר 1943 ווערט דער יונגינ־קער, ארבעטזאמער און צוזאגנדיקער מאנפרעד צוגענומען אין לעקטור און פארשפארט אין א תפיסה. דעם 2טן מערץ 1943 פירט מען אים קיין דראנסי.

א חודש שפעטער, דעם 4טן אפריל 1943, ווערט ער פון דארטן דעפארטירט.

געפינענדיק זיך אין דראנסי האט מאנפרעד, וואס איז גע־ווען די האפענונג פון זיין מוטער, געשריבן צו איר, דער טרויערנדיקער מאמען, דברי־נחומים. ער האט זי גע־טרייסט און געמוטיקט.
אין איינעם פון די בריוו צו זיין מאמען שרייבט ער:
מאמע!
ביז איצט האב איך זיך נאר געלערנט ווי אזוי זיך צו בא־דינען מיט א קאמפאס, מיט א ווירע. אצינד, מאמע, וועל איך זיך לערנען ווי צו ווערן א מענטש.

***

טמאהדיקע, אלץ חרוב מאכנדיקע הענט האבן זיך צוגע־רירט צו א יונג, אומשולדיק און חנעוודיק ביימעלע, וואס האט זיך געהאלטן אין פונאנדערבליען, און עס אונטער־געהאקט און צעטרעטן.

# מאיר שייכל

# MEYER CHEYCHEL

## 1890-1942



ס'פלעגט זיך באווייזן אויף מאַנפּאַרנאַס אַ מאָדנער מענטש.
אויסגעזעהן האָט ער, מיט זיין דאַרן קערפּער, מיט זיין שמאָלן פּנים, וואָס איז געווען באַצווינגן מיט אַ דינער, בלאַסער הויט, ווי אַן אַסקעט.
די הלבשה, וואָס האָט איינגעהילט זיין אַסקעטישן קערפּער, האָט שוין געהאַט פון לאַנג פאַרלוירן פון איר אַמאָליקן גלאַנץ.
זיין קאָפּ איז געווען באַדעקט מיט אַן אָפּגענוצטן קאַפּעליוש, מיט אַ פעסטן קנייטש אין דער מיט. זיינע לאַנגע, גלייך־געקעמטע האָר, מיטן שרינט אין דער מיט, האָבן זיך אַריבערגעדרייט פונעם נאַקן זיינעם.

מיט גלאַסענע, שטילע טריט איז ער אַריין אין „קאַפּע דאָם" אָדער אין קאַפּע „לאַ קופּאָל". אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ פּאַפּיר מיט אַ בלייפעדער. ער האָט אַדורכגעשפּרייזט שטיל די קאַפּעזאַלן און אָפּט מאָל באַלד אַרויסגעגאַנגען, מיט זיינע שטילע, גלאַסענע טריט, וואָרפנדיק בשעת־מעשה אַ בליק אויף די מענטשן, וואָס זיינען געזעסן ביי די נאָך שוואַך באַזעצטע קאַפּעטישלעך, דעם קאָפּ אויסגעדרייט אויף דער רעכטער זייט. די טריט, וואָס דער מענטש מיטן בלאַסן פּנים, מיטן אַסקעטישן אויסזען האָט דעמאָלט געשטעלט, די האַלטונג זיינע, האָבן געהאַט אין זיך אַ מין נאַבלקייט.
מענטשן פלעגן נאָכקוקן דעם מאָדנעם מענטש.
טייל מאָל פלעגט ער זיך אַוועקזעצן ביי אַ קאַפּעטישל און באַטראַכטן דעם עולם, וואָס איז געזעסן אַקעגן אים. ער האָט זיך גענומען צייכענען די שטריכן פון זייערע פּנימער אָדער אַרויסגענומען פון די קעשענעס פון זיין אָפּגענוצטן רעקל פּאַפּיר און זיך גענומען שרייבן. ער האָט געהאַלטן אין איין טראַכטן, בעת ער האָט געשריבן. ער איז געווען פאַרטאָן אין זיינע רעיונות. ער איז געווען נישט פון דאַנען. קיינער האָט קיין מאָל נישט געקענט דערגיין, וואָס דער מענטש מיטן אַסקעטישן אויסזען האָט פאַרשריבן אויף זיינע פּאַפּירן. דאָס איז געבליבן פאַר יעדן אַ סוד.
דער מענטש מיט זיין בלאַסן, אויסגעצערטן פּנים, איז געווען דער יידישער מאָלער־קינסטלער מאיר שייכל.
ער איז געווען אַ מיסטיקער, דער דאַזיקער קינסטלער, אַ טיף רעליגיעזער מענטש, אַ וועגעטאַריאַנער.
מאיר שייכל איז געבוירן געוואָרן דעם 20טן אָקטאָבער 1890) אין שטעטל טשודנאָוו, פּופּציק קילאָמעטער פון בערדיטשעוו. ביז דרייצן יאָר געגאַנגען אין חדר. זיין פאָטער, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט ביי אַ וואַלד־סוחר, איז געווען אַ קאַרשעוווער חסיד.
דער קאַרשעוווער חסיד האָט פאַרמאָגט אין שטעטל טשודנאָוו אַ קליין הויזל.
זיין זון, וואָס איז געווען נוטה צו פאַרבאַרגנקייט, צו מיסטיציזם, האָט ליב געהאַט צו בלייבן אין קליינעם הויזל פון זיין פאָטער.
אין די אָוונטן פלעגט ער ליב האָבן אַרויסצוגיין אויפן הייפל פונעם פאָטערס הויזל, וואָס איז געווען אָנגעלייגט מיט ברעטער, זיך אַוועקזעצן דאָרטן מיט אַן אַלטן ייד פון שטעטל, וואָס פלעגט אים דערציילן מעשיות.
דער דאָזיקער אַלטער ייד האָט אים דערציילט מעשיות פון חסידים, פון גוטע יידן וכדומה.
ער האָט אויך ליב געהאַט צו הערן די מעשיות, וואָס עס האָט דערציילט דער אַלטער וועכטער פון שטעטל, וואָס איז געקומען פון ווייטן סיביר.
דער אַלטער וועכטער האָט מאירן דערציילט מעשיות פאַנטאַסטישע פון די טיפע סיבירער וועלדער, וועגן די אויסטערלישע בילדער, וואָס ער האָט באַגעגנט אין די ווייטע וואַלד־געדיכטענישן.
מאיר האָט זייער ליב געהאַט די דאָזיקע פאַנטאַסטישע בילדער, וואָס דער דאָזיקער אַלטער פויער האָט געמאָלן פאַר אים.
אַרום 1910־1911 פאַרלאָזט מאיר זיין געבוירן־שטעטל טשודנאָוו מיטן הויזל און הייפל פון זיין פאָטער, ווו ער פלעגט ליב האָבן אויסהערן די חסידישע מעשיות פונעם אַלטן ייד, און די מעשיות, וואָס עס האָט אים דערציילט דער אַלטער וועכטער.
ער איז געפאָרן קיין פּעטערבורג.
דאָרטן האָט ער באַזוכט פּריוואַטע קונסט־סטודיעס און געאַרבעט ביי זיך.
ער איז צו יענער צייט געווען זייער שטאַרק באַווירקט פון גאָגען'ס מאָלעריי.
ער האָט אויסגעשטעלט אין פּעטערבורג, קיעוו, און אַנדערע שטעט און געהאַט אַ סך דערפאָלג.
יעדן זומער פלעגט מאיר שייכל קומען אין זיין געבוירן־שטעטל טשודנאָוו. ער איז געווען זייער באַפריינדט מיט זיין בן־עיר, דעם באַוווסטן שרייבער, דער נסתר.
אין רוסלאַנד האָט דער קינסטלער אָנגעהויבן ווי אַ פיינער עסטעט. ער איז דעמאָלט געשטאַנען נאָענט צו דער גרופּע „מיר איסקוסטוואַ" (די וועלט פון קונסט).
אין פּעטערבורג האָט מאיר שייכל פאַרבראַכט אַ דריי, פיר יאָר. ער האָט געמאָלן בעיקר קאָמפּאָזיציעס, זעלטן ווען פּייזאַזשן. אין זיינע קאָמפּאָזיציעס און שטיללעבנס



מ. שייכל — אַ פרוי, צייכענונגג

געפינט מען טייל מאָל אַ בוים, אָבער אָן צווייגן און אָן בלעטער, נאָר דעם נאַקעטן סקעלעט.

אין יאָר 1922 קומט דער קינסטלער קיין פּאַריז. ער פילט זיך די ערשטע צייט דאָ פרעמד. ער הייבט אָן אַלץ אויף דאָס ניי. אָבער ער גייט זינט דעמאָלט זיין אייגענעם וועג, וואָס דערנענט אים צו דער פאָלקסקונסט („אַר פּאָפּילער"). עס איז כדאַי אָנצוּווייזן אויפן קינסטלערס קאַרמינס, אויף זיין איבערגעבן מיט אַ זעלטענער פיינקייט דעם רויטן קאָליר, אויף זיינע „בילדער פון גאַס", ווו די אימאַגינאַציע, דער כוח הדימיון, האָט די אייבערהאַנט.

אין פּאַריז האָט זיך מיט אים אינטערעסירט דער באַקאַנטער מאָלער און קונסטקריטיקער אַלעקסאַנדער בענואַ, וואָס האָט אים געשטיצט מאָראַליש און אויך מאַטעריעל. דער קינסטלער-מיסטיקער האָט געלעבט אין פּאַריז זייער אָרעם: נישט האָבנדיק קיין בעט, איז ער געשלאָפן אויף אַן אויסלייגשטול און צוגעדעקט דעם דאַרן קערפּער זיינעם מיט אַלטע מלבושים. ער האָט כמעט נישט געגעסן. אַריינגעקומען אַ מאָל צו דער הויזוועכטערין מיט אַ טעפּעלע צו דערוואַרעמען.

ער פלעגט, ווי אַ מאָל דער באַרימטער, יונג-פאַרשטאָרבענער איטאַליעניש-יידישער מאָלער אַמאַדעאָ מאָדיליאַני, צייכענען אין די קאַפעס פון מאָנפּאַרנאַס, דער עיקר קעפּ,



מ. שייכל — צייכענונג
Photo Bernès, Marouteau et Cie — Paris

און דערנאָך זיי אַוועקגעגעבן פאַר אַ צען, פופצן פראַנק. מאיר שייכל, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אַ לאַנד, ווו עס זיינען פאָרגעקומען פּאָגראָמען אויף יידן, איז אין משך פון יאָרן אַרומגעגאַנגען מיט אַ שטענדיקן פחד פאַר פּאָגראָמען. די פּאָגראָם-וויזיעס האָבן פאַרפאָלגט דעם אומגליקלעכן קינסטלער. ער האָט פון 1925-1926 אָנגעהויבן צו ליידן פון אַ פאַרפאָלגונג-מאַניע.

אין די לעצטע יאָרן אָבער איז דער פאַרפאָלגונג-פחד געווען ביי אים אָפּגעשוואַכט און דער קינסטלער, וואָס האָט געגלייבט צו האָבן וויזיעס, איז געוואָרן רואיקער, האָט אויסגעשטעלט, אַזוי אַז מיר געפינען אין אָרגאַן פאַר קונסט און ליטעראַטור „ל'עקיפּ", פון 25טן יולי 1939, אַ זייער סימפּאַטישן אַרטיקל וועגן מאיר שייכלס קונסט, וואָס עס האָט פאַרעפנטלעכט דאָרטן, מיט אַ רעפּראָדוקציע פון זיינעם אַ שאַפונג, ה׳ פּ. ה. לעם.

זומער 1942, דריי אַ זייגער ביי נאַכט, בעת מאיר שייכל איז געלעגן מיט זיין דאַרן, אַסקעטישן קערפּער, צוגעדעקט מיט אַן אַלטן מלבוש, אויף זיין אויסלייגשטול אין זיין שטיבעלע אין דער פּאַריזער פאָרשטאָט מאָנרוזש, האָבן

געשטאַפּאָ-באַנדיטן געקלאַפּט אין דער טיר פון שטיבל פון „יודע מאיר שייבל“, און דער אָרעמער יידישער קינסטלער, וואָס פלעגט אַרומגיין מיט אַ פחד אין דער נשמה וועגן רדיפות, וועגן פּאָגראָמען, האָט פּלוצעם אין מיטן דער נאַכט דערזען פאַר זיך עטלעכע באַוואָפנטע פאָרשטייער פון תלינישן „האַרן-פאָלק“.

זיי האָבן אים געהייסן שנעל, שנעל אָנטאָן און מיטגיין מיט זיי.

דער אומגליקלעכער קינסטלער האָט גאָרנישט געזאָגט, ווען מ'האָט אים אַוועקגעפירט.

זיין בלאַס פנים איז געווען נאָך בלייכער און ער האָט שטיל געוויינט, אין שטילער נאַכט, דאָס געוויין פון שטילן, אומשולדיקן קרבן.

דער למד-וואָווניק צווישן די פּאַריזער יידישע קינסטלער איז געוואָרן דעפּאָרטירט פון דראַנסי דעם 9טן אויגוסט 1942.

עטלעכע טעג נאָך זיין אַרעסט איז פאַרפאָרן פאַרן הויז, וווּ דער קינסטלער-קדוש האָט געוווינט, אַ לאַסטוואָגן און אַוועקגעפירט זיינע געמעלן. אין איינעם מיט די געמעלן זיינען אויך אַוועק די אַלע פּאַפּירן, וואָס קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס דער דאָזיקער אַסקעטישער קינסטלער האָט אויף זיי פאַרשריבן...



מ. שייבל.
צוויי פרויען,
בליי־צייכענונג.

# יצחק שיינבערג

# ISAAC SCHŒNBERG

## 1907-1942



ווען איך טראַכט וועגן יצחק שיינבערגן, און טראַכטן טראַכט איך זייער אָפּט וועגן דאָזיקן דעליקאַטן, צניעותדיקן יידישן בחור מיט זיין פרומער נשמה, זע איך תמיד פאַר זיך באַלד אַ פלאַטערל.

ביי יצחק שיינבערגן איז אַלץ געווען עפּעס אַזוי פליגל־לייכט, דעליקאַט און צאַרט. די שטים אַ לייכטע, אַ גלעטנדיקע און מוזיקאַלישע. דער קערפּער שלאַנק, די פּנים־שטריכן איידל. דורך לייכטע ברילנגלעזער האָבן געקוקט אויף דער וועלט מילדע, צאַרטע אויגן.

ער האָט געלעבט אין אַ וועלט פון שיינקייט: אין אַ וועלט פון פאַרבן און פון טענער.

מען קען זאָגן, אַז די וואָכעדיקע, האַרבע און גרויע טעג פון לעבן האָבן אויף זיין וועלט, אויף יצחק שיינבערגס וועלט, קיין שליטה נישט געהאַט.

ער איז געווען ביז גאָר מוזיקאַליש און אין גאַנצן געצאַפּלט ביי די טענער פון מאָצאַרט, בעטהאָווען און שומאַן. דער עיקר אָבער ביי בעטהאָווענס טענער, וועמענס גרויסער פאַרערער ער איז געווען. די סימפאָניעס פון בעטהאָווען פלעגן אים אַריינברענגען אין דער גרעסטער התלהבות. ער האָט געצאַפּלט, בעת ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט „לייענען" די נאָטן פון זיינע סימפאָניעס, בעת ער האָט ערגעץ ווו דערהערט זיי שפּילן אָדער ווען ער האָט זיך אַליין אַוועקגעזעצט זיי שפּילן ביים קלאַוויר.

באַקענט האָב איך זיך מיט אים אין יאָר 1939 אין פּאַריז אין „יידישן ווינקל", ווו עס זיינען געקומען די ערשטע קרבנות פון דער נאַצישער ממשלת־זדון.

זיי, די ערשטע קרבנות, זיינען געקומען אַהין אָפּעסן אַ מאָלצייט, טרינקען אַ גלעזל טיי, טרעפן אַ באַקאַנטן אָדער לייענען אַ צייטונג, נעמען אַ בוך. אָדער זיך צוהערן, ווי עס שפּילט דאָרטן עמעצער קלאַוויר.

יצחק שיינבערג פלעגט אָפט אַריינקומען צו מיר אין קליינעם ביוראָ פון „יידישן ווינקל". ער האָט מיר געוויזן זיינע צייכענונגען: לייכטע, דעליקאַטע דינע בליי־ און פעדערשטריכן. פאַנטאַסטישע צייכענונגען פאַר זיידנס, פאַר זיידענע שניפּסן.

זיינע צייכענונגען זיינען געווען אַ געטרייע אָפּשפּיגלונג פון אים, פון זיין נשמה.

אַן אַנדער מאָל פלעגט ער מיט מיר ריידן וועגן מוזיק. דער עיקר וועגן בעטהאָווענס מוזיק, וועגן בעטהאָווענס סימפאָניעס.

טייל מאָל פלעגט ער אַריינשטעקן די רעכטע האַנט אין זיין בוזעם־קעשענע און לייכט פון דאָרטן אַרויסנעמען זיין דינעם פּאָרטפעל.

אַרויסגענומען פון דינעם פּאָרטפעל אַ צוויי קליינע שורה־לעך פּאָסטמאַרקעס, האָט ער מיך שטיל געפרעגט: צי איך וואָלט נישט געקענט אים אויסבייטן זיי אויף מזומן...

בעת איך בין שפּעטער אַרויס אויף אַ רגע פון קליינעם ביוראָ אין לייענזאַל, וואָס האָט זיך געפונען באַלד דערנעבן, איז ער שוין געשטאַנען ביים קלאַוויר. ער האָט גע־מישט די בלעטלעך פון די נאָטן, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן קלאַוויר.

שטייענדיקערהייט, דעם קאָפּ אַ ביסל אַראָפּגעבויגן, איז ער צו ערשט אַדורך מיט זיינע פינגער די קלאַווישן, אויס־געפּרוווט איטלעכן קלאַנג און זיך באַלד דערנאָך אַוועקגעזעצט שפּילן.

■

ער איז געבוירן געוואָרן דעם 19טן יולי 1907 ביי זייער בכבודיקע אָרטאָדאָקסישע עלטערן אין דער שטאָט קאָלמאַר, עלזאַס.

שפּעטער האָבן זיך זיינע עלטערן, וואָס האָבן געשטאַמט פון אַ מערב־גאַליציש שטעטל, פון דאָרטן אַריבערגעקליבן קיין פראַנקפורט דמאַין, ווו ער, יצחק, האָט באַזוכט די מיטלשול פון דער פראַנקפורטער אָרטאָדאָקסישער קהילה.

צייכענען האָט ער אָנגעהויבן, ווען ער איז נאָך כמעט אַ קינד געווען.

ער איז אַריין אין פראַנקפורט אין דער קונסט־אַקאַדעמיע, ווו ער האָט זיך ספּעציאַליזירט אין גראַווירן, מאָלן אויף זיידנס, און באַזונדער אין מיניאַטור־צייכענונגען.

ווען דער מאַטעריעלער מצב פון זיינע עלטערן האָט זיך געהאַט פאַרערגערט, האָט ער אין עלטער פון זיבעצן יאָר זיך אויך גענומען צו ליכט־רעקלאַמעס.

ער האָט אין יאָר 1934 פאַרלאָזט מיט זיין פאַמיליע היטלערס דייטשלאַנד. די פאַמיליע האָט זיך באַזעצט אין קאָלמאַר, ווו זי האָט שוין אַ מאָל געוווינט, און ער, יצחק, איז געקומען קיין פּאַריז, ווו עס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אים אַ וועלט פון קונסט.

ער האָט זיך דאָ אין יאָר 1939 באַקענט מיט חנהלע זילבערמאַן, וואָס איז דעמאָלט געקומען פון פּוילן.

צווישן דעם יונגן קינסטלער מיט דער פּאָעטיש־מוזיקאַלישער נשמה און דעם פּויליש־יידישן מיידל האָט זיך די באַקאַנטשאַפט פאַרוואַנדלט אין אַן אידיליע.

„אין אַ מיאוסן פרימאָרגן פון אַ שיינעם מאַיטאָג“, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט אין איינעם פון זיינע בריוו צו חנהלען, האָט אַן אומברחמנותדיקע האַנט איבערגעשניטן דעם גילדענעם פאָדעם, וואָס ער, יצחק שיינבערג, האָט זיך געשפונען:

דעם 14טן מאַי 1941, באַגינען, האָט מען אים אין פאַריז אַרויסגענומען פון זיין האָטעלשטיבל און אַוועקגעפירט קיין פיטיוויע אין לאַגער און אים דאָרט פאַרשפאַרט מיט טויזנט זיבן הונדערט יידן.

די בריוו, וואָס ער האָט פון דאָרטן געשריבן צו חנהלען, זאָגן עדות, ווי שטאַרק דער דאָזיקער צאַרטער קינסטלער האָט געליטן מאָראַליש פון דער פלוצעמדיקער צעשיידונג מיט זיין כלה, מיט פאַריז, וואָס ער האָט ביידע אַזוי געליבט. די בריוו, וואָס זיינען געשריבן אין אַ פערפעקטן, שיינעם פראַנצויזיש, מאַכן דעם איינדרוק, ווי מען וואָלט גענומען אַ פריי, צאַרט זינגפייגעלע און עס פאַרשפאַרט אין אַ זוניקן טאָג אין אַן ענגער, דערשטיקנדיקער שטייג, אָן לופט און אָן זון.

די מורא, אַז אויך זיין כלה קען נאָך אויך חלילה אַריינפאַלן אין דער ענגער שטייג, האָט אים דאָרטן נישט געגעבן קיין מנוחה.

ער האָט געזוכט אַ שטיקל נחמה און מאָראַלישן כוח אין בעטהאָווענס סימפאָניעס, וואָס ער האָט מיטגענומען מיט זיך, אינעם פאַרטיפן זיך אין זיי און אינעם דערמאָנען די שיינע, פרייע, ליכטיקע טעג, וואָס זיי האָבן אין איינעם פאַרבראַכט; אינעם גלויבן און בטחון זיינעם, אַז די גראָבקייט און רשעות, וואָס האָבן זיך פונאַנדערגעגאָסן איבער דער וועלט, וועלן קיין האַפט נישט האָבן, אַז זיי וועלן בקרוב צוזאַמענברעכן, ווערן אָפּגעמעקט. ער איז אין דעם געווען זיכער:

— „וואָס אַ מאָל מער דייטלעך, — האָט ער זיך אויסגעדריקט אין אַ בריוו, געשריבן אין יידיש און וואָס ער האָט אַרויסגעשיקט פון דאָרטן „נישט לעגאַל“, — צייכנט זיך אין אַ נאָענטן האָריזאָנט זיין (היטלערס) מפלה און קיין שום קונצן און שיינע רייד און קאָמבינאַציעס וועלן אים און אַלע, וואָס זיינען אים נאָכגעלאָפן, שוין נישט מער ראַטעווען.“

אָבער אַ מאָל, אין שעהען באַזונדער אומעטיקע אין דער „מאָראַלער ווירסטעניש“, ווי ער האָט געשריבן, גנבענען זיך אַריין אויף אַ רגע ספקות און ער פרעגט:

— „צי וועלן זיי נאָך צוריקקומען, די שיינע טעג?“

נישט געקוקט אויפן שווערן מאָראַלן מצב זיינעם אין דער „מאָראַלער ווירסטעניש“, האָט ער נישט אויפגעהערט דאָרטן צו צייכענען און צו שניצן.

ער האָט, צווישן אַנדערע זאַכן, אויסגעשניצט צוויי פעדערן. אויף איין זייט פון אַ פעדער זעען מיר, מיט שיינע פאַרבן, דעם מאָטיוו פון בעטהאָווענס זעקסטער סימפאָניע, די „פאַסטאָראַלע“, ווו נאָך אַ בייזן שטורעם ווערט צוריק ליכטיק און שיין. די זון שיינט צוריק אויף.

אים, דעם צאַרטן בחור, האָט דער בייזער שטורעם מיטגעריסן מיט זיך, איידער די זון איז צוריק אויפגעגאַנגען. ער האָט אים אַוועקגעשלעפּט מיט זיך דעם 21טן יוני 1942 אין דער „אומבאַקאַנטער ריכטונג“, געמאַכט פון אים אַש, וואָס אַ גוטער מלאך האָט אפשר שפּעטער צונויפגענומען און אַוועקגעטראָגן אויף די מלאכישע פליגל, בטהרה וקדושה, הויך, הויך צו די שטערן, וווהין זיי געהערן: די שטויבלעך אַש פון אַ קרישטאָל־ריינער, פרומער נשמה.

מיט טיפן יראת־הכבוד דערמאָן איך זיין ייִנגערן ברודער, יעקב שיינבערג. אַ זעלטן איידעלער און אינטעליגענטער יידישער יונגערמאַן, מיט וועלכן איך בין געווען אינטערנירט אין לאַגער פון מאָריאַק, פראַנקרייך.

יעקב שיינבערג, וואָס איז געווען אַ חזן, פלעגט אין לאַגער פאָרטראָגן פאַר די פאַרשפאַרטע יידן חזנישע קאָמפּאָזיציעס פון באַרימטע חזנים־קאָמפּאָזיטאָרן: אַ „מה טובו“ פון שלמה סולצער (געב׳ אין 1804 אין האַהענעמס, דייטשלאַנד, געשט׳ אין 1891 אין ווין), קאָמפּאָזיציעס פון לעוואַנדאָווסקין, אָדער אַן „אחינו כל בית ישראל“ און „רחם נא“ פון יאָסעלע ראָזנבלאַט, און פאַרשאַפט מיט דעם אַ גרויסן נחת־רוח די יידן אין לאַגער.



# סאַוועלי שלייפער
# SAVELY SCHLEIFER
## 1881-1942

סאַוועלי שלייפער איז געבוירן געוואָרן דעם 30טן סעפּטעמבער 1881 אין אָדעס. זיין פאָטער, יעקב שלייפער, וואָס האָט געהאַט מפרנס צו זיין זיין ווייב און אַכט קינדער, איז געווען אַ קליינער אונטערנעמער ביי בוי־מאָלעריי.
כדי צוצוהעלפן אַ ביסל דעם פאָטער אין דער פרנסה, פלעגט דער יונגער סאַוועלי געבן אָדעסער באַלעבאַטישע קינדער לעקציעס.
סאַוועלי שלייפער, וואָס האָט פון זיינע פריסטע יאָרן אַרויסגעוויזן אַ טיפן דראַנג צו צייכענען און צו מאָלן, איז אַריינגעטרעטן אין דער קונסט־אַקאַדעמיע פון זיין געבוירן־שטאָט און געוואָרן אַ תלמיד פון פּראָפ׳ פּעטראָוו־וואָדקין.
ווען ער ענדיקט די אָדעסער קונסט־אַקאַדעמיע, לאָזט ער זיך קיין פּעטערבורג, אָנצוגיין וויטער מיט זיינע קינסט־לערישע שטודיעס אין דער דאָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע. ער ווערט אין פּעטערבורג אַ תלמיד פון באַרימטן רוסישן מאָלער איליאַ ריעפּין.

ער איז דאָרטן אויך געוואָרן אַ מיטגליד פון „פאַרבאַנד פון די פּלאַסטישע קינסטלער“ און פלעגט אָפט אויסשטעלן זיינע ווערק אין די גרעסערע רוסישע שטעט.

אין יאָר 1905 קומט סאַוועלי שלייפער קיין פּאַריז. ער אַר־בעט דאָ און שטעלט אויס מערערע מאָל זיינע שאַפונגען אין „טיולערי־סאַלאָן“, אין „סאַלאָן פון די אומאָפּהענגיקע“ און אין נאָך אַנדערע קונסטסאַלאָנען.
אין יאָר 1907 פאָרט ער פון דאַנען צוריק קיין רוסלאַנד און אַרבעט אין פּעטערבורגער טעאַטער „טראָיצקי“ ווי אַ דעקאָראַטאָר.
ווען עס ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה, ווערט ער מאָביליזירט. ער ווערט צוגעטיילט צו דער „קאַמופלאַזש־בריגאַדע“.
אין די טעג פון בירגערקריג און רעוואָלוציע שאַפט דער קינסטלער אין אַ דאָרף אַ שול פאַר קונסט. ער גיט אין דער דאָזיקער שול לעקציעס פון צייכענען און פון מאָלן.



ס. שלייפער — דער לאַגערטיש, אַקוואַרעל, קאָלעקציע ה. פענסטער
Studio Yves Hervochon, Paris.

אין יאָר 1922 פֿאָרט ער קיין לענינגראַד און ווערט דאָרטן פּראָפֿעסאָר אינעם „אינסטיטוט פֿאַר דעקאָראַטיווער קונסט".

ער גיט אויך צוגלייך אין דער „מלוכהשער שטודיע" לעקציעס פֿון גרימירן אַקטיאָרן.

סאַוועלי שלייפֿער האָט אין לענינגראַד אָרגאַניזירט די „קינאָ-שטודיע", דעם „סאָווקינאָ". ער האָט זיך דאָרטן פֿאַרנומען מיט די קאָסטיומען און מיט גרימירן.

אין יאָר 1927 קומט ער מיט זיין פֿרוי נאָך אַ מאָל קיין פּאַריז און גייט דאָ אָן ווייטער מיט זיין שאַפֿן: ער צייכנט, מאָלט און שטעלט ווידער אויס אין פֿאַרשיידענע פּאַריזער קונסטסאַלאָנען.

ער אַרבעט אויך אין עטלעכע פּאַריזער קינאָ-שטודיעס ווי אַ גרימיר-שעף.

סאַוועלי שלייפֿער, וואָס האָט געהערט צו דער רוסישער אימפּרעסיאָניסטישער שול, איז געווען אַ באַגאַבטער קינסטלער און זיין קונסט פֿאַרמאָגט פֿיינפֿיליקייט.

ער האָט בעיקר געמאָלן פּייזאַזשן און פּאָרטרעטן. ווערק פֿון אים דאַרפֿן זיך געפֿינען אין די רוסישע מוזייען.

ווען היטלער האָט דערקלערט ראַטנפֿאַרבאַנד מלחמה, ווערט ער דעם 22טן יוני 1941 אַרעסטירט. מען האָט אים פֿאַרשפּאַרט אין קאָנצענטראַציע-לאַגער פֿון קאָמפּיען.

אויך אין לאַגער האָט ער נישט אויפֿגעהערט צו אַרבעטן און דווקא אַ סך געאַרבעט: געצייכנט, געמאָלן פּאָרטרעטן און סצענעס פֿונעם לאַגער-לעבן.

דעם 5טן סעפּטעמבער 1942 ווערט סאַוועלי שלייפֿער אַריבערגעפֿירט קיין דראַנסי.

עטלעכע טעג שפּעטער, דעם 14טן סעפּטעמבער 1942, ווערט ער פֿון דאָרטן דעפּאָרטירט.

■

זיינע צוויי ברידער, שמואל און מיכאל שלייפֿער, וואָס האָבן געוווינט אין פּאַריז, זיינען אויך געוואָרן דעפּאָרטירט און האָבן געטיילט דעם גורל פֿון זייער ברודער.

■

# ג. שטומאַן
# G. STUMAN

נישט געקוקט אויף מיינע באַמיונגען, האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן צו באַקומען גענויערע פּרטים וועגן לעבן, שאַפֿן און טראַגישן אומקום פֿון קדוש ג. שטומאַן ע"ה.

ס'האָט זיך מיר אויך נישט איינגעגעבן זיך צו דערוויסן זיין פֿולן ערשטן נאָמען.

אין די עטלעכע ערטער, ווו איך האָב זיך געווענדט נאָך ידיעות וועגן קדוש, האָב איך אומעטום, סיי פֿון יידן, סיי פֿון נישט-יידן, געהערט די זעלביקע ווערטער, וואָס איך גיב דאָ איבער:

ער איז געווען אַ גוטער, ערלעכער, איידעלער מענטש, מיט אַ זעלטן נאָבעלן כאַראַקטער. אַ גוטער צייכענער, אַ פֿיינער פּאָרטרעטיסט. אַז אַ באַרימטע פּאַריזער פֿאָטאָגראַפֿישע קונסטאַנשטאַלט האָט באַדאַרפֿט פֿאַר עמעצן מאַכן עפּעס אַ באַזונדער פֿיינעם, קינסטלערישן פּאָרטרעט, האָט זי זיך שטענדיק געווענדט צו אים צו מאַכן די אַרבעט.

ער איז געבוירן געוואָרן אין פּוילן אַרום 1873, האָט פֿאַרברענגט אַ צייט אין ענגלאַנד און אין אַנדערע אייראָפּעיִשע לענדער, געקומען קיין פּאַריז און געוווינט מיט זיין פֿרוי אין אַ האָטעל-צימער. געלעבט אָרעם. נישט געקוקט אויף זיין עלטער געמוזט שווער אַרבעטן צו פֿאַרדינען אויף חיונה פֿאַר זיך און פֿאַר זיין אַלטער פֿרוי.

ווען מען האָט אַרעסטירט און שפּעטער דעפּאָרטירט זיין פֿרוי, האָט ער זיך געמאַכט אַ נדר צו פֿאַסטן איין מאָל אין דער וואָך, דעמאָלט, ווען ס'איז אויסגעפֿאַלן דער טאָג, ווען מען האָט אַוועקגעריסן פֿון אים זיין פֿרוי און ער איז געבליבן אויף דער עלטער איינער אַליין.

ער האָט אָבער געהאָפֿט, אַז ער וועט זיך נאָך זען מיט איר, אַז זי וועט צוריקקומען, און געאַרבעט מער ווי געוויינלעך פֿאַר פּאַריזער פֿאָטאָגראַפֿישע אַנשטאַלטן, כדי צו האָבן אַ ביסל געלט פֿאַר דער פֿרוי, ווען זי וועט זיך אומקערן... זי וועט עס באַדאַרפֿן...

אַ קורצע צייט שפּעטער איז געקומען די ריי אויף אים: זיצנדיק איין מאָל אין אַ שטוב ביי באַקאַנטע און צוהערנדיק זיך צו די נייעס, וואָס דער ראַדיאָ האָט איבערגעגעבן, האָט מען אים אַרעסטירט, אַוועקגעפֿירט קיין דראַנסי און פֿון דאָרטן דעפּאָרטירט.

זאָלן זשע די דאָזיקע אָרעמע פּאָר שורות אויפֿהאַלטן דאָס געדעכעניש פֿון צוויי פֿאַרפּייניקטע יידישע זקנים: פֿון אַן אַלטן יידישן קינסטלער און פֿון זיין אַלטער פֿרוי.

■

# נחום אראנסאן
# NAOUM ARONSON
## 1872-1943

נחום אראָנסאָן איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1872 אין שטעטל קרעסלאַווקע, וויטעבסקער גובערניע. אַ שטעטל ווי אַלע שטעטלעך, אָן קונסטשולן, אָן מוזייען און אָן קינסטלערישע טראַדיציעס.

אין יענעם אָט שטעטל האָט דער יונגינקער נחומקע אַרויסגעוויזן גאָר פרי אַ שטאַרקע



נטיה צו צייכענען און צו שניצן אויף האָלץ, מיט דער הילף פון אַ טאַשנמעסערל, כלערליי זאַכן.

ווען נחומקע ווערט אַלט צוועלף יאָר, שאַפט ער זיין ערשטע קינסטלערישע אַרבעט. דאָס איז געווען זיין „יתום", וואָס האָט זיך ביז מלחמה־אויסבראָך געפונען אין „נחום אַראָנסאָן־מוזיי" פון קינסטלערס געבוירן־שטעטל קרעסלאַווקע.

צוויי יאָר שפּעטער שאַפט ער זיין ישעיהו, אַזוי ווי זיין יונגע באַפליגלטע פאַנטאַזיע האָט דעמאָלט געזען דעם יידישן נביא, וואָס האָט געוויינט און געדונערט מחמת דער אומגערעכטיקייט און די עוולות, וואָס ער האָט באַגעגנט. ווען נחום אַראָנסאָן ווערט אַלט זעכצן יאָר, פאַרלאָזט ער זיין היים. ער פאָרט קיין ווילנע און טרעט אַריין אין דער אָרטיקער קונסט־אַקאַדעמיע.

דער דירעקטאָר פון דער אַקאַדעמיע אינטערעסירט זיך מיט אים, ער גיט אים צו מוט און עצהט אים זיך אָפּצוגעבן בלויז מיט סקולפּטור.

ווען אַ פאָרשטייער פון צאַרישן בילדונג־מיניסטעריום דערזעט זיינע אַרבעטן, לייגט ער פאָר דעם יונגן קינסטלער, ער זאָל מיטפאָרן מיט אים קיין פעטערבורג. ער זאָגט אים צו צו העלפן, אַז ער זאָל זיין ביכולת אָנצוגיין דאָרטן מיט זיין שטודירן.

אָבער דער יונגער אַראָנסאָן חלומט שוין דעמאָלט פון פאַרלאָזן דאָס צאַרישע רוסלאַנד, פון פאָרן קיין פאַריז, און ער זאָגט זיך אָפּ.

אין דער ווילנער קונסט־אַקאַדעמיע האָט נחום אַראָנסאָן פאַרבראַכט אַן ערך צען חדשים. מיט שוועריגקייטן מי לייגט ער זיך צונויף, אין משך פון אַ יאָר, 130 רובל און אַ שטראַלנדיקער און האָפענונגפולער לאָזט ער זיך אין יאָר 1892 קיין פאַריז.

אין פאַריז טרעט ער אַריין אין דער „אַקאַדעמיע פאַר דעקאָראַטיווער קונסט". נאָך אַ קורצער צייט פאַרלאָזט ער זי און באַשליסט אָנצוגיין אַליין מיט זיין קינסטלערישער אויסבילדונג, נעמענדיק בלויז די נאַטור פאַר זיין לערער. דער גענעראַל־דירעקטאָר פון דער קונסט־אַקאַדעמיע און מיטגליד פון דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע, פאָל לעאָן (פון יידישן אָפּשטאַם), שרייבט אָט וואָס וועגן דער דאָזיקער עפּאָכע פון קינסטלער:

— „דאָס לעבן איז געווען זיין שול און די ווערק פון אונדזערע מוזייען זיינע דערציער."

אין יאָר 1897 שטעלט ער אויס זיין גרויס ווערק „אויף יענער זייט".

די אומרואיקייט פון גרויסן יאַסנאַיאַ־פּאָליאַנער גאָטזוכער לעוו טאָלסטאָי ציט צו דעם קינסטלער נחום אַראָנסאָן. ער פאָרט אין זומער 1901 קיין יאַסנאַיאַ־פּאָליאַנאַ און פאַר־



נ. אַראָנסאָן — בעטהאָווען

ברענגט אַ צייט ביי טאָלסטאָיען אין הויז. ער צייכנט און סקולפּטירט אים, ער האָט שפּעטער אָנגעשריבן זכרונות וועגן די טעג, וואָס ער האָט פאַרבראַכט מיט אים *.

אין זעלביקן יאָר שאַפט ער „די וויג פון ליבשאַפט". אין 1903 דעם „עפעב" און „די מיסטישע שטילקייט". דערנאָך קומען די ווערק „דער נביא" און „דער יונגער ייד".

אין יאָר 1905 באַקומט ער פון באָן, דייטשלאַנד, די שטאָט וווּ ס'איז געבוירן געוואָרן דער באַשאַפער פון דער „ניינטער סימפאָניע", אַ באַשטעלונג צו מאַכן אַ ביוסט פון בעטהאָווען.

אין דער קרעסלאַווקער ייד האָט אַרויסגעבראַכט די צאַפּלדיקע נשמה פון טיטאַנישן קאָמפּאָזיטאָר, זיין טרויער און זיין צער.

ער האָט, אַחוץ די פריער דערמאָנטע ווערק, געשאַפן ביוסטן פון ספּאַרטאַקוס, פּאַסטער, שאָפּען, בערליאָז, טורגעניעוו, דאַנטע און ראַספּוטין.

עס קומען דערנאָך ווערק, ווי: „די פאַרצווייפלונג", „דער טרויער", „דאָריאַן גריי", די גרופּע „יוגנט" און נאָך אַנדערע גרופּעס אין מירמלשטיין.

* דערשינען אין „אַלמאַנאַך", וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן אין יידיש און פראַנצויזיש די פּאַריזער געזעלשאַפט „קינדער-קאַלאָניע".



נ. אַראָנסאָן — טאָלסטאָי

ער האָט אויך געמאַכט אַ ביוסט פון לעניגען, ווען ער איז צוריקגעקומען פון אַ באַזוך אין סאָוויעט-רוסלאַנד.

אַחוץ זיינע נביאים, זיינע העלדן פון גייסט, פאַרנעמט דאָס קינד אַ ביז גאָר וויכטיק אָרט אין זיין שאַפן.

פון די באַחנטע, צאַרטע גופעלעך, פון דעם שמייכל און דער פרישקייט, וואָס זיינען אויסגעגאָסן אויף זיי, פילט מען די סימפּאַטיע און ליבשאַפט פון קינסטלער צום קינד.

אויך די זקנים פאַרנעמען אַן אָרט אין אַראָנסאָנס שאַפן. ער סקולפּטירט די אַלטע, אָרעמע, אויסגעהאָרעוועטע מענטשן, מיט די טיפע קנייטשן אויף די פּנימער, קנייטשן פון לאַנגער מי און פּראַצע, מיט אַ טיפן מיטגעפיל:

מיר זעען אַן אַלט פּאָרפאָלק צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן, ווי ביידע וואָלטן אין בין-השמשות פון זייער לעבן מיט די לעצטע זייערע כוחות איינס דאָס אַנדערע געטרייסט און געשטאַרקט.

אַ פאָנטאַנע פון קינסטלער באַצירט איינע פון די שענסטע גאַסן אין פּאַריז, אויף קור-דע-לאַ-רען, לעבן „שאַנז' עליזיי".

נאָך אַ פאָנטאַנע פון אַראָנסאָנען געפינט זיך, אויב די היטלעריסטישע אכזרים האָבן זי נישט אָפּגערוימט, אין גאָדעסבערג, דייטשלאַנד, דאָרטן ווו היטלער הרשע האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט טשעמבערליינען, כדי צו „ראַטעווען דעם שלום".

אין יאָר 1901 איז אַרויס אין פּאַריזער פאַרלאַג פאָנטע-

מוזאַן און קאַמפּ' אַ גרויסער נחום־אַראָנסאָן־אַלבאָם מיט רעפּראָדוקציעס פֿון קינסטלערס ביז דעמאָלט געשאַפֿענע ווערק און מיט אַ גרעסערער אָפּהאַנדלונג וועגן אַראָנסאָנס שאַפֿן פֿון ק. דע דאַנילאָוויטש. אין דאָזיקן אַלבאָם, וואָס איז היינט אַ יקר־המציאות, געפֿינען זיך רעפּראָדוקציעס פֿון ביוסטן פֿון בעטהאָווען, שאָפּען, דאַנטע, טורגעניעוו, טאָלסטאָי, אַ פֿראַגמענט פֿון דער פֿאָנטאַנע אין גאָדעסבערג, פּאָרטרעטן, צווישן זיי אַ פּאָרטרעט פֿון קינסטלערס עלטערן.

ווערק פֿון יענער תקופֿה פֿון נחום אַראָנסאָנס שאַפֿן געפֿינען זיך אין די מוזייען פֿון לענינגראַד, ליווערפּול, ענגלאַנד, און פֿון דובלין, אירלאַנד.

■

איך האָב זיך באַקענט מיט נחום אַראָנסאָנען אַרום 1932, אין שייכות מיט אַן אַקציע לטובֿת די קינדער פֿון דער יידישער אָרעמקייט אין פּוילן, וואָס האָבן געלערנט אין די יידישע שולן. ער האָט זיך איבערגעגעבן דער דאָזיקער אַקציע בלב ונפֿש. אָט זע איך אים אַ שטראַלנדיקן אין אַ זומערדיקן פֿרימאָרגן, ווען איך בין געקומען צו אים אין אַטעליע.

דורך דער אָפֿענער טיר הערט זיך אַריין דאָס צוויטשערן פֿון קאַנאַריקלעך פֿון אַ שטייג, וואָס הענגט אין דרויסן אין הויף אויף אַ וואַנט.

ער איז גליקלעך. ער האָט דעם טאָג באַקומען אַ גרעסערן סכום געלט פֿאַר די קינדער:

— „לאָמיר, זאָגט ער, תיכּף שיקן אַ טעלעגראַמע קיין וואַרשע מיט דער גוטער בשורה!“

אַחוץ געלט איז געזאַמלט געוואָרן אַ היפּש ביסל בילדער ביי די יידישע קינסטלער פֿון פּאַריז לטובֿת די יידישע קינדער אין פּוילן. ווו געפֿינען זיי זיך אַצינד?

זינט דעמאָלט בין איך שוין געווען אַ שטענדיקער איינגייער פֿון רי דע וואָזשיראַר 93.

די אַטעליע פֿון קינסטלער האָט אויסגעזען פֿון דרויסן גאָר פּשוט. די העל־בלוילעך באַפֿאַרבטע טיר, אויף וועלכער ס'איז געווען צוגענאָגלט אַ גרין צווייגעלע, האָט אויסגעזען ווי אַ טיר פֿון אַ פּשוטער הילצערנער קאַמער. נאָר דער אינעווייניק האָט אויסגעזען ווי אַן אמתער היכל פֿון קונסט. פֿון אומעטום האָבן געקוקט צו דיר, אין דער שטילקייט, וואָס האָט דאָרטן געהערשט, העלע סקולפּטורן. איידעלע פֿרויענקעפּ, חנעוודיקע קינדערקעפּלעך, ביוסטן פֿון נביאים, פֿון גרויסע קינסטלער, בילדער פֿון קלאַסישע מאָלער און איבער די ווענט אַלטע טעפּיכער פֿון איידעלן געוועב.

אין אַ ווינקל איז געשטאַנען דער קלאַוויר, אויף וועלכן ס'האָבן זיך תמיד געפֿונען, אין אַ גלאָז וואַסער פֿונאַנדערגעשפּרייט, בלומען.

מען פֿלעגט זיך אָוועקזעצן אין ווינקל ביים שרייבטיש, וואָס איז געווען תמיד באַלייגט מיט ביכער, מיט בריוו, מיטן טעלעפֿאָן־אַפּאַראַט, און אַרום אים, אויף דער פּאָליצע פֿון שרייבטיש, אין ביידע זייטן ווענט, בילדער פֿון נאָענטע.

מען האָט זיך צעשמועסט. דעם קינסטלערס פּנים איז געוואָרן באַלעבט, די אויגן האָבן זיך צעלויכטן, אַ פֿריינדלעכער שמייכל איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף זיין גאַנץ פּנים. און אַראָנסאָן (ער פֿלעגט ליב האָבן צו חתמענען אהרנסאָן), פֿלעגט אַריינגיין אין זיין קיכעלע און אַרויסברענגען פֿון דאָרטן פֿרישע שוואַרצע קאַווע, וואָס ער האָט אַליין געמאַכט, און אַריינגיסן זי אין די טעפּעלעך פֿון איידעלן, פֿיינעם פּאָרצעליי, וואָס ער האָט געהאַלטן, אין איינעם מיט די פֿיינע, פֿינקלדיקע געשליפֿענע קרישטאָלענע גלעזער, אינעם געשניצטן שויבן־שענקעלע, עפּעס אַן אַנטיק. מען האָט פֿאַרביסן און גערעדט.

מען פֿלעגט אָפֿט מאָל ריידן וועגן יאַסנאַיאַ־פּאָליאַנער גרויסן, אומרואיקן גאָטזוכער, וועגן ראָמען ראָלאַן, דעם קינסטלער און הומאַניסט, און וועגן מאַקס נאָרדאַו, מיט וועלכן אַראָנסאָן איז געווען באַפֿריינדט, און וועגן פֿאַרשיידענע אַנדערע ענינים.

אָט צעעפֿנט אַראָנסאָן דעם גרויסן, הויכן אַלמער, וואָס האָט זיך געפֿונען לעבן שרייבטיש. ער שטעלט זיך אַרויף אויף אַ בענקל און נעמט אַראָפּ פֿון אַ פּאָליצע פֿון אַלמער אַ בינטל בריוו, וואָס איז געווען אַרומגעשנירט מיט אַ דין בענדעלע, און גיט מיר צו לייענען: בריוו צו אים פֿון ראָמען ראָלאַן. און שפּעטער, מיט עניוות, דאָס, וואָס ער, אַראָנסאָן, האָט אַליין געשריבן: זכרונות וועגן טאָלסטאָי און אַנדערע זאַכן, געשריבן אין דער פֿראַנצויזישער שפּראַך. שמועסנדיק אַזוי מיטן קינסטלער, האָט זיך באַוויזן אַ שליח פֿון אַ ישיבֿה אין פּוילן, אָדער אַ פֿאָרשטייער פֿון מאָדערנעם יידישן שולוועזן. ס'פֿלעגן קומען יידישע שרייבער, יידישע קינסטלער, יידישע כּלל־טוער און סתּם יידן.

נחום אַראָנסאָן, דער מיטל־געוואַקסענער מענטש מיטן ווייס־זיידענעם צעשויבערטן קינסטלערקאָפּ, ראָזעווען פּנים, מיט טיפֿע, פֿייכטע אויגן, דיסקרעטע אַריסטאָקראַטישע מאַנירן און דיסקרעטער עלעגאַנטער הלבשה, מיט געלאַסענע, שטילע טריט, וואָס ער פֿלעגט שטעלן ביים גיין, איז בטבֿע געווען אַ שעמעוודיקער מענטש. ער פֿלעגט זיך תמיד געפֿינען אין אַ פֿאַרלעגנהייט, ווען מ'האָט אים געבעטן אַרויסצוטרעטן אין דער עפֿנטלעכקייט. ער פֿלעגט דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן, אויפֿשרייבן אויף אַ פּאַפּיר און עס געבן אַן אַנדערן איבערצולייענען.

אין דאָזיקן שעמעוודיקן מענטש איז געלעגן אַ שטאָלצער און מוטיקער ייד:

ער איז געווען גרייט צו פֿאַרטיידיקן דאָס, וואָס ער האָט געהאַלטן פֿאַר גערעכט. זיך געקענט אפֿילו אויפֿקאָכן און כּעסן, ווען ער האָט געהאַלטן, אַז מען איז באַגאַנגען אַן אומגערעכטיקייט, עפּעס אַן עוולה.

דאָס געזעלשאַפֿטלעכע לעבן האָט אים אינטערעסירט. ער איז געווען פּאָפּולער ביים פּאַריזער יידישן עולם. ליב געהאַט אַ יידיש גלייכווערטל, אַ גוטן יידישן וויץ. ער פֿלעגט זיך דעמאָלט צערײדן און צעלאַכן. ער איז דענצמאָל געווען דער פֿאָלקסטימלעכער ייד פֿון קרעסלאַווקע.



נ. אַראָנסאָן — קידוש-השם, באַרעליעף

דאָס שאַפן פון „יידישן ווינקל“, די היים פאַר די פליטים פון אומעטום, ווו היטלער הרשע האָט אויסגעשפּרייט זיין רוצחישע ממשלה, האָט גורם געווען, אַז איך זאָל נאָך אָפטער קומען צום קינסטלער, וואָס אין זיין אַטעליע איז, אַזוי צו זאָגן, געבוירן געוואָרן די דאָזיקע אינסטיטוציע. ווען ס'איז געוואָרן אַ מאָל אומעטיק אויף דער נשמה, אומעטיק פון די ידיעות, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון די יידישע ישובים, אָדער פונעם אָנבליק אויפן שטראָם געפּלאָגטע יידן, וואָס זיינען געקומען קיין פּאַריז, איז מען געגאַנגען אויף רי דע וואָזשיראַר 93, דעם קינסטלערס אַטעליע.

אָבער אַראָנסאָן איז שוין דעמאָלט געווען טייל מאָל דענערווירט און אפילו געגרייצט.

אָט זיינען זיי געקומען, די גאָר שווערע צייטן, ווו די ברוינע אכזרים זיינען געשטאַנען פאַר די טויערן פון פּאַריז. נחום אַראָנסאָן פאַרלאָזט די שטאָט, צו וועלכער ער איז געווען צוגעבונדן אין משך פון צענדליקער יאָרן. ער האָט זיך געמוזט שיידן מיט זיין אַטעליע, מיט די ווערק, וואָס זיינען געווען דער תוכן פון זיין לעבן, מיט די וואונדערלעכע קונסט-קאָלעקציעס, און זיך לאָזן אין וועג אריין אָפריכטן גלות.

דער קינסטלער האָט באַוויזן צו קומען קיין אַמעריקע. נישט געקוקט אויף דעם קרייז פריינד, וואָס ער האָט דאָרטן געהאַט, האָט ער זיך אָבער געפילט אויסגעוואָרצלט. דאָס האָט, בלי ספק, צוגעאיילט דאָס אַוועקגיין פון קינסטלער, פון נאָך קרעפטיקן מענטש, וואָס האָט אין ניו-יאָרק, אין יאָר 1943, אויסגעהויכט, דורך אַ האַרץ-שלאָג, זיין נשמה.

בעת דער קינסטלער האָט זיך געפונען אין ניו-יאָרק, זיינען אַלע קונסטווערק, וואָס זיינען געווען אין זיין אַטעליע, אויספאַרקויפט געוואָרן אויף אַ ליציטאַציע. ס'איז קיין זכר נישט געבליבן פון זיי, פון דער אַטעליע, וואָס האָט זיך געפונען אויף רי דע וואָזשיראַר 93, און פון זיין אַרבעט-אַטעליע, וואָס האָט זיך געפונען אויף רי אַנטואַן-בורדעל.

בלויז אין דער מחשבה איז נאָך אַלץ אַזוי לעבעדיק: די דאָזיקע פּרעכטיקע יידישע אַטעליע, ווו יידן פלעגן זיך טרעפן, די העלע סקולפּטורן פון מירמלשטיין, די בילדער און די איידעלע געוועבן אויף די ווענט, די פּיאַנאָ, אויף וועלכער ס'איז געשטאַנען, אין אַ גלאָז וואַסער פונאַנדער-געשפּרייט, בלומען, דעם קינסטלערס באַרעליעף „קידוש השם“, וואָס שטעלט פאָר אַ דערהרגעטן אַלטן ייד מיט אַ דערהרגעט יידיש קינד. דער אויסדרוק אויף זייערע פּנימער, די קדושה, וואָס רוט אויף זיי אין גאַנצן, זיינען אַ טיפער אָנקלאָג פון יידישן קינסטלער נחום אַראָנסאָן קעגן אַ רויער, אכזריותדיקער וועלט.

און אין ווינקל שטייט ער, דעם קינסטלערס דרימלענדיקער ריז, דער געפּייניקטער מענטש. אַז ער וועט זיך איבערוועקן, וועט ער פאָדערן דין וחשבון פאַר אַלע עוולות...




ביידלעך פון לאַגער פון פּיטיוויע, געצייכנט אויף אַ הענטל פון אַ פּעדער  דורך דעם קדוש יצחק שיינבערג



דער לאַגער אין דראַנסי (פראַגמענט)

# יזכור

## פאַרפייניקטע יידישע קינסטלער אין אנדערע לענדער

פוילן:

אויערבאַך אָסקאַר, מאָלער, געלעבט אין לעמבערג.
אוריסאָן חיים, מאָלער.
איזדאַנסקי, מאָלער.
אימערגליק ראַלף, מאָלער.
אַקער יוליאַ, מאָלערין, געבוירן 1898, זיך גענומען אין יאָר 1943 דאָס לעבן אין לעמבערג, בעת דער אַנטי־יידישער אַקציע.
אָסטזשעגאַ אברהם, סקולפּטאָר, געמאַכט דעם „אוהל־פּרץ“, די מצבות פון דיכטער לייב ניידוס אין גראָדנע און פון פרוי רוטאַ גאָריעלאָוו־גאָריעלי, אין וואַרשע.

באַרטשינסקי הענעך, לאָדזשער מאָלער. געמאָלן די פּאָרטרעטן פון זיינע פריינד: ה. ד. נאָמבערג, דוד פרישמאַן, עלזע לאַסקער־שילער און אַלעקסאַנדער גראַנאַך. אומגעקומען אין טרעבלינקע.
באָרנשטיין טאַדעוש, וואַרשעווער מאָלער, פאַרפאַלן געוואָרן.
בוך מיעטשיסלאַוו, לעמבערגער סקולפּטאָר.
בזשעזשינסקאַ עוואַ, לאָדזשער מאָלערין, פאַרברענט אין 1943. אין אָשפּיצין. (אוישוויץ).
ביקעלס יעקב, צייכענער, געבוירן 1910, אומגעברענגט דורך די רוצחים אין 1941, אין סטאַניסלאַוו, מזרח־גאַליציע.
בירער זיגמונט, מאָלער, געבוירן 1896, דערהרגעט געוואָרן אין סטאַניסלאַוו אין 1941.
בערגער לעאָקאַדיאַ, וואַרשעווער מאָלערין, דערהרגעט געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ אין 1942.
בערמאַן אַדאָלף, מאָלער, געמאָלן פּייזאַזשן און יידישע מאָטיוון. אָפּגעראַטעוועטע בילדער פון אים געפינען זיך ביים „דזשאָינט“ און ביי דער יידישער געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט אין פוילן.
ברוינער אידאַ, לאָדזשער סקולפּטאָרין, די שוועסטער פון יצחק ברוינער.
ברוינער יצחק, לאָדזשער מאָלער.

גאַבאָוויטש, מאָלער.
גאַרבאַצקי טאַדעוש, וואַרשעווער סקולפּטאָר, אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ אין 1942.

גאָטאַרד יאַן, מאָלער. צוויי בילדער פון קדוש געפינען זיך אין נאַציאָנאַלן מוזיי אין וואַרשע.

גוטערמאַן אברהם, געבוירן אין נאָווידוואָר, פאַרפאַלן געוואָרן בעת אַ באָמבאַרדירונג אַרום ביאַליסטאָק.

גורעוויטש משה, מאָלער, פאַרברענט אין אָשפּיצין.

גלאַסנער יעקב, מאָלער־גראַפיקער, געבוירן 1880, דערהרגעט געוואָרן אין 1942, אין לעמבערג.

גליבערמאַן, מאָלער.

גרייפענבערג דוד, מאָלער, אומגעקומען אין 1942, אין געטאָ.

האַבינגער אָטאָ, מאָלער, געבוירן 1906, דערהרגעט אין יאָר 1943, אין לעמבערג.

האַבער טוביה, מאָלער, געבוירן אין קאָנסטאַנטין, געלעבט אין לאָדזש, פּאַריז, אומגעקומען אין ביאַליסטאָק.

האַהן אָטאָ, מאָלער, געבוירן 1905, זון פון אַ לעמבערגער דאָקטער.

האָכמאַן, סקולפּטאָר, אומגעבראַכט אין טאָרנע, גאַליציע.

הילער קאַראָל, לאָדזשער מאָלער, אומגעבראַכט אין 1939.

הערמאַן יוסף, מאָלער.

הערשאַפט אַדאַם, מאָלער־גראַפיקער.

וואַלקער יאַדוויגאַ, לעמבערגער מאָלערין.

וויינבערג אויגעניוש, לעמבערגער סקולפּטאָר.

ווינטרויב וו., מאָלער, געמאַכט אַ סך דעקאָראַציעס פאַרן טעאַטער. געאַרבעט מיט דיאַגילעוו פון באַרימטן רוסישן באַלעט.

וויליענבערג פּרץ, מאָלער.

וועבער יצחק, מאָלער־קריטיקער, געבוירן 1903, פאַרפּייניקט זורך דער געשטאַפּאָ אין ריישע, גאַליציע. געווען אַ מענטש מיט גרויסע, עלזייטיקע פעיקייטן.

וועלטשער־שווייגער, לעמבערגער מאָלער.

זאַלקינד בער, ווילנער מאָלער.

זיידלער יצחק, לאָדזשער מאָלער, פאַרפאַלן געוואָרן בעת דער אָקופּאַציע.

זיידנבייטל אפרים, מאָלער, געבוירן 1902, פאַרפּייניקט דורך דער געשטאַפּאָ אין אָשפּיצין.

זיידנבייטל מנשה, מאָלער, געבוירן 1902, אומגעבראַכט דורך דער געשטאַפּאָ.

זיידנמאַן דאָראָטאַ, וואַרשעווער מאָלערין, פאַרשלעפּט און אומגעבראַכט דורך דער געשטאַפּאָ. אַ בילד פון דער קדושה געפינט זיך אין נאַציאָנאַלן מוזיי פון וואַרשע.

זעלצער הענריק, לעמבערגער מאָלער, געבוירן 1908, דערהרגעט דורך דער געשטאַפּאָ אין 1942.

היימאָוויטש ברידער, מאָלערס.

טיבער, גראַפיקער. געשטאַמט פון קוטנע, אומגעקומען אין ביאַליסטאָק.

טינאָוויצקי יחיאל, ביאַליסטאָקער גראַפיקער, דערהרגעט אין ביאַליסטאָק אין 1942.

טיקאָצינסקי, מאָלער.

טענצער בראָניסלאַוואַ, לעמבערגער מאָלערין.

טראַכטער וו., מאָלער־דעקאָראַטאָר, געמאַכט די דעקאָראַציעס צו דער פאָרשטעלונג פון „דיבוק" אין דער וואַרשעווער אָפּערע.

טראַכטער יעקב, קראָקעווער מאָלער, דערהרגעט דורך די נאַצישע רוצחים.

טרעמבאַטש טאַדעוש, מאָלער, אומגעקומען אין טרעבלינקע.

טרעמבאַטש מאַוריצי, לאָדזשער מאָלער, אומגעקומען אין טרעבלינקע.

טרעפלער יאַנוש, לעמבערגער מאָלער, דערהרגעט אין לעמבערג אין 1942.

טשעטשאַנאָווסקי אברהם, מאָלער.

יאַנאָווסקאַ מרים, מאָלערין.

כהנא חיים, מאַלער.

לויטערבאך אַרטור, מאַלער־קריטיקער, געבוירן 1900. געלעבט אין לעמבערג. אומגעקומען אין 1942.

לאַנגערמאַן הענריק, מאַלער, געבוירן 1896, אומגעקומען אין לעמבערג אין 1944.

לאַסקער מענדל, יונגער לאָדזשער סקולפּטאָר.

לאַסקער, מעטאַלאָ־פּלאַסטיקער. צוויי ווערק פון קדוש געפינען זיך ביים יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע.

לוריע ליובע, לאָדזשער מאַלערין, פאַרברענט אין אָשפּיצין.

ליבין קאַזימיעזש, מאַלער, פאַרברענט אין אָשפּיצין.

ליבערמאַן, מאַלער.

לייזעראָוויטש, לאָדזשער מאַלערין, פאַרברענט אין אָשפּיצין אין 1943.

לייזעראָוויטש י., מאַלער.

ליפּשיץ האַלינאַ, סקולפּטאָרין, פאַרפייניקט אין לעמבערג אין 1941.

לעווין יוליאַן, לאָדזשער מאַלער, אומגעקומען אין טרעבלינקע.

לעווקאָוויטש לעאָן, מאַלער.

מאַטוס דינה, לאָדזשער מאַלערין, דעקאָראַטאָרין פון די טעאַטערן „יונג־יידיש" און „אַראַראַט". אומגעקומען אין לאָדזשער געטאָ.

מאַלערמאַן הערמאַן, מאַלער, געבוירן 1908, געלעבט אין לעמבערג, אומגעקומען 1943.

מאַן וואָלף, מאַלער.

מאַשעל אברהם, מאַלער, געבוירן 1921, אומגעברענגט אין לעמבערג אין יאָר 1941.

מונדלאַק רעגינע, מאַלערין.

מילער שמעון, מאַלער.

מענדעלסאָן אברהם, מאַלער, געבוירן 1910, געלעבט אין לעמבערג, אומגעקומען 1943.

מענקעס אַניעלאַ, מאַלערין, געבוירן 1908, פאַרפייניקט אין לעמבערג אין 1941.

נוסבוים, מאַלער.

ניימאַן אברהם, מאַלער, געב׳ אַרום 1880 אין קראָקע. געמאָלן בעיקר פּייזאַזשן. אין קראָקעווער געטאָ געמאָלן פּאָרטרעטן פון יידן. דערשאָסן געוואָרן אין איינעם מיטן פאָלקסדיכטער מרדכי געבירטיק בעת דער „אויסזידלונג" פון קראָקעווער געטאָ אין יאָר 1942.

סעקשטיין געלע, מאַלערין. ווערק פון דער קדושה געפינען זיך אין רינגעלבלום־אַרכיוו.

...איצטער בין איך רואיק, איך מוז אומקומען, אָבער מיינס האָב איך געטאָן. כ׳פּרווו באַהאַלטן אַ זכר פון מיינע אַרבעטן. זייט געזונט, חברים און פריינט, זייט געזונט, יידיש פאָלק, דערלאָזט נישט מער צו אַזעלכע קרבנות.

1 אויגוסט 1942. (די לעצטע ווערטער פון דער קדושה).

עליאָוויטש מאַקס, מאַלער.

ערב ערנאַ, לעמבערגער מאַלערין.

פּאָלאַק גזשעגאָזש, מאַלער, געבוירן 1880, זיך גענומען דאָס לעבן בעת דער אַנטי־יידישער אַקציע אין לעמבערג, אין 1943.

פּיאַסעצקי שמעון, מאַלער, פאַרפאַלן געוואָרן.

פּינקאַס הענריקאַ, מאַלערין, אויסגעגאַנגען אין קראָקע אין 1944.

פּסאַכים משה, מאַלער, געבוירן 1912, פאַרפייניקט אין לעמבערג אין 1941.

פוקס יעזשי, מאַלער.

פונטאָוויטש חיים, מאַלער, פאַרפייניקט אין וואַרשע.

פיינגבוים, מאַלער.

פינקלשטיין שמואל, מאַלער, אומגעקומען אין טרעבלינקע.

פרידמאַן אברהם, מאָלער, פאַרפייניקט אין וואַרשע, אין 1943. צוויי בילדער פון קדוש געפינען זיך אין נאַציאָנאַלן מוזיי אין וואַרשע.

פרידמאַן אדאָלף, מאָלער.

פרידמאַן פעליקס, מאָלער־פּאָרטרעטיסט, דערשאָסן געוואָרן אין וואַרשע. בילדער: דזשאָינט, נאַצ. מוזיי, וואַרשע.

פרענקעל גאַבריעלאַ, מאָלערין־עמאַילערין, פאַרפייניקט אין לעמבערג אין 1942.

צוקער אַניעלאַ, וואַרשעווער גראַפיקערין.

ציטרין, מאָלער. אַ בילד פון קדוש געפינט זיך ביים יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע.

צינאַ הערש, מאָלער.

צענטנערשווער יוליאַ, מאָלערין, פאַרפייניקט אין ביאַליסטאָק אין 1943.

קאָוונער יוסף, מאָלער, פאַרברענט אין אָשפּיצין אין 1943.

קאָזשען נתן, מאָלער. אַ ווערק פון קדוש געפינט זיך ביי דער יידישער געזעל־שאַפט צו פאַרשפּרייטן קונסט, אין וואַרשע.

קונקע עמיל, לעמבערגער מאָלער. געמאָלן ראָמאַנטיש־פאַנטאַסטישע בילדער.

קזשענטאָווסקי יצחק, מאָלער, פאַרפייניקט אין ביאַליסטאָק.

קיטץ מאַרטשין, לעמבערגער מאָלער, געבוירן 1900, דערהרגעט אין לעמבערג אין 1943.

קייל יוליאַ, וואַרשעווער סקולפּטאָרין, פאַרפייניקט דורך דער געשטאַפּאָ.

קלאַר אַרטור, לעמבערגער מאָלער, געבוירן 1896, פאַרפייניקט אין לעמבערג אין 1943. זיינע ווינער אויסשטעלונגען האָבן געשמט אין אייראָפּע.

קלאָטניצקיביילע, מאָלערין און לערערין אין די יידישע שולן אין פוילן.

קליינמאַן פרעדעריק (אויך פריץ), מאָלער, געבוירן 1897, דערהרגעט אין לעמבערג אין 1943. באַרימט מיט זיינע גראַווירונגען „הערשעלע אָסטראָפּאָלער".

קראַמשטיק ראָמאַן, מאָלער, דערשאָסן אין וואַרשעווער געטאָ.

ראַבינאָוויטש הענריק, מאָלער, אומגעקומען אין אַ געטאָ.

ראַבינאָוויטש הערמאַן, מאָלער.

ראַפּאַפּאָרט אַנטאָני, מאָלער, אומגעקומען אין וואַרשע.

ראָזאַניעצקי יהושע (אָסקאַר), ביאַליסטאָקער מאָלער.

ראָזענבלום לעאָן, מאָלער.

ראָזענטאַל ראָמאַן, פּייזאַזשיסט, מיטשאַפער און דעקאָראַטאָר פון לאָדזשער טעאַטער „אַראַראַט". אומגעקומען אין וואַרשע.

ראָזענצווייג, מאָלערין.

רייף מענדל, צייכענער, געבוירן 1910, אומגעקומען אין אויסראַט־לאַגער פון יאַנאָוו.

ריכטער אַנטאָניאַ, לעמבערגער מאָלערין.

ריניעצקי משה, מאָלער

ריפעל העלענע, לעמבערגער סקולפּטאָרין.

שאַוער אָסקאַר, לעמבערגער מאָלער.

שאַפּיראַ מאַרעק, לאָדזשער מאָלער, דערהרגעט דורך דער געשטאַפּאָ.

שוואַנענפעלד אברהם, סקולפּטאָר, דערהרגעט דורך געשטאַפּאָ אין פּזשע־מישל, אין 1942.

שולץ ברונאָ, גראַפיקער־ליטעראַט, אומגעקומען אין דראָהאָביטש.

שטאַכל מאיר, מאָלער, געבוירן 1918, דערהרגעט דורך דער געשטאַפּאָ אין לעמבערג, אין 1942.

שטערנבערג פרידאַ, קראָקעווער מאָלערין, פאַרפייניקט דורך דער געשטאַפּאָ.

שטערנג הענריק, לעמבערגער מאָלער.

שילים ה.. מאָלער. געמאָלן סצענעס פון לעבן אין געטאָ.

שייקעוויטש ליפּע, מאָלער, געבוירן 1891 אין קוזמיר, דעפּאָרטירט פון פּאַריז אין יאָר 1942.

שינאַגעל עמיל, ד״ר, מעדיצינער־וויסנשאַפטלער. בכדי זיך אָפּצוגעבן מיט מאַלעריי — מוותר געווען אויף רייכקייט און ווויליגיין. געלעבט און געשאַפן אין קראָקע, אומגעקומען אין לעמבערג 1942.

שליוווניאַק יוסף, מאָלער.

שלעזינגער אָטאָ, גראַפיקער, דערהרגעט דורך דער געשטאַפּאָ אין לעמבערג אין 1943.

שער יעקב, ווילנער מאָלער.

שפיגל נתן, לאָדזשער מאָלער, דערהרגעט דורך דער געשטאַפּאָ.

שפערבער זיגמונט, מאָלער, געבוירן 1891, אויסגעגאַנגען אין לעמבערג אין 1944.

### אונגערן:

וואַנדאַר יוסף, מאָלער, געוואָרן דעפּאָרטירט פון פּאַריז.

### בעלגיע:

דייטש קאַרל, געבוירן אַרום 1892, מאָלער, געשטאַמט פון רבנים, געלערנט אין אַ ישיבה אין אונגערן. אויסגעהויכט די נשמה אין אַהרדרוף, דייטשלאַנד.

### האָלאַנד:

בירנבוים מנחם, מאָלער, זון פון באַרימטן יידישן דענקער ד״ר נתן בירנבוים. ער האָט, צוריקקומענדיק נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה פון פראָנט, ווו ער האָט פאַרלוירן אַ פוס, פאַרעפנטלעכט דאָס בוך „משה״. אומגעקומען מיט זיין פאַמיליע אין אַן אויסראָט־לאַגער אין פוילן.

ראָזנפעלד לעאָ, מאָלער, אומגעקומען דורך די רוצחים אין האַג.

### טשעכאָסלאָוואַקיי:

וויים אַרטור, מאָלער, דעפּאָרטירט פון פּאַריז אין 1942, אויסגעגאַנגען אין זעלביקן יאָר אין בירקענאַו.

פריטי בעדריך, אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן פון אָשפּיצין. געווען אינטערנירט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער פון טערעזיענשטאָט, געאַרבעט אין געהיים. אין זיינע אַרבעטן קומט צום אויסדרוק די מאַרטיראָלאָגיע פון איבער 150.000 יידן אין דאָרטיקן לאַגער. דער לאָנדאָנער מוזיי בן־אורי האָט סוף 1948 אויסגעשטעלט די ווערק פון קדוש.

די דאָזיקע רשימה איז נישט קאָמפּלעט

ת.נ.צ.ב.ה.

# א י נ ה אַ ל ט

# אַרויסגעגעבן מיט דער הילף

פון דער קולטור־אָפּטיילונג ביים „דזשאָינט" אין פראַנקרייך ■ פון דער „חברה ביקור־חולים בני ישראל אנשי באַרניב", ניו־יאָרק / פון דער קראָפּאָטקין־ליטעראַטור־געזעלשאַפט, ברענטש 413, אַ. ר., לאָס־אַנדזשעלעס / פון „ייִדישן אַרבעטער־קאָמיטעט" / פון דער געזעלשאַפט „פריינד פון לעווערטאָוו", פּאַריז / און פון דער „פרייע אַרבעטער שטימע גרופּע", לאָנדאָן ■ פון מיינע משפחה־מיטגלידער: חנה גלאַזמאַן / מענדל און מיניע פענסטער / ישראל יהודה און יהודית סעפּטימוס / אברהם־ברוך (אב.) און זעלדע (סילוויאַ) איים, ניו־יאָרק / העניך פענסטער ■ זיי אַלע מיין גערירטן דאַנק ■ אַ דאַנק אויך די אַלע, וואָס האָבן סובסקריבירט דאָס בוך און מיט דעם אויך צוגעהאָלפן צו זיין דערשיינען ■ אַ גאָר באַזונדערן יישר־כוח און דאַנק די חשובע פריינד: ישראל עפּרויקין פאַר זיין פריינדלעכער באַמיונג / ד"ר יהודה י. שאַפּיראָ, דירעקטאָר פון דער קולטור־אָפּטיילונג ביים „דזשאָינט" אין פראַנקרייך, פאַר זיין טיפער פאַרשטענדעניש און פאַרן אינטערעס, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן פאַרן דאָזיקן ווערק ■ דעם סקולפּטאָר מרדכי פערעלמאַן פאַרן איבערקוקן מיט מיר דעם גרעסטן טייל מאַטעריאַל פון ווערק ■ איך דריק אויס מיין האַרציקן דאַנק דעם אייגנטימער פון דער דרוקעריי יוסף שעכטער / דעם לינאָטיפּזעצער מרדכי הערשבוים פאַר זייער איבערגעגעבנקייט. און אַ גאָר באַזונדערן יישר־כוח און דאַנק דעם דרוקער נפתלי מילנער, דעם אמתן עוסק במלאכת הקודש, וואָס האָט איבערגענומען בירושה די שיינע מעלות פון דורות־ייִדישע דרוקער און פון זיין פאָטער און זיידן און אַרויסגעוויזן אַזאַ זעלטענע איבערגעגעבנקייט ביים דרוקן דאָס דאָזיקע ספר־הזכרון

■

דאָס דאָזיקע ווערק איז אַרויס פון דרוק ו׳ אדר ב׳ תשי״א — דעם 14טן מערץ 1951

■

פון דער גאַנצער אויפלאַגע זיינען געדרוקט געוואָרן:

75 עקזעמפּלאַרן אויף העליאָפּיל־פּאַפּיר
געחתמעט פונעם מחבר און נומערירט פון 1—75

300 עקזעמפּלאַרן אויף העליאָ־פּאַפּיר, נומערירט פון 76—375

■

## תיקון־טעות

| זייט | שורה | עס שטייט | דאַרף שטיין |
|---|---|---|---|
| 14 | 5 | אַרויסגעפאַלן פון מ. שאַגאַלס אַריינפיר די „ס״, ׳ווערט | ס׳ווערט |
| 20 א׳ | 12 | אועסגעשטעלט | אויסגעשטעלט |
| 44 ב׳ | 7 | 5טן יוני | 5טן יולי |
| 56 א׳ | 8 | אַנימאַלימט | אַנימאַליטעט |
| 112, אויבן | 5 | טעסאַליניקי | טעסאַלאָניקי |
| 112 א׳ | 8 | מצדוה | מצודה |
| 134 א׳ | 10 | דאָס | דעם |
| 139 א׳ | 18 | שואל | שאול |
| 151 ב׳ | 40 | סמילאָווישט | סמילאָוויטש |
| 155, אונטן | 26 | רואל | רואָ |
| 181 ב׳ | 25 | ראָמאַן ראָלאַן | ראָמען ראָלאַן |

אויף זייט 64 ב׳ דאַרף די לעצטע שורה קומען אויבן פאַר דער ערשטער, פון 64 א׳.